

יעקב צעלעמענסקי און זיין זון בראָנעק

(דער זון — אַ לופט־פליער אין דער ישראל־אַרמיי — איז געטויט געוואָרן בשעת דער סיני־אַקציע, אין נאָוועמבער 1956)




אַ קוריער פון בונד דערציילט וועגן יידישן חורבן און ווידערשטאַנד אונטער די דייטשע נאַציס.

צוגעגרייט צום דרוק — אַברהם שולמאַן און י. ש. הערץ

ניו־יאָרק 1963

JACOB CELEMENSKI

# MITN FARSHNITENEM FOLK

(With My People in its Nightmare of Destruction)



Published by
FARLAG UNSER TSAIT
25 East 78th Street
New York 21, N. Y.

PRINTED IN U. S. A.

KNIGHT PRINTING CORP.
382 Lafayette Street
New York 3, N. Y.
96

געווידמעט דעם אָנדענק פון מיין משפחה —
אומגעקומען אין די גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקע
און מיינע חברים־מיטקעמפער —
געפאַלן אין קאַמף קעגן די דייטשע נאַצים.

# אינהאַלט:

## ערשטער טייל



## צווייטער טייל

איבער 5 יאָר האָב איך, בשעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, געלעבט אונטער דער נאַצישער גוואַלט־הערשאַפט. כ׳האָב געפילט אַלע פּיינען, געשמאַ־קט פּאַר אַלע סכנות און נסיונות, וואָס דער גורל האָט צוגעטיילט די יידן. פיל מאָל בין איך שוין געווען האַרט אויפן ראַנד פון אומקום, אָבער יעדעס מאָל איז מיין מזל געווען צוריקגעשטופּט צו ווערן צום לעבן. אין מיין גאַנג אויף דעם לעצטן וועג איז מיר יעדעס מאָל אַנטקעגנגעקומען אַ שמאָלע סטעזשקע, וואָס האָט ווייטער געפירט צו לעבן און געראַנגל.

דער גורל האָט מיר צוגעטיילט אַ ספּעציעלע מיסיע: איך בין געוואָרן אַ כלומרשטער „אַריער" און געפאָרן באַזוכן יידישע שטעט און שטעטלעך פון נאַצי־אָקופּירטן פּוילן. ווי אַ שליח פון דעם אונטערערדישן בונד, האָב איך געטראָגן הילף און דאָס פאַרבאָטענע געדרוקטע וואָרט צו די יידן, וואָס זענען געווען אָפּגעצוימט אין די געטאָס און לאַגערן און שפּעטער אויך צו די, וואָס האָבן זיך באַהאַלטן אויף דער אַרישער זייט אין די שטעט, אין די דערפער און וועלדער. פאַר מיינע אויגן האָט זיך פאַנאַנדערגעוויקלט דאָס בילד פון אונזער פאַרשניטענעם פאָלק.

איך האָב אָנגעהויבן אַרומצופאָרן אין דער צייט, ווען ס׳האָבן נאָך עקזיסטירט גרויסע יידישע ישובים און איך בין אַרומגעפאָרן שפּעטער, ווען די ישובים האָבן געגומען אויסגיין אין בלוט און בין אויך צוגעקומען צו שטעטלעך, וואו עס האָבן בלויז געלעבט די לעצטע יידישע רעשטלעך איידער מען האָט זיי אָוועקגעפירט צו דער פולשטענדיקער פאַרניכטונג. איך בין געפאָרן כלומרשט ווי אַ „פּאָליאַק" אין די באַנען און האָב זיך באַמיט צו דערגרייכן מיט הילף די לעצטע צאַפּלדיקע רעשטלעך פון פּוילישן יידנטום אין זייערע טראַגישע באַהעלטענישן, וואו עס האָט אויף זיי פון אַלע זייטן געלויערט דער טויט. פאַר מיינע אויגן האָט זיך אויס־געשפּרייט דאָס בילד פון אַ פאָלק אין די לעצטע קאָנוואולסיעס פון לעבן. איך בין אַליין סוף־כל־סוף, אין סעפּטעמבער 1944, אַריינגעפאַלן אין דער הויערנדיקער נעץ פון די נאַצישע פּייניקער און בין אין איר פאַרבליבן ביזן סוף פון דער מלחמה.

איצט בין איך איינער פון די אָפּגעראַטעוועטע. צוויי צענטליק יאָר האָבן אין מיינע אויערן געקלונגען די בקשות און מאָנונגען פון די געפּייניקטע יידן: — דערציילט דער וועלט. כ׳האָב געוואוסט, אַז ס׳איז מיין פליכט צו דערפילן דעם לעצטן וואונטש פון די יידן, וועלכע מען

האָט געפירט צום אומקום, כ׳האָב עס אָבער ביז איצט נישט געטון. כ׳האָב זיך אַליין געפרעגט: צי קאָן מען דאָס אַלץ דערציילן? צי וועט דאָס דערציילטעווירקלעך אָפּשפּיגלען די איבערלעבונגען פון אונזער אומגע־בּרענגטן פאָלק? די ספקות האָבן געבונדן מיין ווילן...

די צייט האָט אַלץ מער דערוויטערט יענע טעג. ס׳האָט מיך אָנגעהויבן באַהערשן אַ מורא, אַז די בילדער, וואָס זענען איינגעקריצט אין מיין זכרון און געמיט, וועלן פאַרבלאַסט ווערן. כ׳האָב דעריבער באַשלאָסן צו דערציילן מיינע איבערלעבענישן און דאָס, וואָס מיינע אויגן האָבן געזען אין גרויסן יידישן חורבן.

ערשטער טייל

# 1. די טעג פאַרן אָנהייב

אַליין שטאַם איך פון וואַרשע. הגם מיין פאָטער משה לייב איז געווען אַ שטרענג־אָרטאָדאָקסישער, חסידישער ייד, בין איך פון מיינע יינגע יאָרן אָן געווען טעטיק אין דער בונדישער יוגנט־באַוועגונג און שפּעטער אין בונד. אַזוי אויך מיינע 3 ברידער און 5 שוועסטער.

האַרט פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט מלחמה, אין די זומער־חדשים פון יאָר 1939, האָט מען מיך אַרויסגערופן אין לאַנד־ראַט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון די יידישע אַרבעטער. פון פאַך בין איך געווען אַ דאַמען־שניידער — אַן אַקטיווער מיטגליד פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון באַקלייד־אַרבעטער.

דער לאַנד־ראַט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָט מיך אין די פריערדיקע יאָרן פיל מאָל געשיקט אין די פּראָווינץ־שטעטלעך צו אָרגאַניזירן די יידישע אַרבעטער פון די שניידער־ווערקשטאַטן. דאָס מאָל האָט מען מיר נישט געגעבן קיין קורץ־טערמיניקע מיסיע. ס׳איז באַשטימט געוואָרן, אַז איך זאָל פאָרן קיין קראָקע און דאָרט איבערנעמען די פאַראַנטוואָרטלעכע פונקציע פון סעקרעטאַר פון אַלע קראָקעווער יידישע אַרבעטער־פאַראיינען.

דער לאַנד־ראַט, וואָס איז געווען די יידישע אויטאָנאָמע סעקציע פון דער צענטראַל־קאָמיסיע פון די פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראיינען אין פוילן, האָט זיך געפונען אויף דער לעשנאָ גאַס נומער 3. ווען איך בין דאָרט אַרויפגעקומען זיך דורכשמועסן וועגן מיין נייער באַשטימונג, האָבן מיר די פירער פון לאַנד־ראַט, די חברים וויקטאָר אַלטער און שרה שוועבער, דער מיטאַרבעטער הענעך מענדעלסונד, ווי אויך אַ פאָרשטייער פון דער קראָקעווער בונדישער אָרגאַניזאַציע, מאַקס אַלעקסאַנדראָוויטש, מיר געגעבן אַלע נויטיקע אינפאָרמאַציעס.

דאָס איז געווען אין אָנהייב פון חודש אויגוסט, אַ פיר וואָכן פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה. כ׳האָב גענומען אַ קליין רענצל, האָב איינגעפּאַקט מיינע פאָר זאַכן און האָב מיך געלאָזט אויפן וועג צום הויפּט־וואָקזאַל. אין

וואַרשע זענען דעמאָלט געווען וואונדערלעכע זומער־טעג, אָבער אין דער לופט און אויף די פּנימער פון די מענטשן האָבן זיך געפילט די אָנקומענ־דיקע טעג פון שטורם. אויף די ווענט זענען געהאָנגען פּלאַקאַטן: „מיר וועלן איבערחזרן גרונוואַלד". דערביי איז געווען אויפגעצייכנט אַ בילד ווי אַ פּוילישער ריטער דערשטעכט אַ פּרייסישן מיליטערמאַן. אין דער שלאַכט פון גרונוואַלד האָט מען זיך נאָך געשאָכטן מיט שווערדן און שפּיזן, איצט אָבער האָט מען געדאַרפט האָבן עראָפּלאַנען און טאַנקען. אויף טריט און שריט זענען טאַקע געהאָנגען פּלאַקאַטן מיט אויפשריפטן: „מיר וועלן באַוואָפענען פּוילן אין דער לופטן". דאָס זענען אָבער געווען נישט מער ווי שפּעטע באַרימערייען. פון די ווענט האָט אויך אַראָפּגעקוקט דאָס געזיכט פון פּוילישן מאַרשאַל רידז־שמיגלי, וועלכער האָט גערופן: „מיר וועלן נישט אַוועקגעבן אַפילו אַ קנעפּל". די דאָזיקע האָפערדיקע פּלאַקאַטן האָבן אָבער קיינעם נישט געמאַכט האָפערדיק.

איך בין צוגעקומען צום וואָקזאַל און אַריינגעשטיגן אין אַ וואַרטנדיקן צוג. נאָך אַ רייזע פון איבער אַכט שעה בין איך אָנגעקומען קיין קראָקע. דאָרט האָב איך זיך אַריינגעצויגן אין דער דירה פון מיין גאָמבינער לאַנדסמאַן, אַברהם גזשיוואַטש (היינט אין מאָנטרעאַל, קאַנאַדע), וועלכער האָט געוואוינט אין דער יידישער געגנט פון קוזמאַרק (אין שטעטל גאָמבין האָבן מיינע עלטערן מיט די קינדער געוואוינט 7 יאָר). כ׳בין באַלד אַרויפ־געגאַנגען אין לאָקאַל פון בונד, וואו ס׳האָט זיך אויך געפונען די צענטראַלע פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון די יידישע אַרבעטער. דאָס איז געווען אויף דיוואָר גאַס נומער דריי. דאָרט איז פאָרגעקומען אַ זיצונג פון קאָמיטעט פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע. דער קאָמיטעט האָט באַשטע־טיקט מיין אָמט: איך בין געוואָרן דער סעקרעטאַר פון דער בונדישער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע און דער סעקרעטאַר פון די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין קראָקע.

די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין קראָקע איז נישט געווען אַזאַ גרויסע, אָבער זי איז געווען גוט אָרגאַניזירט. צו די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָבן געהערט שניידער, בעקער, מעטאַל־אַרבעטער, לעדער־אַרבעטער, האַנדלס־אָנגעשטעלטע. ס׳האָבן אויך עקזיסטירט אַ גוט־אָרגאַ־ניזירטער סאָציאַליסטישער האַנטווערקער־פאַראיין, אַ ספּאָרט־קלוב, אַ גרויסע אָרגאַניזאַציע פון יונגנט־בונד צוקונפט, און אַ סאָציאַליסטישע קינדער־אָרגאַניזאַציע — סקיף. אין דער יידישער געדיכטעניש פון קוזמאַרק, וואו כ׳האָב געוואוינט, זענען די גאַסן געווען פול מיט פרומע אָרטאָדאָקסישע יידן, אין זייערע יידיש־גאַליציאַנער מלבושים, מיט בערד און לאַנגע גע־קרייזלטע פּאות.

אויך דאָ, איז דער סוף־זומער געווען אַ זוניקער. די „פּלאַנטן" זענען געווען באַלאַגערט מיט מחנות שפּאַצירנדיקע מענטשן. די ביימער האָבן

שוין געגומען ווערן האַרבסטיק־גאָלד. איבער די גאָטישע געביידעס פון דער שטאָט איז געלעגן אַן אומבאַוועגלעכע רו, אָבער די רו איז געווען נישט מער ווי אַ כלומרשטע. אויך דאָ האָבן געהאָנגען אויף די מויערן פּלאַקאַטן מיט קורצע און האָפערדיקע לאָזונגען, וואָס האָבן אָנגעזאָגט אַן אָנקומענדיק געוויטער. פאַר דעם יידישן טייל פון דער באַפעלקערונג זענען עס געווען נישט בלויז אָנזאָגן. אויף די גאַסן פון קראָקע האָט מען געזען מחנות יידישע פליטים, וועלכע זענען „אַריבערגעוואָרפן" געוואָרן דורך די נאַציס איבער די גרענעצן פון טשעכיע און שלעזיע. זייער ביטערער גורל האָט אָנגעפילט די יידישע הערצער מיט צער און צאָרן.

דאָס שליסן דעם סאָוועטיש־היטלערישן פּאַקט איז געקומען ווי אַ דונער פון העלן הימל. אין יענע טעג האָבן די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען צוזאַמען מיטן בונד אָרגאַניזירט אַ גרויסן מיטינג. ד״ר איגנאַצי אַלעקסאַנדראָוויטש (היינט פּראָפעסאָר אין אַן אַמעריקאַנער אוניווערזיטעט) האָט פאַר אַן עולם פון טויזנטער מענטשן געגרעדט נביאישע רייד. איך געדענק נאָך געגוי מיט וואָס פאַר אַ ציטער דער עולם האָט אויפגענומען די ווערטער זיינע, אַז דער אָפּמאַך צווישן די צוויי דיקטאַטאָרן איז דער אָנהייב פון אַ בלוטיקער זאַווערוכע, אַז דאָס באַדייט אַ נייע צעטיילונג פון פוילן, טייכן בלוט איבער גאַנץ אייראָפּע און אַז לסוף וועלן די צוויי אונטערשרייבער פון פריינטשאַפט־אָפּמאַך זיך אַרויפּפאַלן מיט די נעגל אויף די העלזער. ווען ד״ר איגנאַצי אַלעקסאַנדראָוויטש האָט געענדיקט זיין רעדע, איז אויף דער טריבונע אַרויף אַ יידישער מעטאַל־אַרבעטער, אַ קאָמוניסט, ער האָט עפנטלעך ביטער זיך צעוויינט. דאָס בילד פון אַ וויינענדיקן קאָמוניסט האָט אויף אַלע געמאַכט אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק. ער האָט געזאָגט, אַז דער סאָוועטיש־נאַצישער אָפּמאַך איז פאַר אים אַ פּערזענלעך אומגליק, אַז אַלע זיינע ביז־איצטיקע געטער שטייען צעבראָכענע און צעלאָמיעטע. ס'איז געווען פיינלעך צו קוקן אויפן צוזאַמענברוך פון דאָזיקן יידישן אַרבעטער, וועלכער האָט דאָ בפני כל עם ועדה געריסן קריעה.

די געשעענישן האָבן געגומען לויפן מיט אַ בליץ־שנעלקייט, ווי אין אַ וואַנזיניקער היץ. פרייטאָג דעם 1־טן סעפּטעמבער, זעקס אַ זייגער אין דער פרי האָבן די דייטשן באָמבאַרדירט די שטאָט. אונטער די איינגעוואָרפענע הייזער זענען געבליבן ליגן די ערשטע טויטע און פאַרוואונדעטע. אין יענעם טאָג האָט נאָך דאָס טויטן ציווילע מענטשן געמאַכט אַ שטאַרקן רושם. דאָס זענען געווען די ערשטע רגעס פון טאָטאַלן קריג.

דעם זעלבן אָוונט איז פאָרגעקומען אַ זיצונג פון בונדישן קאָמיטעט, צו וועלכן עס זענען געקומען די חברים ד״ר איגנאַצי אַלעקסאַנדראָוויטש (פאָרזיצער פון קאָמיטעט), ד״ר הענריק שרייבער, ד״ר לעאָן פיינער, מאַקס אַלעקסאַנדראָוויטש, סאַלאָ פישגרונד, מאַקס מילינסקי, מאָניעק פעלצמאַן־גלאַזער, שיע וואָלפגאַנג און י. צעלעמענסקי.

אין פאַרשטענדיקונג מיט דער פוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (פּ. פּ. ס.) האָט דער קאָמיטעט באַשלאָסן פונאנדערצוקלעפּן איבער דער שטאָט פּלאַקאַטן מיט אַ רוף צו אַלע אַרבעטער־פּרויען, וועמענס מענער ס׳זענען מאָביליזירט געוואָרן אין דער אַרמיי, צו רעגיסטרירן זיך אין לאָקאַל פון פּ. פּ. ס., וואו זיי וועלן באַקומען מאַטעריעלע הילף. דער קאָמיטעט האָט אויך געשאַפן אַ צווייטן „שאָטן־קאָמיטעט״, וועלכער האָט געזאָלט ווערן טעטיק אין פאַל, ווען די שטאָט וועט פאַרנומען ווערן דורך די דייטשן.

די געשעענישן זענען געלאָפן פיל שנעלער און אינגאַנצן אַנדערש, ווי מען האָט זיך פאָרגעשטעלט. שוין דעם צווייטן טאָג פון קריג האָט מען גערעדט, אַז די נאַצישע אַרמייען דערנענטערן זיך צו די טויערן פון קראָקע. מיט אַ טאָג שפּעטער האָט דער קאָמיטעט פון בונד צוזאַמען מיט די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן געראָפן צו גראָבן אָקאָפּעס אַרום דער שטאָט. צום לאָקאַל פון דער פּאַרטיי אויף דייוואָר 3 זענען געקומען הונדערטער יידישע אַרבעטער מיט לאָפּעטעס און מיט קילאָפּן אויף די אַקסלען. פון דאָרט האָבן מיר אָוועקמאַרשירט צו די פאַרשטעט. בראש פון דער גרויסער מחנה, וועלכע האָט מאַרשירט זינגענדיק אַרבעטער־לידער, זענען געגאַנגען די בונדישע ראַטמענער פון שטאָט־ראַט ד״ר לעאָן פיינער און ד״ר הענריק שרייבער, ווי אויך ד״ר איגנאַצי אַלעקסאַנדראָוויטש און ד״ר מיכאל שולדענפריי. אַלע האָבן זיך באַטייליקט אין גראָבן אָקאָפּעס.

דעם זעלבן טאָג האָבן די פירער פון פּ. פּ. ס. געמאָלדן אונזערע חברים, אַז די דייטשע אַרמיי דערנענטערט זיך צו קראָקע און אַלע באַקאַנטע טוער און פירער פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען דאַרפן פאַרלאָזן די שטאָט. אַ גרעסערע גרופּע חברים זענען צוזאַמענגנס אינדערפרי אַוועק אין דער ריכטונג פון לעמבערג. איך בין געבליבן אין קראָקע מיט דעם ניי־באַ־שטימטן פּאַרטיי־קאָמיטעט, ווייל איך בין נישט געווען באַקאַנט אין דער שטאָט אַלס פּאַרטיי־טוער.

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט די אָנפירונג פון דער פוילישער אַרמיי געמאָלדן אין די צייטונגען און דורך ספּעציעלע הילכערס אין די גאַסן, אַז אַלע פיזיש געזונטע מענער ביז פערציק יאָר זאָלן זיך מעלדן פריוויליק צו דער הויפּט־קוואַרטיר פון ד. אָ. ק. (אָנפירונג פון מיליטערישן ראַיאָן־קאָרפּוס). איך בין דאָן אַהין אַוועק צוזאַמען מיטן ח׳ משה פּאַלאָגע, וועלכער איז געווען אַן אַקטיווער יוגנט־טוער (געשטאָרבן אין מאָנטרעאַל סוף 1957).

פאַר די טישלעך פון דער אַרמיי־אָנפירונג זענען דעמאָלט געשטאַ־נען לאַנגע רייען פּאָליאַקן און יידן און האָבן פאַרלאַנגט מען זאָל זיי אַרויסגעבן געווער און אַרויסשיקן אויפן פראָנט. מען האָט אונז גע־

ענטפערט, אַז דאָס איז שוין צו שפּעט. דער שונא געפינט זיך שוין ביי די טויערן פון קראָקע און קיין געווער צו פאַרטיילן איז נישטאָ. די עצה איז געווען צו „גיין אויף מזרח" און דאָרט ערגעץ אויף אַן אָרט, וואו די אָפּטרעטנדיקע פּוילישע אַרמייען וועלן בלייבן שטיין און וועלן אָרגאַניזירן אַ פראָנט, זאָלן מיר זיך אָנשליסן אין אַ קעמפנדיקער אָפּטיילונג.

## 2. אונטער סאָוועטישער ממשלה

פוילן האָט אין יענע ערשטע מלחמה־טעג איבערגעלעבט אַן אמתע פעלקער־וואַנדערונג. הונדערטער טויזנטער פּליטים האָבן געשטראָמט איבער די שאָסייען אין דער ריכטונג פון מזרח. מיטן חבר פּאַלאָגע בין איך אַוועק אין דער זעלבער ריכטונג. מיר זענען געגאַנגען צופוס, אָבער די היטלער־דיוויזיעס זענען געפאָרן אויף מאָטאָריזירטע וואָגנס, און זייערע טאַנקען האָבן צעשמעטערט אַלע פאַרצוימונגען—האָבן זיי אונז איבערגעיאָגט. ווען מיר זענען אַריינגעקומען אין פּשעמישל, האָבן מיר שוין דאָרט געטראָפן די דייטשן. אין צווייטן טייל שטאָט, וואָס איז געווען אָפּגעטיילט מיטן טייך סאַן, האָבן זיך שוין געפונען די נאָר־וואָס אַריינמאַרשירטע דעמאָלטיקע נאַצישע שותפים, די רוסן. אין מערב־טייל האָבן געפלאַטערט די נאַצישע פענער מיטן האַקנקרייץ, אין מזרח־טייל — די סאָוועטישע רויטע פענער מיטן האַמער און סערפּ. מיר האָבן אין נאַצישן טייל שטאָט נישט פאַרזוימט. דעם זעלבן טאָג האָבן מיר זיך אַדורכגעשמוגלט איבערן טייך און זענען פון רוסיש־אָקופּירטן טייל פּשעמישל אָפּגעפאָרן מיט אַ באַן קיין לעמבערג.

נישט מיט קיין לייכט האַרץ זענען מיר געפאָרן. דער רוב פּליטים אין די מזרח־געביטן איז שוין דאָרט געווען, ווען די סאָוועטישע חיילות האָבן אַריינמאַרשירט. ווען די צוויי אָקופּאַציע־זאָנעס זענען שוין געווען איינגעשטעלט, האָבן נאָך מענטשן זיך געלאָזט צו דעם מזרח־טייל פון לאַנד. מ׳האָט געזען די נאַצישע אַכזריות און געטראַכט, אַז אַזוי שלעכט וועט אונטער דער סאָוועטישער ממשלה נישט זיין. אַזוי האָב איך אויך געמיינט. דערביי האָב איך אָבער נישט פאַרגעסן, אַז אין מיין געזעלשאַפט־לעכער טעטיקייט איז מיר, ווי אַ סאָציאַליסט, פיל מאָל אויסגעקומען אַרויסצוטרעטן קעגן דער קאָמוניסטישער באַוועגונג און קעגן זייער שעדיקערישער טאַקטיק אין די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס. כ׳האָב געוואוסט, אַז מחילה איז נישט אין קאָמוניסטישן כאַראַקטער און פאַרשטאַנען, אַז בכלל וועלן אַלע פריערדיקע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע טוער האָבן ביטערע צייטן. דאָך האָב איך געהאַלטן, אַז ס׳איז גלייכער צו זיין דאָ איידער אונטער די נאַצים.

ווי אַלע סאָוועטיש־פאַרנומענע שטעט, איז אויך לעמבערג געווען פול מיט צענטליקער טויזנטער פּליטים. די שטאָט האָט געשמעקט מיט אָרים שוואַרץ־ברויט און מיט זעלנערישער מאַכאָרקע. מ׳האָט זיך געשראָקן פאַר אַ הונגער. איבער די גאַסן זענען געגאַנגען „אָטריאַדן״ סאָוועטיש מיליטער, אַנגעטון אין אָרימע מונדירן, אין וואַטענע הויזן און שפּענצערס. זיי האָבן דאָ אַהערגעברענגט נייע געזאַנגען. צוזאַמען מיט די פאַרשטויבטע און אָפּגעלאָזענע סאָלדאַטן זענען דאָ אויך געקומען גוט־געפּלעגטע און אויסגעפּאַשעטע אָפיצירן מיט וואַליזקעס אין די הענט. די אָפיצירן זענען אַרומגעגאַנגען פון געוועלב צו געוועלב און האָבן אויסגעקויפט גאַנצע סקלאַדעס מיט פאַרשידענע אַרטיקלען: זייגערלעך, ראַזיר־מעסער־לעך, גראַמאָפאָנען, שיך און דער עיקר — יעדן מלבוש, וואָס איז זיי געקומען אין די הענט.

די ערשטע נאַכט האָבן מיר באַקומען אַ נאַכט־לעגער אין אַ קליינעם צימער, וואו עס זענען שוין אויף דער פאָדלאָגע געשלאָפן אַ גרופּע אונזערע חברים. דעם צווייטן טאָג האָט מיר משה פאַלאָגע געזאָגט, אַז ד״ר איגנאַצי אַלעקסאַנדראָוויטש וויל מיך זען. ערשט אין אַ פּאָר טעג אַרום בין איך געקומען אויפן אָנגעוויזענעם אַדרעס. דער חבר יוזעף אַלעקסאַנדראָוויטש האָט מיר געזאָגט, אַז זיינע ברידער, איגנאַצי און מאַקס, זענען דעם זעלבן טאָג אַוועק אויפן וועג קיין ווילנע און זיי האָבן געוואַרט אויף מיר, ווייל זיי האָבן מיך געוואָלט מיטנעמען.

אין יענער צייט האָבן אַ סך מענטשן געלעבט פון אויספאַרקויפן זייערע זאַכן. אַ גרופּע חברים האָט באַשלאָסן זוכן אַרבעט. איך בין אַרויפגעגאַנגען אין פאַראיין פון די שניידער־אַרבעטער. כ׳האָב זיך זייער דערפרייט, ווען כ׳האָב דאָרט געטראָפן אונזער אַלטן חבר שאול געזונד, וועלכער איז אַ לאַנגע צייט געווען דער פאָרזיצער פון לעמבערגער שניידער־פאַראיין, און אַ מיטגליד פון דער צענטראַלער פאַרוואַלטונג פון באַקלייד־פאַראיין אין פּוילן. געזעסן איז ער אָבער אין אַ ווינקל פון לאָקאַל אַן איינגעקאָרטשעטער. מיר האָבן זיך ביידע זייער וואַרעם באַגריסט. איך האָב אים געזאָגט, אַז איך וואָלט וועלן באַקומען אַ פּלאַץ צו אַרבעטן. ער האָט מיר דערציילט, אַז די נייע קאָמוניסטישע באַלעבאַטים האָבן אים געמאַכט פאַר אויס פאָרזיצער און אַלע פּלעצער אין דער אָנפירונג האָבן פאַרנומען די קאָמוניסטן.

אין שטאָט זענען שוין פאָרגעקומען די ערשטע אַרעסטן צווישן די טוער פון בונד. אין די סאָוועטישע תפיסות האָבן זיך שוין געפונען די פירער פון לעמבערגער בונד ד״ר קאַרל איינאוויגלער און עמנואל שערער (נישט ד״ר עמנואל שערער). חבר געזונד האָט מיר געעצהט נישט צו זוכן קיין אַרבעט ביי שניידעריי אין פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין, ווייל ס׳זענען דאָ פאַראַן אַזעלכע, וואָס קענען מיך און טייטלען שוין אויף מיר מיט די

פינגער. צום בעסטן וואָלט געווען פאַר מיר כ׳זאָל אינגאַנצן נעלם ווערן פון דער שטאָט, ווייל לעמבערג ראַיעט מיט קאָמוניסטישע מוסרים. איך האָב זיך צוגעהערט צו זיינע רייד און האָב איינגעזען, אַז ער איז גערעכט.

דער קראָקעווער בונדיסט יצחק טייכמאַן האָט מיר פאָרגעלייגט מיר זאָלן אַוועק צו זיינס אַ שוועסטער, וועלכע וואוינט אין אַ דאָרף, וואָס ליגט נישט ווייט פון דער רומענישער גרענעץ (בוקאָווינע), אין שכנות פון שטעטל טורקאַ. מיר זענען אַהינגעפאָרן. כ׳האָב דערזען אַן אינטערעסאַנטע יידישע עדה, וואָס האָט געלעבט פון ערד־אַרבעט — פון אַקערן, זייען, פלאַנצן און שניידן. אַ טייל יידן האָבן געאַרבעט אין אַ גרויסן טאַרטאַק, וועלכער איז געשטאַנעןביים ראַנד פון אַ וואַלד. דער טאַרטאַק איז שוין געווען אַ „סאָציאַליזירטער״. די סאָוועטישע מאַכט האָט אַדורכגעפירט די סאָציאַ־ליזאַציע אויף זייער אַ פשוטן אופן. זי האָט פאַרוואַנדלט די אינזשענירן אין „שוואַרצע אַרבעטער״ און האָבן איינעם פון די „שוואַרצע אַרבעטער״ דערהויבן צו דער פונקציע פון אַ דירעקטאָר. די קלעצער און ברעטער האָבן אָבער נישט געוואָלט וויסן פון דער „סאָציאַלער איבערקערעניש״ און ס׳איז געוואָרן אַ גרויסע אומאָרדנונג.

באַלד נאָך אונזער אָנקומען האָט מען זיך דאָרט געגרייט צו אַ „פּלעביסציט״. די פראַגע איז געווען צי די באַפעלקערונג איז מסכים, אַז די ערד, אויף וועלכער זיי וואוינען, זאָל אָנגעשלאָסן ווערן אין גרויסן לאַנד פון די סאָוועטן. די געסלעך זענען פאַרטומלט געוואָרן פון אַראָפּ־געברענגטע אָרקעסטערס, פון אַגיטאַציע־רעדעס און פון ראַדיאָ־הילכערס. איך און מיין חבר האָבן באַשלאָסן נישט צו באַטייליקן זיך אין דאָזיקן חוזק־פּלעביסציט און צו פאַרברענגען דעם טאָג אין שכנותדיקן שטעטל טורקאַ. ווען מיר זענען צוריקגעקומען נעכטיקן, האָט מען אונז אָנגעזאָגט אַז אונזער נעלם ווערן איז באַמערקט געוואָרן. מען איז אונז געקומען זוכן און מען האָט אָנגעזאָגט, אַז מיר זאָלן זיך באַלד צושטעלן אין נ. ק. וו. ד.

פאַרטאָג, ווען עס איז נאָך אין דרויסן געווען טונקל, האָבן מיר ביידע פאַרלאָזט דאָס דאָרף. אַנשטאָט אין דער געביידע פון נ. ק. וו. ד. זענען מיר אַוועק צוריק קיין לעמבערג. דאָרט האָב איך זיך דערוואוסט, אַז די חברים ד״ר לעאָן פיינער און סאַלאָ פישגרונד קלייבן זיך פאָרן קיין ווילנע, וואָס איז נאָך דערווייל פאַרבליבן אַ געשענקטער טייל צו ליטע — אַ פרייער אינזל צווישן די קינבאַקן פון די סטאַלין־היטלער שותפים, וועלכע האָבן זיך איינגעטיילט מיט די אַרומיקע פּראָווינצן. כ׳האָב נישט שטאַרק גע־גלויבט, אַז יענער שוואַכער פונקט וועט טאַקע באַוויזן אויסצומיידן דעם פונאַנדערגעוויגטן שטורם. ס׳איז פאַר מיר געווען קלאָר, אַז בלייבן אין לעמבערג מיינט וואַרטן אויף אַ נאָענטן אַרעסט. איך האָב דעריבער באַ־שלאָסן זיך אומצוקערן קיין קראָקע.

חבר יצחק טייכמאַן און איך האָבן זיך באַזאָרגט מיט אָפּיציעלע פּאַפּירן,

אַז מיר פֿאָרן קיין בעלז זוכן אונזערע קרובים. מיט אַ וואָך פֿריער זענען פֿון לעמבערג צוריק געפֿאָרן קיין קראָקע די חברים מאָניעק גלאַזער מיט זיין ברודער בענעק (היינט אין ניו־יאָרק) און חבר פֿישל איידעלמאַן מיט זיין זון סרולעק. (היינט אין ניו־יאָרק).

# 3. די ערשטע שמיץ פון די נאַצי־דייטשן

ס׳זענען שוין דעמאָלט געווען די ערשטע טעג פון אַ שווערן ווינטער. די ערד איז געלעגן אונטער שניי און ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן צו שטעלן די ערשטע פרעסט. צוזאַמען מיטן חבר טייכמאַן האָב איך אויסגעפונען אַ יינגן פּאָליאַק, וועלכער האָט פאַר געלט זיך אונטערגענומען אונז אַריבער־צופירן איבער דער גרענעץ. פאָרן מיטן נאָענטסטן וועג — מיט דער באַן דורך פּשעמישל — איז געווען שווער. מיר האָבן געמוזט מאַכן אַ גרויסן אומוועג. מיר האָבן זיך אַריינגעזעצט אין אַ שליטן, וואָס איז געשלעפּט געוואָרן דורך פערד. אַדורכגעפרוירענע און פאַרשטייפטע, זענען מיר דורך ווייסע פאַרשנייטע פעלדער און וועלדער צוגעפאָרן צום גרענעץ־פּאָס. דאָרט האָט דער שמוגלער אונז איבערגעגעבן אין די הענט פון אַ צווייטן. דאָס איז שוין געווען אין שטעטל בעלז. יענער האָט אונז איבערגענומען. אָנשטאָט אונז אַריבערפירן אויף דער צווייטער זייט גרענעץ האָט ער אונז אַריינגעפירט אין אַ הייזל, וואו עס איז געזעסן די דייטשע וואַך. אַ לאַכעדיקער האָט ער געזאָגט צו די דייטשע וואַכלייט: כ׳האָב אייך גע־ברענגט אַ פריש פּעקל יידן.

די דייטשן, וועלכע זענען געזעסן אַרום אַ קנאַקעדיק פייער און האָבן זיך געוואַרעמט די פיס, האָבן אונז אויפגענומען מיט אַ חוזק־געלעכטער. איינער פון זיי האָט אונז געמאָלדן, אַז נאָך פאַרן פאַרהער וועט יעדער פון אונז קודם־כל באַקומען צו 25 שמיץ. ערשט שפּעטער וועלן זיי קוואַליפיצירן אונזער פאַרברעכן און אונז געהעריק באַשטראָפן. דאָס שמייסן האָבן זיי אויסגעפירט באַלד אויפן אָרט און די אויספאָרשונג האָבן זיי איבערגעלאָזט אויף צומאָרגנס.

זיי האָבן אונז איבערגעגעבן דער דייטשער פּאָליציי. פאַרטאָג איז אַריינ־געקומען אַ געשטאַפּאָ־אָפיציר און האָט יעדן איינעם געשטעלט די זעלבע פראַגע: פאַרוואָס זענען מיר אַנטלאָפן צו די רוסן? דער חבר טייכמאַן און איך האָבן געהאַט ביי זיך פון פריער צוגעגרייטע צעטלעך מיט אַ שטעמפּל, אַז מיר זוכן אונזערע קרובים אין דער געגנט פון בעלז. דער

געשטאַפּאָ־אָפיציר האָט דעם תירוץ אָנגענומען און אונז פריגעלאָזט. מיר זענען אַרויס מיט אַ ביטער געפיל — באַליידיקטע און צעשלאָגענע. אינדרויסן האָבן מיר באַלד געדונגען אַ פויערשן שליטן. מיר זענען דערפאָרן צו דער באַן־סטאַציע פון הרוביעשאָוו. פון דאָרט האָט אונז די באַן צוריק־געבראַנגט קיין קראָקע. געווען איז עס אָנהייב יאַנואַר 1940.

קראָקע איז שוין נישט געווען די זעלבע שטאָט, ווי מיט עטלעכע חדשים צוריק. די דייטשן, וועלכע האָבן באַשלאָסן צו פאַרוואַנדלען די שטאָט אין דער רעזידענץ פון גענעראַל־גובערנאַטאָר, האָבן דאָ אַדורכ־געפירט שנעלער די „רייניקונגען" ווי אין אַנדערע שטעט. אַ טייל יידן האָט מען באַלד אין די ערשטע טעג אַרויסגעפירט פון די צענטראַלע גאַסן. זיי האָבן זיך געמוזט אַריבערציען אין די חושכדיקע און ענגע געסלעך פון קוזמאַרק. די יידן האָבן שוין געטראָגן אויף זייערע לינקע אָרעמס ווייסע בענדער מיטן בלויען מגן־דוד. אין יענע ערשטע טעג נאָכן צוריקקומען אין נאַצישן קראָקע, האָב איך געוואוינט ביים חבר טייכמאַן, וועלכער האָט געהאַט אַ דירה אין דער פאָרשטאָט פּאָדגורזשע, וואו ער האָט געלעבט מיט זיין פרוי און צוויי קינדער.

אַ טאָג נאָך מיין אָנקומען אַהער האָב איך געשיקט אַ טעלעגראַמע צו מיין שוועסטער ביילע צעלעמענסקי, אין וואַרשע, אַז איך בין אין קראָקע, אַרבעט און בין געזונט. ווי כ'האָב זיך שפּעטער דערוואוסט, איז מיין שוועסטער ביילע שוין געווען אַקטיוו אין דער בונדישער געהיימער גרופּע פון די טעקסטיל־אַרבעטער. זי האָט וועגן דער טעלעגראַמע גלייך איבער־געגעבן דעם פאָרשטייער פון דער אונטערערדישער בונדישער אָרגאַניזאַציע, חבר אַבראַשע בלום.

איך בין אַוועק צום חבר מאָניעק גלאַזער, וועלכער איז געקומען מיט אַ פּאָר טעג פריער פון לעמבערג. ער האָט מיר דערציילט, אַז דער חבר ד"ר שיע פענסטערבלוי געפינט זיך אין קראָקע און איך האָב נאָך דעם זעלבן טאָג געשטעלט זיך מיט אים אין קאָנטאַקט. פאַרן קריג איז ד"ר פענסטערבלוי פאַרמשפּט געוואָרן דורך אַ פּויליש געריכט אויף דריי יאָר תפיסה פאַר אַ רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטן דעם 1טן מאַי 1936 אין שטעטל כזשאַנאָוו. ער איז געזעסן אין דער טאַרנאָווער תפיסה. ווען ס'איז אויס־געבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה, האָט מען אים צוזאַמען מיט אַנדערע אַרעסטאַנטן אַרויסגעלאָזט פון טורמע. פון טאַרנאָוו איז ער צוריקגעקומען אַהיים צו זיין פרוי און קינד אין קראָקע. ד"ר פענסטערבלוי איז געווען גוט באַקאַנט אַלס בונדיסט. כ'האָב געצווייפלט צי נאָכן אָפּזיצן אַ לאַנגע צייט אין תפיסה זאָל ער פאַרמאָגן די כוחות גלייך זיך אַריינוואַרפן אין אַקטיווער אונטערערדישער אַרבעט ביי די שווערע באַדינגונגען אונטער דער נאַצי־הערשאַפט. מיט פרייד האָט ער מיך אויפגענומען. ער האָט מיר דערציילט, אַז ער איז אין קאָנטאַקט מיט חברים פון פּ. פּ. ס., נאָך אַ לענגערן געשפּרעך

האָבן מיר זיך פאַרשטענדיקט, אַז מיר זאָלן רופן אַ גרופּע אַקטיווע חברים, כדי אַדורכצורעדן זיך וועגן אָרגאַניזירן אונזער אַרבעט אין קראָקע.

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער איז אין דער דירה פון חבר מ. גלאַזער פאָרגעקומען דער ערשטער צוזאַמענטרעף פון די בונדישע אַקטיוויסטן. זיי האָבן פאַרטראָטן אַלע פאַכן און צווייגן פון אונזער באַוועגונג. ס׳האָבן אַנטייל גענומען ד״ר שיע פענסטערבלוי, לושקאַ אַלעקסאַנדראָוויטש, (פרוי פון מאַקס אַלעקסאַנדראָוויטש), מנשה גומפּלאָוויטש, נפתלי שיסלער, מאָטל קשענסקי, וויגדאָר וואַסערלויף, דוד הילף, פישל איידלמאַן, מאַקס מילינסקי, זיגמונט בירקענפעלד, מאַניעק (משה) פעלצמאַן־גלאַזער, פישעק האַרענדאָרף (פון דער יוגנט), צעשע און שמואל יונה בלום און איך. מיר האָבן באַטראַכט צוויי הויפּט־פראַגן: ווי אַזוי אָנבינדן אַ קאָנטאַקט מיט וואַרשע, און ווי אַזוי שאַפן מאַטעריעלע הילף פאַר די משפחות און השגחה אויף די קינדער, וועמענס פאָטערס זענען געגומען געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט אָדער זענען אַוועק אין די סאָוועטישע געביטן.

גלייך ביים אָנהייב האָבן מיר געהאַט אַ דערפרייענדיקע ידיעה. דער חבר שמואל יונה בלום האָט מיט זיך געבראַנגט אַ פּאָסט־קאַרטל, וואָס ער האָט באַקומען פון וואַרשע. געווען זענען אויפן קאַרטל די דאָזיקע ווערטער: ליבער קוזין צעלעק, אונזער משפחה וואָלט געווען צופרידן, ווען דו וואָלסט געקאָנט בלייבן אין קראָקע ביים זעלבן פאַך ווי פאַרן קריג. שרייב צי דו קענסט זיך איינאָרדענען. דיין קוזין אַ. קוויאַט.

פאַר מיר איז געווען קלאָר, אַז דער אונטערגעשריבענער „קוויאַט״ איז דער בונדישער טוער אַבראַשע בלום, און אַז די אָנפירונג פון דעם אונטערערדישן בונד וויל, אַז כ׳זאָל בלייבן אַקטיוו אין דער באַוועגונג אין קראָקע. איך האָב איבערגעלייענט דאָס קאַרטל הויך אויפן קול פאַר אַלע אָנוועזנדיקע און אין צימער איז די שטימונג געוואָרן אַ הייטערע און אַפילו אַ פריילעכע. דאָס איז געווען ווי דער ערשטער ליכטיקער בליץ אין דער אַרומיקער פינצטערניש, דער ערשטער לעבעדיקער קאָנטאַקט מיט די חברים פון וואַרשע.

אויף דעם צוזאַמענקום איז אויסגעטיילט געוואָרן אַן ענגער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון די ח״ח ד״ר שיע פענסטערבלוי, לושקאַ אַלעקסאַנדראָוויטש, מאַניעק פעלצמאַן־גלאַזער, גומפּלאָוויטש און איך. מיר האָבן אויך באַ־שלאָסן צו אָרגאַניזירן אַ קינדער־היים, כדי צו פאַרלייכטערן די חברטעס זיי זאָלן קענען גיין אַרבעטן.

דעם זעלבן טאָג האָב איך געמאַכט אַ שטיקל חשבון־הנפש און בין געקומען צום אויספיר, אַז איך בין נישט צוגעגרייט אויסצופירן אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכע מיסיע. די באַוועגונג אין קראָקע איז געווען אַ פאַר־צווייגטע. ס׳האָבן דאָ עקזיסטירט נישט בלויז פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַ־

ציעס. פאַרן קריג איז דאָ אויך געפּירט געוואָרן אַ טעטיקייט אויף פאַרשידענע געביטן. ביז איצט האָב איך נישט געהאַט קיין שום דערפאַרונג אין אַן אונטערערדישער באַוועגונג. כ׳האָב ביי מיר אָפּגע־מאַכט קודם פאַרן קיין וואַרשע און באַקומען גענויערע אינסטרוקציעס, ווי אַזוי אָנצופירן מיט דער אַרבעט. דעם זעלבן טאָג האָב איך צוריק־געענטפערט מיט אַ קאַרטל, וואָס איז געווען געשריבן אין אַן ענלעכן נוסח: איך בין גרייט צו בלייבן ביים זעלבן שניידערישן פאַך, אָבער איך וואָלט געדאַרפט האָבן נייע מאָדעלן. כ׳וועל דעריבער מוזן קומען קיין וואַרשע, וואו איך וועל אַליין אָפּקלייבן מאָדעלן פאַרן נייעם סעזאָן.

פאַרן אַוועקפאָרן קיין וואַרשע איז מיר נאָך אויסגעקומען צו זען אַ בילד פון דער דייטש־סאָוועטישער פאַרברידערונג. אין יענע טעג איז אָנגעקומען אין קראָקע אַ סאָוועטישע דעלעגאַציע אונטערצוהאַנדלען מיט די נאַצי־דייטשן וועגן אַ קעגנזייטיקער רעפּאַטריאַציע פון סאָוועטישע און דייטשע בירגער. די דעלעגאַציע איז אויפגענומען געוואָרן מיט אַ סך פייערלעכקייט אויפן שלאָס פון וואַוועל, וואו ס׳איז געווען דאָס זיץ־אָרט פון היטלערישן גענעראַל־גובערנאַטאָר פראַנק. אויף די גאַסן וואָס האָבן געפירט צום וואַוועל זענען זייט ביי זייט פון די גרויסע נאַצישע פענער מיטן האַקנקרייץ אַרויסגעהאַנגען געוואָרן אויך סאָוועטישע פענער מיטן האַ־מער און סערפּ. דאָס בילד פון די נאַצישע און סאָוועטישע פענער, וואָס העגגען זייט ביי זייט, האָט זיך מיר איינגעקריצט אין מיין געדעכעניש און פאַרלאָזט מיך נישט ביזן היינטיקן טאָג.

דאָס פאַרן אויף די באַנען איז שוין דעמאָלט פאַר יידן אין פּרינציפּ געווען פאַרבאָטן. דער גובערנאַטאָר פראַנק האָט דעם פאַרבאָט באַגרינדעט מיטן פאַלשן תירוץ, אַז יידן פאַרשפרייטן כלומרשט אין די באַנען פאַר־שידענע אָנשטעקנדיקע קראַנקייטן. בלויז אין אויסנאַם־פאַלן האָט מען געקענט געבן יידן אַ דערלויבעניש צו פאָרן אויף די באַנען. מען האָט געמוזט באַקומען אַ ספּעציעלן פּאַסיר־שיין. מ׳האָט אויך געמוזט האָבן נאָך פּאַפּירלעך — באַקומען אַן „ענטלויזונג־שיין״, אַ צעטל פון דער יידישער קהילה און אויך אַ צושטימונג פון דער דייטשער מאַכט. דאָס פאָרן איז געווען אַן אָפּקומעניש. מיטן בעסטן פּאַסיר־שיין איז מען געווען אויסגע־שטעלט אויף צרות און יסורים מצד דייטשן און פּוילישע כוליגאַנעס. אַ ייד האָט זיך נישט געטאָרט אַרויסרירן אָן דעם אָרעם־באַנד מיטן מגן־דוד, מען האָט דעריבער דעם יידישן קרבן נישט געדאַרפט זוכן. בעת מיינע צוגרייטונגען צו דער רייזע קיין וואַרשע האָט אָבער פּאַסירט אַ פאַל, וואָס האָט באַשטימט וועגן מיין גאַנצן גורל אין דער צייט פון דער נאַצישער אָקופּאַציע. ווען איך בין געשטאַנען ביי דער יידישער קהילה, אין דער ריי נאָך דער פאַר־דערלויבעניש, האָב איך פּלוצלונג דערהערט ווי אַ ייד, וועלכער איז געשטאַנען הינטער מיר, האָט געזאָגט צו אַן

אַנדערן, אָנווייזנדיק אויף מיר מיט אַ פינגער: וואָס טוט דאָ דער דאָזיקער גוי? פּאָליאַקן דאַרפן שוין אויך האָבן רייזע־שיינען?

איך ווייס נישט צי דער ייד האָט עס געזאָגט אין שפּאַס אָדער ערנסט, אָבער די דאָזיקע ווערטער האָבן מיך אויפגעטרייסלט. ווען איך בין אַהיימגעקומען, האָב איך זיך אָנגעקוקט אין שפּיגל: — יאָ, ס׳קען נישט זיין קיין ספק, יענער ייד איז גערעכט. איך האָב טאַקע געהאַט אַ פּנים פון אַ הונדערט־פּראָצענטיקן „אַריער" — העלע האָר, העלע אויגן, אַ פּוילישע נאָז, אַן „אַרישן" שאַרבן... איך האָב אָנגעטון אויפן קאָפּ אַ טוכן היטל מיט אַ גלאַנציקן דאַשיק און בין אַריין אין צווייטן צימער — צום חבר טייכמאַן:

— זאָג מיר, האָב איך אים געפרעגט — צי זע איך נישט אויס ווי אַ פּוילישער שייגעץ?

ער האָט גלייך פאַרשטאַנען וואָס איך האָב געמיינט. ער האָט אויף מיר אַ קוק געגעבן מיט אַנדערע אויגן ווי ביז איצט און האָט געזאָגט:

— זעסט אויס נישט בלויז ווי אַ שייגעץ, נאָר אַפילו ווי אַן אַנטי־סעמיט.

דעם זעלבן טאָג נאָך האָב איך דערציילט וועגן מיין נייעם איינפאַל די חברים פון קאָמיטעט און זיי האָבן אַלע מסכים געווען, אַז מיין אידייע איז אַ ריכטיקע. איך האָב טאַקע אַן אויסזען פון אַ פּאַלנעם „אַריער". אין די עקזיסטירנדיקע באַדינגונגען קען דאָס זיין פון גרויס נוצן פאַר דער באַוועגונג. פאַר מיר איז געבליבן אַליין אַדורכצוברעכן די ערשטע וואַנט פון וואַקלעניש. סוף־כל־סוף האָב איך ביי מיר פעסט באַשלאָסן, אַז פון היינט אָן הויב איך אָן צו שפּילן די ראָל פון אַ „פּאָליאַק". אויף מיין ערשטער רייזע האָב איך אָבער אויך מיטגענומען מיינע יידישע לעגאַלע פּאַפּירן — צו מעגן פאָרן אויף דער באַן.

אין חודש פעברואַר 1940 בין איך אַוועק צום באַן־וואָקזאַל און האָב אויסגעקויפט אַ בילעט קיין וואַרשע. אין דער קעשענע האָב איך געהאַט ליגן די אַרויסבאַקומענע רייזע־דערלויבעניש פון דער יידישער קהילה און דעם אָרעם־באַנד מיטן מגן־דוד, אָבער איך בין געווען אַנטשלאָסן דאָס צו באַנוצן בלויז אין אַ נויט־פאַל. איך בין אַריין אין באַן־וואַגאָן און האָב מיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק צוגלייך מיט אַלע אַנדערע „גויים". איך האָב געוואָרפן זייטיקע בליקן אויף די פאַרכמורעטע פּנימער פון די פּאַסאַזשירן. אָבער קיינער פון זיי האָט זיך אויף מיר נישט אומגעקוקט. ווען דער דייטשער באַן־קאָנטראָלער איז אַריינגעקומען אין וואַגאָן, האָט דאָס האַרץ אין מיר גענומען שטאַרק קלאַפּן, אָבער דער באַן־קאָנטראָלער האָט מיך כמעט נישט אָנגעקוקט. ער האָט מיר געלאָזן אַדורכגעשטאָכן דעם בילעט און איז זיך געגאַנגען ווייטער.

די באַן איז געווען אָנגעפּאַקט מיט פּוילישע הענדלער, וועלכע האָבן

געשמוגלט סחורות און פּראָדוקטן צווישן שטאָט און דאָרף. אַלע געשפּרעכן האָבן זיך געדרייט אַרום דעם זעלבן: קריג, שווערע באַדינגונגען און — „זשידעס״. דאָס וואָרט „זשיד״ איז נישט אַראָפּ פון קיינעמס ליפּן. מען האָט אויך עטלעכע מאָל אַ רעד געטון צו מיר, ווי מען רעדט צו אַ היימישן מענטש, אָבער איך האָב זיך געמאַכט דרימלען, כאָטש מיין אויער איז געווען אָנגעשפּיצט צו הערן דעם מינדעסטן פּאַרדעכטיקטן טאָן אין זייערע שטימען.

די באַן האָט זיך ענדלעך אַרויפגעקאָלערט אויפן וואַרשעווער וואָקזאַל. אונטן זענען שוין געשטאַנען דייטשע זשאַנדאַרמען און האָבן באַגלייט מיט קלעפּ יעדן איינעם, וואָס האָט געטראָגן דעם יידישן אָרעם־באַנד. איך בין אַראָפּ צוזאַמען מיט דער מחנה פּאָליאַקן, וואָס האָט אַרויסגעשטראָמט אין דער גרויסער שטאָט. איין זשאַנדאַרם האָט אויף מיר אַ קוק געגעבן און האָט שנעל אַוועקגעבויגן דעם קאָפּ צו אַנדערע. אין דער דאָזיקער רגע האָב איך מיר אָפּגעגעבן אַ רעכענונג, אַז איך האָב אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען. מיין באַשלוס איז געוואָרן געחתמעט. פון יענעם מאָמענט אָן ביז צום סוף פון דער מלחמה האָב איך מיר גענומען די שווערע ראָל פון אַן „אַריער״.

מיך האָט אויך געמאַטערט אַ צווייטער געפיל: צי וועל איך בכלל קענען זיך אַריינפּאַסן אין אַן אומלעגאַלער באַוועגונג, וועגן וועלכער איך האָב בלויז געוואוסט פון לייענען די געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, פון בונד? בין איך דאָך געקומען צום בונד אין אַ צייט, ווען ער האָט שוין געהאַט אַן אָפענע פּאַרצווייגטע באַוועגונג. מיט אַ ציטער אין האַרץ האָב איך געוואַרט אויף דעם טאָג, ווען איך וועל קומען צו דער אָנפירונג פון בונד אין וואַרשע. ערשט דעמאָלט וועל איך זען וואָס ס׳וועלן זיין מיינע אויפגאַבן און צי איך וועל זיי קענען אויספירן ווי עס פּאַרלאַנגען די באַדינגונגען אונטער דער רוצחישער ממשלה פון די נאַצי־דייטשן.

# 4. צוריק אין וואַרשע

דעם וועג פון וואַרשעווער הויפט־וואָקזאַל ביז צו דער וואוינונג פון מיין שוועסטער רחל מאַקאַטאָוו אויף נאַלעווקעס 21, כאָטש נישט קיין נאָנטער, וואָלט איך נאָרמאַל אַדורכגעגאַנגען צופוס. דאָס מאָל בין איך געפאָרן. די גאַסן זענען נאָך געווען אָנגעשאָטן מיט גרוז און מיט ציגל פון די דייטשע באָמבאַרדירונגען. די פנימער פון די דורכגייער זענען געווען נידערגעשלאָגענע און אויף טריט און שריט האָט מען אָנגעטראָפן אויף דייטשע סאָלדאַטן און זשאַנדאַרמען. צווישן די דורכגייער האָבן זיך אויך געשאַרט מיט אַראָפּגעהאָנגענע קעפּ און מיט דערשראָקענע אויגן יידן, געחתמעטע מיטן אָרעם־באַנד און מגן־דוד. פון אַלע ווינקלען האָבן געלויערט שפּיאָנישע אויגן. איך האָב דעריבער געדונגען אַ דראָזשקע, כדי שנעלער איבערצוקומען דעם וועג. די דראָזשקע מיטן אויסגעדאַרטן און קנאָכיקן פערד איז שנעל אַרויס פון די פּוילישע גאַסן און איז אַריינגעפאָרן אין די טומלדיקע נאַלעווקעס.

אין דער היים פון מיין שוועסטער האָב איך געטראָפן מיין גאַנצע משפּחה. געווען איז מיין פאָטער, אַ הויך־געוואַקסענער ייד מיט אַ שיינער באָרד, אַ למדן און אַ חסיד פון יאַבלאָנער רבין; ס'האָבן מיך אָפּגעוואַרט מיינע דריי שוועסטער רחל, חיה אוןביילע מיט זייערע מענער און קינדער, מיין נישט־אויסגעגעבענע שוועסטער לאה און מיין ברודער יאָסל מיט זיין פרוי חנה און קינד. אַלע זענען זיך דאָ צוזאַמענגעקומען נאָכדעם ווי מיין שוועסטער האָט באַקומען מיין קאַרטל, אַז איך קום צו פאָרן. זינט דעם אויסברוך פון קריג האָבן זיי מיך געהאַלטן פאַר אַ פאַרלוירענעם און מיין בריוו האָט זיי אַלע דערפרייט. אויפן טיש איז געשטאַנען אָרימער כיבוד און אין דער ענגער דירה האָט געהערשט אַ גרויסע פרייד. דאָ אין שטוב, צווישן מיינע נאָנטסטע האָב איך שנעל פאַרגעסן וועגן דער אויסערלעכער גאַס, וועגן דער מורא וואָס האָט געטשאַיעט פון יעדן ווינקל. איך בין געזעסן אויבן־אָן ביים טיש צוזאַמען מיט מיין טאַטן און האָב געוואונדערט מיט די אויגן איבער אַלעמען. כ'האָב זיי געציילט און ווידעראַמאָל געציילט... קיינער האָט נישט געפעלט נאָך די באָמבאַרדירונגען, אַלע זענען געבליבן גאַנץ און געזונט (ס'זענען בלויז נישט געווען מיין שוועסטער רחלס זין

הערשל און ראובן ווי אויך די טאָכטער צעשע, וועלכע זענען אוועק קיין ביאַליסטאָק, דער שניט פון טויט האָט זיך פּאַר זיי אָנגעהויבן ערשט מיט צוויי יאָר שפּעטער. מיין מוטער שיינע בינה איז געשטאָרבן אין 1930).

מיינע שוועסטער און ברידער זענען געווען בונדיסטן, אָבער די אַקטיוועסטע פון זיי אַלע איז געווען ביילע. זי האָט מיך שפּעטער, נאָכן אָפּפרייען זיך און נאָכן אָפּעסן די אָרימע מאָלצייט, אַוועקגעפירט צום חבר יאַנקעלע מענדעלסאָן, צו מיינעם אַן אַלטן בונדישן יוגנט־פריינט אויף נאָוואָליפּיע 10. דאָס צימערל זיינס איז געווען טיפּיש פאַר דער וואַרשעווער אָרימקייט. נאָך איידער די מלחמה איז אויסגעבראָכן האָט דאָ געהערשט אַ כסדרדיקע נויט, אָבער איצט האָט זיך עס נאָך בולטער אַרויסגעזען. דאָס גאַנצע שטיבל איז געווען פאַרהאָנגען מיט וועש, ס׳איז שווער געווען אַ טריט צו מאַכן. אין אַ ווינקל האָט געברענט אַ נאַפט־לעמפּל. אין דער דאָזיקער ענגשאַפט און האַלבער פינצטערניש האָב איך ערשט נאָך אַ גוטע פּאָר רגעס דערזען, צווישן די צעהאָנגענע שטיקער וועש, מיין חבר יאַנקעלע, זיין פרוי און זייער קליין מיידעלע. ער איז שטענדיק געווען אַן אָרימער שניידער־אַרבעטער, אָבער דאָס האָט ביי אים קיינמאָל נישט צוגענומען זיין איינגעבוירענעם הומאָר. זיין רייכע יידישע פאָלקס־שפּראַך האָט תמיד געשפּרודלט מיט פאָלקס־ווערטלעך און בילדערישע אויסדריקן. הערן אים רעדן — אין אַ פּריוואַטן שמועס אָדער ווי אַ רעדנער פון אַ טריבונע — איז געווען אַ נחת־רוח.

די פינף־יאָריקע פרומעטל האָט זיך לכבוד מיר אַרויפגעשטעלט אויף אַ שטול און האָט אויסגעזונגען די בונדישע שבועה. די מוטער, וואָס מ׳האָט נישט אַרויסגעזען צווישן די וועש, האָט אויפגעקאָכט אַ טשייניק וואַסער און האָט צוגעגרייט אַ גלאָז טיי. יאַנקעלע מענדעלסאָן איז דערווייל פאַרשוואונדן געוואָרן אויף אַ צען מינוט. ווען ער איז צוריקגעקומען, האָט ער מיר געזאָגט, אַז אַבראַשע בלום וואַרט אויף מיר. ער האָט מיר געגעבן דעם אַדרעס און אָנגעמשלט, ווי אַזוי אַריינצוקומען אין דער דירה. די וואוינונג איז געווען אויפן צווייטן שטאָק, אויף נאָוואָליפּיע 12, אַקעגנאיבער דעם טויער. כדי אַריינצוקומען אין דער דירה, האָט מען נישט געדאַרפט אָנקלאַפּן אין דער טיר, נאָר אין דער וואַנט, וואָס גייט אַרויס אויף די טרעפּ.

כ׳האָב לאַנג נישט געטראַכט און אויסגעפירט אַלע זיינע אָנווייזונגען. איך האָב אַ קלאַפּ געטון אין דער וואַנט און צו מיין גרויסער פרייד האָט זיך אין דער טיר באַוויזן דער קאָפּ פון בערנאַרד גאָלדשטיין. ער האָט דאָרט געוואוינט ביי זיינס אַ ברודער. אינעווייניק, אין צימער זענען געווען די חברים פון צענטראַל־קאָמיטעט פון אונטערערדישן בונד: דער הויכער אַבראַשע בלום מיטן לענגלעכן פאַרטראַכטן פּנים, בערעק שניידמיל וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין קלינגענדיקער פּוילישער שפּראַך פון אַ טיפּישן

פּוילישן מיליטערמאַן (ער איז ספּעציעל צוריקגעקומען פון ווילנע צו קענען זיין טעטיק אין דער אונטערערדישער באַוועגונג), לאָזער קלאָג, דער פּאַרזיצער פון דרוקער־פאַריין און די לערערין סאָניע נאָוואָגרודסקי (פרוי פון עמנואל נאָוואָגרודסקי). ערשט דאָ האָב איך זיך דערוואוסט, אַז אין די הענט פון יאַנקעלע מענדעלסאָן האָבן זיך געפונען די פעדים פון אונטערערדישן בונד. די בונדישע קאָנטאַקטן פון אָקופּירטן פוילן האָבן פריער געדאַרפט דורכגיין דורך מענדעלסאָנס הענט.

נאָך די ערשטע באַגריסונגען האָב איך אָפּגעגעבן אַן אויספירלעכן באַריכט וועגן דער לאַגע אין קראָקע. די אויפגאַבן, וועלכע זענען געשטאַנען פאַר דער קראָקעווער באַוועגונג, זענען געווען דרינגנדיקע: צוריק אויפשטעלן די אָרגאַניזאַציע מיט אַלע אירע צווייגן און באַזאָרגן די איבער־געבליבענע איינזאַמע פרויען און די קינדער מיט מיטלען צו לעבן. איך האָב באַקומען גענויע אָנווייזונגען, ווי אַזוי צו אָרגאַניזירן די באַוועגונג אין די נייע אומלעגאַלע באַדינגונגען; ווי אַזוי אויפצושטעלן בונדישע קעמערלעך צו פינף פערזאָן; ווי אַזוי צוצוקומען צו אַ גרעסערער צאָל אַרבעטער מיט אונזערע אונטערערדישע ביולעטינען און אויפרופן; ווי אַזוי צו פאַרשפּרייטן די נייעס פון אויסלענדישן ראַדיאָ; ווי אַזוי אָנצוהאַלטן דעם קאָנטאַקט מיט וואַרשע. איך האָב אויך באַקומען אַ באַזונדערע אויפגאַבע אָנצוהאַלטן אַ פאַרבינדונג מיט אַ רייע שטעט פון דער בונדישער באַוועגונג אין קראָקעווער געגנט.

מיין לאַגע פון אַ פאַרשטעלטן „אַריער" איז געווען אַ פיל בעסערע ווי פון די אַנדערע בונדישע שליחים, וועלכע זענען דעמאָלט אַרומגעפאָרן איבער דער פּראָווינץ און האָבן געהאַט גרויסע שוועריקייטן צוליב זייערע פּנימער. זיי האָבן געמוזט האָבן ספּעציעלע פּאַסיר־שיינען צו קענען פאָרן אויף דער באַן. אין יענער צייט זענען בלויז געווען צוויי אַזעלכע קוריערן, וואָס זענען אַרומגעפאָרן און געקענט פריי זיך באַוועגן — דאָס זענען געווען די לערערין פון די יידיש־וועלטלעכע שולן אין פוילן, חברטע איטקע לאַזאַר־מעלמאַן פון לאָדזש און ישראל פאַלק (היינט אין מאָנטרעאַל), וואָס האָבן געאַרבעט אין „דזשאָינט", און אַ דאַנק דעם געהאַט די געהעריקע דער־לויבענישן צו פאָרן.

* * *

איך האָב אויך באַקומען אַן אינסטרוקציע צו פאַרבלייבן וואָס ווייניקער אין וואַרשע, וואו כ'בין געווען צופיל באַקאַנט. כ'האָב אָבער נישט געקאָנט ביישטיין דעם נסיון און האָב אין די נאָנטסטע טעג אַרומגע־וואַנדערט אין די געגנטן, וואו איך האָב פריער צום מערסטן געפירט מיין בונדישע אַרבעט. און דאָס איז געווען אין קראָכמאַלנער ראַיאָן. ערשט

איצט, גייענדיק פון גאַס צו גאַס, האָב איך צום ערשטן מאָל דערזען די גאַנצע הפקרות, אויף וועלכער עס איז געווען אויסגעשטעלט דאָס לעבן פון די עטלעכע הונדערט טויזנט יידן. אין וואַרשע האָט מען שוין דעמאָלט געוואוסט, אַז די דייטשן האָבן פאַרלאַנגט פון דער יידישער קהילה איינצו־פירן אַ געטאָ. דאָס איז געווען די ערשטע אַנטי־יידישע גזירה, וואָס די דייטשן האָבן דאָ געוואָלט אַדורכפירן מיט יידישע הענט. צווישן די מיט־גלידער פון דער יידישער גמינע האָבן זיך אָנגעהויבן ביטערע גע־ראַנגלענישן. פון מויל צו מויל איז געגאַנגען די ידיעה וועגן דעם מוטיקן אַרויסטריט פון בונדישן דאָזאַר שמואל זיגעלבוים, וועלכער האָט פאַר־לאַנגט, אַז די קהילה זאָל זיך אָפּזאָגן אויסצופירן אַזאַ באַפעל. דער רוף זיך קעגנשטעלן דער נאַצישער געטאָ־גזירה האָט געשטאַרקט דעם מוט ביי פיל יידן.

אין די פּאָר טעג, וואָס איך בין דעמאָלט געבליבן אין וואַרשע, האָב איך געזען דאָס צאַפּלען זיך פון גרעסטן יידישן ישוב אין איראָפּע אין די אָנהייב־ווייען פון אַ גרויסער גסיסה, וואָס האָט געדאַרפט געדויערן איבער צוויי יאָר. אין די אָנגעפּראַפּטע גאַסן זענען אַרומגעלאָפן פוילישע כוליגאַנעס און האָבן — פאַר די אויגן פון לאַכנדיקע דייטשע סאָלדאַטן — ווילד געשלאָגן יידישע דורכגייער און ראַבירט יידישע סטראַגאַנעס און געוועלבלעך. אַ סיסטעמאַטישער פּאָגראָם איז אָנגעגאַנגען טאָג־טעגלעך אין די מיראָווסקע האַליעס, וועלכע זענען נאָך פאַרברענט געוואָרן אין די טעג פון די באָמבאַרדירונגען. יידישע הענדלער האָבן אין די לעכער פון די געביידע־סקעלעטן אויפגעשטעלט זייערע אָרימע קלייטלעך און סטראַגאַנעס. פוילישע יונגען האָבן איבערגעדרייט די סטראַגאַנעס, האָבן מערדערלעך געשלאָגן די הענדלערינס און צעראַבירט די סחורות. אויך אין זאַקסישן גאָרטן האָבן אָרגאַניזירטע באַנדעס כוליגאַנעס דורכגעפירט אָנפאַלן אויף יידישע דורכגייער. די פוילישע אַנטיסעמיטן, נאַראָווצעס און ענדעקעס, זענען איצט אַריין אין די פעדערן. זייערע אַלטע וואונטשן און טרוימען זענען מקוים געוואָרן. די נאַצישע באַצווינגער און דעראָבערער פון פוילן האָבן אויסגעליפערט די יידן צו זיי אין די הענט אַריין. זיי האָבן איצט געקאָנט זיך אָנזעטיקן מיט הריגה און רציחה. נישט אומעטום איז זיי דאָס אָנגעקומען לייכט.

דער בונד האָט אין יענע טעג אַרויסגעגעבן אַ דירעקטיוו צו זיינע מיט־גלידער אַנטקעגנצושטעלן זיך די כוליגאַנעס. אין דער געגנט פון אייזערנעם טויער, צווישן זאַקסישן גאָרטן און די מיראָווסקי האַליעס, האָט אַ גרופּע יידישע טרעגער און פליישער געשטעלט אַ ווידערשטאַנד און מיט די פויסטן און מיט אייזנס געקלאַפּט איבער די קעפּ פון די רוצחים. ביי אַ סך פוילישע כוליגאַנעס — צווישן זיי זענען אויך געווען זין פון „בעסערע" היימען — האָט מען אַרויסגעריסן די פאַלקעס און מען האָט זיי

צעבראָכן אויף זייערע קעפּ. צווישן די כוליגאַנעס איז אויסגעבראָכן אַ בהלה און זיי זענען אַנטלאָפן מיט אויפגעלאָפענע פּנימער און צעריסענע מלבושים.

איך בין אָנגעקומען אויף קראָכמאַלנע 9. דאָרט איז געווען דאָס באַ־קאַנטע קראָכמאַלנער „פּלעצל". אין דעם הויז האָט געוואוינט אַ בעקער־אַרבעטער, וואָס איז געווען גוט באַקאַנט אין יענער געגנט. גערופן האָט מען אים כאַסקעלע הויקער. כ'בין אַריין אין זיין דירה און געוואָרן איבעראַשט. כ'האָב דאָרט געטראָפן אַ גרופּע צוקונפטיסטן (מיטגלידער פון יוגנט־בונד צוקונפט) פון יענעם ראַיאָן, זיי זענען געווען די שלאָג־גרופּע וואָס כאַס־קעלע האָט אָנגעפירט. זיין נאָענטסטער מיטגייער איז געווען מאָניעקל. אַ געפּיל פון שטאָלץ האָט מיך אַרומגענומען, ווען כ'האָב געהערט ווי גרייט די גרופּע צוקונפטיסטן איז צו יעדער צייט אויפן רוף פון בונד צו ריזיקירן מיטן לעבן. וועגן איינעם פון יענער גרופּע, וואָס איך האָב באַגעגנט אין דער וואוינונג פון חבר כאַסקעלע, וויל איך דערציילן.

אויף גזשיבאָווסקע 14 איז געווען אַ בונדישער קלוב פאַר יוגנט און קינדער. דער קלוב איז געווען פּאָפּולער אין קראָכמאַלנער ראַיאָן. יעדן אָוונט האָבן זיך דאָרט פאַרזאַמלט פיל ייִנגלעך און מיידלעך פון די אַרומיקע גאַסן. חברה האָט זיך אין קלוב געלערנט לייענען און שרייבן ייִדיש. ס'זענען פאָרגעקומען קרייזן, וואו מען האָט געשמועסט אויף פאַרשידענע טעמעס. אין לאָקאַל איז אויך געווען אַ קליינע ביבליאָטעק. אין איין צימער האָט מען געשפּילט פּינג־פּאָנג, אין אַ צווייטן צימער האָט דער יוגנט־אָרקעסטער געמאַכט פּראָבעס. יעדן שבת איז פאָרגעקומען אַ קעסטל־אָוונט, אַ קאָנצערט, אַ פאָרשטעלונג אָדער אַ טאַנץ אָוונט.

אין דעם קלוב זענען אויך געקומען קינדער פון דעם באַקאַנטן קראָכ־מאַלנער „פּלעצל", וואו ס'האָבן געלעבט די אָרימסטע און אָפּגעשטאַנענסטע ייִדישע שיכטן. פיר און צוואַנציק שעה אין משך פון מעת־לעת האָט אויפן „פּלעצל" גערוישט ווי אין אַ בינשטאָק. דאָרט האָבן זיך אויפגעהאַלטן גנבים, קאָמבינאַטאָרן, פאַרשידענע אונטערוועלט־מענטשן און גאַסן־פּרויען, קינדער און יוגנטלעכע האָבן זיך געוואַלגערט אויף די גאַסן. גראָד אין דעם ראַיאָן האָט ווי אַ לייכטענדער טורעם אַרויסגעשיינט אויף קראָכמאַלנע 36 די ייִדיש־וועלטלעכע שול. אָט די צוויי אינסטיטוציעס — די שול און דער בונדישער קלוב — זענען מיט זייער גייסט און ווירקונג אַלץ טיפער אַריינגעדרונגען אין יענעם ראַיאָן. זיי האָבן צו זיך צוגעצויגן זייער פיל ייִנגלעך און מיידלעך און געוואונען זייערע הערצער און נשמות. אַ דאַנק די אינסטיטוציעס האָבן זיי זיך אַרויסגעהויבן פון זומפּ. פיל יוגנטלעכע פון קראָכמאַלנער ראַיאָן האָבן זיך דערהויבן צו די העכסטע מענטשלעכע און נאַציאָנאַלע טאַטן, ווען זיי זענען געשטאַנען פאַר שווערע נסיונות.

אין איינעם אַן אָוונט איז אַריינגעקומען אין קלוב דער בעקער־אַרבעטער חבר כאַסקל, אַן אַקטיווער בונדיסט פון יענעם ראַיאָן. ער האָט געפירט מיט זיך אַ יינגל און געזאָגט צו מיר: — צעלעק, שרייב איין דעם יאָט אין אַ קרייז. ער איז שוין אַלט 14 יאָר.

פאַר מיינע אויגן איז געשטאַנען אַ יינגל, וואָס האָט נישט אויסגעזען לויט זיין עלטער. ער איז געווען קליין, איינגעדאַרט. דאָס רעקל, וואָס האָט פון אים אַראָפּגעהאָנגען, איז געווען לאַנג און ברייט אַזוי ווי פון אַ דערוואַקסענעם מענטש און געהאַט אויף זיך כלערליי לאַטעס. פון זיין היטל איז דער דאַשיק שוין געווען אַראָפּגעריסן. אַ דרייסטער שמייכל איז געווען אויפן פּנימל און די שוואַרצע אויגן זענען געלאָפן הין און צוריק ווי קוועקזילבער.

איך פרעג דעם יינגל: — ווי רופט מען דיך? — מאָניעקל, ענטפערט ער. — לערנסט אין חדר? — ניין, האָט געענטפערט כאַסקל. — גייסט אין דער פּאָוושעכנער שול (פּוילישע פאָלקס־שול)? ווידער — ניין. כ׳פרעג דעם חבר כאַסקל פאַרוואָס ענטפערט ער, און נישט דאָס יינגל? כאַסקל האָט אַ זאָג געטון צום יינגל: — גיי נאָר אַריין אין צווייטן צימער.

און דעמאָלט האָט אונזער איבערגעגעבענער חבר און געטרייער פריינט פון די גאַסן־קינדער מיר דערציילט:

זיין מוטער האָט אַ „הייזל" אויפן „פּלעצל", דער פאָטער זיצט אין תפיסה פאַר אַ גנבה. זיין מוטער האָט מיך אָפּגעשטעלט אויף קראַכמאַלנע גאַס און מיט טרערן אין די אויגן געבעטן אַריינצונעמען איר איינציק קינד אין קלוב. זי האָט געטענהט: כ׳האָב געהערט, אַז דער בונד מאַכט די קינדער פאַר מענטשן. איך וועל אָפּשפּאָרן פון מויל און וועל צאָלן וויפל ס׳וועט קאָסטן.

איך האָב דאָס יינגל אַריינגערופן, אָבער מאָניעקל האָט מיך שוין נישט געזען. ער האָט נישט געקענט אָפּרייסן זיינע אויגן פון די אַרומיקע יוגנטלעכע און קינדער. יעדער האָט עפּעס געטון, איז געווען מיט עפּעס פאַרנומען. מאָניעקל איז אַריינגעפאַלן אין אַ נייער וועלט. איך האָב אים גלייך צוגעטיילט צו אַ קרייז און געבעטן די חברה, אַז זיי זאָלן אים העלפן און גוט אויפנעמען. אין אַ קורצער צייט אַרום האָט מאָניעקל אָנגעהויבן פילן אַ פאַרשעמטקייט צוליב זיין היים, צוליב זיין נישט קענען לייענען און שרייבן, מיט אַ שטאַרקער אַמביציע האָט ער אָנגעהויבן פלייסיק זיך צו לערנען. ער האָט אָנגעהויבן צו לייענען. ער איז געווען פעאיק צו באַנעמען אַלץ וואָס ער האָט געלערנט. נישט איינמאָל האָט מען געטראָפן מאָניעקלען שלאָפן אין קלוב אויף דער האַרטער באַנק. ער האָט נישט געוואָלט אַהיימגיין. מיט אויסערגעוויינלעכער איבערגעגעבנקייט האָט ער זיך באַטייליקט אין די בונדישע פּרעסע־טעג און פאַרקויפט אויף די גאַסן די

פאָלקס־צײַטונג און דעם יוגנט־וועקער. ווי אַ דורשטיקער פּאַלט־צו צו אַ
אַ קוואַל אין אַ מדבר, אַזוי האָט ער אָנגעהויבן לייענען ביכער.

אַ חבר האָט אים אַרײַנגענומען צו זיך אין ווערקשטאַט און מאָניעקל
איז געוואָרן אַ לערן־ייִנגל ביי אַ שניידער. ער האָט אָנגעהויבן פילן, אַז ער
ווערט אַ גלייכער מיט זיינע חברים. ער הויבט אָן צו ווערן דרייסטער.
זיין טרוים איז געווען אָנגענומען צו ווערן אין צוקונפט־שטורם, וואָס איז
געווען די דיסציפּלינירטע קאַמף־אָפּטיילונג פון דער בונדישער יוגנט־
אָרגאַניזאַציע.

היטלערס חיילות האָבן אָקופּירט וואַרשע. אַ בלוטיקער וויכער איז
אַדורך איבער די וואַרשעווער גאַסן. און באַלד נאָך דעם האָבן פּוילישע
כוליגאַנעס אָנגעהויבן צו ראַבעווען יידישע געוועלבער און שלאָגן יידן.
אין שכנות אויפן גזשיבאָוו נעמט דער חבר כאַסקל צונויף די מיטגלידער
פון דער בונדישער מיליץ און פון צוקונפט־שטורם אין קראָכמאַלנער ראַיאָן.
אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן האָבן זיי געשטעלט אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד די
פּוילישע כוליגאַנעס. פיל פון זיי האָט מען אָוועקגעפירט פאַרוואונדעטע
אין די שפּיטאָלן. איינער פון די מסירת־נפשדיקסטע און מוטיקסטע אין
דעם קאַמף איז געווען מאָניעקל פון קראָכמאַלנער „פּלעצל".

שפּעטער, ווען די יידן פון וואַרשע זענען פאַרשלאָסן געוואָרן אין אַ
געטאָ און ס'איז געוואָרן אַ גרויסער הונגער, און ס'איז נישט געווען מיט
וואָס איינצוהייצן אין שווערן ווינטער, איז אין דער קראָכמאַלנער געגנט
אויסגעבראָכן אַן עפּידעמיע פון טיפוס און דיזענטעריע. מאָניעקל, וואָס האָט
יעדן טאָג געגעסן אַ ביסל זופּ אין דער שולע אויף קראָכמאַלנע 36, וואו
מען האָט געקאָכט ספּעציעל פאַר קינדער, הויבט אָן טראָגן ביסלעך זופּ און
שטיקלעך ברויט פאַר זיינע חברים, וואָס ליגן געשוואָלענע פון הונגער און
קעלט אין זייערע היימען.

מאָניעקל האָט זיך ווי ס'איז געראַטעוועט בעת די גרויסע דעפּאָרטאַ־
ציעס פון די יידן צו די גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקע אין יאָר 1942. ער
האָט זיך שפּעטער געפונען אין דעם זייער קליינעם שטח אויף פּראָסטע 13,
וואו ס'זענען געווען די ווערקשטאַטן פון וו. צ. טעבענס. אין חודש
יאַנואַר 1943 בין איך אַהין אַריינגעשיקט געוואָרן מיט אַ פּאַרטיי־שליחות.
דער חבר משה ניימאַרק, דער זון פון בונדישן טוער און שרייבער אריה
(דוד לייב ניימאַרק), וועלכער איז געווען אַ וועכטער ביים טויער, האָט מיר
דעמאָלט איבערגעגעבן אַז מיט זיי איז פאַראַן מאָניעקל פון קראָכמאַלנער
ראַיאָן. יעדן טאָג גנבעט ער זיך אַרויס אויף דער „אַרישער" זייט. ער ברענגט
אַריין אין געטאָ רפואות פאַר קראַנקע חברים און שפּייז, אַ ביסל מילך פאַר
קינדער. ער איז פון דער גרופּע, וואָס ווייסט וואו עס ליגן די פּלעשער מיט

אויפרייס־שטאָפּן. ער קויפט אויך זאַכן, וועלכע זענען נויטיק פאַר די בונקערס, וואָס מען גרייט צו ערב דעם ערשטן באַוואָפנטן ווידערשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ (יאַנואַר 1943).

מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָבן מיר דערהאַלטן די טראַגישע ידיעה, אַז מען האָט געפונען מאַניעקלען אַ דערשאָסענעם ביים טויער פון טעבענסעס ווערקשטאַטן.

**פון טיפסטן זומפּ — צו די הויכקייטן פון אַ העלד און מאַרטירער.**

# 5. אין דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע פון בונד אין קראָקע

נאָך עטלעכע טעג זיין אין וואַרשע בין איך צוריקגעפאָרן קיין קראָקע. אין דער באַן בין איך דאָס מאָל געפאָרן אַ סך זיכערער, כאָטש איך האָב געפירט אַ פעקל אונטערערדישע צייטונגען. פויליש האָב איך נישט גוט גערעדט און כ׳האָב זיך דעריבער געהיט צו רעדן וואָס ווייניקער. די פּאָר ווערטער, וואָס כ׳האָב געמוזט אַרויסזאָגן, האָב איך געזאָגט מיט זיכערקייט און חוצפּה. נישט איינמאָל איז מיר אויסגעקומען צו שפּילן די ראָל פון אַ שטומען פאַר די מיטפאָרער אין דער באַן.

ווען איך בין געקומען צוריק פון וואַרשע, איז דער קראָקעווער קאָמיטעט גלייך צוגעטרעטן איינצושטעלן די אַרבעט. אין לויף פון אַ קורצער צייט זענען אָרגאַניזירט געוואָרן די „פינפטלעך" פון צוגעקליבענע בונדיסטן. אויף די גרופּעס זענען געליינט געוואָרן די אונטערערדישע צייטונגען און מ׳האָט געהערט ראַדיאָ־נייעסן פון אויסלאַנד. ס׳איז אויך איינגעשטעלט געוואָרן אַ פּראָפעסיאָנעלער ראַט פון פאָלגענדע חברים: מאַקס מילינסקי, אהרן זאָנאַבענד (היינט אין פּוילן) פון שניידער־פאַראיין, מאָטל קשענסקי און פישל איידעלמאַן (ביידע היינט אין אַמעריקע) פון לעדער־פאַראיין, וויגדאָר וואַסערלויף און זיגמונט בירקענפעלד פון שטובן־מאָלער, דוד הילף פון בוי־אַרבעטער, פּאָמעראַנץ פון מעטאַל־אַרבעטער, מנשה גומפּלאָוויטש און נפתלי שיסלער פון האַנטוועקער־פאַראיין. פאָרשטייער פון פּאַרטיי־קאָמיטעט איז געווען חבר משה (מאָניעק) פעלצמאַן־גלאַזער.

דער יוגנט־בונד צוקונפט האָט געהאַט אַ געמיינזאַמען קאָמיטעט מיטן סקיף (בונדישע קינדער־אָרגאַניזאַציע). ער איז באַשטאַנען פון די ח״ח פישעל און מענדעל האַרענדאָרף, עוואַ אַלעקסאַנדראָוויטש (טאָכטער פון ד״ר איגנאַצי אַלעקסאַנדראָוויטש), סרולעק איידעלמאַן, רחל טענענבוים און האַנושע גומפּלאָוויטש. אַ ספּעציעלער הילף־קאָמיטעט האָט זיך פאַרנומען מיט נויטיקער מעדיצינישער און אַנדערער הילף פאַר פרויען, עלטערע מענטשן און קינדער. דער הילף־קאָמיטעט איז געווען אין קאָנטאַקט מיט די ספּעציעלע אָפּטיילונגען פון דער יידישער קהילה. צו דעם הילף־קאָמיטעט



פון רעכטס: צווייטער פון אויבערשטער ריי — פאָטער משה לייב, דריטער — ברודער וועלוול (לעבט אין פּאַריז), זעקסטער — העניך גאָלדשמיד (פירער פון בונד אין גאָמבין), דריטע פון מיטלסטער ריי — מוטער שיינע בינה.



שוועסטער ביילע צעלעמענסקי



יעקב צעלעמענסקי — אויף דער „אַרישער" זייט אין די מלחמה־יאָרן.



בונדישע יוגנט: לעצטער פון אויבערשטער ריי — יעקב הילער; צווייטער פון מיטל־סטער ריי — שלמה נאָטקאָווסקי, לעצטער — יעקב צעלעמענסקי; דריטער פון אונטערשטער ריי — מאָריס געלבראָן, פערטער — לייבל פרידמאַן, לעצטער — ישראל דאַמאַזער.



בונדיסטן אין מעזריטש: ערשטע און לעצטע פון מיטלסטער ריי — גאָלדע און חנהטשע צוקער.

האָבן געהערט די חברים ד״ר שיע פּענסטערבלוי, נפתלי שיסלער, לושקאַ אַלעקסאַנדראָוויטש און ד״ר לעאָן נעמער. צו דעם קאָמיטעט פון דער קינדער־היים האָבן געהערט: ד״ר פּאַולינאַ וואַסערבערג (די פּאָרזיצערין), רוזשקע גלאַזער, די לערערין פּאָמעראַנץ און די פאַרוואַלטערין לושקאַ אַלעקסאַנדראָוויטש.

אונזער טרעף־פּונקט פאַר די קאָנטאַקטן און אויך פאַר באַקומען אומ־לעגאַלע ליטעראַטור איז געווען ביים חבר פּישל אײדעלמאַן אין זיין שוסטער־ווערקשטאַט אויף דיטלאָווסקע 48. דאָס בעסטע באַהעלטעניש פאַר די אונטערערדישע צייטונגען און אויפרופן איז טאַקע געווען אין די בערג אַלטע שיך. ס׳איז אויך איינגעשטעלט געוואָרן אַ קאָנטאַקט מיט דער פּוילישער אונטערערדישער אַרבעטער־באַוועגונג.

ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען די שטאָט און אַרויסגעטריבן אַ סך יידן פון זייערע רייכע און באַקוועמע וואוינונגען, האָבן זיי אַהין אַריינגעזעצט זיי־ערע אָפיצירן פון געשטאַפּאָ און ס.ס.־אָפּטיילונגען. אין טייל וואוינונגען האָבן זיי בלויז באַפוילן פריי צו מאַכן איין צימער פאַר די אָפיצירן. ס׳האָט זיך געשאַפן די פּאַראַדאָקסאַלע לאַגע, אַז אויף אַ צאָל יידישע דירות אין צענטער שטאָט זענען געהאָנגען בלעכענע שילדלעך מיט אויפשריפטן: „שטורמפירער ס.ס.״. די יידישע לאָקאַטאָרן האָבן געמוזט באַדינען די דאָזיקע נאַצי־מחבלים, פּוצן זיי די שיך, אָוועקגעבן די וועש אין וועשעריי און דערלאַנגען זיי טיי. אין צוויי אַזעלכע וואוינונגען, אויף וועלכע עס זענען געהאָנגען שילדלעך פון געשטאַפּאָ־לייט, האָבן מיר איינגעאָרדנט אונזערע טרעף־ערטער: ביי דער פאַרמלחמהדיקער פאָרזיצערין פון די יידישע שולן, ד״ר פּאַולינאַ וואַסערבערג, און ביי דער פרוי פון ד״ר איגנאַצי אַלעקסאַנדראָוויטש. די דאָזיקע ביידע דירות האָבן געהאַט די גרויסע מעלה, וואָס מ׳האָט געוואוסט גענוי ווען די דירה איז זיכער, ווייל די געשטאַפּאָניקעס זענען שטענדיק געקומען נעכטיקן אין אַ באַשטימטער צייט. ס׳איז אויך געווען זיכער, אַז די געשטאַפּאָ וועט אין אַזאַ דירה נישט מאַכן קיין רעוויזיע.

די אומלעגאַלע בונדישע אַרבעט האָט זיך גענומען שנעלער באַוועגן. אין יענע טעג האָבן מיר אויך איינגעשטעלט אַ קאָנטאַקט מיט די פירער פון פּ. פּ. ס. דורך פרוי אַדוואָקאַטין אַניעלאַ שטיינסבערג, וועלכע האָט אָרגאַניזירט די טרעפונגען ביי איר אין הויז. איר אויסערלעכער אויסזען און איר האַלטונג איז געווען פון אַ פּוילישער אַריסטאָקראַטישער דאַמע. פון 1941 איז זי געווען איינע פון די אַקטיווסטע טוערינס אין דער אונטער־ערדישער באַוועגונג אין וואַרשע און איז געווען מיט אונז אין אַ נאָענטן קאָנטאַקט (זי לעבט היינט אין וואַרשע). צו דער ערשטער טרעפונג זענען געווען באַשטימט די חברטע לושקאַ אַלעקסאַנדראָוויטש און איך. מיר האָבן זיך געטראָפן צום ערשטן מאָל מיטן חבר יוזעף ציראַנקעוויטש — אַ

פירער פון פּ. פּ. ס. אין קראָקע (איצט פּרעמיער־מיניסטער פון דער רע־גירונג אין פּוילן).

דעם קאָנטאַקט מיט דער פּ. פּ. ס. האָט ווייטער אָנגעהאַלטן די חברטע לושקאַ. זי איז אָפט געגאַנגען צום אַדוואָקאַט ד"ר עמיל שטיינסבערג וועגן פאַרשידענע ענינים, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צו יידן. די פאָלקס־דייטשן האָבן צוגערויבט ביי יידן זייער האָב־און־גוטס. ד"ר שטיינסבערג האָט זייער פיל געהאָלפן ביים צוריקמאָנען דעם רויב אָדער קריגן באַצאָלט פאַרן היזק. ער און זיין פרוי אַניעלאַ האָבן געהערט צו דער פּ. פּ. ס., דאָס פאָרפאָלק שטיינסבערג האָט שפּעטער געמוזט פאַרלאָזן קראָקע. אין 1944 האָט מען דעם ד"ר עמיל שטיינסבערג פאַרהאַלטן אין וואַרשע בעת אַ לאַפּאַנקע (כאַפּעריי אויף דער גאַס) און ער איז אָן שפּור פאַרשוואונדן.

יוזעף ציראַנקעוויטש האָט אונז איבערגעגעבן, אַז ער ווייסט וועגן דער עקזיסטענץ פון אונטערערדישן בונד און אַז ער איז גרייט אונז צו געבן אַן אָרט פאַר אונזער מאַטעריאַל אין זייער פּ. פּ. ס.ישן אונטערערדישן ביו־לעטין. ער האָט אויך צוגעזאָגט אַז ער וועט אויספּועלן ביי דער יידישער גמינע, וועלכע באַקומט פינאַנציעלע הילף פון דער פּוילישער רעגירונג אין לאָנדאָן, אַז אויך מיר זאָלן באַקומען געלט־שטיצע פאַרן בונד. די פּ. פּ. ס., האָט ער געזאָגט, איז אויך גרייט צו העלפן אונז מיט נויטיקע פּערזענלעכע דאָקומענטן, מיט „אַרישע" פאַפּירן אדג"ל. מיט פרייד האָבן מיר אויפגע־נומען זיינע צוזאָגן. מיר האָבן אים געענטפערט, אַז אין זייער אומלעגאַלן ביולעטין קאָנען מיר זיך דערוויל נישט באַטייליקן, ווייל דאָס וואָלט דעקאָנספּירירט אונזער אַרבעט. דאַקעגן האָבן מיר אים צוגעזאָגט צוצושטעלן באַריכטן וועגן אונזער טעטיקייט און אָנהאַלטן אַ סטאַבילן קאָנטאַקט מיט דער געהיימער פּוילישער אַרבעטער־באַוועגונג.

די גרעסטע שוועריקייט האָבן מיר געהאַט ביים עפענען די קינדער־היים, ווייל אַ וואוינונג האָט מען געדאַרפט באַקומען צוגעטיילט פון דער יידישער קהילה. אַלע אונזערע באַמיאונגען האָבן נישט געבראַנגט קיין געוואונשטע רעזולטאַטן. מיר זענען געווען פאַרצווייפלט. קליינע קינדער זענען געבליבן אָן שום אויפזיכט, ווייל די מוטערס האָבן געמוזט גיין אַרבעטן. די גרעסערע קינדער האָבן זיך געוואַלגערט אין די גאַסן און אויף שמוציקע פּלעצער. ווי אַ בליץ אין דער פינצטערניש האָט פאַר אונז אויפגעשיינט די ידיעה, אַז די חברטע ציליע וואָלפגאַנג האָט אונז אָנגעבאָטן איר וואוינונג. זי מיט איר קינד האָבן זיך איינגעדונגען צו אַ פאַמיליע אויף אַ בעט און זי פאַרקויפט אַלע זאַכן פון איר הויז. איר מאַן, חבר שיע וואָלפגאַנג, האָט זיך דעמאָלט געפונען אין לעמבערג. דער חבר וואָלפגאַנג איז פאַרן קריג געווען אַ מיטגליד פון קראָקעווער קאָמיטעט פון בונד. ער איז געווען איינער פון די געטרייסטע בונדיסטן. אַליין אַ קראַנקער, געזען האָט ער בלויז אויף איין אויג, איז ער געווען דער פאָן־טרעגער אויף אַלע דעמאָנסטראַציעס פון

בונד. זיין האַרץ האָט אים נישט געלאָזט רוען פאַרוואָס ער האָט די פּאַרטיי־פאַן איבערגעלאָזט ביי זיך אין שטוב אויף הפקר. אַ קראַנקער האָט ער דורכגעמאַכט די שווערע און געפערלעכע נסיעה צוריק אין קראָקע און ער האָט די פאַן באַהאַלטן אויף אַ פּלאַץ, וואו די דייטשע מחבלים זאָלן זי נישט קענען געפינען. נאָכן באַהאַלטן די בונדישע פאַן איז ער צוריק געפאָרן קיין לעמבערג, וואו ער איז מיט אַ קורצער צייט שפּעטער געשטאָרבן.

מיר האָבן געעפנט די ערשטע קינדער־היים פאַר 25 קינדער. זיי האָבן באַקומען אַ פולן טאָג עסן און זענען געווען אונטער אַ פּעדאַגאָגישער אויפזיכט פון דערפאַרענע לערערינס. די אָנפירערינס לושקאַ אַלעקסאַנדראָוויטש און חברטע פּאָמעראַנץ האָבן געהאַט צו הילף די חברטעס עוואַ אַלעקסאַנדראָוויטש און האַנושאַ גומפּלאָוויטש. די מעדיצינישע אויפזיכט האָט געהאַט די קינדער־דאָקטאָרין פּאַולינאַ וואַסערבערג, רוזשקע גלאַזער האָט גאַנצע טעג אָפּגעגעבן פאַרן איינשאַפן די באַשפּייזונג און פירן די ווירטשאַפט. אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון דער פּ. פּ. ס. האָט אונזער קינדער־היים באַקומען פינף טויזנט זלאָטעס פון די פּוילישע רעגירונגס־פאָנדן און דאָס האָט אונז געגעבן אַ מעגלעכקייט צו פאַרבעסערן די באַשפּייזונג, איינ־קויפן שפּילצייג פאַר די קינדער און אַ טייל פון זיי אויך באַקליידן.

אין דעם פינצטערן אַרום איז די קינדער־היים געווען אַן אינזל פון קינדערישער פרייד און געזאַנג פון יידישע לידער — אַ ציכטיקער וואַרע־מער ווינקל, וואו קינדער האָבן זיך פריי און אָן זאָרג אויסגעלעבט.

די נשמה פון דעם קינדער־היים איז געווען לושקאַ. פון באַרוף איז זי גע־ווען אַ פּרעבליסטין. אַ יונגע ערנסטע פרוי מיט אַ ברוין פּנים, טיפע מילדע אויגן און האַרציקער באַנעמונג. עס האָט פון איר געשפּריצט מיט ענערגיע. זי האָט אַרויסגעוויזן אומגעהויערע איבערגעגעבנקייט צו יעדן קינד באַ־זונדער. ווי אַ צאַרטע מאַמע האָט זי געטוליעט צו זיך די עלנטע קינדער, וועלכע האָבן נישט געקענט האָבן קיין אויפזיכט אין זייערע היימען. ווען אַ מוטער האָט געוואָלט כלומרשט באַשטראָפן אירס אַ קינד, האָט זי גע־זאָגט: — דו וועסט מאָרגן נישט גיין צו דער לערערין לושקאַ.

אַליין האָט לושקאַ געשלעפּט אויף זיך אַ שווערע משא. איר מאַן, חבר מאַקס, איז אין אָנהויב פון קריג גערופן געוואָרן אין פּוילישן מיליטער. שפּעטער איז ער פון לעמבערג געפאָרן קיין ווילנע. לושקאַ איז געבליבן מיט אירע צוויי קינדער: יורעק — 12 יאָר, און האַנושע — 9 יאָר. צוזאַמען מיט זיי איז אויך געווען איר מוטער און איר שוועסטער סאָניע נייגער מיט אַ קינד פון פינף יאָר. לושקאַ האָט דעריבער געדאַרפט זאָרגן פאַר דער גאַנצער משפחה. געוואוינט האָבן זיי אין יענער צייט אויף דיטלאָווסקי גאַס אין דריי צימערן. אין איינעם פון די צימערן האָט לושקאַ געפירט אַ פּריוואַטע גרופּע פון צען קינדער, פאַר וועלכע פאַרמעגלעכע משפחות האָבן געצאָלט אַ בעסערן פּרייז בלויז פאַר אַ פּאָר שעה אין טאָג. דאָס איז

געווען איר פּריוואַטע הכנסה. לושקאַ איז אויך געווען אַקטיוו אין דער ענגער פּאַרטייאישער אַרבעט. נישט געקוקט אויף די אַלע שווערע לאַסטן האָט זי קיינמאָל נישט אַרויסגעוויזן קיין נערוועזקייט. זי איז שטענדיק געווען זייער פריינטלעך צו די עלטערן פון די קינדער און אַזוי אויך צו אַלע אירע חברים און פריינט. זי האָט געשאַפן אַ וואַרעמע אַטמאָספער אין אונזער שווערן טאָג־טעגלעכן לעבן.

די קינדער־היים איז אויך געווען אַן אָרט פאַר אונזערע פּאַרטייאישע טרעפונגען, דאָרט האָבן אויך געהאַט זיצונגען די קרייזן פון דער יוגנט. פון צייט צו צייט זענען דאָרט פאָרגעקומען פאַרהאַנדלונגען מיט בעלי־בתים, ביי וועלכע די אַרבעטער האָבן געשטרייקט צוליב לוין־פאָדערונגען.

די קינדער־היים איז געוואָרן זייער פּאָפּולער אין שטאָט. מיר האָבן, ליידער, נישט געקענט אויפנעמען מער קיין קינדער. אַ סך מאַמעס האָבן מיט טרערן געבעטן צו באַפרידיקן זייערע ווענדונגען. מיט האַרצווייטאָג האָבן מיר געמוזט אָפּזאָגן, ווייל מיר האָבן נישט געהאַט קיין מאַטעריעלע מעגלעכקייטן און אין די ענגע צוויי צימערן איז שוין קיין פּלאַץ נישט געווען. מיר האָבן באַשלאָסן מאַכן אַ ווענדונג צום דזשאָינט וועגן הילף. מיר האָבן פאַרגעלייגט די קינדער־היים אויסצוברייטערן און שאַפן אַ היים פאַר 300 קינדער. דער דזשאָינט־דירעקטאָר ליאָווע נוישטאַט (געווען אַקטיוו אין בונד אין די צאַרישע צייטן) האָט אונז געהייסן צושטעלן אַ בודזשעט פאַר אַ פאַרגרעסערטער קינדער־היים. מיר האָבן געמאַכט באַמיאונגען און באַקומען דעם גרויסן לאָקאַל אויף דיטלאָווסקי גאַס, וואָס ס׳האָבן געהאַט אין זייער רשות די רייכע האַנטווערקער. לאַנג האָט אונזער פריידי נישט געדויערט. דער באַאַמטער פון דער קהילה ד״ר שלאַנג, אַ מיטגליד פון די פּועלי־ציון, וועלכער האָט אָנגעפירט מיטן וואוינונגס־אַמט און געדאַרפט דערלויבן איבערצוגעבן אין אונזער רשות דעם לאָקאַל, האָט אָפּגעזאָגט אַרויסצוגעבן די דערלויבעניש. ער האָט אָנגעגעבן פאַרשידענע מאָטיוון, אָבער מיר האָבן געוואוסט, אַז דער אמתער מאָטיוו איז געווען וואָס ער האָט דעם בונד נישט געוואָלט געבן די מעגלעכקייט צו פירן אַזאַ וויכטיקע אינסטיטוציע. מיר האָבן צוליב דעם געמוזט זיך אָפּזאָגן פון אונזער פּלאַן צו שאַפן אַ גרויסע קינדער־היים.

אונזער אַרבעט איז געוואָרן כסדר אינטענסיווער. אַרום האָט געבוי־שעוועט דער גרויזאַמער נאַצישער אָקופּאַנט. יעדן טאָג זענען איבער די גאַסן פאַנאַנדערגעקלעפּט געוואָרן פּלאַקאַטן מיט נייע גזירות. טאָג־טעגלעך האָבן די דייטשן מיט זייערע פּוילישע געהילפן אַדורכגעפירט בלוטיקע אי־בערפאַלן אויף יידן און אויף זייערע הייזער און שוהלן. דאָס יידישע לעבן איז געשטעלט געוואָרן מחוץ יעדן געזעץ און שוץ. אפילו אין די דאָזיקע באַדינגונגען, וואו אונזער לעבן איז געווען אינגאַנצן הפקר און דער גורל פון אַ גאַנץ פאָלק איז איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט

פון בלוטדורשטיקע רוצחים, האָבן מיר צווישן אײן גרויזאַמער כוואַליע און דער צווייטער געפירט עקשנותדיק אונזער אַרבעט — אַן אַרבעט פון מוטיקן די געפּייניקטע און אונטערהאַלטן זײי מאָראַליש און מאַטעריעל. מיר האָבן געפירט אַן אַרבעט פון פאַרשפּרייטן קולטור און אויפהאַלטן דעם גלויבן. אין די באַדינגונגען, וואו מענטשלעכקייט איז געוואָרן אַראָפּגעשטויסן אויפן סאַמע דנאָ, האָט דער בונד געלערנט ווייטער אַרומצורינגלען מיט פּיעטעט אונזערע אַלטע מענטשלעכע ווערטן און געוועקט די האָפענונג אויף אַ בעסערער צוקונפט. אַפילו אין די שוואַרצסטע מינוטן איז נישט אײנגעפאַלן, אַז קײן צוקונפט איז פאַר אונז נישטאָ.

דער נאַצישער גענעראַל־גובערנאַטאָר פון אָקופּירטן פּוילן, האַנס פראַנק, האָט אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדנונג, אַז די צענטראַלעס פון די יידישע אָרגאַניזאַציעס דזשאָינט און זשיטאָס זאָלן זיך געפינען אין דער „הויפּט־שטאָט" פון זײן נאַצישן קעניגרייך, אין קראָקע. אַזוי ווי זײ האָבן דיספּאָנירט מיט באַדייטנדיקע געלט־פאָנדן, האָט ער זײ געוואָלט האָבן נאָענט פון זיך. צוליב דעם איבערפירן פון דער דזשאָינט־צענטראַלע איז אויסגעקומען, אַז דער חבר מאוריצי אָזשעך איז אין יענער צייט געווען פאַרן דזשאָינט דער אָנערקענטער פאָרשטייער פון בונד, זאָל אָפּט קומען קײן קראָ־קע. בעת זיינע קראָקעווער באַזוכן האָב איך זיך שטענדיק מיט אים געטראָפן.

אַ פאָר ווערטער וועגן דאָזיקן אייגנאַרטיקן מענטש און אידעאַליסט. געשטאַמט האָט ער פון אַן אַלטער, באַוואוסטער און גאָר רייכער וואַרשע־ווער פאַמיליע. פון זיינע גימנאַזיע־יאָרן אָן נאָך אין די צאַרישע צייטן איז מאַוריצי אָזשעך געווען אַן איבערצייגטער און אַקטיווער בונדיסט. אַליין אַ רייכער מאַן און פאַרנומען מיט מסחר, האָט ער אויך שפּעטער זײן בונדישע אַקטיווקייט נישט איבערגעריסן. ער איז געווען טעטיק ווי אַ רעד־נער, שרייבער, ראַטמאַן פון וואַרשעווער שטאָט־ראָט, דאָזאָר פון דער קהילה, פּאָרזיצער פון סאָציאַליסטישן האַנטווערקער־פאַריין אין פּוילן און אויך געווען פאַרנומען מיט אַנדערע בונדישע אַרבעטן. ער האָט פינאַנציעל אַ סך בייגעשטייערט פאַר בונדישע און אַנדערע נאָענטע צוועקן. אַ זייער דרייסטער מענטש מיט אַ היציקן טעמפּעראַמענט, איז ער געווען גרייט צו גיין פאַרן בונד און די יידישע פאָלקסמאַסן בכלל אין פייער און וואַסער. אַליין אַן עושר, האָט ער שאַרף באַקעמפט די רייכע יידישע שיכטן, זייער פּאָליטיק און אָרגאַניזאַציעס. עקשנותדיק און שאַרף איז ער אויך געווען אין קאַמף קעגן דער אַנטיסעמיטישער פּאָליטיק פון דער רעגירונג און פּוילישע פּאַרטייען.

אין די ערשטע וואָכן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז אָזשעך גע־ווען אין קאָוונע, ליטע, פון וואַנען ער האָט געשיקט דעפּעשעס צום ניו־יאָרקער פאָרווערטס וועגן די גרויל־מעשים פון די היטלעריסטן אין די

אָקופּירטע געביטן און בכלל וועגן דער לאַגע פון דער יידישער באַפעל־קערונג.

צוליב אַ דעפּעשע צום פאָרווערטס וועגן די אָנפאַלן אויף יידן אין ווילנע, וואָס איז געווען אונטער ליטווישער אָקופּאַציע, האָט די קאָווגער רעגירונג אים אַרעסטירט און צוגעשטעלט צו דער דייטשער גרענעץ. מיט גרויס מי איז געלונגען אין דער לעצטער רגע אים אָפּראַטעווען פון אַרויס־שיקן קיין דייטשלאַנד. אַנשטאָט דעם האָט מען אים אַרויסגעשיקט קיין שוועדן, אָבער אַ דייטשע קריג־שיף האָט אים צוזאַמען מיט צוויי דזשאָינט־דירעקטאָרן אַראָפּגענומען פון דער נייטראַלער שיף. אַ קורצע צייט האָט מען אים געהאַלטן אין אַ דייטשן געפאַנגען־לאַגער און שפּעטער מיט אַ טראַנספּאָרט יידישע געפאַנגענע זעלנער אָפּגעשיקט קיין פּוילן.

מיט זיין גאַנצער ענערגיע און מסירת־נפש האָט ער זיך באַלד אַריינ־געוואָרפן אין דער אונטערערדישער אַרבעט פון בונד. אַ צייט איז ער גע־ווען דער פאָרזיצער פון אונטערערדישן צענטראַל־קאָמיטעט. אומדערמידלעך האָט ער געטון זיין אַרבעט ביז די געשטאַפּאָ האָט אים אַרעסטירט. אין אויגוסט 1943 האָט זי אים אומגעברענגט (אויך זיין פרוי איז אינגיכן אומגעקומען מיט אַ מאַרטירער־טויט, און זיין בת־יחידה האָט נאָך אויסגע־האַלטן ביזן פּוילישן אויפשטאַנד פון שפּעט־זומער 1944, אין וועלכן זי האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט און געפאַלן).

איינמאָל, ווען מיר האָבן זיך באַגעגנט, האָט ער פון מיר פאַרלאַנגט איך זאָל אים צוזאַמענפירן מיט די קראָקעווער פאָרשטייער פון דער פּ. פּ. ס. איך האָב זיך שנעל פאַרבונדן מיט דער פּ. פּ. ס.ישער אָרגאַניזאַציע און די חברים פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי האָבן באַשטימט אַ באַגעגעניש אין דער וואוינונג פון דער חברטע ד״ר פּאַולינאַ וואַסערבערג.

צו דער באַשטימטער צייט האָבן מיר זיך אַריינגעזעצט אין אַ דראָזשקע און זענען געפאָרן צום טרעף־פּונקט. ווען מיר זענען אַריינגעקומען אין דער וואוינונג, האָבן מיר שוין דאָרט געטראָפן די פּוילישע חברים יוזעף ציראַנקעוויטש, מיעטשיסלאַוו באָבראָווסקי און באָטשאַן.

מאָוריצי אָזשעך האָט פאַר זיי געשילדערט די לאַגע פון די יידן אין די געשאַפענע געטאָס. ס'איז נאָך געווען אין יענער צייט, ווען קיינער האָט אפילו אין מאָמענטן פון גרעסטער פאַרצווייפלונג נישט דערלאָזט דעם געדאַנק וועגן דער היטלערישער „ענדגילטיקער לייזונג״ פון דער יידן־פראַגע דורך אַ געפּלאַנטן און אָרגאַניזירטן טאָטאַלן מאַסן־מאָרד פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג. אָבער אפילו דעמאָלט, אין ערשטן פעריאָד פון דער אָקופּאַציע, זענען שוין געווען גענוג נאַצישע גרויזאַמקייטן לגבי די יידן. חבר אָזשעך האָט אַפּעלירט צו די פּוילישע סאָציאַליסטן, אַז זיי זאָלן אָרגאַניזירן אין קראָקע און אין דער קראָקעווער געגנט געמיינזאַמע ווידערשטאַנד־גרופּן פון יידישע און פּוילישע אַרבעטער.

נאָכדעם ווי חבר אָזשעך האָט געענדיקט האָט גענומען אַ וואָרט יוזעף ציראַנקעוויטש. ער האָט אונטערגעשטראָכן די נויטווענדיקייט פון אַ נענטערער צוזאַמענאַרבעט צווישן דער פּוילישער און יידישער אַרבעטער־שאַפט אין די שווערע טעג פון נאַצישער הערשאַפט.

די שטימונג אויף דער באַראַטונג איז געווען אַ געהויבענע. ס׳זענען ווידעראַמאָל און נאָכאַמאָל געפאַלן ווערטער וועגן סאָלידאַריטעט, וועגן בשותפותדיקן קאַמף, וועגן געמיינזאַמען גורל און וועגן סאָציאַליזם. ווען די שטימונג פון דער דאָזיקער באַראַטונג וואָלט געקאָנט אַרויסגעבערענגט ווערן אויף דער גאַס, ווען די דאָזיקע געפילן פון ברידערלעכקייט וואָלטן טאַקע דעמאָלט אַרומגענומען די פּוילישע באַפעלקערונג לגבי זייערע צום טויט־פאַרמשפטע שכנים, וואָלט אפשר די יידישע טראַגעדיע אויף דער פּוילישער ערד אויסגעזען אַנדערש. אין יענעם מאָמענט האָט מען נאָך נישט אָפּגעשאַצט דעם פאַרניכטנדיקן כוח פון דעם סם, וואָס די נאַצים האָבן דאָ מיטגעברענגט צוזאַמען מיט זייערע אינסטרומענטן פון פיזישן טויט — אַ סם פון שנאה, וואָס האָט אויך געפרעסן גרויסע טיילן פון אונזערע פּוילישע שכנים.

# 6. אַ שליח פון אונטערערדישן בונד

בעת אַ צווייטן באַזוך אין קראָקע האָט מיר חבר מאוריצי אָזשעך מודיע געווען, אַז דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי האָט באַשלאָסן מיך צו באַשטימען צו זיין אַ שליח, וואָס זאָל אַרומפאָרן נישט בלויז אין קראָקעווער ראַיאָן, נאָר אין גאַנצן אָקופּירטן פּוילן. חבר אָזשעך האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז איך האָב עטלעכע מעלות: קודם־כל אַ גוטן, „אַרישן" אויסזען, וואָס רופט נישט אַרויס קיין שום פאַרדאַכט. אמת, כ'האָב טאַקע אַ חסרון, וואָס איך באַהערש נישט ווי עס באַדאַרף צו זיין די פּוילישע שפּראַך. אויף דעם איז אָבער פאַראַן אַן עצה: רעדן וואָס ווייניקער און בלויז דעמאָלט, ווען ס'איז אַבסאָלוט נויטיק. מיין צווייטע מעלה איז מיין קוריער־דערפאַרונג פון די לעצטע חדשים. און מיין דריטע מעלה: צוליב מיין אַרומפאָרן מיט פאַרטייאישע און פּראָפעסיאָנעלע מיסיעס נאָך פאַרן קריג, האָב איך געקענט פערזענלעך זייער אַ סך פון אונזערע אַקטיווע טוער אין צענטליקער שטעט און שטעטלעך און אויך זיי האָבן מיך געקענט.

די נויטיקייט פון אַ קוריער איז איצט געווען אַ ברענענדיקע. די בונדישע חברים אין די אָפּגעשלאָסענע געטאָס זענען איצט געשטאַנען פאַר פּראָב־לעמען, וואָס זיי האָבן אָפּט נישט געוואָלט אָדער נישט געקאָנט אַליין לייזן. צי זאָלן זיי אַריינטרעטן אין די יידן־ראַטן, וואָס די דייטשע מאַכט האָט געשאַפן? אויב יאָ — ווי אַזוי זאָלן זיי דאָרט האַנדלען? צי זאָל געשטעלט ווערן אַ ווידערשטאַנד די פּאָגראָמען, וואָס פירן דורך די פּוילישע כוליגאַנעס? ווי אַזוי זאָל אַזאַ ווידערשטאַנד אָרגאַניזירט ווערן? דאָס זענען געווען פון די סאַמע וויכטיקסטע פראַגן פון יענער צייט.

די דייטשן האָבן דעמאָלט שוין אָנגעהויבן זייערע צוגרייטונגען צו דער פאַרניכטונג פון די יידן. פון אַ סך קליינע שטעטלעך האָבן זיי אַריינגע־טריבן די יידן אין גרעסערע שטעט און דאָרט האָט מען זיי גענומען אָפּצוי־מען מיט דראָטן, מיט הילצערנע פּאַרקאַנעס אָדער מיט געמויערטע ווענט. דאָס איז געווען דער ערשטער עטאַפּ, וואָס האָט געדאַרפט צונויפזאַמלען די יידן צו דעם צווייטן — דעפּאָרטאַציעס. אין יענע חדשים סוף יאָר 1940 האָט מען אָבער וועגן טאָטאַלער פאַרניכטונג נאָך נישט געטראַכט. די

נאַצישע נגישות און רדיפות האָבן זיך דעמאָלט אויסגעדריקט אין גזירות און אין איינצלנע פּאָגראָמען.

דאָס אויפשטעלן די געטאָ־ווענט האָט שטאַרקער באַשווערט דאָס באַוועגן זיך פון אָרט צו אָרט. אַפילו מיט אַ פּאַסיר־שיין איז אין יענע טעג כמעט אוממעגלעך געווען אַריינצוקריגן זיך אין אַ באַן. אפילו די דעלעגאַטן פון דזשאָינט, וואָס איז נאָך דעמאָלט געווען אַ לעגאַלע און אָנערקענטע אינסטיטוציע, פלעגן שוין נישט קאָנען מער אַזוי פריי אַרומפאָרן מיט דער דזשאָינט־הילף און באַזוכן די יידישע שטעטלעך. דער דייטשער טעראָר האָט זיך וואָס אַמאָל מער פאַרצויגן אויפן יידישן האַלז. די געשאַפענע געטאָס זענען וואָס אַמאָל מער געוואָרן אָפּגעשניטן פון דער וועלט און אויך איינער פון אַנדערן. די כוונה פון דאָזיקן אָפּזונדערן די יידישע ישובים האָבן די יידן נאָך נישט באַנומען.

איינשטעלן אַ פאַרבינדונג מיט די שטעט און שטעטלעך איז געווען פון גרויסער וויכטיקייט. ס'איז געווען נויטיק אַריינברענגען אין די געטאָס די ביולעטינען, וואָס די פּאַרטיי האָט אָנגעהויבן סיסטעמאַטיש אַרויסצוגעבן און פונאַנדערטיילן די פינאַנציעלע הילף, וואָס איז געקומען פון פאַרשידענע קוואַלן. ווי אַ קוריער, האָב איך געהאַט נאָך אַ פליכט וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט שוועריקייטן: באַמיען זיך אַראָפּצוברענגען קיין וואַרשע געוויסע חברים פון דער פּראָווינץ צו וויכטיקע פּאַרטיי־קאָנפערענצן. ס'איז נויטיק געווען צו באַזאָרגן זיי מיט ספּעציעלע רייזע־דערלויבענישן, וואָס מ'האָט זיך אויף פאַרשידענע אופנים באַמיט צו באַקומען.

מיין שטענדיק וואוין־אָרט האָט פון איצט אָן געדאַרפט זיין וואַרשע, דאָרט וואו עס האָט זיך געפונען דער צענטראַל־קאָמיטעט. צוליב דעם וואָס אין וואַרשע איז מען שוין צוגעטרעטן אויספירן די גזירה וועגן אויפשטעלן אַ געטאָ און מען האָט שוין אָנגעהויבן בויען די וואַנט, האָב איך באַקומען אַן אַדרעס אויף דער „אַרישער" זייט פון דער שטאָט. מיין נאָמען אויף דער „אַרישער" זייט האָט פון איצט אָן געדאַרפט זיין טשעסלאַוו. אויף די באַנען האָב איך אָבער געקאָנט ווייטער פאָרן אויף מיין אייגענעם פּאַס, וועלכער איז געווען גוט אויך אין די „אַרישע" באַדינגונגען. מיין נאָמען אויפן פּאַס איז געווען יאַקוב צעלעמענסקי און דאָס האָט אויך געקאָנט זיין דער נאָמען פון אַ פּאָליאַק, ווייל אויפן פּאַס איז נישט געווען דערמאָנט דאָס וואָרט ייד.

מיין ערשטער אַרויספאָר ווי אַ קוריער האָט געדאַרפט זיין פון קראָקע קיין זאַגלעמביע, וואָס איז שוין געווען איינגעגלידערט אין „דייטשן רייך". מיין אויפגאַבע איז געווען צו פאַרשפּרייטן אַ נייעם נומער פון אונזער ביולעטין, פונאַנדערטיילן אַ געוויסע סומע געלט, אָבער דער עיקר צו באַזאָרגן עטלעכע דעלעגאַטן צו אַ פּאַרטיי־קאָנפערענץ, וואָס האָט געזאָלט פאָרקומען אין וואַרשע אין חודש פעברואר 1941. מיין ערשטער אַרויספאָר

האָט זיך געענדיקט מיט אַ דורכפאַל. ער האָט מיר אָבער געדינט ווי אַ זייער נוצלעכע לעקציע, אַז פונקט ווי ס'איז נוצלעך געווען צו פאַרשטעלן זיך פאַר אַ פּאָליאַק, אַזוי זענען אויך געווען פאַלן, ווען ס'איז געווען בעסער צו בלייבן אַ ייד. מיין ביז־איצטיקע געוואוינשאַפט האָט זיך דאָס מאָל אַרויס־געוויזן פאַר אַ גוטע. איך האָב ביי מיר שטענדיק געהאַט אין קעשענע אַן אָרעם־באַנד מיטן מגן־דוד.

דאָס איז געווען אין סוף פון חודש נאָוועמבער 1940. אין קראָקע איז צו יענער צייט נישט געווען קיין געטאָ, מ'האָט בלויז באַשטימט אַ צאָל גאַסן, וואו יידן האָבן געמעגט וואוינען. איך האָב זיך שנעל צוגעגרייט צו דער רייזע. כ'האָב מיטגענומען אַ פּעקל ביולעטינען און אַ צאָל בלאַנקע פאָרמולאַרן אויף פאַסיר־שיינען פאַר די דעלעגאַטן, וואָס וועלן דאַרפן פאָרן קיין וואַרשע. כ'האָב געדאַרפט קומען אין קאָנטאַקט מיט בונדישע פאָרשטייער אין די שטעטלעך פון זאַגלעמביע, וועלכע כ'האָב געזאָלט אינפאָרמירן וועגן דער קאָנפערענץ, וואָס דאַרף פאָרקומען. דעם באַן־בילעט אויפן קראָקעווער וואָקזאַל האָב איך באַקומען אָן שום שוועריקייטן און בין צוגעפאָרן צום שטעטל וואָלבראָם, וואָס האָט זיך געפונען נאָנט פון זאַגלעמביע, פון דאָרט האָט מען שוין געדאַרפט שמוגלען די גרענעץ אַריין אין „דייטשן רייך". אין וואָלבראָם האָב איך געהאַט דעם אַדרעס פון חבר אַרטור נונבערג (היינט אין אַמעריקע). כ'האָב אים געקענט פון פריער.

דאָס שטעטל וואָלבראָם איז געווען געדיכט באַוואוינט מיט יידן. אַ געטאָ איז נאָך דאָרט נישט געווען. איך האָב לייכט געפונען די וואוינונג פון חבר נונבערג. איך האָב אים געזאָגט, אַז דער ציל מיינער איז אַריבער־צוגיין די גרענעץ קיין זאַגלעמביע. איינער פון די חברים האָט גענומען אויף זיך די אויפגאַבע דאָס אַדורכצופירן. פון וואָלבראָם איז געגאַנגען אַ סיס־טעמאַטישער גרענעץ־שמוגל. פּוילישע יינגלעך האָבן פון דאָרט אַריבערגע־פירט פאַרשידענע שפּייז־פּראָדוקטן און האָבן עס אויף יענער זייט גרענעץ פאַרקויפט פאַר העכערע פרייזן. איך האָב געדאַרפט צושטיין צו אַזאַ גרופּע שמוגלער און צוזאַמען מיט זיי אַריבערגיין די גרענעץ. דאָס האָט אָבער געקאָנט פאָרקומען צומאָרגנס און איך בין געבליבן אין דער וואוינונג פון דעם חבר. מיין קומען אין שטעטל האָט געדאַרפט בלייבן אַ סוד. אין די דעמאָלטיקע באַדינגונגען איז לייכט געווען, אַז וועגן אָנקומען פון אַ פרעמדער פערזאָן זאָל דערגיין צו די אויערן פון דער פּאָליציי און פון דער דייטשער זשאַנדאַרמעריע.

אויפן צווייטן טאָג האָט מען מיר צו וויסן געגעבן, אַז פיר אַזייגער נאָכמיטאָג וועט אַ גרופּע פּוילישע שמוגלער אַריבערפירן קיין זאַגלעמביע אַ „פּאַרטיע" פלייש, מעל און בראָנפן. אין דער זעלבער צייט איז אויך געווען אין וואָלבראָם אַ יונגע חברטע רחל בערי, אַ מיטגליד פון קאָמיטעט פון יוגנט־

בונד צוקונפט אין סאָסנאָוויץ. אויך זי האָט זיך געדאַרפט אומקערן אַהיים און צוזאַמען מיט מיר שמוגלען די גרענעץ.

פונקט פיר אַזייגער האָט אונדז דער חבר אַרויסבאַגלייט הינטער דער שטאָט, וואו עס האָט שוין געוואַרט די חברה שמוגלער — פינף פוילישע יינגלעך. אויף אַ פויערישן וואָגן, צו וועלכן ס׳איז געווען געשפּאַנט אַ קליין פערדל, זענען געלעגן עטלעכע זעק מיט דער סחורה. דער טאָג איז געווען אַ קאַלטער, די ערד איז געווען צוגעדעקט מיט אַ דינעם שיכט שניי, און ס׳האָט געבלאָזן אַ שטאַרקער ווינט. די פוילישע שמוגלערס האָבן אונדז אויפגענומען פריינטלעך. מיר האָבן זיך אַלע שווייגנדיק אַריינגעזעצט אין וואָגן. דער געדונגענער פורמאַן האָט דערלאַנגט אַ פייף מיט דער בייטש און דאָס פערדל האָט מיט שווועריקייט און נישט ניחאדיק גערירט פון אָרט.

מיר זענען געפאָרן מיט אַ הינטערוועג איבער שטילע און ווייסע פעלדער און דורך שיטערע וועלדלעך. קיין הייזער האָט מען כמעט אינגאַנצן נישט געזען און אויפן גאַנצן וועג האָט מען בלויז אָנגעטראָפן אַ צוויי־דריי פויערים, וועלכע זענען געגאַנגען איינגעפּאַטלטע אין זייערע בורקעס און האָבן זיך אויף אונדז נישט אומגעקוקט. נעענטער צו דער גרענעץ האָט זיך אָנגעהויבן אַ וואַלד און מיר זענען אַריינגעפאָרן אין אַ געדיכטער פינצטערניש. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט דער פורמאַן איינגעצויגן די לייצעס און דער וואָגן איז מיט אַ געסקריפּ געבליבן שטיין. מיר האָבן זיך געפונען אויף אַ זייטיקן, פאַרוואָרפענעם וועג אין דער סאַמע געדיכטעניש פון וואַלד. פון דער צווייטער זייט וועג, וואו דער וואַלד האָט זיך געענדיקט, האָט זיך געפונען די גרענעץ. די פוילישע יינגעלייט האָבן שנעל אויסגעלאָדעוועט די פעק אויף דער ערד און דער פויער מיטן וואָגן האָט זיך אומגעקערט קיין וואַלבראָם.

# 7. אַרעסטירט ביים שמוגלען די גרענעץ

אין וואַלד איז געווען טונקל, אָבער מחוץ דעם וואַלד איז נאָך געווען אַ גרויע ליכטיקייט. די שמוגלערס האָבן באַשלאָסן איבערצוואַרטן צווישן די ביימער ביז עס וועט צופאַלן די נאַכט. די קעלט איז געווען אַ שטעכע־דיקע. מיר זענען געווען פאַרשטייפט און אַדורכגעפרוירן. די יונגעלייט האָבן אַרויסגענומען פלעשער בראָנפן און זיך דערוואַרעמט די ביינער. אויך מיר און מיין חברטע האָבן זיי מכבד געווען מיט עטלעכע שלינג בראָנפן. זיי האָבן געוואוסט, אַז מיר זענען יידן און האָבן זיך צו אונז גוט באַצויגן. ווען די נאַכט איז צוגעפאַלן, האָבן די שמוגלערס געזאָגט צו אונז, אַז מיר זאָלן אויך נעמען אויף די פּלייצעס אַ פּאַק סחורה. ערשטנס, וועט אונז זיין לייכטער צו גיין איבער די גרודעס פון די פעלדער און, צווייטנס, וועלן מיר אַזוי אַרום זיין זיכערער. טאָמער עפּעס, וועט אונז די גרענעץ־וואַך אָננעמען פאַר פּאָליאַקן וואָס שמוגלען פלייש, אַנדערש וועלן זיי אונז אָננעמען פאַר יידן וואָס שמוגלען גאָלד...

איך האָב מיר פאַרוואָרפן אויף די פּלייצעס אַ זייער שווערן פּאַק פלייש און דאָס מיידל האָט גענומען אין די אָרעמס אַריין אַ זעקל מעל. איך האָב אויף איר אַ קוק געגעבן און געזען, אַז טאָמער וועלן מיר אַריינפאַלן אין די הענט פון דער גרענעץ־וואַך, וועט במילא נישט זיין מעגלעך צו פאַרלייקענען איר יידישקייט.

אַלץ אַרום איז געווען שטיל. ס'האָט אויסגעזען, ווי דער שניי, וואָס האָט באַדעקט די ערד און די ביימער, האָט צוגעדעמפּט און ווייך געמאַכט יעדן קלאַנג. אָבער פּלוצלונג האָט זיך פון ערגעץ דערטראָגן אַ קוים־דערהערט געבילעריי פון הינט. איך האָב אַ קוק געגעבן פרעגנדיק אויף איינעם פון די שמוגלערס און יענער האָט פאַרשטאַנען מיין בליק.

— ניין, האָט ער געזאָגט, דאָס זענען נישט קיין הינט פון אַ פּויער. ס'איז פון דער דייטשער גרענעץ־וואַך.

מיר האָבן זיך אַלע שטילערהייט אַרונטערגעשאַרט הינטער אַ געדיכטן געזאַמל פון קוסטעס און ס'האָט גענומען הערשן אַ שטילקייט, וואָס האָט

געזשומעט אין די אויערן. ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און גאָר נאָענט צו אונז האָט אַ רעווע געטון אַ שטימע:

— האַלט! שטיין בלייבן!

עטלעכע גרויסע וועלף־הינט האָבן מיט אַ ווילדער געבילערײַ געגומען שפּרינגען אין אונזער ריכטונג. די שמוגלערס האָבן זיך שנעל אויסגעדרייט און אָנגעהויבן אַנטלויפן. אין דאָזיקן מאָמענט האָבן זיך דערהערט אַ פּאָר שאָסן. איך האָב בליץ שנעל אַרויסגעצויגן פון דער בוזעם־קעשענע דאָס פּעקל געדרוקטע ביולעטינען און די פּאַסיר־שיין־בלאַנקען. כ׳האָב זיי אַוועקגעוואָרפן אויף דער ערד און פאַרשאָטן מיט שניי. איך האָב שטיל געפרעגט די חברטע:

— האָסט ביי דיר דעם יידישן אָרעם־באַנד? אין דער דעמאַלטיקער לאַגע איז אַ סך בעסער געווען אַריינצופאַלן אין די דייטשע הענט ווי יידן, וואָס ווילן שמוגלען די גרענעץ איידער אַרעסטירט צו ווערן ווי פּראָפעסיאָנעלע שמוגלערס, וואָס פירן אַריבער אומלעגאַלע סחורות. פאַר שמוגלער איז דעמאָלט די שטראָף געווען אַ גרעסערע. אַרום האָבן שווערע טריט געגומען ברעכן צווייגלעך און ס׳האָט זיך דערהערט אַ סאַפּעדיקע שטים:

— אויפשטיין!

מיר האָבן זיך אויפגעהויבן פון דער ערד און דערזען אַרום זיך צוויי דייטשע גרענעץ־וועכטער מיט ביקסן. נעבן זיי זענען געשטאַנען מיט אויפגעהויבענע הענט צוויי פון די שמוגלערס. ווייזט אויס, אַז די אַנדערע זענען אַנטלאָפן. ווען איינער פון די גרין־מונדירטע דייטשן האָט אַ קוק געגעבן אויף אונזערע יידישע אָרעם־בענדער, האָט ער אויסגערופן מיט חוזק: — יודען־שמוגלער!

זיי האָבן אונז באַפוילן צו שלעפּן די שווערע פּעק קאָנטראַבאַנדע. מיט מאַטערניש, טאָפּטשענדיק אין די שנייען און גליטשנדיק זיך אויף די בערגלעך ערד, האָבן מיר זיך דערשלעפּט צו דער וואַך. אינעווייניק אין הייזל זענען שוין געשטאַנען די אַנדערע דריי שמוגלערס, וועלכע זענען נאָך פריער אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די גרענעץ־היטער.

אַרום אַן אָנגעצינדן אייוועלע זענען געזעסן נאָך עטלעכע דייטשן און האָבן געקוקט אויף אונז מיט פריילעכן נייגיר. אַן עלטסטער האָט אונז אויסגעשטעלט ביי אַ וואַנט און האָט יעדן איינעם אויסגעפרעגט:

— אַ שמוגלער, האַ?

ער האָט נישט געוואַרט אויף קיין ענטפער און האָט יעדן פון די פּאַליאַקן דערלאַנגט פייערדיקע פּעטש. ווען ער איז צוגעקומען צו אונז ביידע און דערזען אונזערע מגן דודס, האָט ער פאַרלייגט די הענט אויף די ביאָדרעס און געגומען לאַכן:

— יידישע שמוגלערס? געגוי ווי די פּוילישע לומפּן?

דאָס מיידל האָט געענטפערט מיט אַ ציטערדיקן קול:

— איך בין נישט קיין שמוגלערין. איך האָב בלויז געוואָלט אַהיימגיין צו מיינע עלטערן קיין סאָסנאָוויץ.

דער דייטש האָט זיך אויסגעדרייט צו מיר:

— נו, און דו? האָסט אויך אַ טאַטעלע מיט אַ מאַמעלע אין סאָסנאָוויץ?

— ניין, איך וואוין אין קראָקע, וואו איך האָב אַ פרוי מיט דריי קינדער. דאָרט איז אַרויס אַ פאַראָרדענונג, אַז יידן מוזן אַרויס פון שטאָט, פאָר איך קיין בענדין צו מיינע קרובים. אפשר וועלן זיי דאָ געפינען אַן אָרט פאַר אונז.

— און וואָס איז מיט די פעק פלייש און בראָנפן? ביסט נישט קיין שמוגלער?

— ניין, כ׳האָב זיי בלויז געבעטן מיר צו ווייזן, וואו ס׳איז דער וועג קיין בענדין, כ׳האָב זיי דערפאַר געהאָלפן שלעפן די פעק.

— האָסטו נישט געוואוסט, אַז מען דאַרף אַדורכגיין אַ גרענעץ?

— כ׳האָב נישט געוואוסט, אַז ס׳איז נישט דערלויבט.

ער האָט אַ הויב געטון אַ האַנט און האָט מיר אַ קלאַפּ געטון מיט דער פויסט צווישן די אויגן.

— וואַרט, יודע, אַז דו וועסט קומען קיין אָלקוש וועט מען דיך שוין צורעכט מאַכן.

ער האָט באַפוילן צוויי דייטשן פון דער גרענעץ־וואַך אַוועקצופירן די שמוגלערס צוזאַמען מיטן מיידל קיין אָלקוש אין תפיסה. מיך האָט ער געהייסן בלייבן.

— דו וועסט דאָ הייצן דעם אויוון, ברענגען קוילן און זויבער מאַכן, האָט ער געפּסקנט.

די נאַכט איז געווען אַ פינצטערע און אַ קאַלטע. כ׳האָב געשלעפּט זעק מיט קוילן פון אַ ווייטער קאַמער און האָב כסדר אָנגעפילט דעם אויוון. וועגן אַנטלויפן האָט נישט געקאָנט זיין קיין רייד. צו אַרומיקע בודעס זענען געשטאַנען צוגעבונדן די הינט און האָבן ביי יעדער באַוועגונג זיך געריסן פון די קייטן. ס׳האָט אויך נישט געהאַט קיין זין צו לויפן סתם אין דער וועלט אַריין. כ׳האָב נישט געקענט דעם וועג און וואָלט זיכער צוריק אַריינגעפאַלן אין די הענט פון אַ וועכטער. יעדע פאַר צענטליק מינוט האָב איך אַרויסגעשאַרט דעם אַש פון אויוון און האָב צוגעשאָטן נייע שופלעס קוילן. עטלעכע דייטשן האָבן זיך געלייגט שלאָפן, אַנדערע האָבן געוואַרט אויף זייער ריי אַרויסצוגיין אויף דער וואַך. דער הימל האָט אָנגעהויבן צו בלויען און איך האָב דערפילט אַ קלעפּיקע שלעפעריקייט. וועגן שלאָפן האָט אָבער נישט געקאָנט זיין קיין רייד. איך האָב כסדר מיך געמוזט באַוועגן, טראָגן קוילן, אַרויסשאַרן דעם אַש, רייניקן די פּאָדלאָגע.

אַרום זעקס אַזייגער אינדערפרי איז ענדלעך פאַרפאָרן אַ וואָגן און

אַ זעלנער האָט מיך אַוועקגעפירט קיין אָלקוש, אַ גרענעץ־שטעטל אויף דער זייט פון „רייך״. ווען דער וואָגן איז אַריינגעפאָרן אינם שטעטל, איז אַלץ נאָך געשלאָפן. די יידישע הייזלעך זענען געשטאַנען מיט פאַרמאַכטע לאָדנס אַרומגעהילט מיטן פאַרטאָגיקן נעפּל. די קלייטלעך זענען געווען פאַרלייגט מיט אייזערנע שטאַבעס. אַלץ האָט דאָ אויסגעזען פרידלעך. בלויז דער האַקנקרייץ אויף דער ברוסט פון מיין באַגלייטער און מיין אייגענער אָרעם־באַנד מיטן מגן־דוד האָבן דערמאָנט, אַז די פרידלעכקייט איז בלויז אַן אויסדוכטעניש.

מ׳האָט מיך צוגעפירט צו דער זשאַנדאַרמעריע. אַ הויכוואוקסיקער זשאַנדאַרם האָט מיך אָפּגענומען ביים זעלנער און האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ קאַמער, וואו ס׳זענען געשלאָפן אויף נאַרעס עטלעכע געפאַנגענע. נאָך אַ גאַנצער נאַכט נישט שלאָפן האָב איך זיך איצט אַ וואָרף געטון אויף אַזאַ הילצערן געלעגער און בין באַלד איינגעשלאָפן. צוועלף אַזייגער האָט מיך אויפגעוועקט אַ נישט־געוויינלעכער טומל. איינער פון די אַרעס־טירטע האָט מיך אַ טרייסל געטון ביי אַן אַקסל:

— שטיי אויף, מען גיט עסן.

איך האָב מיך שנעל אויסגעשוכטעט און בין אַרויס אין קאָרידאָר, וואו ס׳איז שוין געשטאַנען אַ לאַנגע ריי צו אַ בלעכערנעם קעסל. נישט ווייט פון דער טיר האָב איך דערזען די חברטע, וועלכע מען האָט צוזאַמען מיט מיר אַרעסטירט. זי האָט מיר געגעבן אַ וואונק, וואָס האָט געזאָלט באַדייטן: נעם דיך נישט איבער, ס׳איז נישט אַזוי געפערלעך. ס׳האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז אין שטעטל אָלקוש האָט מען געוואוסט, אַז מ׳האָט געברענגט אין אַרעסט צוויי יידן.

אין דער יידישער קהילה האָט דעמאָלט געאַרבעט די בונדיסטקע בער־קאָוויטש. צוזאַמען מיט אַנדערע חברים האָט זי געמאַכט אַלע באַמיאונגען לייכטער צו מאַכן אונזער גורל. זיי האָבן אונז געלאָזט וויסן, אַז עס דראָען אונז נישט קיין גרויסע געפאַרן. אין אַ פּאָר טעג אַרום וועט פאָרקומען אונזער פּראָצעס און די שטראָפן וועלן זיין לייכטע.

איך בין אָפּגעזעסן צען טעג אין דער אָלקושער תפיסה צוזאַמען מיט עטלעכע פוילישע שמוגלערס. די תפיסה איז נישט געווען קיין שטרענגע. כמעט יעדן טאָג האָט מען אַריינגעלאָזט צו מיר עמיצן פון דער יידישער קהילה. מען האָט מיר באַזאָרגט אַ האַנטוך, אַ ציין־בערשטל און אַנדערע נויטיקע קלייניקייטן. מ׳האָט מיר אויך געברענגט אַ בשורה, אַז מען האָט שוין וועגן אונזער אַרעסט צו וויסן געגעבן די וואָלבראָמער און סאָסנאָווער חברים און זיי באַמיען זיך מען זאָל אונז באַפרייען.

אויפן צענטן טאָג איז אין מיין קאַמער אַריינגעקומען אַ הויכער גע־פּאַקטער דייטש און האָט מיר באַפוילן אים נאָכצוגיין. ווען איך האָב גע־

וואָלט נעמען דעם מאַנטל, האָט ער געזאָגט, מיטן גאַליקן חוזק, אַז ס'איז בעסער דעם מאַנטל דאָ איבערצולאָזן:

— דאַרפסט אים נישט האָבן, וועסט שוין סיי־ווי־סיי קיין לעבעדיקער דאָ נישט צוריקקומען.

פאַר דער תפיסה איז שוין געשטאַנען די חברטע בערי צוזאַמען מיט די פינף פוילישע יינגלעך שמוגלערס. באַוואַכטע פון סאָלדאַטן, האָט מען אונז געפירט אין געריכט אַריין. מיר זענען געגאַנגען דורך דער געדיכטעניש פון שטעטל. די געסלעך זענען געווען אָנגעפראָפּט מיט יידן. איבער די טראָטואַרן זענען אַרומגעלאָפן יידישע קינדער. אויף טריט און שריט זענען געשטאַנען יידישע הענדלער מיט פאַרוואָרפענע הילצערנע קעסטלעך אויף די אַקסלען און האָבן פאַרקויפט אַ ביסל סחורות. אָן עלנט איז געלעגן אויף דעם געפלעכט פון די געטאָ־געסלעך, אויף די פּנימער פון די יידן און אויף די פאַרחושכטע הייזלעך.

בעת מיר האָבן מאַרשירט אַרומגערינגלט מיט די נאַצישע זעלנער, זענען אויפן טראָטואַר פון גאַס נאָכגעגאַנגען אַ פּאָר בונדישע חברים פון אָלקוש און האָבן גערופן צו מיר און דער חברטע, וואָס זיי האָבן געקענט:

— נעמט אייך נישט איבער, דער אורטייל וועט זיין אַ לייכטער.

איך האָב דערפילט אַ טיפע געריריטקייט און געטראַכט, אַז מיר זענען נישט פאַראיינזאַמט. די מענטשן פון שטעטל האָבן מיט די בליקן באַגלייט די פינף פוילישע יינגלעך און די צוויי יידישע אַרעסטירטע מיט די אָרעם־בענדער. סיי אויף די יידישע, סיי אויף די פוילישע גאַסן האָט מען אונז נאָכגעקוקט מיט סימפּאַטיע.

דער פּראָצעס האָט זיך באַלד אָנגעהויבן. דער פאָרזיצער פון געריכט איז געווען אַ דייטש און דער פּראָקוראָר אַ פּאָליאַק. די פאַרהאַנדלונג איז פאָרגעקומען אויף פויליש, יעדעס וואָרט איז אָבער דורכן דאָלמעטשער איבערגעזעצט געוואָרן אויף דייטש. די פאַרהאַנדלונג איז געווען אַ קורצע און אַ לאַנגווייליקע, דער פאָרזיצער האָט ביי יעדן איינעם געפרעגט די פּערסאָנאַליען און די כוונה פון אַריבערגיין די גרענעץ. די פינף פוילישע יינגלעך האָבן געענטפערט קורץ און צו דער זאַך: קיינער האָט נישט געלייקנט, אַז ער פאַרנעמט זיך מיט שמוגלען. זיי האָבן אָבער דייטלעך אונטערגעשטראָכן, אַז זייער שמוגל באַשטייט בלויז פון שפּייז־אַרטיקלען, ווייל פאַר שמוגלען ווערט־זאַכן איז די שטראָף געווען אַ פּיל האַרבערע. ווען עס איז געקומען מיין ריי, האָט דער ריכטער מיך געפרעגט צי איך געהער צו דער גרופּע שמוגלער. איך האָב אים דערציילט די זעלבע געשיכטע וועגן מיין כלומרשטער פרוי און דריי קינדער, וועגן דער קראָקעווער גזירה פון גירוש און וועגן מיינע כלומרשטע קרובים אין בענדין. דער ריכטער האָט מיך געפרעגט:

— דו ווייסט נישט, אַז ס'איז פאַרבאָטן אַדורכצוגיין אַ גרענעץ?

— איך ווייס, אָבער ווען כ׳בין צוגעקומען צו דער גרענעץ און געזען, אַז קיינער שטייט דאָרט נישט, האָב איך געמיינט אַז מען מעג.

דאָ האָט זיך פּלוצלונג אָנגעצונדן דער פּוילישער פּראָקוראָר:

— מאַך דיך נישט תמעוואַטע. דו זעסט נישט אויס אַזאַ שוטהוואַטער זשיד, ווי דו ווילסט אונז איינרעדן.

נאָך דער פאַרהאַנדלונג האָט דער ריכטער מיט אַ געלאַנגווייליקטער שטימע איבערגעלייענט די אורטיילן: די פינף שמוגלערס האָבן באַקומען צו זעקס חדשים תפיסה, דאָס מיידל און איך — בלויז צו פיר וואָכן.

מיין איינפאַל מיטן אַנטון דעם אָרעם־באַנד האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ גוטן. ווען דער ריכטער האָט מיך געפרעגט צי איך האָב עפּעס אַ וואונטש נאָכן אויסהערן דעם אורטייל, האָב איך געזאָגט: אפשר איז מעגלעך, אַז מ׳זאָל מיר פאַררעכנען די צען טעג, וועלכע כ׳בין אָפּגעזעסן אין אַרעסט ביזן פּראָצעס? דער פּראָקוראָר האָט אויף מיר אַ קוק געגעבן מיט רציחה אָבער דער ריכטער האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ אויף יאָ.

נאָך דער געריכט־פאַרהאַנדלונג האָט מען די חברטע רחל בערי אַוועקגעפירט אין דער תפיסה פון קאַטאָוויץ. מיך האָט אַ זשאַנדאַרם אַוועקגעפירט צוזאַמען מיט די פּוילישע יינגלעך אויף דער באַן קיין מיסלאָוויץ. אויפן וועג האָט דער זשאַנדאַרם זיך געוויצלט מיט מיר:

— דאַרפסט דאַנקען דיין יידישן גאָט וואָס דו ביסט אָפּגעקומען בלויז מיט פיר וואָכן. מען האָט דיך פונקט אַזוי געקאָנט אַוועקפירן אין אַ זייט און פאַרטיק מאַכן.

ס׳איז מיר פאַרבליבן אָפּצוזיצן נישט מער ווי צוואַנציק טעג און איך האָב אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער מיט אַ לייכט האַרץ. אויף די בענק זענען געזעסן פּוילישע פאַסאַזשירן און איך האָב געפילט אויף מיר אַ סך שפּיצעדיקע און יידנפיינטלעכע בליקן, אָבער דער דייטשער זשאַנדאַרם איז דאָס מאָל געווען מיין באַשיצער. אין דרויסן האָבן זיך געצויגן שניי־באַדעקטע פעלדער און שיטערע וועלדלעך. איבער די פאַרפרוירענע גרודעס פון די פעלדער האָבן געקרייזט קראָען און האָבן ווי שוואַרצע פלעקן זיך באַוועגט אין דער בלענדענדער ווייסקייט. איך האָב געוואוסט, אַז די מיסלאָוויצער תפיסה איז נאָך אין די פּוילישע צייטן געווען באַרימט מיט איר ברוטאַלן רעזשים, אָבער אפילו אין דער ערגסטער תפיסה זענען צוואַנציק טעג נישט קיין אייביקייט.

נאָכן אָנקומען מיט דער באַן האָט מיך דער זשאַנדאַרם אַוועקגעפירט צום תפיסה־בנין און איבערגעגעבן אין דער קאַנצעלאַריע. די תפיסה־געביידע איז געווען אַן אומגעהויער גרויסע, מיט הויכע טורעמדיקע ווענט, אינעווייניק, לענג אויס די ווענט, זענען געלאָפן אייזערנע טרעפּ, וועלכע האָבן זיך אויף יעדן שטאָק געענדיקט מיט אייזערנע פּלאַטפאָרמעס, פון

וועלכע מ׳איז צוגעקומען צו די שוואַרצע פּאַרקאָוועטע טירן פון די קאַמערן. איך בין נישט געווען דער איינציקער נייער אַרעסטאַנט, וועלכע מען האָט אַרויפגעפירט אויף די מעטאַלענע טרעפּ. ביים אַרויפקומען אויף איינער פון די העכסטע פּלאַטפאָרמעס האָט מען אונז אויסגעשטעלט ביי דער וואַנט. פון אַ זייטיקער טיר איז אַרויסגעקומען אַ תפיסה־טשינאָווניק מיט אַ ליסטע אין דער האַנט. ער האָט אָנגעהויבן אויסרופן די נעמען, יעדער פון די אַרויסגערופענע האָט באַשטעטיקט, אַז ער איז דאָ. ער האָט פאַרענדיקט דאָס לייענען, האָט גענומען שפּרייזן פאַרביי אונזער ריי און יעדן אַריינגע־קוקט אין די אויגן. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר אַ קליינעם, אויסגעדאַרטן און שוואַרץ־האָריקן אַרעסטאַנט:

— היער, אָוסטרעטן!

דער אַרעסטאַנט איז אַ ציטערדיקער אַרויסגעטרעטן פון די ריי און דער תפיסה־שעף האָט אים גענומען באַדעקן מיט שווערע קלעפּ און גע־שריגן: — דו, שמוציקער יודע, דו האָסט אויך געוואָגט צו שמוגלען!

דער אַרעסטאַנט האָט זיך צוגעדעקט דאָס געזיכט מיט די הענט און גענומען שרייען:

— יאָ ניע יודע. יאָ פּאָליאַק!

דער תפיסה־שעף האָט אָפּגעשטעלט דאָס שלאָגן און האָט אויף אים ווילד אַ קוק געגעבן:

— דו ביסט נישט קיין יודע?

— ניין, אַ פּאָליאַק, אַ קאַטאָליק.

דער נאַטשעלניק פון דער תפיסה האָט מיט רציחהדיקע אויגן ווידער אַריינגעקוקט אין דער ליסטע. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און געפרעגט מיט רוגזה:

— ווער צווישן אייך איז דער יודע?

איך האָב געגעבן אַ שפּרייז פאָראויס:

— איך.

איך האָב זיך געריכט, אַז באַלד וועט ער צולויפן און וועט מיך באַלייגן מיט קלעפּ. ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט בלוט־פאַרלאָפענע און פאַרחידושטע אויגן:

— דו?

— יאָ, איך.

ער איז געווען אַ הויכער, אַ ברייט־אַקסלדיקער יונג מיט אַ טעמפּן פּנים און מיט זייער גרויסע הענט. ער האָט געטראָגן אַ מונדיר פון אַ געשטאַפּאָ־מאַן און אַ גרויסער רעוואָלווער איז אויף זיין גלאַנצענדיקן פּאַסעק געהאָנגען ביי דער זייט. כ׳בין געווען זיכער, אַז באַלד וועט ער אויף מיר אַרויפפאַלן און וועט מיך דערשלאָגן צום טויט. ער האָט אָבער בלויז אַ זאָג געטון:

— ווען דו יודע ביזט, ווערסטו זיצן אין אַ באַזונדערער קאַמער.

א וועכטער האָט מיך אַרויסגענומען פון דער ריי און צוגעפירט צו אַ טיר, אויף וועלכן עס איז געהאָנגען אַ גרויסע אויפשריפט: יודע. ער האָט אָנגעוויזן מיט אַ פינגער אויף דער שוועל, וואָס איז געווען באַצויגן מיט בלעך:

— דו זעסט די שוועל? זי מוז גלאַנצן מען זאָל זיך קאָנען אין איר שפיגלען!

ער האָט מיר געגעבן צוויי פלאַמיקע פעטש און מיך אַריינגעשטופּט אין קאַמער. באַלד האָב איך דערהערט אַ דריי פון שליסל און בין געבליבן אַליין.

# 8. אין די שטעט פון זאַגלעמביע

די צוואַנציק טעג האָבן זיך געענדיקט. אין דער תּפיסה־קאַנצעלאַריע האָב איך באַקומען אַ פּאַסיר־שײַן, וואָס האָט מיר געגעבן די לעגאַלע רעכט צוריקצופֿאָרן קיין קראָקע. דער פּאַסיר־שײַן האָט געדאַרפֿט שפּילן די ראָל פֿון אַן אײַזערנעם בילעט. ער האָט געדאַרפֿט פֿאַר מיר עפֿענען די גרענעץ צווישן „רײַך" מיט דער גענעראַלער גובערניע פֿון אָקופּירטן פּוילן, און האָט אויך געדאַרפֿט דינען ווי אַ דערלויבעניש צו פֿאָרן אויף דער באַן. נאָך אַ מעלה האָט דער פּאַסיר־שײַן געהאַט. ער איז געווען גילטיק פֿינף טעג — און דאָס האָט מיר געגעבן די מעגלעכקייט צײַטווײַליק צו בלײַבן אין זאַגלעמביע און אויסצופֿירן אַ טייל פֿון דער מיסיע, וואָס מ'האָט מיר אָנפֿאַרטרויט.

מײַנע ערשטע טריט האָב איך געווענדעט קיין סאָסנאָוויץ. איך האָב נישט געהאַט בײַ זיך דעם אַדרעס פֿון חבר צוויבעל, ווײַל איך האָב אַלץ פֿאַרניכטעט. איך האָב געוואוסט, אַז ער איז פֿון פֿאַך אַ זייגערמאַכער און ער איז אויך געווען אַ דאָזאָר פֿון דער קהילה. ווען כ'בין אַרײַנגעקומען קיין סאָסנאָוויץ, האָב איך פֿון אָנהייב זיך באַוועגט ווי אַ פֿאָליאַק. צוקומענדיק נאָענט צום קוואַרטאַל, וואָס איז באַשטימט געווען פֿאַר ייִדן, האָב איך אַרויפֿגעצויגן אויפֿן אַרבל דעם אָרעם־באַנד און בין אַרײַנגעגאַנגען אין דער ייִדישער געגנט ווי אַ ייִד. קיין פֿאַרקאַן צווישן דעם פּוילישן קוואַרטאַל און דעם ייִדישן איז נישט געווען. ס'איז אָבער געווען פֿאַרבאָטן צו באַוועגן זיך אויף דער „אַרישער" זײַט אָן אַ ספּעציעלער דערלויבעניש.

איך בין צוגעגאַנגען נאָענט צו דער געבײַדע פֿון דער קהילה און בין אַרײַנגעגאַנגען אין אַ רעסטאָראַנדל, וואָס האָט זיך געפֿונען אין אַ שכנותדיק הויז. בײַ אַ נאַקעט, הילצערן טישל איז געזעסן אַ ייִד מיט אַ קורץ שיטער בערדל און האָט געזופּט אַ גלאָז טיי. כ'האָב זיך צוגעזעצט, האָב מיר גע־הייסן דערלאַנגען אַ גלאָז טיי און האָב גלײַך געפֿרעגט דעם ייִדן, צי ער ווייסט נישט וואו איך קאָן דאָ טרעפֿן דעם זייגערמאַכער יצחק צוויבעל. דער ייִד האָט מיך אָפּגעמאָסטן פֿון אויבן אַראָפּ. ער האָט זיך געחידושט וואָס אַ פּערזאָן מיט אַזאַ גויאיש פּנים ווי איך רעדט אַזאַ געוויינלעכן ייִדיש. ער האָט מיך געפֿרעגט פֿונוואַנען איך בין און באַלד מיר געגעבן

אַנצוהערן, אַז אויב איך בין דאָ אַהערגעקומען פון קראָקע וועגן געשעפט, מוז איך נישט דווקא אָנקומען צו צוויבלען, איך קאָן עס אויך דערליידיקן מיט אים. ס׳האָט מיר לאַנג גענומען אים איבערצוצייגן, אַז איך האָב דאָ נישט בדעה צו מאַכן קיין געשעפטן, נאָר אַז איך בין דאָ געקומען אויפזוכן מיין משפחה און צוויבעל דאַרף וויסן וואו איך קאָן זי געפינען. דער ייד האָט מיר סוף־כל־סוף געגעבן דעם אַדרעס און איך האָב געגומען גיין אין דער אָפּגעמשלטער גאַס.

פלוצלונג איז אויף די גאַסן אויסגעבראָכן אַ סומאַטאָכע. יידן האָבן גענומען אַריינלויפן אין די טויערן. סוחרים האָבן גענומען פאַרקלאַפּן די קלייטלעך. ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן צו הערן לויפנדיקע טריט, אַן אַמפּערן זיך און פאַרצווייפלטע געשרייען. איך האָב זיך אומגעקוקט און דערזען, אַז עטלעכע לאַסט־אויטאָס האָבן אָפּגעשלאָסן די גאַסן. דייטשע זשאַנדאַרמען האָבן אָנגעהויבן צו שלעפּן יידישע יוגנטלעכע — מיידלעך און בחורים. די אויטאָמאָבילן זענען געווען אויפגעפּראַלטע און זענען שנעל אָנגעפּאַקט געוואָרן מיט צענטליקער געפּאַנגענע. פון פאַרשידענע זייטן האָט מען דער־הערט וויינענדיקע רופן: מיין טאָכטער! מיין זון! איך האָב זיך אַריינגע־דרייט אין אַ זייטיקער גאַס און שנעל אַראָפּגענומען פון מיר דעם אָרעם־באַנד.

אין נאָענטסטן הויז האָט זיך געפונען אַ געשעפט פון לעדערנע אויס־אַרבעטונגען. כ׳בין אַריין און געקויפט אַ שוואַרצע לעדערנע טעקע. אין אַ מינוט אַרום בין איך צוריק אַרויס אויף דער גאַס מיט דער טעקע אונטערן אָרעם. איך האָב איצט אויסגעזען ווי אַ פּוילישער באַאַמטער אָדער עפּעס אַן אינספּעקטאָר. ס׳וואָלט איצט נישט איינגעפאַלן קיינעם פון די דייטשע „כאַפּערס" מיך אָפּצושטעלן.

די גאַסן זענען געווען ליידיק. אַלע יידישע איינוואוינער האָבן זיך איצט געפונען אין די שטובן. די לאַסט־אויטאָמאָבילן זענען אַוועקגעפאָרן מיט די אָנגעלאָדעוועטע יינגע יידן. מיינע טריט האָבן טעמפּ אָפּגעקלאַפּט אין דער פּוסטער גאַס. פון אַ סך פענצטער האָבן אַרויסגעקוקט יידישע פּנימער. ווען זיי האָבן מיך געזען, האָבן זיי זיך צוריקגעצויגן. איך האָב געטראַכט, אַז זיי האָבן אַוודאי מורא פאַר דעם שפּרייזנדיקן פּאָליאַק מיט דער טעקע און איך האָב דערפילט אַ שניט ביים האַרץ.

סוף־כל־סוף האָב איך געפונען דעם געזוכטן אַדרעס און בין צוגעקומען צו אַ קליין געוועלבל פון אַ זייגערמאַכער. דאָס פענצטערל איז געווען קליין און פאַרשטויבט. אינעווייניק זענען געהאָנגען עטלעכע ליידיקע קאָפּערטעס פון אַלט־פרענקישע זייגערלעך. איך האָב אויפגעמאַכט די טיר און האָב דערזען עטלעכע עלטערע יידן, וועלכע זענען געשטאַנען מיט פאַרזאָרגטע פּנימער. ווען איך בין אַריינגעקומען האָבן אַלע אינסטינקטיוו זיך צוריק־געצויגן. דאָס בילד פון אַ „גוי" מיט אַ טעקע האָט נישט געוועקט קיין

צוטרוי. אַ הויכער שלאַנקער ייד מיט ברילן און מיט אַ בלייך, קרענקלעך געזיכט האָט מיך געפרעגט אויף פויליש:

— וואָס ווינטשט איר אייך?

איך האָב אים אַ קוק געגעבן אין די אויגן אַריין און געפרעגט:

— איר זיינט צוויבעל? — יאָ, האָט ער געענטפערט.

איך האָב באַלד צוגעגעבן שטיל: — צעלעמענסקי.

ער האָט אַזש געגעבן אַן אויסגעשריי פון גרויס איבעראַשונג. די אַנדערע יידן האָבן געזען, אַז דאָ קומט עפּעס פאָר וואָס זיי דאַרפן נישט וויסן, זענען זיי שנעל אַרויסגעגאַנגען פון געוועלב. צוויבעל האָט אַ דער־פרייטער מיך אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט:

— צעלעמענסקי? ווי אַזוי? פונוואַנען? ווען זענט איר באַפרייט גע־וואָרן? מיר האָבן דאָך צוליב אייך איבערגעלעבט שווערע טעג.

ביי דער זייט איז געשטאַנען זיין פרוי. זי האָט צו מיר אַ זאָג געטון:

— קומט, דאָ איז נישט דאָס אָרט. מיר וועלן אַהיימגיין אין שטוב אַריין.

זי האָט פון זיך אויך אַראָפּגענומען דעם אָרעם־באַנד און מיך אַוועק־געפירט מיט עטלעכע גאַסן ווייטער, אין זייער פּריוואַטער וואוינונג. נאָך איידער זי האָט באַוויזן אַרויפצושטעלן דעם טשייניק אויפן פייער צוצוגרייטן אַ גלאָז טיי, איז געקומען צו לויפן צוויבעל. ער האָט זיך נישט געקאָנט באַרואיקן און האָט פאַרשלאָסן דאָס געוועלב. ער האָט נישט געקאָנט באַהאַלטן זיין טיפע פרייד: — מיר האָבן דאָ אַלע געמיינט, אַז איר לעבט שוין נישט. מיר האָבן געהערט וועגן אייער דורכפאַל ביי דער גרענעץ און געווען זיכער, אַז איר זענט אַריינגעפאַלן צוזאַמען מיט דער ליטעראַטור. אין אַזאַ פאַל מאַכן זיי נישט קיין גרויסע שהיות. זיי דערשיסן אַן אַ געריכט. — ער האָט מיר אויך דערציילט, אַז וועגן מיין אַרעסט האָט מען באַלד צומאָרגנס געוואוסט אין וואַרשע און אַז דער צענטראַל־קאָמיטעט פון אונטערערדישן בונד האָט געשיקט מיט אַ קוריער פון פּ. פּ. ס. דריי הונדערט דאָלאַר קיין וואָלבראָם, צו מאַכן באַמיאונגען מען זאָל מיך באַפרייען.

באַלד האָט זיך באַוויזן אויפן טיש אַ פלאַש ווייַן און מיר האָבן גע־טרונקען לחיים. דעם זעלבן טאָג האָט צוויבעל איינגעלאַדן צו זיך אין שטוב אַריין נאָך 5 חברים, צווישן וועלכע עס האָט זיך געפונען מיין חבר און יוגנט־פריינט משה פּייבושקעוויטש (איצט אין אַמעריקע). פון זייערע רייד האָב איך מיר געשאַפן אַ בילד פון דער יידישער לאַגע אין דער שטאָט. בראש פון יידן־ראַט איז געשטאַנען מאַניעק (משה) מערין. זיין סעקרעטאַרשע פאַניע טשאַרני איז געווען באַקאַנט מיטן נאַצישן גענעראַל־גובערנאַטאָר האַנס פראַנק. צוליב דעם דאָזיקן „יחוס״ האָט מערין געהאַט אַ צוטריט צו פראַנקן און געקאָנט ביי אים אויסבעטן פאַרשידענע טובות פאַר זיינע נאָנטע מענטשן. אין רוב פאַלן האָט מערין פאַרוואַנדלט די

דאָזיקע זעלטענע מעגלעכקייט אין אַ קוואַל פון פערזענלעכע הכנסות. ער האָט אויסגעפּרעסט געלט ביי די, וועלכע האָבן פאַרלאַנגט ביי אים טובות און אונטערגעדריקט די, וועלכע האָבן זיך נישט געקאָנט ביי אים אויסקויפן מיט געלט. די צוואַנג־אַרבעט, וואָס די נאַציס האָבן פאַרלאַנגט, האָט ער אַרויפגעלייגט אויף די שוואַכע פּלייצעס פון די אָרימע. די רייכע האָבן זיך באַפרייט מיט אויסקויף־געלט. ער האָט אויך געהאַנדלט מיט פּאַסיר־שיינען און אין זיין האַנט איז געלעגן די רעכט צו געבן דערלויבענישן אויף די קראָמען. די יידישע באַפעלקערונג האָט אים געהאַסט, זי האָט אָבער קיין עצה נישט געהאַט קעגן דער ממשלה פון פראַנקס אַ פּראָטע־זשירטן. מערין אַליין האָט בעת אַ זיצונג פון דער קהילה געזאָגט: — איך ווייס, אַז דאָ צווישן די דאָזיקע זיצט אַ בונדיסט (ער האָט געמיינט צוויבלען) און אויב כ׳וועל איבערלעבן די מלחמה וועט מיך דער בונד אויפהענגען.

אין די לעצט טעג האָבן די דייטשן אָפט דורכגעפירט „לאַפּאַנקעס״ (כאַפּערייען) פון יונגע מענער און פרויען אויף צוואַנג־אַרבעט. קיינער איז פון איצט אָן נישט געווען זיכער צי ער וועט זיך אומקערן אין שטוב אַריין, אויב ער וועט אַרויסגיין אויף דער גאַס. די דייטשן האָבן געקאָנט האָבן דעם פאַרלאַנגטן „קאָנטינגענט״ יידן אויף אַ געוויינלעכן אופן דורך דער קהילה. זיי האָבן אָבער געוואָלט בעסער איינפירן אַ סיסטעם פון יאַגד און פאַרוואַנדלען די יידישע געגנט אין אַ ווילדן וואַלד. די „לאַפּאַנקע״, וואָס איך האָב געזען מיט עטלעכע שעה צוריק, גייט שוין אָן צוויי טעג און צווישן דער געכאַפּטער יוגנט געפינען זיך אויך קינדער.

אין די דאָזיקע באַדינגונגען פון אָרימקייט, פון אומזיכערקייט און פון שרעק, האָט דער בונד געפירט אַ סיסטעמאַטישע אַרבעט פון העלפן די מער נויטליידנדיקע און קודם כל די קינדער און פרויען פון די, וועמענס מענער זענען נישט געווען אין סאָסנאָוויץ.

ס׳איז געשאַפן געוואָרן אַ פאַרשטענדיקונגס־קאָמיטעט, וואָס האָט אָנגעפירט מיט שעפער פון פאַרשידענע פאַכן. די פאָרשטייער אין דעם קאָמיטעט פון בונד זענען געווען שלום דיקער און משה פייבושקעוויטש. מ׳האָט אויך געשיקט פעקלעך צו בונדיסטן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין דעם אַרבעטס־לאַגער. אויך דער יוגנט־בונד צוקונפט איז געווען טעטיק און געפירט זיין אַרבעט צווישן די יוגנטלעכע. פון וואַרשע זענען אָנגע־קומען ביולעטינען, הגם ס׳זענען געווען גרויסע שוועריקייטן ביים אַריבער־פירן איבער דער גרענעץ.

דער פאַרטיי־קאָמיטעט איז באַשטאַנען פון די חברים: יצחק צוויבעל, יאַדזשאַ ראָטפעלד, לייביש ראָטפעלד, משה בראָטקעוויטש, משה פייבושקע־וויטש און זשאַרסקי. דער צוקונפט־קאָמיטעט איז באַשטאַנען פון די חברים:

רחל בערי, אהרן טייכנער, עטאַ ראָטפעלד און אַ פאָרשטייער פון פּאַרטיי־קאָמיטעט.

ווי אין אַנדערע שטעט, איז אויך אין דער סאָסנאָוויצער אָרגאַניזאַציע געשטאַנען די פראַגע צי אַ בונדיסט זאָל זיך באַטייליקן אין יידן־ראַט. חבר צוויבעל איז פאַר דער מלחמה געווילט געוואָרן אין דער אָנפירונג פון דער קהילה. ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען די שטאָט, האָבן זיי פאַר־לאַנגט, אַז די קהילה־פאַרוואַלטונג זאָל באַשטיין פון די זעלבע דאָזאָרעס ווי פאַר דער מלחמה. און אַזוי איז דער חבר צוויבעל פאַרבליבן גע־צוואונגענערהייט אויף זיין אַמט. עס זענען אָבער געווען חברים, וועלכע האָבן זיך קאַטעגאָריש אַרויסגעזאָגט קעגן אַ בונדישן אָנטייל אין יידן־ראַט. די יידן־ראַטן, האָבן זיי געזאָגט, זענען נישט מער ווי אינסטיטוציעס פון דער געשטאַפּאָ, וואָס דאַרפן אויספירן געשטאַפּאָ־גזירות מיט יידישע הענט. זיי זענען אויך ערטער פון דעמאָראַליזאַציע און קאָרופּציע; די יידן־ראַטן זענען מאַכטלאָז לגבי די דייטשן און טראָגן בלויז די מאָראַלישע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר די מעשים קעגן די יידן. די דיסקוסיע, וועלכע האָט זיך אַנטוויקלט, איז געווען אַ הייסע און אַ ליידנשאַפטלעכע: זי איז געווען אַן אָפּשפּיגלונג פון די זעלבע חלוקי־דעות, וואָס האָבן געהערשט אין צענטליקער שטעט און שטעטלעך: יאָ אָדער נישט באַטייליקן זיך אין די יידן־ראַטן? די אַנטשיידונג איז אין יעדן פאַל איבערגעלאָזט געוואָרן צו די באַזונדערע ערטער, ווייל די באַדינגונגען זענען נישט אומעטום געווען די זעלבע. דאָ אין סאָסנאָוויץ האָט מען דעם ענין איבערגעלאָזט אַזוי ווי עס איז, אָן אַ פּרינציפּיעלן באַשלוס.

איך האָב איבערגעגעבן די חברים אַ באַריכט וועגן דער בונדישער טעטיקייט אין לאַנד, כ׳האָב אויך איבערגעגעבן וועגן דער לאַנד־באַראַטונג, וואָס ווערט גערופן אין חודש פעברואַר.

צוליב דעם, וואָס די צייט איז געווען אַ שפּעטע, האָט מען שנעל דערליידיקט דעם וויכטיקן פּונקט פון באַשטימען אַ דעלעגאַט צו דער לאַנד־קאָנפערענץ אין וואַרשע. עס איז איינשטימיק באַשטימט געוואָרן, אַז דאָס זאָל זיין דער חבר צוויבעל. ווען די זיצונג האָט זיך געענדיקט איז מיר פּונקט געבליבן צייט צו גיין איבערנעכטיקן אין דער דירה פון חבר משה פייבושקעוויטש, ווייל עס איז דערלויבט געווען צו גיין בלויז ביז אַכט אין אָוונט. פאַרן גיין שלאָפן האָט זיך דערהערט אַ שווער טופּעריי מיט ווילדע קולות. די פּאָליציי און געשטאַפּאָ־לייט זענען געגאַנגען פון שטוב צו שטוב, האָבן אויפגעריסן טירן און אַרויסגעשלעפּט יונגע מענער צו דער אַרבעט. איך האָב זיך געפונען אין אַ שווערער לאַגע. ווי אַ פּאָליאַק האָב איך נישט געדאַרפט זיין אין אַ יידישער שטוב און ווי אַ ייד בין איך געווען אַ פרעמדער און נישט רעגיסטרירט. די פרוי פייבושקעוויטש איז געפאַלן אויף אַ געדאַנק. זי האָט געהייסן מיך מיטן מאַן אירן זיך אַריינלייגן

אין בעט און האָט אונז ביידע צוגעבעט מיט בעטגעוואַנט און פאַרצויגן מיט אַ קאָלדרע. צום גליק זענען מיר אין דער דאָזיקער נישט־באַקוועמער פּאָזיציע, אין וועלכער עס איז געווען זייער שווער צו אָטעמען, פאַרבליבן נישט לאַנג. אין איר ווילדן געיעג האָט די פּאָליציי שנעל זיך איבער־געטראָגן ווייטער און איז אין אונזער דירה נישט אַריינגעקומען. אין אַ פּיינלעכער שטימונג און מיט אַ כסדרדיקער מורא, אַז דאָס כאַפּעניש קאָן זיך ווידער אָנהייבן, בין איך דאָרט פאַרבליבן ביז פאַרטאָג. ווען ס׳איז געוואָרן ליכטיק האָב איך זיך אָנגעטון, כ׳האָב אָפּגעוואַרט די שעה, ווען מען האָט שוין געמעגט גיין איבער די גאַסן, און בין שנעל אַרויס. כ׳האָב פאַרלאָזט דעם יידישן קוואַרטאַל און בין ווי אַ פּאָליאַק און מיט דער לעדערנער טעקע אין דער האַנט איינגעשטיגן אין אַ טראַמוואַי, וואָס האָט געפירט קיין בענדין.

* * *

דער טראַמוואַי, וועלכער איז געפאָרן פון סאָסנאָוויץ קיין בענדין, האָט געהאַט צוויי אָפּגעזונדערטע בענק, וועלכע זענען געווען רעזערווירט פאַר יידן. עטלעכע יידן זענען דאָרט געזעסן איינגעקוורטשעטע און מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. איך האָב געוואוסט, אַז פון מיין זייט איז עס נישט פאָרזיכטיק, אָבער איך האָב די גאַנצע צייט געוואָרפן אין זייער ריכטונג בליקן. די „אַרישע״ זייט פונם טראַמוואַי, וואו איך בין געזעסן, איז געווען פול מיט פּאָליאַקן. דאָ, אין דער געגנט פון זאַגלעמביע, האָבן אַ טייל פון זיי זיך דערקלערט פאַר פאָלקס־דייטשן, כדי אויסצומיידן די אַנטי־פּוילישע גזירות און אויך עפּעס געניסן פון דער אָנגעהעריקייט צום „הערן־פאָלק״.

ווען דער טראַמוואַי האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי די ראָגאַטקעס פון בענדין, זענען די עטלעכע יידישע פּאַסאַזשירן אַראָפּגעשפּרונגען פון טראַמוואַי און האָבן מיט שנעלע טריט זיך אָנגעהויבן פאַנאַנדערצוגיין אין פאַרשידענע זייטן. איך האָב געהאַט ביי מיר פאַרצייכנט דעם נאָמען פון בענדינער חבר יצחק סטאָפּניצער, אַ היטל־מאַכער, וועלכן איך האָב געקענט פון פאַרן קריג. ווי אַזוי געפינט מען אים? און וואו געפינט זיך דאָ איבערהויפּט די יידישע געגנט? איך האָב אָפּגעשטעלט אַן עלטערע קריסטין, אַן איינגעפּאַטלטע אין גראָבע מלבושים און אַרומגעוויקלט מיט אַ גרויסער טוך. איך האָב איר געפרעגט מיט אַ געמאַכטער גרינגשעצונג, כדי נישט אַרויסרופן קיין שום פאַרדאַכט: — וואו האָט מען דאָ פאַר־שטופּט די יידן?

זי האָט מיר אַ ווייז געטון מיט אַ האַנט און אין עטלעכע מינוט אַרום בין איך געשטאַנען ביים איינגאַנג פון אַ גאַס, וואו עס איז געווען אַ נישט־געוויינלעכע לייידיקייט און שטילקייט. די גאַסן זענען געווען פּוסט,

די טויערן צוגעמאַכט, די געוועלבער פאַרקלאַפּט. איך האָב מיך גלייך אָריענטירט, אַז דאָ איז אַוודאי נאָר־וואָס פאָרגעקומען אַ כאַפּעריי און די יידן זענען באַהאַלטן אין די הייזער. אַרומדרייען זיך דאָ לאַנג איז נישט געווען קיין געזונטע זאַך. מען האָט מיך געקענט אָפּשטעלן און אָנהייבן אויספרעגן. צום גליק האָב איך שנעל געפונען די ריכטיקע גאַס, וואו ס׳האָט געוואוינט דער חבר יצחק סטאָפּניצער.

די דירה האָט זיך געפונען אויפן פאַרטער. ווען איך האָב אָנגעקלאַפּט אין דער טיר, האָב איך דערהערט ווי מ׳האָט זיך אינעווייניק אַ ווײַלע גע־שושקעט. סוף־כל־סוף האָט די קלאַמקע זיך געטון אַ באַוועג און מען האָט געעפנט די טיר. די מענטשן זענען געבליבן פאַרשטייפּט פון שרעק, ווען זיי האָבן דערזען אַ „גוי" מיט אַ טעקע. איך האָב שנעל צו זיי אַ שמייכל געגעבן און אויסגערופן ווער איך בין. דעמאָלט ערשט האָט יצחק סטאָפּ־ניצער, וועלכער האָט מיך גוט געקענט פון פריער, דערקענט זיין חבר. די שטימונג אין שטוב האָט זיך גלייך געענדערט. מיין השערה איז געווען אַ ריכטיקע. ס׳איז דאָ טאַקע נאָר־וואָס פאָרגעקומען אַ „לאַפּאַנקע" און די ס. ס.־לייט זענען ערשט אַרויס פון דער יידישער געגנט מיט עטלעכע צענטליק געפאַנגענע יונגנטלעכע, וועלכע מען האָט אַוועקגעשיקט אין אַ הינטערשטאָטישן אַרבעטס־לאַגער. חבר סטאָפּניצער, אַ נידריקער, אַ דיקלעכער און אַן אייביק־פריילעכער, האָט אויך איצט, אין דעם געוויטער, נישט פאַרלוירן זיין הומאָר. איך האָב דאָרט אָפּגעוואַרט ביז ס׳איז געוואָרן טונקל און דעמאָלט האָט מיך חבר סטאָפּניצער אָפּגעפירט אין דער וואוינונג פון איינעם פון די סאַמע עלטסטע בונדיסטן, אַ פּיאָנער און אָנגעזעענער צענטראַלער טוער פון בונד, פאַרמלחמהדיקער סעקרעטאַר פון דער קהילה — חבר יצחק מרדכי פּסחזאָן.

אין דער דירה פון חבר פּסחזאָן האָב איך געטראָפן אַ פינצטער און דערדריקנדיק בילד. פּסחזאָנס פרוי איז געזעסן אין אַ זייט ווי אַן אָבל, האָט טרויעריק געוויגט מיטן געבויגענעם קאָפּ און זיך פאַרגאַנגען אין אַ שטיל געוויין. חבר פּסחזאָן, אַן עלטערער מאַן אָבער פיזיש נאָך אַ קרעפטיקער מענטש, איז אַרומגעגאַנגען אין שטוב און האָט נערוועזיש געבראָכן די הענט. פון צייט צו צייט האָט ער זיך אָפּגעשטעלט ביי דער פרוי און האָט זי באַרואיקט. דער חבר פּסחזאָן האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַן אומבאַוועגלעכן און גלייכגילטיקן בליק. אָבער ווען דער חבר סטאָפּניצער האָט מיך פאָרגעשטעלט, איז ער אַ שווייגנדיקער צו מיר צוגעגאַנגען, האָט מיר לאַנג און פעסט געדריקט די האַנט און האָט מיך געבעטן זעצן ביים טיש.

איך האָב זיך באַלד דערוואוסט וועגן דער טראַגעדיע, וואָס האָט זיך דאָ אָפּגעשפּילט. דאָס פּאָרפאָלק האָט געהאַט צוויי טעכטער. איינע איז געווען אָנגאַזשירט אין דער החלוץ־באַוועגונג, האָט זיך געפונען ערגעץ

אין אַ קיבוץ, געווען אַקטיוו אין דער אונטערערדישער באַוועגונג, און האָט נישט געגעבן פון זיך קיין צייכן פון לעבן. די אַנדערע איז געווען אַ קראַנקן־שוועסטער און איז כּלומרשט געווען באַשיצט קעגן די ווילדע כאַפּערייען אויף די גאַסן. גראָד אין דעם טאָג האָט זי געפירט אַן עלטערע קראַנקע פרוי אין שפּיטאָל אַריין, ווען עס איז פאָרגעקומען די „לאַפּאַנקע״. זייער טאַכטער האָט נישט געוואָלט זיך באַפרייען פון דער עלטערער קראַנקער פרוי. זענען די ס. ס.־מערדער צוגעלאָפן צו איר. זיי האָבן די עלטערע פרוי דערשאָסן אויפן אָרט און די צוואַנציק־יעריקע קראַנקן־שוועס־טער אַריינגעשטופּט אין דעם אויטאָ פון די געכאַפּטע יונגע מענער און פרויען. די עלטערן זענען געווען נידערגעשלאָגן און פאַרצווייפלט.

אַ שוויגנדיקער האָט חבר פּסחזאָן אויסגעהערט וועגן מיין שליחות. איך האָב זיך געפילט שלעכט, ס׳האָט מיך געדריקט די פיינלעכע שטימונג אין שטוב און עס האָט מיר אויסגעזען זינלאָז צו רעדן צו אים איצט וועגן פּאַרטיי־זאַכן, וועגן באַשלוסן און קאָנפערענצן. די אויגן פונם אַלטן חבר האָבן אָבער אויפגעלויכטן, ווען ער האָט דערהערט וועגן דער בונדישער טעטיקייט אין לאַנד, וועגן דער פאַרבינדונג מיט די געטאָס, וועגן דער באַשלאָסענער לאַנד־קאָנפערענץ.

— וואָס מען דאַרף איצט טון, האָט ער געזאָגט פעסט און מיט אַ געענדערטער שטימע, איז קעמפן. הילף איז נישט מער ווי אַ נעבן־זאַך. מען דאַרף קעמפן קעגן די נאַציס. מען דאַרף זיך פיזיש אַקעגנשטעלן. יעדעס שטעטל דאַרף אַרויסגיין אין קאַמף. מען טאָר זיך נישט אונטערגעבן. מען דאַרף זיי צוריקשלאָגן. מיט געווער אָדער מיט די נאַקעטע פויסטן — די לאָזונג דאַרף זיין קאַמף און קאַמף! (דער אַלטער חבר יצחק מרדכי פּסחזאָן איז שפּעטער אומגעקומען מיט אַ העלדישן טויט. ווען מען האָט דעפּאָרטירט די יידן פון בענדין צום אומברענגען, האָט ער ביי די וואַגאָנעס, פאַרן פאַרשליסן די טירן, געהאַלטן צו די דייטשן אַ רעדע, אין וועלכער ער האָט זיי פאַראויסגעזאָגט זייער אייגענע פאַרניכטונג. איינער פון די דייטשן האָט אים דערשאָסן אויף דער שוועל פון וואַגאָן. זיין יינגערע 16־יאָריקע טאָכטער איז געכאַפּט געוואָרן אין באַן, ווען זי האָט געשמוגלט געווער פון וואַרשע און איז דערשאָסן געוואָרן).

די ווערטער פונם אַלטן חשובן פּאַרטיי־טוער האָבן מיך אַליין אָנגע־צונדן. איך האָב געקוקט אויף אים מיט דרך־ארץ און באַוואונדערונג. אויף זיין אַלט און געררונצלט פּנים איז געווען איינגעקאָרבט זיין העראָאישער לעבנס־וועג: פּיאָנערן־גאַנג פון רעליגיעזן צום יידיש־וועלטלעכן לעבן (זיין פאָטער איז געווען אַ וואַרשעווער מורה־הוראה), בויער פון דער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, תּפיסות, סיביר. איך האָב אים געזאָגט, אַז דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט אים באַשטימט צו קומען צום פּאַרטיי־ראַט קיין וואַרשע. מיר וועלן מאַכן באַמיאונגען, אַז ער זאָל קענען קומען אויף

אַ לעגאַלן פּאַסיר־שיין. ער איז פּלוצלינג יונג געוואָרן און ווי פּאַרגעסן זיין אומגליק: בונד... פּאַרטיי־ראַט... וואַרשע...

— חבר צעלעמענסקי, האָט ער צו מיר פּעסט געזאָגט — כ׳וועל קומען און מיין אויפגאַבע וועט זיין בלויז איינע: אויפוועקן צום קאַמף, אָנצינדן צום קעגנשטעלן זיך. דאָס דאַרף איצט זיין דער איינציקער ציל. נישט לאָזן זיך. פאַרטיידיקן זיך. צוריקשלאָגן. נישט בייגן זיך פאַר די מערדער. נישט אונטערגעבן זיך. אין קאָן שטייט דאָס העכסטע, וואָס מיר פאַרמאָגן — אונזער מענטשלעכע ווירדע.

דעם זעלבן טאָג בין איך נאָך געווען אין דער וואוינונג פון חבר ערליך. דאָ האָב איך געטראָפן זיין 19־יאָריקן זון, וועלכער האָט גע־אַרבעט ווי אַן אָנגעשטעלטער אין דער קהילה. דער זון האָט געהאַט אַ פאַרבאַנדאַזשירטע האַנט. מיט אַ פּאָר טעג פריער איז ער מערדערלעך צעשלאָגן געוואָרן דורך דער געשטאַפּאָ. דער יונגער ערליך איז געווען אַ רעפערענט פון אַ יוגנט־בונד צוקונפט־גרופּע און האָט אויף איינעם פון די קרייזן גערעדט וועגן דער נויטווענדיקייט אַקעגנצושטעלן זיך די נאַצי־רוצחים מיט געווער אין האַנט. ווייזט אויס, אַז עמיצער פון דער גרופּע האָט די דאָזיקע רייד אומפאַרזיכטיק צעטראָגן. מיט אַ צייט שפּעטער איז אָנגעקומען אַ פאַראָרדענונג פון סאָסנאָוויץ, אַז ער זאָל זיך גלייך צושטעלן אין דער געשטאַפּאָ. ער איז אַהין אַוועק און מען האָט אים געפרעגט צי עס איז אמת, אַז ער פירט אָן מיט געהיימע קרייזן. אין פאַרלויף פון לאַנגע שעהן האָט מען אים מוראדיק געפּייניקט, ער האָט זיך אָבער נישט איינגעבראָכן און די גאַנצע צייט געהאַלטן עקשנותדיק צוגעשלאָסן די ליפּן. דער סוף איז געווען, אַז די געשטאַפּאָ־לייט האָבן אַריינגערופן אַ קראַנקן־שוועסטער, וועלכע האָט אים פאַרבאַנדאַזשירט די וואונדן און מען האָט אים צוריקגעשיקט קיין בענדין. מ׳האָט אים אָנגעזאָגט אַז ער זאָל וועגן דעם „אינצידענט" קיינעם נישט דערציילן. דער בחור האָט פאַר מיר אויסגעטון די מאַרינאַרקע און האָט אַרויפגעשאַרצט דאָס העמד. צום ערשטן מאָל האָב איך איצט געזען ווי אַזוי די נאַציס האָבן געשלאָגן אַ יונגן חבר פאַר בונדישער אַרבעט. די גאַנצע הויט פון דער פּלייצע איז געווען צעפּאַסמעט. די וואונדן זענען געווען טיף אין פליש. דער אָרעם איז געווען צעשאַטקעוועט. מען האָט אַרויסגעזען בלויע שטיקער פליש. טרערן האָבן מיך געשטיקט אין האַלז, ווען איך האָב געקוקט אויף דער דאָזיקער נאַצישער אַרבעט. כ׳האָב אויך געהאַט אַ געפיל פון דערהויבונג — אָט שטייט פאַר מיר אַ יידיש יינגל, וואָס האָט געהאַט כוח צו שווייגן און זיך נישט איינגעבראָכן! איך האָב שפּעטער געזען פיל סצענעס פון יידישער העלדישקייט, אָבער דאָס דאָזיקע ערשטע בילד פון דעם בענדינער יונגען בונדיסט האָט זיך מיר אויף תמיד איינגעקריצט אין זכרון.

* * *

צומאָרגנס אין דער פרי בין איך צוריקגעפאָרן קיין קראָקע. דאָס מאָל בין איך געפאָרן ווי אַ ייד, מיטן באַנד אויפן אָרעם. איך האָב געהאַט דעם אָפיציעלן פּאַסיר־שיין, וואָס איז מיר אַרויסגעגעבן געוואָרן אין דער קאַנצעלאַריע פון דער מיסלאָוויצער תפיסה. כ׳האָב נישט געדאַרפט שמוגלען די גרענעץ און בין נישט געווען אויסגעשטעלט אויף אַ דורכפאַל.

איך בין געזעסן אין אַ ווינקל פון דער באַן און האָב אויף מיר געפילט די שטעכעדיקע בליקן פון די פּוילישע פּאַסאַזשירן. אויך דער דייטשער קאָנטראָלער האָט מיך אָנגעקוקט מיט איראָניע. ווען איך האָב אים געוויזן דעם פּאַסיר־שיין, האָט ער אַ בליץ געגעבן מיט אַ פּאָר חוזקדיקע אויגן:

— אַ יודע און אַ שמוגלער? האָסט מזל וואָס מען האָט דיך נישט צעהאַקט אויף שטיקער.

פון די בענק אין וואַגאָן זענען געפאַלן אויף מיין חשבון אַ סך שטעכעדיקע באַמערקונגען. איך בין געזעסן אַ צוגעטוליעטער צום פענצטער און האָב מיך געמאַכט נישט הערן. אינדרויסן איז געווען אַ ברייטע וועלט, אויף די פעלדער איז געלעגן אַ ווייסער, אַ נישט־באַפלעקטער שניי, וואָס האָט געבלאַנקט מיט ריינקייט. איך האָב מיך איינגעגעסן מיט די אויגן אינם שניי און האָט געזוכט אין דעם אַ באַרואיקונג. ביים אַריבערפאָרן די גרענעץ איז ווידער געווען אַ קאָנטראָל און ווידעראַמאָל האָט מיין פּאַסיר־שיין אַרויסגערופן שטעכווערטער. די באַן איז אָנגעקומען קיין וואָלבראָם, וואו איך בין אויסגעשטיגן און האָב ווידער אָפּגעטרעטן אין דער וואוינונג פונם חבר נונבערג. כ׳בין דאָרט לאַנג נישט געווען. באַלד מיט דער ערשטער באַן, וואָס איז געגאַנגען קיין קראָקע, בין איך אַוועקגעפאָרן. דאָס מאָל — שוין ווי אַ פּאָליאַק. דעם אָרעם־באַנד האָב איך אַריינגעלייגט אין דער קעשענע, כ׳האָב אַראָפּגערוקט דאָס פּויערישע היטל איבער די אויערן און האָב אָנגעטון אויפן פּנים מיין „אַרישן” אויסדרוק.

אין קראָקע איז נאָך אין יענער צייט נישט געווען קיין געטאָ. דאָס איז געווען דער חודש פעברואַר 1941 און די געטאָ־גזירה איז אָנגעזאָגט געוואָרן אויף חודש מערץ. ווען כ׳בין צוריקגעקומען נאָך מיין נסיעה, בין איך אַוועק אויף דער גאַס סטאַראָווישלנאַ אין שניידער־ווערקשטאַט פון חבר מאָניעק פעלצמאַן־גלאַזער. צוליב דעם ספּעציעלן כאַראַקטער פון זיין ווערקשטאַט איז מעגלעך געווען דאָרט צו באַגעגענען זיך מיט אַ סך אונזערע חברים. דאָס אַריינגיין און אַרויסגיין האָט נישט געוואָרפן קיין שום חשד. די פרוי פונם חבר מאָניעק, רוזשקע גלאַזער, היינט אין פּוילן, וועלכע איז אויך געווען אַקטיוו אין בונד, איז געווען אַ גאַסטפריינטלעכע און יעדער געקומענער חבר האָט זיך געפילט דאָרט ווי ביי זיך אין דער היים.

מיין אומגעריכט אַריינקומען איז געווען אַ סענסאַציע. די ידיעה וועגן מיין דורכפאַל און אַרעסט איז דאָ דערגאַנגען באַלד דעם ערשטן טאָג, ווען כ׳בין פאַרהאַלטן געוואָרן אויף דער גרענעץ. און היות די חברים האָבן געוואוסט, אַז איך האָב מיט זיך געפירט „ליטעראַטור" און געלט, איז מען געווען איבערצייגט, אַז איך בין שוין לאַנג אַ „ליקווידירטער". מ׳האָט מיר דערציילט, אַז אויף פּאַרטיי־פאַרזאַמלונגען האָט מען גערעדט וועגן מיר, ווי איך וואָלט שוין געווען אויפן עולם־האמת. אונזער איצ־טיקע באַגעגעניש איז געווען אַן ענטוזיאַסטישע.

די חברים האָבן מיר איבערגעגעבן, אַז זיי האָבן נאָר־וואָס באַקומען אַ בונדישן ביולעטין פון וואַרשע. דער ביולעטין איז געבראַכט געוואָרן דורכן חבר ישראל פאַלק, וועלכער איז נאָך אין יענער צייט געווען דער פאַרשטייער פון דזשאָינט און האָט געהאַט מעגלעכקייטן פריי צו פאָרן איבער די שטעט און שטעטלעך. אין ביולעטין איז געווען געשריבן, אַז פון די פאַרשידענע צונויפגעזאַמעלטע ידיעות איבער דער פּראָווינץ דרינגט אַרויס, אַז די דייטשן האָבן אָנגעהויבן אַן אַלגעמיינע אַקציע פון אָפּשליסן די יידישע איינוואוינער אין פאַרמאַכטע געטאָס. אויך אין קראָקע איז שוין אָנגעזאָגט געוואָרן די קאָנצענטראַציע פון דער יידישער באַפעלקערונג הינטער געטאָ־ווענט און די שטימונג איז געווען אַ געדריקטע און נידער־געשלאָגענע. דאָס אַריינקלייבן זיך אין אַ געטאָ האָט קודם־כל באַדייט די אויסוואָרצלונג פון טויזנטער יידישע איינוואוינער פון זייערע אַלטע, איינגעזעסענע וואוינונגען און פּרנסות. מ׳האָט זיך אויך געשראָקן, אַז הינטער דער גזירה פונם געטאָ ליגט באַהאַלטן אַן אַנדערע, אַ מער גרויזאַמע כוונה.

בעת איך בין געקומען צוריק קיין קראָקע האָב איך נישט געהאַט קיין פּערזענלעכן דאָקומענט. איך בין גלייך אַוועק צו דער אַדוואָקאַטין אַניעלאַ שטיינסבערג, פון פּ. פּ. ס., און האָב איר געבעטן זי זאָל מיך פאַרבינדן מיטן חבר יוזעף ציראַנקעוויטש. דעם זעלבן אָוונט האָב איך זיך מיט אים געטראָפן. ווען ער האָט מיך באַגעגנט, האָב איך דערפילט אין זיין האַנט־דרוק אַ פריינטלעכע באַגריסונג ווי פון אַ נאָענטן חבר. ער האָט שוין געוואוסט וועגן מיין דורכפאַל און האָט מיך אויסגעפרעגט אַלע פּרטים. איך האָב אים געזאָגט, אַז אין דער תפיסה האָט מען פאַרהאַלטן מיין פּאַס און אַז איך נויטיק זיך אין אַן אַנדערן דאָקומענט, אויף אַ פרעמדן נאָמען. דערביי דאַרף דער נאָמען זיין אַזאַ, אַז איך זאָל אים לייכט געדענקען, צום ביישפּיל — יוזעף לעשטשינסקי. איך האָב דאָ געמיינט דעם נאָמען פון אונזער פאַרשטאָרבענעם חבר יוסף לעשטשינסקי (כמור־נער). ציראַנקעוויטשן איז דער דאָזיקער נאָמען נישט געפעלן געוואָרן. ער האָט געזאָגט, אַז עס קלינגט צו אַריסטאָקראַטיש. צו אַזאַ נאָמען דאַרף מען האָבן אַ מער אַריסטאָקראַטישן אויסזען און דער עיקר — מען דאַרף

רעדן אַ בעסערן און עלעגאַנטערן פּויליש. ער האָט פֿאַר מיר אַ בעסערן און מער פּאַסיקן נאָמען. אויפֿן צווייטן טאָג האָב איך טאַקע באַקומען פֿון אים אַ פּוילישן פּאַס און איך בין פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין יוזעף נאָוואַק. מיט אַ צייט שפּעטער האָב איך פֿון אים באַקומען נאָך צוויי פּוילישע פּעסער פֿאַר די חברים מאָוריצי אָזשעך און בערנאַרד גאָלדשטיין. אויפֿן פֿאַל פֿון נויטווענדיקייט האָבן זיי געהאַט ביי זיך די פּעסער מיט „אַרישע" נעמען.

כ'האָב פֿאַרברענגט אין קראָקע דריי טעג. פֿאַרן אומקערן זיך קיין וואַרשע בין איך געפֿאָרן קיין טאַרנאָוו. דער צוועק פֿון מיין נסיעה איז געווען דער זעלבער: באַקומען אַ באַריכט וועגן דער אָרטיקער לאַגע און טעטיקייט פֿון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע און צוגרייטן אַ דעלעגאַט פֿאַר דער לאַנד־קאָנפֿערענץ.

# 9. אין וואַרשעווער געטאָ

צוריק קיין וואַרשע. איך בין שוין איצט געפֿאָרן אין דער באַן אָן שום שוועריקייט און מיט מער אינערלעכער זיכערקייט. כ׳האָב אָנגעהויבן אַליין צו גלויבן, אַז איך בין טאַקע אַ פּאָליאַק מיט אַלע פּאָליאַקן צוגלייך און אַז איך טייל זיך מיט גאָרנישט אויס. פֿונדעסטוועגן האָב איך אַלץ זיך געהאַלטן באַזונדער און באַמיט זיך נישט אַרויסצורעדן קיין וואָרט צו קיינעם פֿון די פּאַסאַזשירן. כ׳האָב נישט אַזוי מורא געהאַט פֿאַרן אַקצענט, ווייל איך האָב געקאָנט רעדן מיט אַ נאַכלעסיקייט פֿון אַ פּויער, איך האָב אָבער נישט געוואָלט מיך אַריינפּלאָנטערן מיטן אינהאַלט. כמעט שטענדיק האָבן זיך די געשפּרעכן געדרייט אַרום דער זעלבער טעמע: יידן. מ׳האָט געדאַרפֿט זיך אָנטון אַ כּוח צו הערן אָפּטמאָל מערדערישע רייד פֿון די פּאַסאַזשירן.

אין דער באַן איז געווען וואַרעם, אָבער אין דרויסן האָט געהערשט אַ קנאַקעדיקער פֿראָסט. אין די פֿאַרבייגעפֿאָרענע דערפֿער האָט דער רויך פֿון די קוימענס זיך געטראָגן אינגאַנצן גלייך. דער הימל איז געווען בלוי און אָן אַ וואָלקן. איך בין געזעסן אין אַ האַלב־ליידיקן וואַגאָן און געטראַכט מיט אומרו וועגן מיין וואַרשע. כ׳האָב געוואוסט, אַז אין וואַרשע עקזיסטירט שוין אַן אָפּגעשלאָסענער געטאָ, אַרומגעצוימט מיט אַ הויכער מויער און געהיט מיט אַ דרייפאַכער וואַך פֿון דייטשער, פּוילישער און יידישער פּאָליציי. ס׳איז מיר שווער געווען פֿאָרצושטעלן זיך דאָס ברויזנדיקע יידישע וואַרשע אין קלעם פֿון אַ געטאָ.

די באַן האָט זיך ביסלעכווייז דערנענטערט צו באַקאַנטע שטעטלעך, וואָס האָבן שוין אָנגעזאָגט די פּוילישע הויפּט־שטאָט. פֿונדערווייטנס האָב איך לסוף דערזען דעם אויסגעהוילטן און פֿאַרברענטן וואָלקנקראַצער, דעם איינציקן אין וואַרשע. איצט איז ער געשטאַנען ווי אַ שוואַרצער בלינדער פֿויגל איבער די אַרומיקע חורבות. די באַן האָט זיך אַרויפֿגעקאָלערט אויפֿן וואַרשעווער הויפּט־וואָקזאַל. איך בין געפֿאָרן אין ערשטער קלאַס, אָנגעטאָן אין אַ שיינעם מאַנטל און האָב די גאַנצע צייט גערויכערט בעסערע פּאַפּיראָסן, כּדי אָנצוגיין פֿאַר אַ פֿאַרמעגלעכן פּאָליאַק. איך האָב אַזוי אַרום אויסגעמיטן פֿראַגן פֿון פּאַסאַזשירן, וועלכע זענען



גרופּע פון צוקונפט־שטורם אין וואַרשע. ערשטער פון דריטער ריי — יאַנקל גרושקאַ.





גרופּע פון קראָכמאַלנער ראַיאָן (וואַרשע) אויף אַן אויספלוג. ערשטער (לינקס) — כאַסקל, צווייטער — יעקב צעלעמענסקי, זיבעטער — מאָניעקל.



אין וואַרשעווער געטאָ עק לעשנאָ און טלאָמאַצקע: שטייען פון פאָרנט — אַברהם פיינער (רעכטס) און משה קויפמאַן. אין דער זייט גייען מאַרעק עדעלמאַן און פייגעלע פעלטעל (וולאַדקע).

צוליב מיין נגידישן אויסזען געווען איינגעהאַלטן לגבי מיר. אויך דער באַן־קאָנדוקטאָר איז צו מיר נישט צוגעשטאַנען מיט צודרינגלעכע פראַגן. אויף אַזאַ אופן האָב איך אויך אויסגעמיטן צו טרעפן זיך מיט יידישע פּאַסאַזשירן, וועלכע זענען נאָך דעמאָלט, הגם ווייניק אין צאָל, געפאָרן מיט באַקומענע פּאַסיר־שיינען.

ווען איך בין אַראָפּגעשטיגן פון צוג איז שוין געווען 9 אין דער פרי. איך האָב גוט געזען, ווי פון איינעם פון די פאָדערשטע וואַגאָנען איז אַרויסגעגאַנגען אַ ייד מיט אַ מגן־דוד אַרום אָרעם און אַן אומרואיקער און מיט אַן איבערגעשראָקן פּנים אָנגעהויבן צו שפּרייזן. הינטער אים האָבן פּאָליאַקן געשפּיזט מיט בייזע און איראָנישע בליקן. איינער פון זיי האָט הויך אַ זאָג געגעבן: — קוק זיי אָן, די זשידעס. זיי האָבן נאָך אַלץ אַ רעכט צו פאָרן.

איך בין שנעל אַרויס פון וואָקזאַל, כ׳האָב נישט געהאַט ווייט צו גיין. מיין „קאָנטאַקט״ האָט זיך געפונען אויף דער גאַס, בשכנות פון וואָקזאַל, אויף יערוזאַלימסקע אַלייען נומער 24. דאָרט האָב איך זיך געדאַרפט פאַר־בינדן מיט אַ פּוילישן אַרבעטער, אַ מיטגליד פון פּ. פּ. ס., וואָס האָט געהאַט דעם פּאַרטיי־פּסעוודאָנים מאַרעק טראַיאַן (זיין ריכטיקער פאַמיליע נאָמען איז געווען זבאַראַווסקי. דעם קאָנטאַקט האָט מיר פריער געהאַט געגעבן מאָוריצי אָזשעך). דער וועג צום הויז האָט גענומען סך־הכל 5 מינוט. ווען כ׳בין צוגעקומען צום אָרט, בין איך שטיין געבליבן אַ דערשטוינטער: פאַרן טויער האָט זיך אַרומגעדרייט אַ פּאָליציאַנט.

דער פּוילישער פּאָליציאַנט אין דעם טונקל־בלויען מונדיר איז דאָ בפירוש געשטאַנען אויף דער וואַך. זאָל עס הייסן, אַז די וואוינונג פונם סאָציאַליסט איז אַדורכגעפאַלן. אָדער אפשר איז עס מער נישט ווי אַ צופאַל? אָפּשטעלן זיך האָב איך נישט געטאָרט. איך בין פאַרבייגעגאַנגען דעם טויער און פאַרקירעוועט אין אַ זייטיקער גאַס. כ׳האָב באַשלאָסן אַרומצוקרייזן פון דער ווייטנס און צוריקקומען אין אַ 15 מינוט אַרום. ווען איך בין צוריקגעקומען, האָב איך דערזען, אַז ס׳איז נאָך ערגער ווי כ׳האָב געמיינט פריער. נישט בלויז איז דאָרט געשטאַנען דער פּאָליציאַנט, נאָר עטלעכע פּאָליציאַנטן זענען אַרויסגעקומען פון אינעווייניק און אַנדערע זענען אַריינגעגאַנגען פון דרויסן. דאָס מאָל בין איך שוין געווען זיכער, אַז ס׳איז דאָרט עפּעס אַן ערנסטע זאַך. אין דער לעצטער רגע פאַרן אַוועק־גיין האָב איך אַ קוק געגעבן אויף דער וואַנט ביים טויער און האָב מיך צעלאַכט אין האַרץ. איבערן טויער איז געהאַנגען אַ רויט לעמפּל מיט אַ ליכטל — אַ סימן, אַז דאָס איז אַ פּוילישער פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט.

יאָ אַריינגיין אָדער נישט אַריינגיין? — כ׳האָב זיך געוואַקלט. ס׳האָט מיר אויסגעזען ריזיקאַליש אַריינצושטעקן מיין קאָפּ דעם טיגער אין פּיסק אַריין. דאָך האָב איך דעצידירט אויף יאָ. כ׳האָב כלומרשט גלייכ־

גילטיק אַריינגעשפּרייזט אין טויער, בין אַדורכגעגאַנגען דורך אַ גאַנצער מחנה פּאָליציאַנטן אויפן הויף און בין אַרויף אויף די שטיגן. איך האָב גוט געוואוסט דעם אַדרעס פון איסנווייניק. מאַרעק האָט געוואוינט אויפן העכסטן שטאָק. איך האָב אָנגעקלאַפּט אין טיר און האָב זיך איינגעהערט צי מען עפנט. פון יענער זייט האָב איך דערהערט אַ שורקן פון טריט. עמיצער האָט דאָרט אַ פּליסטער געטון צו אַ צווייטן: — ווער קען עס זיין אַזוי פרי?

אין אַ רגע אַרום האָב איך דערהערט אַ דריי פון אַ שליסל, די טיר האָט זיך געעפנט און ס׳האָט זיך באַוויזן דאָס פּנים פון מאַרעקן אַזוי, ווי מען האָט אים מיר אָנגעמשלט: אַ מאָגערער, אַ הויכער מיט אַ שפּיציק און דין בערדל. איך האָב געזאָגט צו אים: — גוט מאָרגן. איך בין טשעסלאַוו, אַ פריינט פון מאַוריצי.

ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט צוזאַמענגעצויגענע ברעמען און געוואַרט אויף נאָך עפּעס. איך האָב גלייך צוגעגעבן נאָך אַן אָפּגערעדטן סימן.

ער האָט אַ שמייכל געגעבן: — אָ, גוט מאָרגן, חבר טשעסלאַוו, ביטע, קומט אַריין. ער איז נאָך געווען אָנגעטון אין דער פּיזשאַמע. איך האָב אויסגעטון מיין מאַנטל, וועלכן ער האָט פון מיר צוגענומען מיט אַ היימישער העפלעכקייט. — ווי קומט עס — האָב איך אים געפרעגט — וואָס איר וואוינט אין אַ הויף פון אַ פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט?

ער האָט צוריקגעענטפערט לאַכנדיק: — ס׳איז נישטאָ קיין מער זי־כערע זאַך, ווי אונטערן דאַך פון דער פּאָליציי.

ער האָט באַלד אויפגעקאָכט אַ טשייניק וואַסער און האָט מיך מכבד געווען מיט טיי און מיט פרישע וואַרשעווער זעמל. ער האָט מיך אויסגע־פרעגט פונוואַנען איך קום און ווען איך האָב אַלץ געטראָפן. איך האָב אים איבערגעגעבן וועגן מיין צוזאַמענטרעף מיט ציראַנקעוויטשן אין קראָקע. איך האָב אים געזאָגט, אַז כ׳וויל אַריינקומען אין געטאָ. ער האָט נאָכגעטראַכט און געזאָגט: — איך האָב נאָך צו דערליידיקן עטלעכע זאַכן אין שטאָט און שפּעטער, אַרום צוועלף אַזייגער, וועל איך אייך אַריינפירן אין געטאָ. אויב איר ווילט קאָנט איר מיט מיר מיטגיין.

איך האָב מסכים געווען. איך בין געווען צופיל אומגעדולדיק צו בלייבן וואַרטן ביי אים אין שטוב. איך האָב אויך געוואָלט זען די ענדע־רונגען, וואָס זענען פאָרגעקומען די לעצטע צייט אין וואַרשע. כ׳האָב געוואָלט כאַפּן די ערשטע בליקן אויף דער „אַרישער" זייט, וואו עס וועט מיר איצט אויסקומען צו לעבן.

מיר זענען אַרויס אינדרויסן. אין טויער זענען ווייטער געשטאַנען עטלעכע פּאָליציאַנטן און האָבן געקוקט אויף אונז אָן שום חשד. מיר זענען געגאַנגען אין דער ריכטונג פון אַ טראַמוואַי־סטאַציע. די באַוועגונג אויף די גאַסן איז געווען אַ קליינע. דער פראָסט האָט דעם עולם געהאַלטן

אין שטוב. דער טראַמוואַי מיט פּראָסטיק־פּאַרקאָוועטע פענצטער איז אָנ־געפאָרן און מיר זענען איינגעשטיגן. דער טראַמוואַי האָט אונז געפירט דורך דעם צענטער פון שטאָט, איז אַריבערגעפאָרן איבער אַ בריק און זיך אַריינגעלאָזט אין אַ שיטער־באַוואוינטער פאָרשטאָט. דאָרט האָט ער זיך אָפּגעשטעלט כמעט אויף אַן אָפן פעלד און מיר זענען אַרויסגעשטיגן. געווען איז עס אין דער פאָרשטאָט גראָכאָוו. מאַרעק איז האַסטיק געגאַנגען פאָראויס און אין שאַרפן פראָסט און ווינט, וואָס האָט פאַרכאַפּט דעם אָטעם, האָב איך זיך באַמיט צו האַלטן טריט מיט אים. ענדלעך זענען מיר צו־געקומען צו אַ קליין הייזל און מאַרעק האָט אָנגעקלאַפּט.

די טיר האָט זיך געעפנט און מיר האָבן זיך געפונען אין אַן אָרימער אַרבעטער־וואוינונג. אין מיטן צימער איז געשטאַנען אַ רויט־צעגליט אייוועלע און ביי אַ נאַקעטן טיש זענען געזעסן צוויי פּערזאָן — אַ יונגערמאַן און אַ מעוברתע פרוי. מאַרעק האָט זיי ביידע באַגריסט. זיי האָבן אויסגעזען אומעטיקלעך אָבער מאַרעק האָט זיי שנעל אויפגעהייטערט. ער האָט זיי דערלאַנגט אַ פּעקעלע, האָט זיי עפּעס געזאָגט און האָט זיי וואַרעם געדריקט די הענט. דער וויזיט איז געווען אַ קורצער. באַלד האָט ער זיך מיט זיי געזעגנט און מיר זענען צוריק אַרויס פון הייזל.

די גאַנצע סצענע האָט אויסגעזען ווי אַ שווייגנדיקע פּאַנטאָמינע. כ'האָב גאָרנישט פאַרשטאַנען וואָס דאָ איז פאָרגעקומען, דאָך האָב איך גאָרנישט געפרעגט. מיר זענען צוריק אַריינגעשטיגן אין אַ טראַמוואַי. אויפן וועג האָבן מיר כמעט נישט אויסגעטוישט קיין איין וואָרט. צום סוף האָט ער מיר געזאָגט, אַז דאָס זענען 2 זייערע מענטשן, וואָס מוזן זיך באַהאַלטן.

זיינע ווערטער האָבן מיך שטאַרק צעוואַרעמט. מיר זענען געגאַנגען איבער דער זשעלאַזנע גאָס און האָבן זיך אָנגעהויבן דערנענטערן צו דער לעשנאָ, וואו עס האָט זיך געפונען אַ טויער פון געטאָ. האַרט פאַרן געטאָ האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, האָט אַרויסגענומען פון דער קעשענע אַ דאָקו־מענט, האָט אים מיר געגעבן און געזאָגט: געדענק, אַז דו ביסט אַ באַאַמ־טער פון דער עלעקטראָווניע און גאַזאָווניע, דו גייסט איצט אַריין אין יידישן קוואַרטאַל קאָנטראָלירן די עלעקטרישע „ציילערס”. מיטן דאָזיקן דאָקומענט קאָנסטו זיך פריי באַוועגן דורך די טויערן. מיט מיין לעדערנער טעקע האָב איך טאַקע אויסגעזען ווי אַזאַ קאָנטראָלער.

איך האָב אַ קוק געגעבן פאַר מיר און האָב דערזען די הויכע מויער, וועלכע איז דאָ נישט לאַנג צוריק אַוועקגעשטעלט געוואָרן צווישן יידישן און „אַרישן” וואַרשע. ביים סאַמע ראָג פון די גאַסן זשעלאַזנע און לעשנאָ איז אין דער וואַנט געווען אַ טויער. פון דער אויסערלעכער זייט איז גע־שטאַנען אַ דייטשער זשאַנדאַרם, אַ באַוואָפנטער מיט אַ ביקס און ביי זיין זייט איז געשטאַנען אַ „גראַנאַטענער” (פּוילישער) פּאָליציאַנט מיט אַ גומענער

פּאַלקע. פון דער צווייטער זייט טויער האָט געהאַלטן וואַך אַ יידישער פּאָליציאַנט מיט אַ פּאָליציייאיש היטל און מיט אַ לעדערנעם פּאַסעק. איך האָב ענגער צוגעדריקט די טעקע אונטערן אָרעם און בין מיט האַסטיקע טריט צוגעגאַנגען צום טויער.

* * *

מיינע ערשטע טריט אין געטאָ האָב איך געווענדעט צו מיין היים — אויף נאַלעווקי 21. דער פּראָסט איז דאָ געווען דער זעלבער, ווי אויף דער „אַרישער״ זייט, אָבער די גאַסן זענען געווען פול מיט יידן. איך בין שנעל אַדורכגעגאַנגען די גאַסן, וואָס האָבן געפירט צו מיין היים. איך האָב וואָס שנעלער געוואָלט זיין אין שטוב.

דער ערשטער, וואָס האָט מיך באַגריסט, איז געווען מיין פאָטער, וועלכער איז דעמאָלט אַלט געווען 72 יאָר. ער איז געווען קראַנק און איז געלעגן אין בעט. ווען ער האָט געהערט, אַז איך בין דאָ, איז ער אַרויס פון בעט, איז מיר אָקעגנגעלאָפן און האָט מיך אַרומגענומען. ער האָט בלויז איבערגעחזרט איין וואָרט: יאַנקל, יאַנקל. איך האָב ניט געקאָנט אַרויסבאַקומען פון האַלז קיין איין וואָרט און האָב פאַרשעמט געוויינט.

די נייעס וועגן מיין קומען האָט זיך שנעל איבערגעטראָגן צו מיין משפחה. ס׳זענען זיך צוזאַמענגעקומען אַלע מיינע שוועסטער און ברידער מיט זייערע קינדער. מיין יינגערע שוועסטער האָט אויפגעקאָכט טיי און האָט אויף אייל אָפּגעפּרעגלט צעריבענע קאַרטאָפל. זיי האָבן אַלע געוואוסט פון מיין אַרעסט און האָבן שוין געהאַט אויפגעגעבן די האָפענונג מיך ווידער צו זען. איצט זענען מיר געזעסן צוזאַמען. דאָס הייסע גלאָז טיי האָט מיך כמעט ווי פאַרשיכורט. אין קאָפּ האָבן זיך געפּלאָנטערט בילדער פון באַנען, פון שניי־באַדעקטע פעלדער, פון אָפּגעשלאָסענע יידישע גאַסן, פון דייטשע פּנימער, פון שפּיזלדיקע פּוילישע בליקן, פון דער תפיסה־קאַמער אין מיסלאָוויץ. איך האָב זיי דערציילט וועגן די אַנדערע יידישע שטעטלעך, וועגן דער יידישער יוגנט, וועגן זייערע ראַנגלענישן און טרוימען. ביז האַלבער נאַכט זענען מיר געזעסן אין דער אָנגעפּראָפּטער שטוב. ווי דורשטיקע האָבן זיי געשלונגען די טרויעריקע בשורות פון די די יידישע שטעטלעך און איך האָב זיך נישט געקאָנט אָנזעטיקן מיט זייער נאָענטקייט, מיט די פּנימער פון מיין גרויסער משפּחה. ווען וועט נאָך זיין אַזאַ געלעגנהייט? מיינע פאָרגעפילן זענען געווען ביטערע.

צומאָרגנס אינדערפרי בין איך אַוועק אויף נאָוואָליפּיע 12, אין דער וואוינונג פון בערנאַרדן. איך האָב אָנגעקלאַפּט עטלעכע מאָל אין דער וואַנט און איך האָב דערהערט אַ מעטאַלענעם געקלינג פון אַ קייטל. די טיר האָט זיך געעפנט און איך האָב דערזען פאַר זיך דעם זון פון בערנאַרדס ברודער. ער האָט מיך געקענט, און האָט מיך גלייך אַריינגעפירט צו בערנאַרדן

אין צימער. דאָ האָב איך דערזען פאַר מיר אַן אויסטערליש בילד: בערנאַרד איז אַרומגעגאַנגען איבערן צימער און האָט געדריקט צו דער ברוסט אַ פּאָר שפּאָגל־נייע שיך. ער האָט מיך ביים אַריינקומען אינגאַנצן נישט באַמערקט. ער איז אַרומגעגאַנגען פון וואַנט צו וואַנט, האָט צוגעדריקט די פּאָר שיך צו דער ברוסט און האָט הויך צו זיך גערעדט: — טייער קינד!

איך בין געשטאַנען אויף דער שוועל אַ נישט־באַוועגלעכער, מיט אויפגעריסענע אויגן. וואָס קומט דאָ פאָר? בערנאַרד האָט נאָך עטלעכע מאָל אַרומגעשפּרייזט איבערן צימער און האָט איבערגעחזרט די זעלבע ווערטער. פּלוצלונג האָט ער מיך דערזען, האָט זיך האַסטיק אָפּגעשטעלט און האָט אויסגערופן: — צעלעק!

מיר זענען זיך געפאַלן אין די אָרעמס. בערנאַרד האָט מיר אָנגעוויזן אויף די צוויי נייע שיך: — דו זעסט די דאָזיקע שיך? זיי געהערן צו אַלטער באַס.

דאָס איז געווען אַ 17־יאָריקער מעטאַל־אַרבעטער, אַ מיטגליד פון יוגנט־בונד צוקונפט. ער איז דעמאָלט געזעסן אין דער וואַרשעווער טורמע פּאַוויאַק. די דייטשן האָבן אים געכאַפּט מיט אַ פּעקל נומערן פון דער צייטונג יוגנט־שטימע. זיין טאַטע איז נעכטן געקומען מיט אַן אַרויסגעשמוגלט בריוול. בערנאַרד האָט מיר געגעבן דאָס בריוול איבערצולייענען. ביזן היינטיקן טאָג געדענק איך גענוי דעם אינהאַלט פון דעם בריוו, ווייל איך האָב שפּעטער איבערגעחזרט דעם אינהאַלט אויף אַלע מיינע באַזוכן אין די געטאָס און לאַגערן. אַלטער באַס האָט געשריבן:

„איך ווער געפּרוּווירן. איך ליג אין אַן איינצל־קאַמער. איך האָב געשוואָלענע פיס. מען האָט ביי מיר צוגענומען די שיך. זיי האָבן מיך זייער געפּייניקט, געריסן די נעגל, געפּרעגט ווער ס׳זענען די שרייבער פון דער יוגנט־שטימע. זיי האָבן זיך נאָכגעפּרעגט אויפן חבר באַרנע (געמיינט האָט ער דעם חבר יאַנקל גרושקאָ). זאָל ער זיך באַהאַלטן. זייט געזונט. זייט פאַרזיכטיק. איך וועל דאָ שוין אומקומען".

איך האָב באַקוקט די נייע שיך, וועלכע בערנאַרד האָט נאָך אַלץ געהאַלטן צוגעדריקט צום האַרץ. דאָס זענען געווען נייע ווינטער־שיך, געמאַכט מיט אַ סך זאָרג. ווען ס׳איז אָנגעקומען דאָס בריוול, האָט מען געהייסן גלייך מאַכן די שיך און אַבראַשע בלום האָט זיי אַהער אַרויפגעבראַנגט, כדי פון דאַנען זיי צו באַזאָרגן פאַרן געפאַנגענעם אַלטער באַס. איך האָב געפרעגט בערנאַרדן מיט וועמען וועט מען באַזאָרגן די שיך אין פּאַוויאַק. ער האָט מיר געזאָגט, אַז דאָרט אַרבעטן אַלס שניידער אַרבעטער צוויי בונדיסטן — שיע גאָלדוואַסער און נאָך אַ חבר. זיי האָבן אָפּגערעדט מיט אַ קלוטשניק, (טורמע־וועכטער), אַז ער וועט די שיך באַזאָרגן צו באַסן.

בערנאַרד האָט מיר דערציילט, אַז מען האָט דעם יינגיטשקן חבר געפּייניקט אויף אַ באַרבאַרישן אופן, געריסן זיינע נעגל פון הענט און פיס.

אַלטער באַס איז געווען אַן אידעלער, שטילער בחור, אַן אַקטיוויסט פון יוגנט־בונד. זיין טאַטע, ישראל, אַ בעקער־אַרבעטער, איז געווען אַ געטרייער בונדיסט נאָך פון די צאַרישע צייטן. ווען דער פּאָטער איז נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה צוריקגעקומען פון רוסלאַנד, וואו ער איז געווען מאָביליזירט אין דער צאַרישער אַרמיי, איז ער געוואָרן דער סעקרעטאַר פון דער בונדישער פּאַרטיי־גרופּע אין בעקער־פּאַראיין. ער האָט אויף זיין פונקציע געקוקט ווי אויף אַן עבודת־הקודש. ער איז אויך געווען איינער פון די שטענדיקע פאָנען־טרעגער אויף די בונדישע דעמאָנסטראַציעס. די הייליקע באַציאונג צו דער אָרגאַניזאַציע, צו איר טעטיקייט און אידעאַלן האָט אַלטער איבערגענומען פון פּאָטער. ביידע זענען געווען אַקטיוו אין דער אונטערערדישער בונדישער באַוועגונג אונטער דער נאַצישער אָקופּאַציע. די נאַציס האָבן שוין דעם יוגנטלעכן אַלטער באַס נישט אַרויסגעלאָזט פון זייערע הענט און זיי האָבן אים אומגעברענגט.

נאָך אין זעלבן טאָג האָט בערנאַרד צונויפגערופן אַ זיצונג פון צענטראַל־קאָמיטעט. די זיצונג איז פאָרגעקומען ביי דער חברטע סאָניע נאָוואָגרודסקי אויף נאָוואָליפּיע 7. ס׳זענען געווען די חברים מאָוריצי אָזשעך, לאָזער קלאָג, סאָניע נאָוואָגרודסקי, בערעק שניידמיל און אַבראַשע בלום.

אויף דער זיצונג האָב איך זיך דערוואוסט, אַז די לאַנד־קאָנפערענץ איז אָפּגערופן געוואָרן, די סיבה איז געווען וואָס אין נאָוועמבער 1940 איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן דער יידישער קוואַרטאַל און דאָס אַריינקומען אין געטאָ איז געווען פאַרבונדן מיט שוועריקייטן. מ׳האָט איצט געדאַרפט באַשליסן אַ צווייטן טערמין.

דער ערשטער פּונקט פון טאָג־אָרדנונג איז געווען די פראַגע וועגן שליחים, וואָס זאָלן באַזוכן די פּראָווינץ. צוליב די אָפּגעשלאָסענע געטאָס און די שטרענגערע גזירות פאַר יידישע פּאַסאַזשירן, האָבן זיך אָנגעהויבן איבערצורייסן די פעדים צווישן איין געטאָ און אַנדערן. די יידישע באַפעלקערונג איז כסדר שטאַרקער צעגלידערט געוואָרן אויף קליינע טיילן, וועלכע האָבן אויפגעהערט צו האָבן מיט זיך אַ פאַרבינדונג. ס׳איז געוואָרן שווערער צו דערוויסן זיך וואָס עס טוט זיך אפילו אין סאַמע נאָנטסטן געטאָ. אונזער בונדישע באַוועגונג האָט זיך אָנגעטראָפן אויף וואַקסנדיקע שוועריקייטן ביים אָנהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט די חברים פון אַנדערע שטעט, ס׳איז געוואָרן זייער שווער צו קומען צו זיי מיט הילף און אונטערערדישער „ליטעראַטור״. אין די דאָזיקע באַדינגונגען איז די ראָלע פון קוריערן געוואָרן אַן אומגעהויער וויכטיקע. איך האָב געדאַרפט זיין איינער פון זיי.

ס׳איז געוואָרן באַשלאָסן, אַז מיין שטענדיק וואוין־אָרט זאָל זיין אין וואַרשע. דער חבר אָזשעך האָט אויף זיך גענומען אויסצואַרבעטן פאַר

מיר אַ דאָקומענט פון מאַגיסטראַט, אַז איך בין אַ כלומרשטער אָנגעשטעל־טער אין דער עלעקטראָווניע און גאַזאָווניע, און מיין אַרבעט איז צו קאָנטראָלירן געוויסע גאַסן אין געטאָ. אַזאַ דאָקומענט וועט מיר געבן אַ שטענדיקע מעגלעכקייט צו באַוועגן זיך אויף ביידע זייטן פון דעם געטאָ־טויער.

דער צווייטער פונקט אויף דער טאָג־אָרדנונג איז געווען דער פי־נאַנציעלער מצב פון דער פּאַרטיי. די פינאַנצן זענען געווען אויסגעשעפּט. קיין שום הכנסות זענען מער נישט געווען. די איינציקע מאַטעריעלע שטי־צע איז געקומען אומדירעקט. חברים האָבן פאַרקויפט באַקומענע אַמע־ריקאַנער פּעקלעך און דאָס געלט איבערגעגעבן דער פּאַרטיי. דאָס איז געווען נישט מער ווי אַ טראָפּן אין ים פון די באַדערפעניש.

מיט אַ צייט צוריק האָט אַ שליח פון דער שטאָט מעזריטש, די חברטע גאָלדע צוקער, איבערגעגעבן, אַז פון אַלטן, פּאַרמלחמהדיקן בערשטער־קאָאָפּעראַטיוו איז דאָרט פאַרבליבן אַ גרויסער סקלאַד חזיר־האָר. די מעזריטשער חברים האָבן פאַרלאַנגט, אַז ס׳זאָל געשיקט ווערן צו זיי עמיצער פון וואַרשע, וועמען זיי וועלן איבערגעבן אַ געוויסע סומע געלט וואָס זיי האָבן געהאַט פון פאַרפּערטיקן די חזיר־האָר. איך האָב דערציילט וועגן מיין באַגעגעניש אין טאַרנאָוו מיטן חבר שמואל ווייץ, וועלכער פירט איצט אין וואַרשע אַ גרויסע באַרשטן־פאַבריק. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז גרייט צו שטעלן אין רשות פון דער פּאַרטיי אַ כסדרדיקע מאַטעריעלע שטיצע. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער נאָמען ווייץ איז נישט געווען אינגאַנצן אומבאַקאַנט. לאָזער קלאָג האָט אים געקענט, אָבער ער האָט נישט געוואוסט, אַז ער איז אַ בונדיסט. מ׳האָט באַשטימט, אַז איך דאַרף אַראַנזשירן אַ צוזאַמענטרעף פון חבר אָזשעך מיט אים.

מ׳האָט אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן פון מיין נאָענטסטער רייזע אין דער פּראָווינץ. די ערשטע שטעט, וואָס כ׳האָב געדאַרפט באַזוכן, זענען געווען שעדלעץ, ראַדזין, מעזריטש און ביאַלע פּאָדלאַסקע. דער ציל פון מיין רייזע האָט געדאַרפט זיין קודם־כל איבערצופירן ביולעטינען פון דער פּאַרטיי און פון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע און טיילוויז מאַטעריעלע הילף. ווי עס איז געווען פאָראויסגעזען, האָב איך געדאַרפט באַקומען אין מעזריטש אַ ביסל געלט. דאָס געלט האָב איך געדאַרפט לויט מיין איינזען צעטיילן אין די באַזונדערע ערטער. כ׳האָב אויך געדאַרפט באַריכטן און איבערגעבן, אַז די פּאַרטיי־קאָנפערענץ איז אָפּגעלייגט. מ׳האָט באַשטימט, אַז נאָכן צוריקקומען פון דער נסיעה זאָל איך זיין דער פאַרבינדער צווישן חבר אָזשעך מיטן געטאָ. דער חבר אָזשעך האָט געוואוינט אויף דער „אַרישער״ זייט אין מאָקאָטאָוו, אויף אָקאָ 2.

כ׳האָב נאָך געמוזט בלייבן אין וואַרשע עטלעכע טעג ביז וואַנען מ׳וועט אויסאַרבעטן דעם געהעריקן פערזענלעכן דאָקומענט. אין די דאָזיקע פרייע

טעג האָב איך ערשט געהאַט די געלעגנהייט צו זען דעם גאַנצן קאָשמאַר פון וואַרשעווער געטאָ אין די ערשטע חדשים פון זיין עקזיסטענץ. דער יידישער קוואַרטאַל איז געווען מוראדיק איבערגעפילט מיט מענטשן. פון אַלע קוואַר־טאַלן האָט מען אַריינגעקוועטשט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג אין דעם אַרומגעמויערטן געטאָ. מ׳האָט נאָך אַחוץ דעם אויסגעליידיקט אַ גרויסע צאָל אַרומיקע שטעטלעך און מ׳האָט אַלע איינוואוינער אַריינגעוואָרפן אויף גאָטס באַראַט אין געטאָ. די פּראָווינצער דעפּאָרטירטע יידן האָבן געהאַט איבערצוטראָגן דעם ביטערסטן גורל. זיי זענען אַריינגעשטופּט געוואָרן אין פאַרשידענע שנעל־אימפּראָוויזירטע היימען, אין אויסגעליידיקטע קלובן אָדער אין אַמאָליקע געזעלשאַפטלעכע לאָקאַלן. דאָס דאָזיקע קאָלעק־טיווע וואוינען האָט נאָך מער פאַרביטערט דאָס גענוג אָרימע, הונגעריקע און אומגליקלעכע לעבן פון די דאָזיקע פאַרטריבענע. ס׳האָבן זיך אָרגאַניזירט באַזונדערע גרופּן פון געקומענע פּראָווינצער. טייל האָבן געהאַט אייגענע פאָלקס־קיכן, וואָס דער דזשאָינט האָט פינאַנסירט.

דער אָפּגעשלאָסענער וואַרשעווער געטאָ האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ באַזונדערע וועלט. אַ נייער שיכט הערשער איז אויפגעשטאַנען: יידישע פּאָליציאַנטן מיט זייערע סערזשאַנטן און קאַפּיטאַנען, וועלכע זענען על פּי רוב געקומען פון די רייכערע שיכטן אָדער פון דער פּראָפעסיאָנעלער אינ־טעליגענץ און ביוראָ־אַנגעשטעלטע. די מעגלעכקייטן צו פאַרדינען געלטער ביי דער דאָזיקער באַשעפטיקונג האָט דעם פּאָליציייאישן אַמט פאַרוואַנדלט אין אַ טרוים פון יעדן, וועלכער האָט געהאַלטן פונם פּרינציפּ פון „איבערלעבן" פאַר יעדן פּרייז, אַפילו גיין איבער די טויטע קערפּערס פון די נאָנטסטע. די פּאָליציי האָט באַקומען צו איר רשות אַן אייגענע תפיסה און דאָס האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט די פּאָזיציע פון דאָזיקן נייעם קלאַס ביי יידן. אַ שיכט פון שמוגלערס, וואָס זענען רייך געוואָרן אויפן חשבון פון די טויזנטער הונגעריקע און קראַנקע יידן, איז געווען אַ צווייטער נייער קלאַס.

אין געטאָ האָט געהערשט נישט בלויז די פּאָליציי, נאָר אויך אַ מוראדיקער הונגער. אויף טריט און שריט האָט מען געזען אויף די טראָ־טואַרן האַלב־אויסגעטויטע סקעלעטן, וועלכע האָבן געבעטלט ברויט. ס׳איז געווען נישט זיכער אַדורכצוגיין דורך אַ גאַס מיט אַ פּעקל שפּייז. פון יעדן ווינקל האָבן געלויערט אויגן פון אויסגעהונגערטע קינדער, וועלכע האָבן זיך געוואָרפן אויף דעם ברויט אָדער אַנדערע עסנוואַרג, האָבן עס צוגע־כאַפּט און זענען פאַרשוואונדן אין זייערע נאָרעס.

צווישן דעם געטאָ און דער אויסערלעכער „אַרישער" וועלט האָט זיך אַנטוויקלט אַ סיסטעמאַטישער שמוגל. מ׳האָט עס געטון אויף פאַרשידענע אופנים: מען האָט איבערגעקויפט די דייטשע אָדער פּוילישע פּאָליציי; פּאָליאַקן האָבן אַראָפּגעוואָרפן די פּראָדוקטן פון טראַמוואַי, וועלכער איז נאָך אין יענער צייט אַדורכגעפאָרן דורכן געטאָ; מ׳האָט אין באַשטימטע

ערטער די פּראָדוקטן אַריבערגעוואָרפן איבער דער געטאָ־מויער. פון שמוגל זענען אויפגעקומען נייע גבירים.

דער אונטערשייד צווישן רייך און אָרים האָט ממש געריסן די אויגן. אַפילו דער טויט האָט דעם דאָזיקן אונטערשייד נישט פאַרווישט. רייכע יידן האָבן נאָכן טויט נאָך אַלץ געהאַט געהעריקע לוויות, געשטאָרבענע אָרימע־לייט האָבן אַפילו צו דעם נישט זוכה געווען. יעדן אינדערפרי האָט מען פאַר די הייזער פון דער אָרימער באַפעלקערונג און פאַר די פּליטים־היימען געזען אויפן טראָטואַר נאַקעטע מתים, וואָס זענען געווען צוגעדעקט מיט צייטונגען. די אָרימע קרובים, וועלכע האָבן נישט געקאָנט באַצאָלן פאַר אַ לוויה, האָבן אַרויסגעלייגט זייערע מתים אויף דער גאַס, כדי די שוואַרצע וועגענער וואָס זענען אַרומגעפאָרן אין געטאָ יעדן פרימאָרגן, זאָלן זיי צונעמען.

אין זעלבן געטאָ, וואו מען האָט אונטערגעוואָרפן געשטאָרבענע עלטערן אָדער קינדער, האָט מען אויך געהוליעט אין קאַבאַרעטן. אין די עטלעכע טעג, וואָס איך בין דאָרט געווען, האָב איך געזען צוויי אַזעלכע ערטער. אויף לעשנאָ 2, וואו ס׳איז פריער געווען גערטנערס באַרימטער רעסטאָראַן, האָט זיך איצט געפונען אַ קאַבאַרעט אונטערן נאָמען שטוקאַ. מיינע אַ פריינדין, לייקע שטאָלצמאַן, סעקרעטאַרין אין דער יידישער געזעלשאַפט־לעכער אָרגאַניזאַציע זשיטאָס, האָט צו מיר געזאָגט: אויב דו ווילסט האָבן אַן אַנונג וועגן יידישן לעבן אין וואַרשעווער געטאָ, מוזטו אַלץ זען, זי האָט מיך צוגערעדט אַריינצוגיין אין שטוקאַ. איך האָב טאַקע געזען ווער עס קומט אַריין אין דעם נאַכט־לאָקאַל און וואָס דאָרט קומט פאָר.

אין געטאָ איז געווען דערלויבט צו ברענען די עלעקטריע בלויז ביז אַ באַגרענעצטער צייט. שפּעטער אין מען געזעסן אין דער היים ביי ליכטע־לעך אָדער נאַפט־לעמפּלעך. ווען מיר זענען צוגעקומען צום נאַכט־לאָקאַל איז די גאַס געווען אַ פינצטערע. מיין באַגלייטערין האָט צו מיר אַ זאָג געגעבן: — גיב אַכטונג נישט אַרויפצוטרעטן אויף אַ מת.

איך האָב אַ ציטער געטון און האָב טאַקע דערזען, אַז אויפן טראָטואַר איז געלעגן אַ מענטשלעך געשטאַלט אונטער אַ צייטונג. אין זעלבן הויז, וואו עס האָט זיך געפונען דער קאַבאַרעט, איז אויך געווען אַ היים פאַר פּראָווינצער יידן — אין פריערדיקן לאָקאַל פון יידישן אַרטיסטן פאַראיין אויף לעשנאָ 2. אויבן — אַ היים פאַר היימלאָזע און אונטן — אַ נאַכט לאָקאַל...

ווען איך האָב געעפנט די טיר פונם קאַבאַרעט, האָט פון אינעווייניק אַ שלאָג געגעבן אַ בלענדנדיקע ליכט. אין אַלע ווינקלען פון אָנגעפילטן לאָקאַל האָבן געברענט גרויסע־קאַרביד־לאָמפּן. ביי טישן, איבערגעדעקטע מיט ווייסע טישטוכער, זענען געזעסן גראָבע פאַרשוויצטע און האָבן געגעסן הינער, קאַטשקעס, גענז, קאַרפּן, ראַקעס און דאָס אַלץ פאַרטרונקען מיט ווייַנען און ליקערן. אינמיטן פונם לאָקאַל, אויף אַ פּאָדיום, האָט געשפּילט אַן

אָרקעסטער און ביי דער זייט זענען אויפגעטרעטן אַקטיאָרן און זינגערינס, וועלכע האָבן אַמאָל געשפּילט פאַר פּאָליאַקן. איצט האָט מען זיי דערמאָנט זייער יידישן אָפּשטאַם און אַריינגעטריבן אין געטאָ.

ווען איך בין אַריינגעקומען, איז אויף דער בינע געשטאַנען דער באַ־קאַנטער פּוילישער אַקטיאָר מיכאַל זניטש (אַ ייד לויט דער אָפּשטאַמונג). ער האָט געשפּילט אַ קאָמישע ראָל, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ סך געלעכ־טער. שפּעטער איז אַרויסגעקומען אַ זינגערין מיטן נאָמען וויעראַ גראַן און זי האָט געזונגען אַלטע פּוילישע שלאַגערס און ראָמאַנטישע לידער. דער עולם, וואָס האָט דאָ געדיכט באַזעצט די טישלעך, איז באַשטאַנען פון דער נייער געטאָ־„אַריסטאָקראַטיע״: גרויסע שמוגלער, הויכע פּאָליצייאישע באַאַמטע און פאַרשידענע מאַכערס. אַהער זענען אויך געקומען דייטשן, אײ־בערגעטועגע אין ציוויל, וועלכע האָבן אין יענער צייט געהאַנדלט מיט יידן. צווישן די ווענט פונם קאַבאַרעט האָט מען אינגאַנצן נישט געפילט די גרוילעכע טראַגעדיע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט מיט אַ פּאָר מעטער ווייטער. דער עולם האָט דאָ געגעסן און געטרונקען און געלאַכט מיט אַ הויך און זאָרגלאָז געלעכטער.

דאָס איז געווען אַ קליין און אַ שענדלעך ווינקל אין דעמאָלטיקן יידישן וואַרשע — אין דער שטאָט פון פּיין, הונגער, גרויל און אויך פון אַן אינ־טענסיוו געזעלשאַפטלעך לעבן. יאָ, אין זעלבן וואַרשעווער געטאָ האָט אויך פּולסירט אַן אייגנאַרטיק געזעלשאַפטלעך יידיש לעבן. אין יעדן הויז האָט עקזיסטירט אַ קאָמיטעט וואָס האָט אָפּגעהאַלטן זיצונגען און גערופן פאַרזאַמ־לונגען, האָט געזאָרגט פאַר די צום מערסטן הונגעריקע, האָט איינגעאָרדענט קולטור־אונטערנעמונגען, האָט געפירט קינדער־גערטנער און אויסגעהאַלטן געהיימע שולן פאַר יוגנטלעכע. אין צענטליקער הייזער האָבן געלעבט בונדיסטן, וועלכע האָבן געלייענט פאַר די איינוואוינער די געדרוקטע ביולעטינען און עס זענען אויך געווען טעטיק אַנדערע פאַרטייאישע גרופּן, וועלכע האָבן געפירט אַ געהיימע, דערציערישע אַרבעט.

איך בין אַוועק אין לאָקאַל פון דער יודאַיסטישער ביבליאָטעק אויף טלאַ־מאַצקע 5, וואו עס איז דעם אָוונט אויפגעטראָטן דער כאָר פון אונזער יוגנט־בונד צוקונפט. כאָטש דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט מיר אָנגעזאָגט נישט צו וואַרפן זיך אין די אויגן, האָב איך נישט געקענטביישטיין דעם נסיון נישט צו זיין אויף אַזאַ קאָנצערט. דער זאַל איז געווען געפּאַקט. דער עולם איז געשטאַנען געדיכט צוזאַמענגעדריקט. קיינער האָט נישט געמאָלדן, אַז דער אָוונט איז איינגעאָרדנט דורכן בונד, אָבער ס׳איז נישט נויטיק געווען. אויף דער טריבונע זענען געזעסן סאָניע נאָוואָגרודסקי און לאָזער קלאָג. דאָס איז געווען געגנוג. דאָס יידישע וואַרשע האָט זיי געקענט און זיי האָבן סימבאָליזירט די בונדישע באַוועגונג. אויף דער בינע איז געשטאַנען אַ גרופּע פון 50 יוגנטלעכע כאָריסטן — אַלע אָנגעטון אין זייערע יום־טובדיקע מלבושים,

פריש צוגעקעמט און אָפּגעוואַשן. מיט קלינגענדיקע שטימען האָבן זיי גע־זונגען יידישע פֿאָלקס־לידער און אַרבעטס־לידער. ערשט נישט לאַנג זענען זיי אַרומגעלאָפֿן איבער די גאַסן, האָבן געזוכט עפּעס צו פֿאַרדינען פֿאַר די הונגעריקע פֿאַמיליעס, אָדער האָבן געאַרבעט די שקלאַפֿן־אַרבעט אין די שעפּער, איצט זענען זיי שוין געשטאַנען לויטערע און יום־טובדיקע און האָבן געזונגען מוטיקע יידישע לידער. פֿאַר זיי איז געשטאַנען דער באַ־קאַנטער דיריגענט יעקב גלאַטשטיין און דער פֿיל־געפֿאַקטער עולם האָט געקוקט מיט גליענדיקע אויגן אויף די יוגנטלעכע זינגער פֿון גוט־באַקאַנטן צוקונפֿט־כאָר.

שפּעטער האָט אויפֿן זעלבן אָוונט געהאַלטן אַ רעדע וועגן שרייבער יעקב דינעזאָן · אַ לאָדזשער בונדישער טוער, דער לערער בנימין ווירקאָווסקי. ער האָט בעיקר זיך אָפּגעשטעלט אויף דינעזאָנס שאַפֿונג יאָסעלע, און ברייט גערעדט וועגן די געכאַפּטע קינדער־קאַנטאָניסטן, וועגן די רייכע יידן וואָס האָבן אָפּגעקויפֿט זייערע זין פֿון צאַרישן מיליטער און אויף זייער אָרט געשיקט אָרימע קינדער. דער פֿאַרזאַמלטער עולם האָט פֿאַרשטאַנען דעם רמז: אויך איצט, אין געטאָ, איז פֿאָרגעקומען דאָס זעלבע. רייכע יידן האָבן זיך אויסגעקויפֿט. די גאַנצע לאַסט פֿון שקלאַפֿן־אַרבעט איז געפֿאַלן אויף די אָרימע. דער עולם האָט עס פֿאַרשטאַנען און האָט אַפּלאָדירט מיט ביטערניש און צאָרן.

אַ צווייטן אָוונט בין איך אַוועק אויף זאַמענהאָף־גאַס נומער 13. דאָרט זענען פֿאָרגעקומען יעדן פֿרייטאָג ליטעראַרישע אָוונטן, וואָס זענען אָנגעפֿירט געוואָרן פֿון דעם שרייבער יצחק קאַצענעלסאָן.

וואָן איך בין אַריינגעקומען אין דעם קליינעם זאַל, איז ער שוין געווען אַ פֿולער מיט יונגע מענער און פֿרויען. אויבנאָן ביי דעם טישל זענען גע־זעסן דריי יונגע שרייבער, וועלכע האָבן שפּעטער געלייענט זייערע עסייען און לידער. דעם אַריינפֿיר האָט געהאַלטן קאַצענעלסאָן. די שטימונג צווישן עולם איז געווען אַ הייטערע אָבער אַן ערנסטע, מ׳האָט זיך אויפֿמערקזאַם צוגעהערט צו די שרייבער. אַ גייסטיקע דערהויבונג האָט געהערשט אין דעם קליינעם זאַל (פֿאַקטיש איז עס געווען אַ גרויסער צימער פֿון אַ פּריוואַטער וואוינונג).

די טעמע פֿון די לידער און די עסייען זענען געווען געפֿלאָכטן מיט דעם אַקטועלן לעבן פֿון דער צייט. ווען מ׳האָט געהערטריידן קאַצענעלסאָנען, האָט מען געפֿילט ווי דער קינסטלער פֿירט ביי די הענט די יונגע שרייבער, וואָס וואַקסן אויס ווי רויזן אויף דער בלוטיקער שוואַרצער ערד. ער האָט שוין דעמאָלט געוואָרפֿן שפּיזן און פֿיילן צו דער פֿרייער וועלט און צו גאָט, וואָס שוויגט, ווען דאָס יידישע פֿאָלק טרינקט זיך אין טייכן בלוט.

ביידע קולטור־אָוונטן — סיי אויף טלאָמאָצקע 5, סיי דער ליטעראַרי־שער אָוונט — האָבן מיך גייסטיק געמוטיקט און דערהויבן, אָבער אַ טיפֿער

שוויס האָט מיך באַגאָסן, ווען כ׳האָב זיך דערמאָנט אין דעם העל־באַלויכ־טענעם פּינצטערן ווינקל פון קאַבאַרעט. צווייערליי יידן...

פאַרן אַוועקפאָרן פון וואַרשע האָב איך נאָך געהאַט אַ געלעגנהייט צו הערן אַ בונדישן וויכוח, וואָס איז געפירט געוואָרן אַזוי לעבעדיק אוןליידנשאַפטלעך, ווי בעת די דעבאַטעס פון פאַר דער מלחמה. ס׳איז געווען דאָס לעצטע מאָל ווען איך האָב געזען אַזאַ גרויסע צאָל בונדיסטן דעבאַטירן הייס וועגן אַן ענין, וואָס איז אין יענער צייט געשטאַנען אויף דער טאָג־אָרדנונג: די פראַגע וועגן די יידן־ראַטן.

די פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אין לאָקאַל אויף אָרלע גאַס נומער 3, וואו עס איז געווען אונזער פאַלקס־קיך. דער זאַל איז געווען פול מיט אַר־בעטער און אינטעליגענטן — טוער פון בונד און פון די פּראָפּעסיאָנעלע פאַראיינען. רעפעראַטן וועגן דער פראַגע האָבן געהאַלטן מאַוריצי אָזשעך און מאיר מערמעלשטיין (פון לאָדזש).

ווען כ׳האָב זיך צוגעהערט צו די ווערטער פון די צוויי רעפערענטן און נאָכדעם צו דער הייסער דיסקוסיע, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט, האָב איך זיך דערמאָנט, אַז די זעלבע אַרגומענטן פאַר אָדער קעגן באַטייליקונג אין די יידן־ראַטן האָב איך געהערט אין די באַזוכטע שטעט און שטעטלעך.

מאַוריצי אָזשעך האָט אויסגעדריקט די מיינונג פון די, וועלכע זענען געווען קעגן אַריינטרעטן אין די יידן־ראַטן. פאַר די קעגנער איז דער ענין געווען אַ קלאָרער: די יידן־ראַטן זענען אינסטיטוציעס וואָס די געשטאַפּאָ האָט אָרגאַניזירט מיטן ציל אויסצופירן די גזירות קעגן יידן מיט יידישע הענט. אַ סך יידן־ראַטן זענען באַלד אין אָנהייב פון זייער עקזיסטענץ געוואָרן איינגעשפּאַנט אין אַנטי־יידישער אַרבעט. די געשטאַפּאָ האָט פון זיי פאַרלאַנגט מ׳זאָל איר אויסזאָגן די נעמען פון די, וואָס האָבן זיך אויסבאַ־האַלטן פון דער צוואַנג־אַרבעט. זי האָט אויך פאַרלאַנגט, אַז די יידן־ראַטן זאָלן האַלטן אַן אויג אויף דער געהאָרכזאַמקייט און פאָליטישער כשרות אין די געטאָס. אין אַ סך פאַלן האָט די געשטאַפּאָ געפאָדערט די נעמען פון די, וואָס זענען געווען באַטייליקט אין דער אונטערערדישער באַוועגונג. די יידן־ראַטן זענען געוואָרן אַ נעסט פון קאָרופּציע. זייערע מיטגלידער האָבן אויס־גענוצט די פּריווילעגירטע פּאָזיציע, כדי זיך צו באַרייכערן, זיי האָבן גענומען געלט ביי די רייכערע און אַרויפגעשטעלט אויף דער ליסטע פון „אַרבעט־פליכטיקע״ די אָרימע. יידן־ראַטן האָבן געהאַנדלט מיט פאַרשידענע קאָנ־צעסיעס און פּאַסיר־שיינען. אין רוב פאַלן זענען זיי געווען אַ סימבאָל פון דעמאָראַליזאַציע און געפאַלנקייט. מאַוריצי אָזשעך האָט לסוף רעקאָמענדירט צו פאַרשטאַרקן די פאַרבינדונג מיט די פּוילישע אַרבעטער, מיט דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. מ׳דאַרף זיך אָריענטירן אויף פאַר־שטאַרקן דעם ווידערשטאַנד און דעם קאַמף קעגן דער נאַצישער אָקופּאַציע־

מאַכט און אָרגאַניזירן מער קאָנקרעטע הילף פאַר די אָרימע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג.

מאיר מערמעלשטיין האָט אויסגעדריקט די מיינונג, אַז מען דאַרף אין די יידן־ראַטן יאָ זיך באַטייליקן. ער האָט אַרגומענטירט אַזוי: די בונדיסטן האָבן פאַרן קריג צאָלרייך זיך באַטייליקט אין די יידישע קהילות, וואו זיי האָבן רעפּרעזענטירט די אינטערעסן פון דער יידישער אַרבעטנדיקער און אָרימער באַפעלקערונג. אויב בונדיסטן וועלן זיך נישט באַטייליקן אין די יידן־ראַטן, וועלן די יידישע פאָלקס־מאַסן פאַרבלייבן אין גאַנצן אָן שום פאַרטרעטער אין די קערפּערשאַפטן, וואָס פירן אויס אַ ריי וויכטיקע פונקציעס אין די געטאָס. קיינער וועט זיי נישט פאַרטיידיקן, קיינער וועט זיך נישט אַנטקעגנשטעלן דער הפקרות לגבי די אָרימע. ס׳דאַרף אויך זיין עמיצער, וואָס זאָל אַכטונג געבן, אַז ביים אויסטיילן מאַטעריעלע הילף, שפּייז־אַרטיקלען, אָדער קוילן צום הייצן, זאָלן די אָרימע נישט פאַרטיילט ווערן. מען טאָר נישט לאָזן איבגאַנצן אויף הפקר אַזאַ גרויסן טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס האָט פאַרן קריג אויסגעדריקט דעם בונד אַזוי פיל צוטרוי.

אַ סך חברים האָבן זיך פאַרשריבן צום וואָרט און עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ הייסע דיסקוסיע. טייל חברים האָבן געהאַט אַ קלאָרע מיינונג, אַנדערע זענען געווען פול מיט ספקות.ביידע שטאַנדפּונקטן האָבן געהאַט זייערע פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע זייטן. אויף דעם אָוונט איז די דיסקוסיע נישט געוואָרן פאַרענדיקט. זי האָט געדאַרפט שפּעטער אויפגענומען ווערן אויף דער לאַנד־קאָנפערענץ.

כ׳האָב באַקומען דעם נויטיקן פּערזענלעכן דאָקומענט און אַ געוויסע סומע געלט, וואָס איך האָב געזאָלט פונאַנדערטיילן אין פאַרשידענע שטעט. מיט אַ פּעקל בונדישע אונטערערדישע צייטונגען האָב איך פאַרלאָזט וואַרשע.

* * *

ווי אַ קוריער פון אונטערערדישן בונד איז מיר אויסגעקומען צו באַזוכן אַ צאָל שטעט און שטעטלעך. אַ טייל פון זיי האָב איך באַזוכט עטלעכע מאָל. אין דער פּראָווינץ איז געווען פיל שווערער צו פירן אַן אונטערערדישע אַרבעט. די מענטשן, וואָס האָבן דאָס געטון אין די קלענערע ערטער, זענען געווען אַלעמען גוט באַקאַנט. דער געשטאַפּאָ איז דעריבער לייכטער אָנגעקומען געוואָר צו ווערן ווער די מענטשן זענען. אָפטער ווי אין די גרויסע שטעט האָט מען אין דער פּראָווינץ געמוזט בייטן די חברים, וואָס האָבן געפירט די אונטערערדישע בונדישע אַרבעט. די אונטערערדישע אַרבעט אין דער פּראָווינץ איז שטאַרק באַשווערט געווען צוליב דעם וואָס די דייטשע אָקופּאַנטן האָבן אָנגעווענדט דעם סיסטעם פון קאָלעקטיווער פאַראַנטוואָרט־

לעכקייט. דאָס האָט געשטערט אונטערצונעמען גרויסע אַקציעס, פאַר וועלכע ס׳וואָלטן באַצאָלט מיט זייער לעבן אומשולדיקע יידן, וואָס האָבן צו דער אונטערערדישער באַוועגונג קיין שייכות נישט געהאַט.

וועגן יעדער באַזונדער שטאָט און שטעטל, וואָלט איך געקאָנט גאָר אַ סך דערציילן — די בילדער שטייען מיר נאָך לעבעדיק פאַר די אויגן, הגם די געגנויע דאַטעס פון מיינע באַזוכן זענען במשך די אָפּגעלאָפענע צוויי צענטליק יאָר פאַרנעפּלט געוואָרן אין מיין זכרון — כ׳וועל זיך אָבער אַליין באַגרענעצן סיי לגבי דער צאָל שטעט, סיי לגבי די אָרטיקע מענטשן און אַקטיוויטעטן.

# 10. מעזריטש

די שטאָט מעזריטש איז מיר נאָך געווען באַקאַנט פון פאַרן קריג. איך בין אַהין אַ סך מאָל געפאָרן ווי אַ פאָרשטייער פון בונד און פון די פּראָפּע־סיאָנעלע פאַראיינען. כ׳האָב גוט געקענט דעם מאַרק־פּלאַץ, די חנעוודיקע געסלעך מיט די הילצערנע אָדער געמויערטע הייזלעך. מעזריטש איז געווען אַ שטאָט פון יידישע אַרבעטער, דער עיקר פון בערשטער. דאָס בערשטער־פאַך איז געווען אויסשליסלעך אין יידישע הענט און איז איבערגעגאַנגען פון טאַטן צו קינדער. יידישע אַרבעטער זענען דאָרט געווען באַשעפטיקט אויך ביי אַנדערע פאַכן, דער עיקר שניידעריי. נאָך פון די פאַרמלחמהדיקע צייטן האָב איך גוט געקענט דעם דראָזשקאַזש מרדכי צוקער, וועלכן מען האָט גערופן מיטן צונאָמען האַניק. דאָס איז געווען אַ הויכער, אַ קרעפטיקער און אַ זייער פריילעכער ייד. מרדכי האָניק איז געווען אַ פשוטער ייד און האָט נישט געוואוסט קיין סך וועגן פּאָליטיק. זיינע צוויי טעכטער זענען געווען אַקטיווע און מסירת־נפשדיקע בונדיסטקעס פון זייערע פריסטע קינדער־יאָרן.

איצט בין איך ווידעראַמאָל געפאָרן קיין מעזריטש. דאָס מאָל איז נישט געפאָרן מער דער בונדישער אַרבעטער יאַנקל צעלעמענסקי, נאָר אַ פּאָליאַק טשעסלאַוו. כ׳בין געפאָרן אין וואַגאָן פון דער באַן און האָב געפילט אַ טיפן אומרו. כ׳האָב געוואוסט, אַז פון דער באַן איז אַ לאַנגער וועג אין שטאָט אַריין. ווי אַזוי באַקומט מען זיך אַהין? דער אָוונט האָט שוין אָנגעהויבן צוצופאַלן און ס׳איז געווען אַ געפּאַר אַרומצודרייען זיך אין דער פינצטערניש. ס׳איז אויך געווען נישט געזונט אין דער שפּעטער שעה אַריינצוגיין אין קוואַרטאַל, וואָס איז באַשטימט געוואָרן פאַר די מעזריטשער יידן.

איך בין אַזוי געזעסן אַ פאַרזאָרגטער און האָב נישט געקאָנט פון מיר אָפּטרייבן די פיינלעכע געדאַנקען. פּלוצלונג האָב איך דערהערט ווי איינער פון די פּאַסאַזשירן האָט זיך הויך אָנגערופן צו אַ צווייטן: — וואָס טוסטו דאָ? ווי מעגסטו פאָרן מיט דער באַן?

אַלע פּאַסאַזשירן האָבן אויסגעדרייט די קעפּ צום געפרעגטן, איך האָב דערזען, אַז דאָס איז אַ ייד — אַ דראָבנער, אַ קליינוואוקסיקער, מיט אַן אָרעם־באַנד און אַ מגן־דוד אַרום אַרבל. די פּוילישע פּאַסאַזשירן האָבן

נישט אַרויסגעוויזן צו אים קיין פיינטלעכקייט. יעדער איז דאָ געזעסן פאַר־טיפט אין זיינע אייגענע געדאַנקען און זאָרגן. דער ייד האָט צוריק געענט־פערט דעם פּאָליאַק, וועלכן ער האָט, ווייזט אויס, געקענט: — איך בין פון דער מעזריטשער יידישער גמינע. כ׳האָב באַקומען אַ ספּעציעלע דערלויבניש צו פאָרן עפּעס דערליידיקן.

כ׳האָב זיך דערפרייט. ווען די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט אין מעזריטש איז שוין געווען פינצטער. צוזאַמען מיט עטלעכע פּוילישע פּאַסאַזשירן איז דער ייד אַרויף אויף אַ וואָגן מיט אַן איינגעשפּאַנט פערד. כ׳האָב זיך שנעל אַוועקגעזעצט האַרט ביי אים. דער פּוילישער פורמאַן האָט אַ שמיץ געגעבן דאָס פערד און דער וואָגן האָט מיט אַ געקלאַפּעריי זיך געקאָלערט אין דער ריכטונג פון דער שטאָט. שטילערהייט האָב איך געזאָגט צום ייד אויף פּויליש: — אַנטשולדיקט, כ׳דאַרף האָבן אייער עצה.

אַן איבעראַשטער האָט ער זיך צו מיר אויסגעדרייט און איך האָב אים באַרויִקט: — איך בין אַ קרוב פון דעם דראָזשקאַזש מרדכי האָניק. כ׳וויל מיך זען מיט מיין משפּחה.

דער ייד האָט באַקומען צו מיר צוטרוי. מרדכי האָניק איז געווען באַ־קאַנט אין שטאָט. ער האָט מיך געפרעגט: — איר ווילט צו אים פאָרן אין אַזאַ שפּעטער שעה?

— ניין. אפשר קאָנט איר מיר אָנווייזן וואו איך וואָלט געקאָנט אַראָפּ־גיין און ערגעץ איבערנעכטיקן?

— איר זענט גערעכט, האָט דער ייד צוגעשטימט. איר זענט דאָ נישט געמאָלדן און איר וואָלט געקאָנט האָבן צרות. אין אַ פּאָר מינוט אַרום וועלן מיר פאַרבייפאָרן אַ יידישע בעקעריי, וועט איר אַראָפּגיין און דאָרט וועט איר קענען פאַרברענגען די נאַכט. אויב איר וועט אַפילו נישט קאָנען שלאָפן, וועט אייך כאָטש זיין וואַרעם.

באַלד האָט מיר דער ייד אַ זאָג געגעבן: — דאָ איז עס.

איך האָב באַצאָלט דעם פורמאַן און בין אַראָפּגעשטיגן. כ׳האָב געעפנט די טיר פון דער בעקעריי. פון אינעווייניק האָט אַ שלאָג געגעבן אַ נחתדיקע וואַרעמקייט, וואָס האָט געשמעקט מיט ברויט. ביי אַ הייסן אויוון איז גע־שטאַנען דער בעקער מיט אַ פאַרמעליקטער באָרד, אָנגעטון אין אַ ווייס פאַרטוך, און זיינס אַ געזעל, אַ ייִנגעלע מיט פאַרקאַשערטע אַרבל. אַרום זענען געשטאַנען מולטערס מיט טייג. אויף דער שטיינערנער ערד זענען געלעגן נאָר־וואָס אַרויסגעצויגענע ברויטן. דער בעקער, אַ ייד אין די יאָרן, האָט מיך אָנגעקוקט פאַרחידושט און אויך אַ ביסל דערשראָקן, אָבער איך האָב אים שנעל באַרויִקט: — איך בין אַ ייד. דער דראָזשקאַזש מרדכי האָניק איז מיין קרוב. כ׳דאַרף ביי אים זיין, אָבער כ׳וועל ערשט גיין צו אים אין דער פרי.

דער בעקער האָט זיך צעשמייכלט און געזאָגט:

— ציַ איר וועט דאָ שלאָפֿן, איז אַ ספֿק, איר וועט אייך אָבער גוט אָנוואָרעמען די ביינער.

ער האָט מיר דערציילט, אַז מיט עטלעכע חדשים צוריק האָט ער אויך געהאַט אַ גאַסט, אַ פֿרוי פֿון דזשאָינט, וועלכע האָט אים צוגעזאָגט צו באַזאָרגן עטלעכע זעק מעל. איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס האָט ער געמיינט די חברטע איטקע לאַזאַר־מעלמאַן. זי איז געווען אַ קוריערין פֿון דזשאָינט, און דערביי אויסגעפֿירט שליחותן פֿאַרן בונד.

שלאָפֿן האָב איך נישט געקענט. כ'האָב אַ דרימל געטון און צוריק זיך אויפֿגעכאַפּט. פֿאַרשידענע געדאַנקען האָבן זיך מיר געפּלאָנטערט אין קאָפּ. אַזוי בין איך געזעסן אָנגעשפּאַרט אַ גאַנצע נאַכט ביי די זעק ביז דער ערשטער בלויִלעכער שטראַל איז אַריינגעפֿאַלן דורך דער טיר. דער בעקער האָט מיך מכבד געווען מיט אַ הייס גלאָז טיי און אַ שטיק געשמאַק ברויט. איך האָב זיך מיט אים גאָר פֿריינטלעך געזעגנט און בין אַוועק. איך האָב געוואוסט וואו דער דראָזשקאַזש האָט געוואוינט — אין אַ קליין אָרים הייזל אויף דעם שמאָלן בריסקער געסל. כ'האָב אָנגעהויבן צו באַגעגענען מער יידן, אָרים געקליידעטע מיטן אָרעם־באַנד. דער טאָג איז געווען אַ קאַלטער, אַ טונקעלער. אויף די פּנימער פֿון די באַגעגנטע יידן איז געלעגן אַן אומעט. איך האָב אויסגעזוכט דאָס הייזל פֿונם דראָזשקאַזש און האָב אָנגעקלאַפּט אין טיר. די טיר האָט מיר געעפֿנט ער אַליין, מרדכי האָניק. ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט חידוש און נישט דערקענט. איך האָב צו אים געזאָגט:

— גוט מאָרגן, זעט אויס, אַז איר דערקענט מיך נישט.

מיין יידיש רעדן האָט אים באַרואיקט, ער האָט צוגעמרוזשעט אַן אויג. זיין פּנים האָט פֿלוצלונג אויפֿגעשיינט: — אַ באַקאַנטער ייד, איך האָב אייך אַ פּאָר מאָל אָפּגעפֿירט פֿון דער באַן אין שטאָט אַריין.

ער האָט ברייט געעפֿנט די טיר און איך בין אַריינגעגאַנגען. דאָס גאַנצע הייזל איז באַשטאַנען פֿון אַ צימער און אַ קיכל. אַלץ האָט דאָ געווייעט מיט טרויעריקער אָרימקייט. בלויז ער אַליין, דער דראָזשקאַזש, איז געשטאַנען אַ צעשמייכלטער און אַ צופֿרידענער פֿון מיין וויזיט. ער איז געווען אַן אַלמן, און מיט אים האָט דאָ געוואוינט זיין יינגערע טאָכטער. די עלטערע טאָכטער גאָלדע איז געווען פֿאַרהייראַט און זי האָט געוואוינט באַזונדער.

ער האָט מיך אַוועקגעזעצט ביים טישל און נאָך איידער כ'האָב עפּעס באַוויזן צו זאָגן, איז ער צוגעלאָפֿן צום קיכל, אין וועלכן עס האָבן זיך געברענט אַ פּאָר העלצלעך. ער האָט צוגעשטעלט אַ טשייניק וואַסער. איך האָב אים געזאָגט: — באַמת אייך נישט. כ'בין נישט געקומען אויף לאַנג און יעדע מינוט שפּילט ביי מיר אַ ראָלע. כ'וואָלט געוואָלט זען אייער טאָכטער גאָלדע.

— אוי, גאָלדע! ער האָט זיך פֿלוצלונג דערמאָנט, אַז בעת מיינע אַמאָליקע באַזוכן האָבן מיך אָפּגעוואַרט זיין טאָכטער און דער איידעם.

זי וועט זיך שטאַרק דערפרייען פון אייער קומען, האָט ער אָן אויפגעהייטער־טער געזאָגט, וואַרט צו אַ רגע, איך וועל זי באַלד אַהערברענגען.

ער האָט אויף זיך אַרויפגעצויגן אַ קורצע בורקע און איז אַרויס. כ'בין געבליבן אַליין און האָב דערפילט די גאַנצע מידקייט, די נישט־געשלאָפענע נאַכט, די קעלט. די אויגן האָבן מיר זיך געקלעפּט פון שלעפעריקייט. ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און די טיר האָט זיך אויפגעפּראַלט. ס'זענען אַריין גאָלדע צוקער, איר מאַן חבר אברהם זדאַנאָוויטש און צום סוף דער אַלטער מרדכי האָניק.

גאָלדע צוקער איז געווען אַ הויכע, אַ שוואַרץ־האָריקע. זי האָט גע־שפּראָצט מיט ווילן און ענערגיע, האָט פאַרמאָגט אַ פעסטע אַנטשלאָסנקייט. גאָלדע איז געווען איינע פון די סאַמע אַקטיווסטע מיטגלידערינס פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע אין מעזריטש. פאַר דער מלחמה פלעגט זי פון צייט צו צייט קומען מיט פאַרטייאישע שליחותן קיין וואַרשע. אויך בעת דער דייטשער אָקופּאַציע איז זי געקומען קיין וואַרשע. איר מאַן, זדאַנאָוויטש, איז געווען פּונקט איר היפּוך: אַ געמיטלעכער, אַ ווייכער, אַ לאַנגזאַמער אין ריידן און באַוועגן זיך. פון פאַך איז ער געווען אַ בערשטער. מיט פרייד האָבן מיר זיך באַגריסט.

דער טאַטע מרדכי האָט אונז דערלאַנגט טעפּלעך טיי און האָט זיך געהאַלטן פונדערווייטנס. ער האָט פאַרשטאַנען צוליב וואָס איך בין גע־קומען און ער האָט זיך געמאַכט נישט זען און נישט הערן.

גאָלדע צוקער איז געווען אַ בונדיש קינד פון אירע יינגסטע יאָרן. זי איז דערצויגן געוואָרן אין סקיף, דער בונדישער קינדער אָרגאַניזאַציע און נאָכדעם אין יוגנט־בונד צוקונפט. אין מעזריטש, אין דער דאָזיקער רעוואָ־לוציאָנערער בערשטער־שטאָט, איז אונזער באַוועגונג געווען אַ גרויסע; דער בונד האָט דאָ געהאַט אַ גרויסע אָרגאַניזאַציע, פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן, אַ יוגנט־באַוועגונג, אַ ספּאָרט־קלוב און האָט געפירט אַ שול־און קולטור־טעטי־קייט, איצט איז דאָס אַלץ געווען צעבראָכן און צעשטויבט. כ'האָב זיך נאָכגעפרעגט אויף אַ סך חברים. כמעט ביי יעדן צווייטן נאָמען האָט חברטע גאָלדע טרויעריק אַ זאָג געטאָן: — נישטאָ. אין געפאַנגענשאַפט, אין אַן אַרבעטס־לאַגער, אין רוסלאַנד, פאַרפאַלן געוואָרן. איך האָב געבעטן, אַז זי זאָל צונויפרופן אַ זיצונג פון איבערגעבליבענעם קאָמיטעט.

זי איז אַוועק מיט איר מאַן און איך בין געבליבן. דער אַלטער מרדכי האָניק האָט מיך געוואָלט אַ ביסל אויפהייטערן. ער איז געווען אַ ייד אַ וויצלער. ער האָט שטענדיק געשאָטן מיט גלייכווערטלעך און אַזוי אויך איצט, דאָס מאָל איז ער נישט געווען בכוח צו פאַרטרייבן די שווערע שטי־מונג. לסוף האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אַקעגנאיבער מיר און געזאָגט: — איר זענט געקומען אין אַ שלעכטן טאָג. ס'איז דאָ נעכטן פאָרגעקומען אַ שרעקלעכע זאַך.

ער האָט מיר דערציילט, אַז די געשטאַפּאָ האָט נעכטן דערשאָסן אויף דער גאַס דעם מורה־הוראה. דער מעזריטשער מורה־הוראה איז געווען אַ קליינגעוויקסיקער, אַ הויקער. ער האָט געשמט מיט זיין למדנות און גוט־האַרציקייט. די דייטשן האָבן אים געוואָלט דעפּאָרטירן, אָבער ער האָט זיך נישט געוואָלט צושטעלן, און ער האָט זיך באַהאַלטן. די געשטאַפּאָ האָט גענומען 25 יידן פון שטאָט פאַר זאַקלאַדניקעס און געמאָלדן, אַז אויב דער „יודע" וועט זיך נישט צושטעלן, וועלן זיי דערשיסן אַלע 25 יידן. אַז דער מורה־הוראה איז פון דעם געוואָר געוואָרן, איז ער אַוועק אין געשטאַפּאָ. דאָרט האָט מען אים געפּייניקט און נאָכדעם האָט מען אים אַרויסגעפירט אויף דער גאַס און דערשאָסן. די גאַנצע שטאָט איז איצט אין אַ פינצטערער שטימונג און נידערגעשלאָגן.

ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און גאָלדע מיט איר מאַן זענען צוריק־געקומען. צוזאַמען מיט זיי זענען געקומען משה עזרא עדעלשטיין — דער פאָרזיצער פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע, הערשל באָראָווסקי — אַק־טיווער בונדיסט נאָך פון די צאַרישע צייטן, אַלטער שטאָקמאַן — אַ פריי־ערדיקער שטאָטישער ראַטמאַן און דאָזאָר פון דער קהילה, משה גרינ־בוים — פאָרשטייער פון דער יוגנט.

די זיצונג האָט זיך אָנגעהויבן אין אַ געדריקטער שטימונג. דער פאָרזיצער משה עזרא עדעלשטיין האָט אין געצייליטע ווערטער איבערגעגעבן אַ באַריכט וועגן דעם יידישן לעבן אין מעזריטש. קיין געטאָ איז נאָך נישט געווען, נאָר בלויז אַן אויסגעטיילטע געגנט, אָבער די לאַגע איז געווען אַן אומדערטרעגלעכע. אין דער אַרומיקער געגנט האָבן די נאַציס אויס־געליידיקט די שטעטלעך און די יידן אַריינגעטריבן אין מעזריטש. דאָס יידישע מעזריטש האָט אַליין זיך געקורטשעט אין הונגער און אונטער טע־ראָר. פאַר די אַריינגעטריבענע פליטים איז נישט געווען קיין ברויט און קיין פּאָדלאָגע, וואו אַוועקצולייגן דעם קאָפּ. די גאַנצע אַרבעט אין שטאָט איז געגאַנגען אויסשליסלעך פאַר די דייטשן. פאַר דער מלחמה זענען געווען צוויי בונדישע דאָזאָרעס אין דער קהילה. איצט האָבן זיי ביידע נישט גע־וואָלט מיטאַרבעטן. די סיבה איז געווען די זעלבע ווי אין פיל אַנדערע שטעט: דעמאָראַליזאַציע און קאָרופּציע, וואָס האָבן זיך ברייט צעלייגט אין יידן־ראָט. נישט ווייט פון מעזריטש, אַ ניין קילאָמעטער פון שטאָט, האָבן די דייטשן געשאַפן אַן אַרבעט־לאַגער און דאָרט פאַרשלאָסן עטלעכע הונדערט מענער. גאָלדע צוקער, וועלכע האָט אויסגעזען ווי אַ קריסטין, איז געווען די פאַרבינדלעריין צווישן שטאָט און לאַגער. צוזאַמען מיט איר שוועסטער איז זי אַוועק אין די דערפער און איינגעקויפט פּראָ־דוקטן פאַר די חברים אין לאַגער. זי האָט אויך געבראַנגט פוטער, אייער און מילך פאַר מעזריטשער יידישע קינדער.

די קאָמיטעט־חברים האָבן מיר אויך איבערגעגעבן וואָס ס'איז געוואָרן

פון דעם בערשטער־קאָאָפּעראַטיוו. ער האָט געהאַט אַ סקלאַד חזיר־האָר. אַ גרעסערער סכום חזיר־האָר ליגט באַהאַלטן. פון צייט צו צייט פאַרקויפט מען אַביסל פון געבליבענעם זאַפּאַס און מיטן דאָזיקן געלט העלפט מען מיטגלידער פון בערשטער־פאַראיין, ווי אויך פרויען און קינדער, וואָס זענען געבליבן אָן זייערע שפּייזער.

ווי אין אַלע שטעט, פירן דורך די דייטשן כסדרדיקע כאַפּענישן אויך אין מעזריטש. די דייטשן קאָנען באַקומען זייער צאָל יידישע אַרבעטער דורך דעם יידן־ראַט, אָבער דער ציל פון די כאַפּענישן איז צו פאַרוואַנדלען די שטאָט אין אַ ווילדן וואַלד, וואו מען איז אויסגעשטעלט אויף אַ כסדרדיקער מענטשן־יאַגד. נישט געקוקט אויף דעם האַלטן זיך די יידן מיט אַ סך קוראַזש און ווירדע. דעם לעצטן 1טן מאַי האָבן די אַרבעטער געפייערט אויף אַ רירנדיקן אופן. זיי זענען געגאַנגען גרופּנווייז איבער דער שטאָט, אין שווייגנדיקע מחנות. כאָטש ס׳איז נישט אויסגערעדט געוואָרן קיין וואָרט און מען האָט נישט געזונגען קיין לידער, איז די גאַנצע שטאָט געווען אונטערן איינדרוק פון דער נישט־געוויינלעכער מאַניפעסטאַציע. דער בונד איז ווייטער טעטיק. די באַוועגונג איז געטיילט אין קליינע גרופּן און עס קומען זיך אויך צוזאַמען די יוגנט־גרופּן. מ׳לייענט מיט גרויס אינטערעס די ביולעטינען און אַנדערע ליטעראַטור, וואָס מ׳שיקט פון וואַרשע. די אומלעגאַלע ליטעראַטור הויבט אין דער פינצטערער צייט די מאָראַל פון די חברים.

צום סוף פון דעם צוזאַמענטרעף האָב איך זיי אָפּגעגעבן מיין באַריכט פון וואַרשע און פון אונזערע אַרבעטן אין אַ ריי שטעט. איך האָב זיי געזאָגט, אַז דער צענטראַל־קאָמיטעט פּלאַנט צונויפצורופן אַ לאַנד־קאָנפערענץ און האָב זיי פאָרגעלייגט צו באַשטימען אַ דעלעגאַט פון מעזריטש. אויב זיי ווילן אים נישט באַשטימען אין מיין אָנוועזנהייט, קאָן עס געטון ווערן שפּעטער. איך האָב זיי איבערגעגעבן וועגן דעם מאַטעריעלן מצב פון די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס און פון די אָנפירנדיקע אינסטאַנצן אין וואַרשע, וועלכע דאַרפן אויך זאָרגן פאַר אַנדערע שטעט. דער קאָמיטעט האָט באַשלאָסן מיר איבערצוגעבן די גרויסע סומע פון 25 טויזנט זלאָטעס. דער פאָרזיצער האָט זיך געווענדעט צום יונגסטן פון אַלע אָנוועזנדיקע, צו משה גרינבוים, וועלכער איז געזעסן אין אַ זייט און צו אים געזאָגט: — דו ביזט דער יונגסטער צווישן אונז, דו האָסט די גרעסטע שאַנסן איבערצולעבן, זאָל דאָס געלט איבערגעגעבן ווערן דורך דיין האַנט (ער איז טאַקע געבליבן לעבן און געפינט זיך איצט אין אַמעריקע).

ס׳איז געווען זייער רירנדיק, ווען דער יונגער חבר האָט מיר — מיט ציטערדיקע הענט — איבערגעגעבן די מתנה פאַר דער פּאַרטיי.

פאַרן ענדיקן די זיצונג האָט דער אַלטער בונדיסט הערשל באָראָווסקי אַרויסגעצויגן פון דער קעשענע אַביסל משקה און האָט געזאָגט: — דאָס

איז אַלץ, וואָס איז מיר פאַרבליבן פון די גוטע צייטן. מיר זענען דאָך שטענדיק געוואוינט געווען צו מאַכן באַנקעטן פאַר אונזערע געסט. לאָמיר איצט אויך אויסטרינקען לחיים.

פאַר יעדן פון די אָנוועזנדיקע איז געווען נישט מער ווי אַ קליין ביסל אויף צו באַנעצן דעם גומען. צום סאַמע סוף האָב איך זיי איבערגעגעבן אַ פעקל צייטונגען און די חברים האָבן איינציקווייז פאַרלאָזט דאָס הייזל אין אַ בעסערער שטימונג.

פאַרנאַכט, ווען עס איז שוין געוואָרן גוט טונקל, בין איך אַריבער אין הויז פון די חברים זדאַנאָוויטש און האָב דאָרט איבערגענעכטיקט. דאָס פאָרפאָלק האָט געהאַט צוויי פרעכטיקע מיידעלעך און גאָלדע האָט זיי כסדר צו זיך געטוליעט. איר אַרבעט, איר אַרומגיין אין די דערפער נאָך שפּייז־פּראָדוקטן און דער קאָנטאַקט מיטן אַרבעטס־לאַגער איז געווען פאַרבונדן מיט כסדרדיקע סכנות. זי האָט דעריבער יעדעס מאָל זיך געזעגנט מיט די קינדער, ווי זי וואָלט זיי געזען צום לעצטן מאָל.

באַלד אין דער פרי האָט זיך גאָלדע אויפגעהויבן און האָט זיך געגרייט צו גיין אין לאַגער אַריין. זי האָט מיר פאַרגעלייגט, אויב איך וויל, מיטגיין און זען דעם לאַגער. מיין קומען צום לאַגער, האָט זיך געזאָגט, וועט זיין אַ גרויסע דערמוטיקונג פאַר אונזערע חברים, וואָס געפינען זיך דאָרט.

מיר זענען אַרויס פון שטוב אויף דער גרויער און קאַלטער גאַס. דער לאַגער האָט זיך געפונען ניין קילאָמעטער הינטער דער שטאָט, אָבער מען האָט נאָך געמוזט אָפּטרעטן אויפן וועג אין עטלעכע דערפער און איינקויפן שפּייז־פּראָדוקטן. אָנקומען צום לאַגער האָט מען געדאַרפט פינף נאָכמיטאָג, ווען די יידן זענען צוריקגעטריבן געוואָרן פון די פאַרשידענע אַרבעטן אין זייער געפענגעניש, וואָס איז געווען אַרומגעצוימט מיט דראָטן. חברטע גאָלדע האָט זיך גוט אָן עצה געגעבן אין אירע משא־ומתנס מיט די פויערים. זי האָט אומעטום איינגעקויפט אַלץ, וואָס זי האָט געדאַרפט און נאָכדעם זענען מיר דורך שמאָלע זייטיקע וועגן צווישן די דערפער אַרויסגעקומען אויף דעם הויפּט־שאָסיי, וואָס האָט געפירט דירעקט אין לאַגער אַריין. פון ביידע זייטן האָבן זיך געצויגן שיטערע וועלדלעך. גאָלדע האָט מיר געגעבן אַ צייכן און איך האָב אַ קוק געגעבן פאָרויס.

כ׳האָב פאַר מיר געזען דעם לאַגער. כ׳האָב דערזען די פאַרצוימונג, וואָס איז געווען געמאַכט פון שיטער־צעשטעלטע קלעצער, צוזאַמענגעבונדן מיט געדיכטע שורות פון שטעכיקן דראָט. אינעווייניק אין לאַגער זענען געשטאַנען הילצערנע באַראַקן און מען האָט דאָרט נישט געזען קיין שפּור פון קיין מענטש. בלויזביים טויער, האַרט ביים שאָסיי, האָט זיך אַרומגעדרייט אַן ס. ס.־מאַן מיט אַ ביקס. גאָלדע האָט אַ קוק געגעבן אויף איר האַנט־זייגערל און האָט געזאָגט: — זיי דאַרפן באַלד אָנקומען. מיר מוזן זיך דאַ ערגעץ

אַרומדרייען אויף אַ זייטיקן וועג, כדי זיך נישט צו וואַרפן אין די אויגן. ווען מיר וועלן זיי דערזען, וועלן מיר צו זיי אַרויסגיין (ס'זענען אויך געווען עטלעכע פּאָליאַקן, וועלכע האָבן געהאַט עפּעס צו פֿאַרקויפֿן צו די געפֿאַנגענע יידן).

אַ 5־10 מינוט האָבן מיר זיך אַרומגעדרייט אויף אַ זייטיקער סטעזשקע, נישט ווייט פֿון הויפּט־שאָסיי. פּלוצלונג האָבן מיר דערהערט טריט פֿון הונדערטער פֿיס. מיר זענען יעדער באַזונדער שנעל אַרויס אויפֿן שאָסיי. איך האָב דערזען פֿאַר מיר אַ מאַרשירנדיקע, געדיכטע מחנה. פֿון ביידע זייטן זענען געגאַנגען אַ צוויי־דריי ס.־ס.־לייט און עטלעכע יידישע „אויפֿזעער". די יידן זענען געווען אויסגעמוטשעט און האָבן קוים געשלעפּט זייערע פֿיס. זיי האָבן באַלד דערזען גאָלדען, וועלכע איז אָן שום וואַקלעניש צוגעגאַנגען צו איינעם פֿון די מאַרשירנדיקע און אים איבערגעגעבן די פּעקלעך פּראָדוקטן. נישט די ס. ס. לייט און נישט די יידישע „קאַפּאָס" האָבן געשטערט, הגם זיי האָבן געזען. אין אַ מינוט אַרום איז די גאַנצע מחנה פֿאַרשלונגען געוואָרן אין לאַגער און דאָס טויער האָט זיך הינטער זיי פֿאַרמאַכט.

איך האָב שוין געהאַט בדעה אַוועקצוגיין, אָבער פּלוצלונג האָט זיך פֿון אינעווייניק, פֿון דער צווייטער זייט דראָט, דערהערט אַ יאָמערלעך געשריי. איך האָב זיך האַסטיק אויסגעדרייט און דערזען, אַז האַרט נעבן פֿאַרקן איז געשטאַנען אַן ס. ס.־מאַן און מיט אַ שטיק האָלץ מערדערלעך געשלאָגן אַ ייד. דער ייד איז געווען אַ מיטליאָריקער, מיט אַ קורצער באָרד, די גאַנצע באָרד איז געווען באַגאָסן מיט בלוט. פֿון אַ גרופּע יידן, וואָס איז געשטאַנען צונויפֿגעטוליעט מיט אַ פּאָר טריט ווייטער, האָט זיך אָפּגעריסן אַ יונגער בחור און האָט מיט זיינע אויסגעשפּרייטע אָרעמס געוואָלט צודעקן דעם געשלאָגענעם ייד, אָבער באַלד האָט אויך פֿון זיין פּנים אָנגעהויבן רינען בלוט. דער ס.ס.־מאַן האָט באַפֿוילן, אַז די אַרומיקע יידן זאָלן אַ כאַפּ טון דעם מיט בלוט־באַגאָסענעם ייד אויף די אַקסלען און זאָלן מיט אים אַרומטאַנצן איבערן לאַגער. איך האָב אַ קוק געגעבן אויף דער חברטע גאָלדע. זי איז — פּונקט ווי איך — געשטאַנען אַן אויפֿגעציטערטע, זי האָט מיר געגעבן אַ צייכן, איך זאָל איר נאָכגיין און מיר האָבן אָנגעהויבן אַהיימצוגיין.

אַ לאַנגע צייט האָבן מיר ביידע געשוויגן. זי האָט מיר שפּעטער געזאָגט ווער עס איז געווען דער צעשלאָגענער ייד און אַז דער יונגער בחור, וועלכער איז אים געלאָפֿן באַשיצן, איז געווען זיין זון.

מיר האָבן זיך אומגעקערט צו איר אין דער וואוינונג אין אַ געדריקטער שטימונג. ווען איך בין אַריינגעקומען, האָט מיר איר מאַן געזאָגט, אַז אין איינעם פֿון די זאַמל־פּונקטן, וואו מען האָט צונויפֿגעטריבן די יידן פֿון די אַרומיקע שטעטלעך, געפֿינט זיך אונזערס אַ חבר פֿון אָסטראָלענקאָ, אַ

געוועזענער בונדישער ראַטמאַן, צוזאַמען מיט זיין שוועסטער. מיר זענען אַלע דריי אַהין אַוועק. דער „הכנסת־אורחים" האָט זיך געפונען אין אַ פינצטערער געביידע. איבער דער גאַנצער פּאָדלאָגע זענען געלעגן צעלייגט יידישע פאַמיליעס — מענער, פרויען און קינדער מיט זייערע פּעקלעך, טלומיקלעך און רעשטלעך פון זייערע אָרימע פאַרמעגנס.

ווען מיר זענען צוגעקומען צום אָרט פון אונזער אַסטראָלענקער חבר, זענען מיר געבליבן שטיין ווי פאַרגליווערט. דער חבר סטאָלאַרטשיק איז געזעסן אויף אַ פּאַק זאַכן און נעבן אים, אויף דער פּאָדלאָגע, איז געלעגן זיין שוועסטער, אַן איבערגעדעקטע מיט אַ טוך. זי איז געווען טויט. חברטע גאָלדע האָט אים אַ רוף געטאָן ביים נאָמען און ער האָט לאַנגזאַם אויפגע־הויבן דעם קאָפּ, האָט אים באַלד צוריק אַראָפּגעלאָזט און האָט געקוקט מיט שטאַרע בליקן אויף דער געשטאָרבענער שוועסטער. ער איז געזעסן אומבאַוועגלעך, ווי ער אַליין וואָלט געווען אַ טויטער. אַ ביסל שפּעטער האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ און שטיל געזאָגט: — זי איז געשטאָרבן מיט אַ פּאָר שעה צוריק. זי איז אויסגעגאַנגען. עס איז איר וואוילער פון מיר.

איך האָב נישט געהאַט קיין מוט צו אים צוצוגיין, אים טרייסטן. ס׳האָט מיך געשטיקט אין האַלז. אַרום איז געווען קאַלט, שמוציק, די לופט איז געווען אַ געדיכטע.

מיר זענען שווייגנדיקע אַרויס. ביי דער שוועל האָב איך געזאָגט צו מיינע באַגלייטער, אַז מען מוז אים אומבאַדינגט וואָס שנעלער פונדאַנען אַרויסנעמען. גאָלדע האָט געזאָגט, אַז די חברים וועלן זיך גלייך פאַרנעמען מיט דער טויטער פרוי און וועלן אויסזוכן אַ דירה פאַרן מאַן. ווען מיר האָבן זיך אומגעקערט אַהיים, האָבן שוין געוואַרט אויף אונז אַ פּאָר חברים, אָבער כ׳האָב נישט געהאַט מער קיין געדולד און קיין כוח מיט קיינעם צו רעדן.

איך בין געווען אויסגעשעפּט און נישט אויסגעשלאָפן פון אַ פריער־דיקער וואַך־נאַכט, אָבער נישט געקוקט אויף דעם האָב איך נישט געקאָנט אַנטשלאָפן ווערן און האָב מיך אַ גאַנצע נאַכט געדרייט אויפן געלעגער. צומאָרגנס אינדערפרי האָב איך זיך געזעגנט מיט די צוויי טייערע חברים און מיט זייערע צוויי מיידעלעך און בין אַוועקגעפאָרן אויף מיין ווייטערדיקער רייזע — קיין לובלין.

גאָלדעס מוטערלעך פאַרגעפּיל יעדעס מאָל ווען זי איז אַוועק טון איר הייליקע אַרבעט, אַז זי זעט אירע קינדער צום לעצטן מאָל, איז געוואָרן אַ פאַקט. ווי דער חבר משה גרינבוים האָט מיר דערציילט, איז גאָלדע אַרויס־געגאַנגען פון געטאָ, כדי איינאָרדנען ביי פּויערים 25 יידישע קינדער. דאָס

איז געווען איר לעצטער וועג. גאָלדע האָט שוין מער אירע קינדער מיטן מאַן נישט געזען.

איר ייִנגערע שוועסטער חנהטשע האָט געהאַט דעם זעלבן גורל. זי איז אַרויס איינקויפן שפּייז־פּראָדוקטן און איז מער נישט צוריקגעקומען. גאָלדע און חנהטשע — די צוויי מוטיקע טעכטער פון דראָזשקאַזש מרדכי האָניק, די פּרעכטיקע פאָלקס־קינדער און מסירת־נפשדיקע בונדיסטקעס — זענען אַליין פרייוויליק געגאַנגען אויפן מזבח אין דינסט פון כלל.

בעת מיינע נסיעות האָב איך אויך באַזוכט שעדלעץ און ראַדזין.

# 11. לובלין

ווען די באַן האָט זיך גענומען דערנענטערן צו דער סטאַציע פון לובלין, זענען מיינע אויגן געווען פול מיט בילדער פון אַמאָל. מיין זכרון איז פול געווען מיט בילדער פון גרויסע מאַסן־פאַרזאַמלונגען, פון אימפּאָזאַנטע גאַסן־דעמאָנסטראַציעס, וואָס איך האָב דאָ געזען בעת מיינע פריערדיקע באַזוכן. כ׳האָב אויך געהאַט דעם כבוד צו רעפּרעזענטירן דעם צ. ק. פון יוגנט־בונד צוקונפט אויף דעם ערשטן לובלינער ראַיאָן־צוזאַמענפאָר אין 1929. די פּאַרטיי האָט מיך אויך געשיקט אין לובלינער ראַיאָן בעת אַ וואַל־קאַמפּאַניע. כ׳האָב דעמאָלט פאַר זיך געזען און געפילט אַ פול־פולסירנדיק יידיש לעבן. איצט ווען איך בין אַרויסגעשטיגן פון דער באַן, האָב איך באַלד דערזען די גרויסע וויסטעניש. אַ געטאָ איז אין לובלין נאָך נישט געווען, אָבער אויף יעדן יידישן געזיכט איז געלעגן אַן אויסדרוק פון יסורים, שרעק און הונגער.

איך בין שנעל אַריינגעגאַנגען אין דער געדיכטעניש פון דער יידישער געגנט, וואו די טראָטואַרן זענען געווען פול מיט יידן. אַ סך האָבן געקוקט מיט חשד אויף מיין בלאָנדן „אַרישן" קאָפּ, אויף מיין עלעגאַנטן מאַנטל און לעדערנער טעקע.

איך בין צוגעגאַנגען צום הויז, וואו ס׳האָט געוואוינט די בונדישע טוערין בעלאַ שאַפּיראָ. זי איז געווען פון די פּאָפּולערסטע געשטאַלטן אין לובלין און פיל יאָרן געשטאַנען בראש פון דער בונדישער פראַקציע אין שטאָט־ראָט. חברטע שאַפּיראָ האָט מיר געעפנט די טיר און האָט מיך גלייך דערקענט. זי איז געווען איבערראַשט און דערפרייט פון מיין קומען. ביז־איצט שטייט פאַר מיינע אויגן דאָס בילד ווי זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אַקעגנאיבער מיר און האָט מיטביידע אָרעמס אַרומגענומען די קעפּלעך פון צוויי שיינע קינדער. דאָס איז געווען אַ צווילינג פון איר זון. אין אָנהויב פון דער נאַצישער אָקופּאַציע איז ער מיט זיין פרוי און קינדער אַוועק קיין דאַנציק, כדי אַרויסצובאַקומען זיך פון פוילן, אָבער אויפן וועג איז ער געוואָרן פאַר־האַלטן און איז פאַרשוואונדן אָן אַ שפור. די פרוי מיט די קינדער האָבן זיך אומגעקערט קיין לובלין. בעלאַ שאַפּיראָ איז געווען אַ נידעריקע, אַ פולע, מיט אַ מוטערלעכן כאַראַקטער און אויסזען. זי האָט געגלעט די קינדערס

קעפּלעך און האָט געזאָגט צו מיר: — זעט מיינע צוויי גאָלדענע אוצרות, ווער ווייסט וואו זייער טאַטע איז איצט. אויף מיר זאָגט מען, אַז איך בין אַ שטיק מאַנספּערשוין, בין איך איצט זייער טאַטע.

פון אַ צווייטן צימער איז אַריינגעקומען איר מאַן, יעקב ניסענבוים, דער רעדאַקטאָר פון פּאַרמלחמהדיקן לובלינער טאָגבלאַט. ער איז נישט געווען קיין פּאַרטיי־מיטגליד, ער איז אָבער געווען אַ פריינט פון בונד און געהאָלפן דער בונדישער באַוועגונג מיט ראַט און טאַט. פאַר יעקב ניסענבוים האָב איך געהאַט אַ ספּעציעלע מיסיע. דער צענטראַל־קאָמיטעט פון אונטערערדישן בונד האָט פון אים פאַרלאַנגט אָנצושרייבן אַ בראָשור וועגן מצב פון די פּוילישע יידן. ער האָט נישט באַלד אויפן אָרט צוגעזאָגט זיך אונטערצונעמען טון די אַרבעט. די בראָשור — ווי ער האָט עס ריכטיק פאַרשטאַנען — האָט געדאַרפט זיין נישט סתם אַ פאַרצייכנונג פון איינצעלנע פאַקטן, זי האָט געדאַרפט געבן אַן אַלגעמיין בילד פון יידישן לעבן אין יענעם פעריאָד און אָנמערקן די כוונות פון די נאַצישע אָקופּאַנטן לגבי די יידן. יעקב ניסענבוים האָט שוין דעמאָלט אָנגעהויבן פאָראויסזען אן איינהייטלעכן פּלאַן אין די אַלע צופעליקייטן פון דער נאַצישער פּאָליטיק לגבי די יידן — אין די בלומרשט־כאַאָטישע כאַפּונגען אויף אַרבעט, אין דעם נישט־רעגלמעסיקן אויפשטעלן געטאָס, אין די פאַרשידענע באַציאונגען צו די יידן־ראַטן און אין אַנדערע נאַצישע האַנדלונגען. נאָר אַז דער פּלאַן איז געווען אַזאַ שווידערלעכער — אַזאַ זאַך האָט אויך יעקב ניסענבוים מיט זיין שאַרפער אינטואיציע נישט געקאָנט זיך פאָרשטעלן. ער האָט מיר צוגעזאָגט נאָכצו־טראַכטן וועגן דעם פאָרשלאָג — בעיקר צי ער וועט האָבן די געהעריקע מאַטעריאַלן — און ער וועט מיר געבן אַ תשובה.

אין דער דירה פון דער חברטע בעלאַ שאַפּיראָ האָב איך פאַרבראַכט עטלעכע שעה. יעקב ניסענבוים האָט מיר איבערגעגעבן, אַז מיט אַ טאָג פריער האָט ער געהאַט אַ שרעקלעכע איבערלעבונג. אויף איינער פון די לובלינער גאַסן האָט מען אים „געכאַפּט אויף אַרבעט". עטלעכע ס. ס.־לייט האָבן מיט שטעקנס און מיט בייטשן אין די הענט געטריבן די געכאַפּטע יידן צום וואָקזאַל, וואו זיי האָבן געדאַרפט אויסלאָדעווען פון די פראַכט־וואַ־גאָנעס שווערע משא. ביי דער זייט פון אים איז געגאַנגען אַן עלטערער חסידישער ייד, אַ דאָזאָר פון דער פּאַרמלחמהדיקער קהילה. דער ייד האָט געטראָגן אונטערן אָרעם אַ סאַמעטן טלית־זעקל. מען האָט אים, ווייזט אויס, געכאַפּט, ווען ער איז געגאַנגען פון דאַוונען. פּלוצלונג האָט איינער פון די ס. ס.־לייט דערלאַנגט דעם ייד אַ שמיץ איבערן פּנים. דאָס טלית־זעקל איז אים אַרויסגעפאַלן פון האַנט. אַ באַגאָסענער מיט בלוט האָט ער זיך אַראָפּגעבויגן כדי אויפצוהויבן דעם טלית. ניסענבוים האָט אים גע־וואָלט העלפן, אָבער דער ייד האָט מיט אַ געבייזער געזאָגט צו אים:

— אַוועק, זאָל ער מיך דאָ דערשיסן.

דער ס. ס.־מאַן איז צוגעלאָפן, האָט דערלאַנגט ניסענבוימען אַ שמיץ איבערן קאָפּ און אַ געשריי געטון:

— הייב אויף דעם הונט.

ער האָט אים באַפוילן צו טראָגן דעם ייד אויף די פּלייצעס. אונטער־געטריבן פונם נאַצישן רוצח און פאַרבלוטיקט מיטן אייגענעם און יידנס בלוט, האָט ניסענבוים געמוזט שנעל מיטמאַרשירן. דער חסידישער ייד האָט נישט אויפגעהערט צו רופן: — לאָזט מיך אַראָפּ! זאָל ער מיך דערשיסן!

יעקב ניסענבוים האָט מיר דערציילט די דאָזיקע געשעעניש און מיט ביטערקייט פאַרענדיקט: — דער ייד, וועמען כ׳האָב געוואָלט העלפן, האָט מיך געטאַדלט און געזידלט, ווייל כ׳האָב אים נישט אַראָפּגעלאָזט צום דער־שיסן! צי וועט די וועלט אַמאָל פאַרשטיין וואָס ס׳איז פאָרגעקומען מיט אונז, יידן, אין די איצטיקע טעג?

יעקב ניסענבוים האָט מיר דערציילט, אַז ער איז איצט אַ באַאַמטער אין דער קהילה און דער פאָרזיצער פון אומלעגאַלן פאַראיין פון האַנדלס־אָנגעשטעלטע, וואָס האָט שוין דורכגעפירט צוויי שטרייקן קעגן יידן־ראַט. אַזוי ווי אומעטום, ווערט אויך דער לובלינער יידן־ראַט צעפרעסן פון קאָרופּציע. אויף טריט און שריט געפינען זיך בלומרשטע פאַרזאָרגער, וואָס טוען אָפּ שענדלעכע זאַכן. אין די הענט פון אַ פּוילישן ריכטער, אַ סאָציאַליסט, וואָס זאַמלט אומלעגאַלע דאָקומענטן פון דער פּוילישער און יידישער אונטערערדישער באַוועגונג, געפינט זיך אַ בריוול, וואָס אַ יידישער דאָזאָר האָט אַרויסגעשיקט צו דער דייטשער מאַכט. דער וויצע־פאָרזיצער (אין 1942 געוואָרן פאָרזיצער) פון יידן־ראַט, ד״ר מאַרעק אַלטען, האָט געשיקט אַ ביטע צו דער מאַכט, אַז מען זאָל אים דערלויבן צו וואוינען מחוץ דעם יידישן קוואַרטאַל. אַלס מאָטיוו האָט ער אָנגעגעבן היות ער קומט אָפט אין קאָנטאַקט מיט פאַרשטייער פון דער דייטשער מאַכט, ווייל ער צו זיי נישט איבערטראָגן פון יידן קיין אָנשטעקנדיקע קראַנקהייטן. כדי אויס־פּועלן פאַר זיך אַ פּריווילעגיע, האָט ער זיך באַנוצט מיטן נאַצישן בילבול, אַז יידן זענען טרעגער פון באַקטעריעס, וואָס זענען גורם עפּידעמיעס.

די חברטע בעלאַ שאַפּיראָ איז שטאַרק באַגרענעצט געוואָרן אין אירע באַוועגונגען. קינד־און־קייט האָבן זי געקענט. קיין שום עפנטלעכע אינסטיטוציע האָט נישט געהאַלטן פאַר געזונט צו האָבן ביי זיך אַזאַ „קאָמ־פּראָמיטירטע״ פערזאָן. זי האָט אָבער נישט געוואָלט בלייבן זיצן אין שטוב. איז איר נישט געבליבן קיין ברירה און זי איז געוואָרן אַ קעלנערין אין אַן אָפענער קיך. דאָס האָט איר כאָטש געגעבן די מעגלעכקייט צו באַגעגענען זיך מיט חברים, צו שטיין אין קאָנטאַקט מיטן יידישן לעבן אין שטאָט. זי האָט מיר געזאָגט, אַז נאָך אויפן זעלבן אָוונט וועט זי צוזאַמענרופן אַ זיצונג פון די בונדישע אַקטיווע טוער.

זי האָט גערופן צו זיך דעם חבר אַלטער זאַטערמאַן. פאַרן קריג איז ער געווען אַ דאָזאָר אין דער קהילה. איצט האָט ער טראָץ דעם צוואַנג פון יידן־ראַט בשום אופן נישט געוואָלט צו אים געהערן. פון זאַטערמאַנען האָב איך זיך דערוואוסט, אַז די דייטשן האָבן הינטער לובלין איינגעאָרדנט אַ לאַגער פאַר יידישע זעלנער, וועלכע זיי האָבן גענומען אין געפאַנגענשאַפט בעת די מלחמה־אָפּעראַציעס. פון די געפאַנגענע פּוילישע אַרמיי־אָפּטיילונגען האָבן זיי אַרויסגעצויגן די יידן און פאַרמאַכט אין אַ באַזונדערן לאַגער. זאַטערמאַן, וועלכער איז פון פאַך געווען אַ סטאָליער, איז געקומען אין לאַגער אויף פאַרשידענע אַרבעטן און זיך אָנגעזען שרעקלעכע בילדער. די טאָג־טעגלעכע וויזיטן האָבן אים נידערגעשלאָגן און ער איז אַרומגע־גאַנגען אַ פאַרמרה־שחורהטער און אויפגערעגטער.

זאַטערמאַן האָט מיר פאַרגעלייגט, אַז איך זאָל אַריבערגיין צו אים אין דער דירה און פון דאָרט וועלן מיר גיין צו דער פאַרזאַמלונג פון די בונדישע טוער. די גאַסן זענען געווען פול מיט הונדערטער יידישע פרויען, וועלכע האָבן אַרומגעוואַנדערט ווי אָן אַ ציל. זאַטערמאַן האָט מיר אויפגע־קלערט: — דאָס זענען מוטערס אָדער פרויען פון יידישע זעלנער, וועלכע געפינען זיך אין לאַגער. זיי קומען אַהער פון אַנדערע שטעט, אויך פון ווייטערע געטאָס און אַפילו פון דער סאָוועטישער זייט. זיי מיינען, אַז זיי וועלן קאָנען עפּעס אויפטאָן פאַר די געפאַנגענע, לייכטער מאַכן זייער גורל און אפשר גאָר באַפרייען. אין רוב פאַלן פאָרן זיי צוריק מיט גאָרנישט. זיי געלינגט אַפילו נישט צו כאַפּן אַ בליק אויף דעם געפאַנגענעם.

איינגעפּאַטלטע אין טיכער, אין גראָבע שובעס, האָבן יידישע פרויען, מיט פאַרשטאַרטע און פאַרצווייפלטע אויגן אַרומגעבלאָנקעט איבער די גאַסן. ווען מיר זענען צוגעקומען צו זאַטערמאַנס דירה, האָבן מיר דערזען אינע־וויניק אַ פולע שטוב פרויען. זיי האָבן געוואוסט, אַז ער אַרבעט אין זעל־נערישן לאַגער, פלעגן זיי קומען עפּעס געוואָר ווערן. ווי נאָר ער האָט זיך באַוויזן, האָבן זיי גערופן צו אים: — זוכט אויס מיין מאַן... מיין זון... מיין ברודער...

זיי האָבן געמאָנט ביי אים, ווי אין זיין האַנט וואָלט געלעגן אַ צעטל אויף לעבן אָדער טויט פאַר זייערע נאָנטסטע און טייערסטע. דאָס אייב־ציקע, וואָס ער האָט געקאָנט פאַר זיי טון, איז איבערגעבן אַ צעטעלע אָדער אַ ביסל געלט. דאָס איז אָבער געווען פאַרבונדן מיט סכנות־נפשות פאַר אים. גאַנץ אָפט האָט מען אים באַזוכט ביים אַריינגיין אין לאַגער. די פרויען האָבן אים באַלאַגערט. אַ סך האָבן געוויינט און געשלוכצט. ער האָט פון יעדער פרוי צוגענומען אַ בריוול און צוגעזאָגט, אַז אויב ער וועט נאָר קענען, וועט ער עס באַזאָרגן. עטלעכע פרויען האָבן נישט פאַרשטאַנען, אַז ער טוט עס צוליב גוטסקייט און פליכט־געפיל, האָבן זיי אים געוואָלט באַצאָלן

פאַר דער טירחה. זאַטערמאַן האָט נישט געוואָלט אָננעמען קיין שום באַלוינונג, כאָטש ער האָט מיט זיין פרוי און יינגעלע געלעבט אין נויט.

ער איז געווען איינער פון די פיינסטע מענטשן, וואָס כ׳האָב באַגעגנט אין יענע יאָרן, ווען איינצוהאַלטן מאָראַלישע זויבערקייט האָט מען גע־דאַרפט האָבן אַ שטאַרקן כוח. פאַרן פאַרלאָזן לובלין האָב איך אים געוואָלט געבן 200 זלאָטעס פון די פאַרטיי־געלטער, וואָס כ׳האָב ביי מיר געהאַט: — איך גיב עס נישט, האָב איך געזאָגט, פאַר דיר. כ׳גיב עס, כדי ס׳זאָל דיר לייכטער זיין צו טאָן דיין הילף־אַרבעט. ער האָט קורץ געענטפערט: — גיט עס צו די, וועלכע האָבן נישט צו עסן.

מיט אַ צייט שפּעטער האָט מיר אַ לובלינער דערציילט, ווי אַזוי אונזער חבר איז געגאַנגען צום אומקום. ער איז געווען אין מיטן פון אַן עדה ייִדן. אויף איין זייט איז געגאַנגען זיין פרוי און אויף דער לינקער זייט זיין פינף־יאָריק יינגעלע. דאָס קינד האָט אים געפרעגט: „וואוהין פירט מען אונז, טאַטע?", און ער האָט געענטפערט: — מען פירט אונז אויף אַן אָרט, וואו מיר וועלן זיך אַלע לייגן שלאָפן, ווען מיר וועלן אויפשטיין, וועט זיין אַ נייע וועלט. ס׳וועלן נישט זיין קיין מלחמות. קיינער וועט שוין נישט זיין פאַרזאָרגט און טרויעריק.

* * *

די באַראַטונג פון די בונדישע טוער איז פאָרגעקומען אין דער דירה פון חבר יאָסל דראַנג, וועלכער איז געווען דער סעקרעטאַר פון דער אומלעגאַלער בונדישער ביבליאָטעק. ווען איך בין אַריינגעקומען, האָב איך פאַר מיר דערזען ביי אַ 30 טוער. אונזער באַגעגעניש איז געווען אַ האַרציקע. די אָפיציעלע באַראַטונג האָט זיך נישט אָנגעהויבן פריער, ווי ס׳איז אָנגעקומען די חברטע בעלאַ שאַפּירא. מען האָט געמוזט צוּוואַרטן ביז ס׳איז געוואָרן גוט פינצטער, ווייל אַ זייטיקער מענטש האָט נישט געדאַרפט זען, אַז זי גייט אַהער.

איך האָב אָפּגעגעבן אַ באַריכט וועגן וואַרשעווער געטאָ און אַ צאָל שטעט און שטעטלעך, וואָס איך האָב לעצטנס באַזוכט. די חברים האָבן מיט גרויס שפּאַנונג אויסגעהערט מיינע רייד וועגן דער פאַרצווייגטער בונדישער טעטיקייט אין וואַרשע און אין די פּראָווינץ־שטעט. ס׳האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט, ווען איך האָב אין מיין באַריכט אין קורצע ווערטער דערציילט וועגן די ייִדישע שטעט און שטעטלעך, אָפּגעשלאָסענע געטאָס און אָפּגעזונדערטע קוואַרטאַלן. טראָץ דעם וואָס אַ טייל פון זיי האָט זיך געפונען נישט ווייט פון לובלין, האָבן זייערע נעמען איצט געקלונגען עפּעס נישט־דאָאיק, ווי פון ווייטע נישט דערגרייכבאַרע וועלטן. כ׳האָב געפילט די פרייד פון אַלע אָנוועזנדיקע, ווען איך האָב דערציילט אַז אין זייער אַ סך

ערטער זענען טעטיק די אונטערערדישע בונדישע אָרגאַניזאַציעס און וואָס זיי טוען.

ווען איך האָב געענדיקט, האָבן אַלע ווי איין מאַן מיך געפרעגט צי מיר האָבן אין וואַרשע גענויערע ידיעות וועגן דעם גורל פון די חברים הענריק ערליך און וויקטאָר אַלטער. ערליך איז דאָ געווען נישט בלויז אַ בונדישער פירער און חבר. דאָס בונדישע לובלין איז געווען שטאָלץ וואָס ערליך איז געווען אַ לובלינער און האָט צו אים אַרויסגעוויזן אַ ספּעציעלע ליבע. איך האָב,ליידער, נישט געקאָנט זאָגן קיין שום זיכערע זאַך וועגן גורל פון די צוויי בונדישע פירער, וואָס די סאָוועטישע נ. ק. וו. ד. האָט אין אָנהייב פון דער מלחמה אַרעסטירט אין מזרח־טייל פון אָקופּירטן פּוילן. פאַר די פּוילישע יידן, וועלכע האָבן אין יענער צייט אַזוי ביטער און בלוטיק געליטן פון די דייטשע פאַשיסטן, איז דער אַרעסט פון די צוויי ליכטיקע יידישע געשטאַלטן, געווען אַ טיפער ווייטאָג. זיי האָבן אין דעם געזען נאָך אַ סימן פון סאָוועטיש־נאַצישער פריינטשאַפט.

נאָכדעם האָב איך אויסגעהערט באַריכטן וועגן לובלין. אויף דער באַראַטונג זענען געווען פאָרשטייער פון אַלע צווייגן פון דער באַוועגונג, פון אַלע יידישע פאַכן און אויך פון די קולטור־אינסטיטוציעס. אין די סאַמע שווערסטע באַדינגונגען האָבן ווייטער עקזיסטירט אונטערערדישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, וועלכע האָבן געפירט אַ טעטיקייט. די פאַראיינען האָבן איינגעטיילט אַרבעט און האָבן אַפילו געפירט שטרייקן קעגן דעם יידן־ראַט. די חברים האָבן געפירט אַן אומלעגאַלע ביבליאָטעק, פּאַרטיי־גרופּן און יוגנט־קרייזן. דער אונטערערדישער קאָמיטעט פון בונד האָט איבערגעגעבן בעלאַ שאַפּיראָ און יעקב ניסענבוים אָנצוהאַלטן אַ פאַרבינדונג מיט דער „פּוילישער גאַס", מיט דער פּוילישער סאָציאַליסטישער אַרבעטערשאַפט. די בונדישע און פּראָפעסיאָנעלע טעטיקייט איז געפירט געוואָרן אין אַ ברייטן פאַרנעם. דער יידן־ראַט האָט צו זיך גערופן בונדישע פאָרשטייער און ביי זיי געבעטן אָפּצושוואַכן די אונטערערדישע טעטיקייט.

אונזער באַראַטונג האָט זיך פאַרצויגן ביז שפּעט אין אָוונט. צום סוף האָט דער רוב חברים זיך מיט מיר געזעגנט און זיי זענען אייגעציקוויז אַוועק. געבליבן איז בלויז דער קאָמיטעט: בעלאַ שאַפּיראָ, יעקב קעלנער, יאַנקל בראָנשטיין, אַלטער זאַטערמאַן און יאָסל דראָנג פון דער יוגנט. די קאָמיטעט־זיצונג האָט זיך פאַרנומען מיט ענגערע פּאַרטייאישע ענינים. אויך אין לובלין איז געשטאַנען די פראַגע פון באַטייליקן זיך אין יידן־ראַט. איך האָב זיי געזאָגט וועגן די ספקות, וואָס הערשן אומעטום ביי אונזערע חברים בנוגע דער פראַגע און זיי מיטגעטיילט, אַז זיי דאַרפן שיקן אַ דעלעגאַט צו דער פּראָיעקטירטער בונדישער לאַנד־קאָנפערענץ אין וואַרשע. דאָרט וועט דער ענין ענדגילטיק באַהאַנדלט און באַשלאָסן ווערן.

די חברטע בעלאַ שאַפּיראָ האָט איבערגעגעבן וועגן אירע און ניסענ־

בוימס פאַרבינדונגען מיט די פוילישע אַרבעטער. די פוילישע אונטערערדי־שע אַרבעטער־באַוועגונג שטעלט צו פאַרן בונד אַ געוויסע צאָל פון אירע צייטונגען. ס׳זענען אויך פאַראַן ספּעציעל־באַשטימטע חברים פון פּ. פּ. ס., וועלכע העלפן אונזערע חברים, וואָס זעען אויס ווי „אַריער", אַרויספאָרן אין שכנותדיקע שטעטלעך און דערפֿער צו באַזאָרגן שפּייז. די פּוילישע סאָציאַליסטן באַקומען געלט־שטיצע פון דער פּוילישער רעגירונג אין גלות און זיי האָבן שוין פון דעם עטלעכע מאָל געגעבן אַ געוויסן טייל דעם אונטערערדישן בונד.

די צוקונפטיסטן זענען אויך געווען איינגעטיילט אין קלענערע גרופּן. זיי האָבן זיך פאַרנומען מיטן פאַרשפּרייטן די אונטערערדישע פּרעסע. זיי האָבן אויך געהאַט אַ ספּעציעלע אויפגאַבע: ווען ס׳איז פאָרגעקומען אַן אַרבעטער־פאַרזאַמלונג, האָבן די מיטגלידער פון יוגנט־בונד געהאַלטן וואַך אויף דער גאַס און געוואָרנט פאַר אַן עווענטועלן איבערפאַל פון געשטאַפּאָ אָדער פּאָליציי. דער קאָמיטעט איז באַשטאַנען פון פאָלגענדע חברים: יאָסל דראָנג, חנהלע מערענשטיין, יחיאל לערער (דער זון פון בונדישן טוער לייבל לערער, וועלכער געפינט זיך היינט אין קאַנאַדע) און יאַנקל קעניגס־וואַלד פון פאַרטיי־קאָמיטעט.

* * *

אונזער זיצונג האָט זיך געענדיקט שפּעט ביינאַכט. פאַרן פאַרלאָזן לובלין האָב איך זיך האַרציק געזעגנט מיט די חברים. צום שווערסטן איז מיר פאָרגעקומען דאָס שיידן זיך מיטן פאַרפאַלק בעלאַ שאַפּיראָ און יעקב ניסענבוים. ווי איך וואָלט עפּעס פאַרגעפילט, אַז איך זע זיי צום לעצטן מאָל. מיין פאַרגעפיל האָט מיך נישט אָפּגענאַרט. מיט אַ קורצער צייט שפּעטער בין איך געווען אין ראַדאָם. דאָרט האָב איך באַקומען אַ טעלעגראַמע פון וואַרשע, אַז איך זאָל גלייך קומען, ווייל מיין טאַטע איז שווער קראַנק געוואָרן. די טעלעגראַמע איז אָנגעקומען אויפן אַדרעס פון ראַדאָמער חבר, דעם פעלדשער אַברהמלע פּינקעלשטיין. דער אינהאַלט פון דער טעלעגראַמע — „דער טאַטע איז שווער קראַנק" — איז געווען אַן אָפּגערעדטער צייכן, אַז ס׳איז געשען אַ נישט־פאָראויסגעזעענע און דרינגנדיקע זאַך און כ׳מוז גלייך קומען קיין וואַרשע. די טעלעגראַמע איז אָנגעקומען זעקס אַזייגער אין אָוונט און אַ באַן קיין וואַרשע איז נישט געווען ביז צומאָרגנס 2 אַזייגער נאָכמיטאָג. כ׳האָב דעריבער באַשלאָסן צו פאָרן זיבן אַזייגער אינדערפרי מיט אַ ספּעציעלן אויטאָבוס, וואָס האָט קורסירט פון ראַדאָם קיין וואַרשע, כאָטש מיטן דאָזיקן אויטאָבוס זענען געפאָרן בלויז דייטשן און פאָלקס־דייטשן.

אַ פערטל פאַר זיבן בין איך שוין געווען אויפן וואַרשעווער וועג.

דער אויטאָבוס איז געשטאַנען אויף דער סטאַציע און אינעווייניק איז געזעסן אַ שאָפער אין אַ דייטשן מונדיר. איך בין איינגעשטיגן און האָב געזאָגט צום שאָפער: — „גוט מאָרגן". אָנשטאָט מיר צוריקענטפערן האָט ער געגעבן אויף מיר אַ קרומען בליק. ערשט מיט עטלעכע מינוט שפּעטער האָב איך פאַרשטאַנען דעם פעלער, וואָס איך בין דאָ באַגאַנגען. באַלד האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען די פּאַסאַזשירן און יעדער איינער פון זיי האָט אויסגערופן צום שאָפער: „הייל היטלער" און יענער האָט צו יעדן צוריקגעענטפערט מיטן היטלעריסטישן גרוס. איך האָב זיך גלייך אָריענטירט, אַז דער אויטאָבוס פירט בלויז ציווילע פאָלקס־דייטשן און מונדירטע נאַציס און אַז מיין „גוט־מאָרגן" האָט דאָ אויסגעזען כמעט ווי אַן אַנטי־היטלעריסטישע מאַניפעסטאַציע און כ'האָב געקאָנט דערפאַר זייער שלעכט אָפּשניידן.

מיט דריי שעה שפּעטער איז דער אויטאָבוס אָנגעקומען קיין וואַרשע. כ'בין שנעל אַראָפּגעשטיגן און געאיילט אין דער ריכטונג פון געטאָ. איך האָב דאָס מאָל אויסגעקליבן אַן אַנדערן טויער — אויף ראָג נאַלעווקעס און קראַשינסקיס גאָרטן. כ'האָב געוויזן די טויער־היטער מיין קאַרטע פון אַ באַאַמטן פון דער וואַרשעווער עלעקטראָווניע און גאַזאָווניע, און זיי האָבן מיך אָן שוועריקייטן אַדורכגעלאָזט.

ווען איך בין אַריבער דעם טויער האָב איך פּלוצלונג דערזען אַ חבר פון יוגנט־בונד צוקונפט. ער האָט צו מיר אַ רוף געגעבן:—צעלעק! כ'האָב דערפילט אַ קאַלטן שטראָם איבער די ביינער. טאָמער האָט עס די וואַך ביים טויער דערהערט, בין איך אַ פאַרלוירענער. כ'האָב צו אים שאַרף אַ געשריי געגעבן: — פּאַשאָל! כ'האָב עס געזאָגט מיט אַזאַ בייז־קייט און רציחה, אַז ער האָט זיך אַזש אַ קורטש געטון. זיינע פאַרוואונדערטע אויגן האָבן געקוקט אויף מיר, אָבער איך האָב שנעל גענומען אַוועקשפּרייזן אין אַ פאַרקערטער ריכטונג. מיט אַ צען מינוט שפּעטער בין איך אָנגעקומען אין דער וואוינונג פון חבר לאָזער קלאָג. ער האָט מיר קורץ איבערגעגעבן אַ שרעקלעכע נייעס. די לובלינער געשטאַפּאָ האָט אַרעסטירט ניסענבוימען און זוכט איצט אַרום בעלאַ שאַפּיראַ, וועלכע באַהאַלט זיך. איך האָב גלייך געדאַרפט אַוועקפאָרן קיין לובלין און געפינען אַ וועג, ווי אַזוי דאָס פאַרפאַלק צו ראַטעווען. מ'האָט מיר געזאָגט, אַז אויב מען וועט דאַרפן אויסקויף־געלט, וועט נישט זיין קיין שום מניעה, ווי גרויס די סומע זאָל נישט זיין.

פאָרן אויף די באַנען איז געוואָרן שווערער. אַפילו פּאָליאַקן האָבן איצט געדאַרפט האָבן פּאַסיר־שיינען. כ'האָב געהאַט אַ גוטע „קען־קאַרטע" דירעקט פון וואַרשעווער מאַגיסטראַט. כ'האָב אָבער געדאַרפט האָבן אַ דאָקומענט, וואָס זאָל באַרעכטיקן מיין פאָרן. אין פאַרלויף פון די נאָענטסטע פּאָר שעה בין איך צוריק אַרויס פון געטאָ און האָב מיך געשטעלט אין



יצחק מרדכי פּסחזאָן



בעלאַ שאַפּיראָ





משה (מאַוריצי) פּאַפּיער



רייזל און לעאָן ביגעלאייזן



לושקאַ אַלעקסאַנדראָוויטש מיט אירע קינדער האַנושע און יורעק.



משה פעלצמאַן־גלאַזער





אין טאַרנאָוו: פון רעכטס — שמואל צוקער, שלמה שפּאָרן, איציק גרינבוים, ד"ר איגנאַצי אַלעקסאַנדראָוויטש, משה פייעראייזן.

פאַרבינדונג מיטן חבר ראַפאַל פּראַגאַ פון פּ. פּ. ס.; ער האָט מיר געזאָגט, אַז אַ דאָקומענט, וואָס איך דאַרף האָבן, האָט ער נישט, ער קאָן מיר בלויז געבן אַ ליידיקן בלאַנק פון דעם לובלינער מאַגיסטראַט. אַזאַ בלאַנק דאַרף קאָסטן 300 זלאָטעס. איך האָב שנעל אַ טראַכט געגעבן, אַז ווי ריזיקאַליש די זאַך זאָל נישט זיין, איז אָבער קיין אַנדערער וועג נישט געווען. איך בין צוריקגעקומען אין געטאָ צום חבר אַבראַשע בלום און האָב אים געוויזן דעם בלאַנק. ער האָט אויך געמיינט, אַז דער דאָקומענט איז נישט קיין זיכערער, ווייל דאָס איז אַ דאָקומענט נאָר פאַר אַ באַאַמטן פון דעם לובלינער מאַגיסטראַט. כ׳בין אָבער געבליבן ביי מיין מיינונג, אַז דער ענין איז אַ צו ברענענדיקער מען זאָל איצט זוכן אַנדערע וועגן. כ׳האָב אים געזאָגט, אַז איך נעם די גאַנצע ריזיקע אויף מיר. דער סוף איז געווען, אַז ער האָט מיך אָפּגעשיקט צו דער פרוי ד״ר העלענע קעלסאָן, וועלכע האָט געהאַט אַ גוטע האַנט פאַר „מאַגיסטראַצקע אונטערשריפטן״. זי האָט מיר אויסגעפילט און אונטערגעשריבן דעם „בלאַנק״.

כ׳בין צוריק אַרויס פון געטאָ, צוגעפאָרן מיט אַ טראַמוואַי צום באַנוואָקזאַל און איינגעשטיגן אין שנעל־צוג וואַרשע־לובלין. אין די וואַגאָנען איז די שטימונג געווען אַ געדריקטע, דער דייטשער קאָנדוקטאָר איז געגאַנגען פון פּאַסאַזשיר צו פּאַסאַזשיר און האָט גענוי און גרינטלעך קאָנטראָלירט די דאָקומענטן. ווען ער האָט זיך דערנענטערט צו מיר, האָט מיך אַרומגענומען אַ געפיל, אַז עס דערנענטערט זיך מיין סוף. טאָמער הויבט ער אָן פרעגן איינצלהייטן וועגן מיין רייזע, וועל איך זיך פאַרפּלאָנטערן. כ׳האָב זיך אָבער באַהערשט. ווען ער איז צוגעקומען האָב איך אים מיט אַ זיכערער מינע געוויזן דאָס אויסגעפילטע גרינע קאַרטל פון דעם לובלינער מאַגיסטראַט. ער האָט געוואָרפן אַ בליק, געזאָגט אַ דאַנק און איז אַוועקגעגאַנגען ווייטער.

אין לובלין בין איך שנעל אויסגעשטיגן פון צוג און בין אַוועק אין יידישן קוואַרטאַל, אין דער וואוינונג פון יעקב קעלנער. ער האָט מיר דערציילט וואָס ס׳איז געשען. די געשטאַפּאָ האָט אָנגעהויבן זוכן די חברטע בעלאַ שאַפּיראָ און איז דערגאַנגען, אַז יעקב ניסענבוים איז איר מאַן. מען איז אַוועק צו אים אין דער קהילה, וואו ער איז געווען באַשעפטיקט ווי אַ באַאַמטער, און מען האָט ביי אים פאַרלאַנגט צו זאָגן וואו בעלאַ שאַפּירא באַהאַלט זיך. מ׳האָט אים אַוועקגעפירט אין תפיסה, וואו מען האָט אים אָנגעטאָן מוראדיקע יסורים. ער האָט זיך נישט איינגעבראָכן און נישט אויסגעזאָגט דאָס אָרט פון איר באַהעלטעניש. דערוויסנדיק זיך וועגן אַרעסט פון איר מאַן, איז בעלאַ אַרויס פון איר באַהעלטעניש, כדי צו מאַכן באַמיאונגען וועגן באַפרייען אים. די געשטאַפּאָ האָט לסוף זי אַרעסטירט. בעלאַ שאַפּיראָ איז אַוועקגעפירט געוואָרן אין אַ טויטן־לאַגער, וואו מ׳האָט זי אומגעבראַכט (לויט איין נוסח זאָל דאָס האָבן געווען אין אָשוויענטשים, לויט

אַ צווייטן — אין מאַידאַנעק). דעם מאַן, יעקב ניסענבוים, איז געלונגען דעמאָלט זיך צו באַפרייען פון דער תּפֿיסה. בערך מיט אַ יאָר שפּעטער האָט אים די געשטאַפּאָ אַוועקגענומען פון זיין אַרבעטס־טיש אין דער קהילה און באַלד אויף דער גאַס דערשאָסן.

דעם זעלבן טאָג האָט מען אויך אַרויסגענומען דעם חבר דוד שעפער פון זיין הויז און אויף דער גאַס דערשאָסן. חבר דוד שעפער איז געווען אַ שניידער־אַרבעטער. ער איז געווען דער פאָרזיצער פון פאַראיין פון באַקלייד־אַרבעטער אין לובלין. אַן אַקטיווער בונדיסט, פלעגט ער קומען אויף אַלע צוזאַמענפאָרן פון באַקלייד־אַרבעטער. ער איז געווען אַקטיוו אין דער אומלעגאַלער אַרבעט.

איך בין געקומען מיט אַ געהעריקער סומע געלט, כּדי צו העלפן אַרויסקריגן זיי פון די נאַצישע נעגל — ס׳איז שוין געווען צו שפּעט. מיט אַ טיפן ווייטאָג און פאַרקלעמט האַרץ האָב איך זיך צוריקגעקערט מיט דער טרויעריקער בשורה.

# 12. פּיעטריקאָוו

פּיעטריקאָוו איז געווען די איינציקע שטאָט, וואו דער יידן־ראַט איז געוואָרן אָנגעפירט דורך בונדיסטן. איך האָב די שטאָט גוט געקענט פון מיינע פאַרמלחמהדיקע באַזוכן. פּיעטריקאָוו איז שטענדיק געווען אַ „בונדישע פעסטונג". ווען די נאַציס האָבן פאַרנומען די שטאָט איז די אָנפירערשאַפט פון דער יידישער קהילה געווען אין בונדישע הענט.

ווען איך בין אויסגעשטיגן פון דער באַן אויפן פּיעטריקאָווער וואָקזאַל, איז נאָך געווען ווינטער, אָבער עס האָט שוין אָנגעהויבן צו בלאָזן אַ לינדער, פרילינגדיקער ווינט.

כ'האָב געקענט דעם וועג פון דער באַן אין שטאָט אַריין און האָב שנעל געפונען דעם אַדרעס פון דער קהילה אויף פּילסודסקעגאָ 25. אויפן וועג האָב איך באַגעגנט יידן מיט אָרעם־בענדער, אָבער איך האָב דאָ פיל מער ווי אין אַנדערע שטעט געזען אַ געמישטע באַפעלקערונג. אויף די גאַסן פון יידישן קוואַרטאַל האָבן זיך אויך געפונען אַ סך פּאָליאַקן. די יידן און פּאָליאַקן זענען דאָ נישט געווען אַזוי שטאַרק אָפּגעטיילט ווי אין אַנדערע שטעט. הונדערטער פּאָליאַקן זענען אַריינגעקומען אין די יידישע גאַסן און עס איז אָנגעגאַנגען אַ יידיש־פּוילישער האַנדל.

אַפילו ביי דער קהילה האָב איך געזען אַ סך פּאָליאַקן און עטלעכע פון זיי זענען אַריין און אַרויס דורך דער טיר פון דער געביידע. איך האָב געהאַט בדעה אַרויסצונעמען פון דער קעשענע מיין אָרעם־באַנד און אַריינגיין אין דער קהילה ווי אַ ייד. איך האָב אָבער גלייך געזען, אַז דאָס איז נישט נויטיק. אין קאָרידאָר איז געווען טומלדיק. צענטליקער מענטשן זענען דאָרט געווען.

באַלד ביים אַריבערטרעטן די שוועל האָב איך דערקענט עטלעכע חברים, איך האָב מיך אָבער נישט געגעבן צו דערקענען. אין צווייטן עק קאָרידאָר האָב איך דערזען די הויכע און ברייט־אַקסלדיקע געשטאַלט פונם חבר יצחק סאַמסאָנאָוויטש. פאַר דער מלחמה איז ער געווען אַן אַקטיווער און אינטעליגענטער בונדישער טוער אין פּיעטריקאָוו און רעדאַקטאָר פון דאָרטיקן בונדישן וואָכנבלאַט. איצט איז ער געווען דער סעקרעטאַר פון דער קהילה. אויך ער האָט מיך באַלד דערזען און האָט

זיך מיט מיר גאַר וואַרעם באַגריסט. אַרום אונז האָט זיך גענומען זאַמלען אַ קרענצל חברים און יצחק סאַמסאָנאָוויטש האָט מיך שנעל אַריינגעפירט צו זיך אין צימער אַריין. ער האָט מיך געפרעגט וועגן צוועק פון מיין קומען. ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז איך בין געשיקט פון צענטראַל־קאָמיטעט, האָט ער זיך אויפגעשטעלט און מיך אַריינגעפירט צום פאַר־זיצער חבר זלמן טענענבערג.

ביים זייט טיש איז געזעסן זלמן טענענבערג, אַ נידעריקער, אַ קרעפטי־קער, מיט ענערגישע באַוועגונגען. פאַר דער מלחמה איז ער געווען אינ־סטרוקטאָר פון דער פּיעטריקאָווער יידישער פאַך־שולע. איך האָב געוואוסט, אַז די וויכטיקסטע שטעלן אין יידן־ראַט זענען פאַרנומען דורך בונדיסטן. כ׳האָב אים געפרעגט: — ווי קומט עס, וואָס איר, חבר טענענבערג, זענט פאָרזיצער פון יידן־ראַט און חבר סאַמסאָנאָוויטש — סעקרעטאַר?

ער האָט געגעבן אַ טרויעריקן שמייכל: — ס׳איז נישט פון נחת.

דער פאָרזיצער פון דער יידישער קהילה איז פאַר דער מלחמה געווען דער חבר יעקב ראובן בערלינער. ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען פּיעטרי־קאָוו, האָבן זיי פאַרלאַנגט אַז די פריערדיקע אָנפירערשאַפט זאָל פאַר־בלייבן אויף די זעלבע אַמטן. חבר בערלינער איז אָבער נישט געווען אין שטאָט און טענענבערג, וועלכער איז פריער געווען דער וויצע־פאָרזיצער, איז איצט געצוואונגען געוואָרן צו נעמען אויף זיך דעם אַמט פון קהילה־פירער. דאָס זעלבע איז אויך געווען מיט סאַמסאָנאָוויטשן.

די בונדיסטן האָבן באַשלאָסן אַז אין זייער געצוואונגענער לאַגע זאָלן זיי ווי צום בעסטן אויסנוצן זייערע אַמטן לטובת הכלל. דער פּיעטריקאָווער יידן־ראַט האָט אָרגאַניזירט אַ גרויס יתומים־הויז, האָט איינגעשטעלט ביליקע פאָלקס־קיכן פאַר די אָרימסטע טיילן פון דער באַפעלקערונג, האָט אָנגע־פירט מיט אַ גרויסער פאָלקס־באָד, וואָס איז געוואָרן אַ נויטווענדיקייט אין די באַדינגונגען פון די איבערגעפּאַקטע וואוינונגען און געטון אַנדערע נויטיקע אַרבעטן. די דייטשן האָבן געצוואונגען אַ טייל יידן פון קלענערע שכנותדיקע שטעטלעך זיך אַריבערצוטראָגן קיין פּיעטריקאָוו. אַהער זענען אויך געקומען פיל יידן פון לאָדזש, וואו ס׳איז נאָך אין מאַי 1940 איינ־געשטעלט געוואָרן אַ פאַרמאַכטער געטאָ. אין 1941 האָבן זיך אין פּיעטרי־קאָוו געפונען איבער 28 טויזנט יידן. די קהילה האָט געטון אַלץ, וואָס איז געווען אין אירע מעגלעכקייטן, כדי ווי נישט איז צו לינדערן די פיינען פון די פריערדיקע תושבים און פון די צונויפגעטריבענע פּליטים. די אָנ־פירערשאַפט האָט זיך אויך באַמיט, אויף וויפיל דאָס איז געווען פון איר אָפּהענגיק, אַז די ניי־געשאַפענע יידישע פּאָליציי זאָל זיין פריי פון קאָ־רופּציע. ווען ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער פירער פון דער יידישער פּאָליציי האָט אָנגעהויבן אויסצונוצן זיין אַמט פאַר פערזענלעכע צוועקן, האָט מען אים אַראָפּגעזעצט און אויף זיין אָרט באַשטימט אַ צווייטן. די קהילה

האָט אָפּט איינגעאָרדנט „באַזאַרן", פאַרשידענע פאַרווײַלונגען און טעאַ־טער־פאָרשטעלונגען פאַר קינדער. די הכנסות פון די אַלע אונטערנעמונגען זענען געווען באַשטימט פאַרן יתומים־הויז, וואָס האָט אויפגעהאַלטן 500 קינדער. זי האָט אויך זיך פאַרנומען מיט שאַפן אַרבעט פאַר אַרבעטסלאָזע אין די אַרומיקע הוטעס און אויף אַנדערע אַרבעט־פּלעצער. צי איז אָבער פון דעם אַלעם אַרויסגעדרונגען, אַז דאָס באַטייליקן זיך פון בונדיסטן אין יידן־ראַט איז טאַקע געווען אַ געזעלשאַפטלעך־געזונטע זאַך? כ'האָב געהאַט אַ געלעגנהייט צו הערן וועגן דעם אַ דיסקוסיע, פאַרנאַכט אויף אַ זיצונג פון קאָמיטעט.

בעת אונזער שמועס אין טענענבערגס ביוראָ־צימער האָט זיך גע־עפנט די טיר און ס'איז אַרײַנגעקומען דער יידישער פּאָליציאַנט, וואָס איז געשטאַנען אויף דער וואַך פאַרן אַרײַנגאַנג. ער האָט אַ וואָרף געטון אַ בליק אויף טענענבערגן און אַ זאָג געגעבן: — ער איז דאָ! ער גייט!

באַלד איז אַרײַנגעקומען אַ הויכער, פעסט־געבויטער מאַן מיט נישט קיין יידישן אויסזען. סאָמסאָנאָוויטש האָט מיך אַ צי געטון בײַם אַרבל און מיט אַ וואונק מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז מ'דאַרף גלײַך אַרויסגיין.

סאָמסאָנאָוויטש האָט מיך אַרומגעפירט איבער דער געביידע פון דער קהילה און מיר געוויזן די פאַרשידענע אָפּטיילונגען. ער האָט מיר דער־קלערט, אַז די הויפּט־זאַך, וואָס ס'איז געלונגען אַדורכצופירן, איז וואָס די אָרימע אַרבעטן דאָ נישט פאַר די רייכע. דאָ האָט מען נישט געלאָזט איינפירן, ווי ס'איז געווען די פּראַקטיק פון אַ גרויסער צאָל יידן־ראַטן, אַז די רייכע האָבן זיך אויסגעקויפט פאַר געלט און אויף זייער אָרט האָט מען צו די שווערסטע ארבעטן געשיקט די אָרימע.

אין אַ האַלבער שעה אַרום בין איך ווידער געווען אין צימער פון פאָרזיצער, און ער האָט צו מיר געזאָגט: — איר ווייסט ווער ס'איז דער מאַן, וועלכער איז דאָ פריער אַרײַנגעקומען? ער הייסט דיטענאַן און איז דער אָנפירער פון דער היגער דייטשער מאַכט. זלמן טענענבערג האָט מיר דערציילט: מיט אַ קורצער צייט צוריק האָב איך אים געטראָפן אין אַ דייטשן אַמט, וואוהין איך בין געווען אַרויסגערופן. ער האָט זיך צו מיר צוגעזעצט און פאַר מיר אַוועקגעשטעלט אַ גלאָז טיי. פּלוצלונג האָט ער גענומען רעדן צו מיר מיט אַ פאַרטרוילעכער שטים און געזאָגט, אַז ער איז נישט קיין דייטש, נאָר אַן עסטרייכער פון דער שטאָט ווין, פון דער אַמאָל סאָציאַליסטישער שטאָט ווין. ער האָט זיך צוגעבויגן און שטיל געזאָגט, אַז ער אַליין איז אויך געווען אַ סאָציאַליסט. ווען די נאַציס האָבן איבער־גענומען די שטאָט און אָנגעהויבן שיקן די סאָציאַליסטן אין די תפיסות און לאַגערן, ווי אויך איבערגעבן צו די עקזעקוציע־פּלוטאָנען, האָט ער זיך געמוזט פאַרמאַסקירן און שפּילן די ראָלע פון זייערס אַן אָנהענגער. צי איז אין דעם פאַראַן אַ קערנדל אמת? ס'איז אַ פאַקט אַז ביז איצט האָט ער

פאַר דער פּיעטריקאָווער קהילה געמאַכט אַ סך פאַרלייכטערונגען. יעדעס מאָל ווען מען ווענדט זיך צו אים מיט אַ בקשה, באַפרידיקט ער זי.

פאַרן געזעגענען זיך האָב איך געפרעגט טענענבערגן צי ס׳וואָלט מעגלעך געווען אויסצואַרבעטן פאַר מיר אַ דאָקומענט, אַז כ׳בין אַ באַ־אַמטער פון דער קהילה. דאָס וואָלט מיר פאַרלייכטערט אַרומצופאָרן אין ראַיאָן און אַריינגיין אין די געטאָס און יידישע וואוינונגען. מיין פּוילישער אויסזען און מיין געפעלשטע קען־קאַרטע אויפן נאָמען פון יוזעף נאָוואַק איז געווען אַ נוצלעכע זאַך אויף דער „אַרישער" זייט, אָבער דער גויאישער אויסזען איז געווען פאַר מיר אַ שטערונג, ווען איך האָב געדאַרפט אַריינ־גיין אין אַ געטאָ. ס׳איז געווען אויפפאַלנדיק, וואָס אַ פּאָליאַק קומט אין אַ יידיש הויז אָדער אין דער געביידע פון קהילה. טענענבערג האָט מיר גלייך צוגעזאָגט דאָס צו דערליידיקן. ס׳וועט דאַרפן דויערן אַ צוויי טעג.

איך האָב מיט אים גערעדט וועגן נאָך אַן ענין. אין שייכות מיט דעם וואָס אַ גרויסע צאָל יידן ווערן אַרויסגעשיקט פון קראָקע אין אַנדערע שטעט, צי וואָלט מעגלעך געווען, אַז די פּיעטריקאָווער קהילה זאָל אַריינלאָזן עטלעכע פאַמיליעס. איך האָב אים גלייך אויפגעגעבן די נעמען פון צוויי אַזעלכע פאַמיליעס. ער האָט אויפגענומען זייערע נעמען און געזאָגט, אַז דער ענין איז דערליידיקט. מיר האָבן אָפּגערעדט צו טרעפן זיך דעם זעלבן אָוונט אויף אַ זיצונג פון בונדישן קאָמיטעט. די זעלבע מענטשן, וואָס האָבן אָפן אַנגעפירט מיטן יידן־ראַט, האָבן גליכצייטיק געהיים געפירט אַן אונטערערדישע טעטיקייט קעגן דער דייטש־נאַצישער אָקו־פּאַציע־מאַכט, אַ טעטיקייט וואָס האָט שפּעטער געהאַט קאַטאַסטראָפאַלע קאָנסעקווענצן.

פון אַלע שטעט און שטעטלעך, וואָס איך האָב געהאַט באַזוכט די לעצטע חדשים, האָט פּיעטריקאָוו צום ווייניקסטן זיך געענדערט. די גאַסן זענען געווען פול מיט דורכגייער. די פאָלקייט אויף די גאַסן איז גע־ווען מחמת די גירושים פון די אַרומיקע שטעטלעך. אין אַ באַגרענעצטער צאָל גאַסן האָט מען צוזאַמענגעפּרעסט נאָך טויזנטער איינוואוינער. צווישן די יידן האָט מען אויף די גאַסן אויך געזען פיל פּאָליאַקן.

דער חבר תנחום פריינד האָט מיך אָוועקגעפירט צו דער זיצונג פון בונדישן קאָמיטעט אין דער דירה פון חברטע טויבע בלומשטיין. ווען מיר זענען אַריינגעקומען אין איר דירה, האָב איך דערזען פאַר זיך אַ הויכע סימפּאַטישע פרוי אין די מיטעלע יאָרן. ביי איר האָט געוואוינט איר פריינט, דער חבר יעקב ראובן בערלינער. פאַר דער מלחמה איז ער געווען פאַר־זיצער פון דער יידישע קהילה און לאַווניק פון פּיעטריקאָווער מאַגיסטראַט. פון פאַך איז ער געווען אַ רופא (פעלדשער). ס׳איז געווען אַ משפחה־פאַך — זיין פאָטער און אַנדערע קרובים זענען געווען רופאים. ווען איך בין אַריינגעקומען, איז ער געווען שטאַרק אומרואיק. מלכה (מרים), די טאָכטער

פון דער חברטע טויבע בלומשטיין, האָט זיך נישט געהאַט אומגעקערט פון דער אַרבעט. זי איז געווען אַ קראַנקן־שוועסטער אין יידישן שפּיטאָל און האָט שוין געזאָלט זיין אין דער היים מיט אַ שעה צוריק. אויך די מוטער איז געווען אויפגערעגט און פול מיט אומרו, כאָטש זי האָט זיך באַמיט צו זיין ליבלעך און גאַסטפריינדלעך צו מיר.

דערווייל האָבן זיך אָנגעהויבן צונויפקומען די מיטגלידער פון בונדישן קאָמיטעט. ס׳זענען געקומען די חברים יצחק סאַמסאָנאָוויטש, שעיה וויינ־גארטן, זלמן טענענבערג און דער חבר בעריש ראָזענבערג, וועמען מ׳האָט גערופן בעריש בלאַכאַזש. ער איז געווען אַ הויכער און געטראָגן טונקעלע ברילן, דורך וועלכע ער האָט זייער ווייניק געזען. די באַוועגונג פון זיינע הענט זענען געווען ווי ביי אַ בלינדן. חבר בעריש איז געווען פון די עלטסטע בונדיסטן אין שטאָט. הגם ער איז געווען אַן אַרבעטער און האָט פון די סאַמע פריסטע קינדער־יאָרן געאַרבעט, איז ער אָבער געווען אַ געבילדעטער מענטש, ער פלעגט אָפט האַלטן רעפעראַטן אויף פאַרשידענע טעמעס.

די זיצונג האָט זיך אָנגעהויבן באַלד נאָכדעם, ווי אַלע האָבן מיט דרך־ארץ באַגריסט דעם חבר בעריש. די חברים האָבן אָפּגעגעבן באַריכטן פון דער בונדישער טעטיקייט אין פּיעטריקאָוו. אין שטאָט זענען געווען איינגעשטעלטע גרופּן, וועלכע האָבן געפירט אַן אונטערערדישע טעטיקייט. די ביולעטינען זענען גוט קאָלפּאָרטירט געוואָרן און מען האָט אויף זיי געוואַרט מיטן גרעסטן אינטערעס. די הויפּט־טעמע פון דער זיצונג איז געווען די פראַגע פון בונדישן אָנטייל אין יידן־ראַט. נישט געקוקט אויף אַלע אַרבעטן לטובת דער יידישער באַפעלקערונג און אויפן פאַקט וואָס דער פּיעטריקאָווער יידן־ראַט האָט זיך אונטערגעשיידט צום גוטן אין פאַרגלייך מיט פיל אַנדערע יידן־ראַטן, האָבן די בונדיסטן גופא אויסגעדריקט זייער שטאַרקן צווייפל. די דייטשן האָבן נישט געשאַפן די קערפּערשאַפט פאַר דער טובה פון די יידן. דאָס איז געווען קלאָר באַלד פון ערשטן טאָג. די געשטאַפּאָ האָט מיט אַ צייט צוריק אַוועקגעפירט אַ צאָל יוגנטלעכע אין לאַגער פון בעלזשיץ, וואָס איז געווען גאָר ווייט פון פּיעטריקאָוו. פון לאַגער זענען אָנגעקומען טראַגישע ידיעות. מ׳האָט די יוגנטלעכע גע־פייניקט, געמאַטערט און דערנידעריקט. אין די לעצטע טעג איז אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז אונזער אַקטיווער חבר בינם יאַכימאָוויטש (היינט אין אַמע־ריקע) איז פאַרמשפּט געוואָרן צו 40 שמיץ בלויז דערפאַר וואָס ער האָט זיך פאַרשפּעטיקט צום אַפּעל. זיין ברודער האָט געמוזט שטיין דערביי. דער יידן־ראַט האָט געמאַכט באַמיאונגען אַרויסצונעמען פון דאָרט וואָס מער יוגנטלעכע און סיסטעמאַטיש אָהינגעשיקט שפּייז־פּעקלעך. מ׳האָט טאַקע צוריק געבראַנגט די חברים בינם יאַכימאָוויטש, חיים ראָזענשטיין מיט זיין ברודער און אַנדערע (אַלע דריי היינט אין אַמעריקע).

דער חבר בערלינער איז די גאַנצע צייט געזעסן אַ שווייגנדיקער. צום סוף האָט ער געזאָגט: איך וועל פאַר קיין שום פּרייז אין דער וועלט נישט גיין מיטאַרבעטן מיטן יידן־ראַט. פאַר די, וועלכע זענען צו דעם גע־צוואונגען געוואָרן, איז נישט פאַראַן קיין אַנדערע עצה. זיי מוזן איצט טון דאָס, וואָס מען באַפעלט זיי. זיי דאַרפן אָבער פון דער געשאַפענער לאַגע אַרויסציען דאָס בעסטע און געדענקען, אַז ס'זענען פאַראַן גרענעצן, וואָס מען טאָר בשום אופן נישט איבערשפּאַנען, אַפילו נישט פאַרן פּרייז פון אָפּראַטעווען דאָס אייגענע לעבן. (ער אַליין האָט שפּעטער פרייוויליק אַוועקגעגעבן זיין לעבן, ווען די באַדינגונגען האָבן עס פון אים געפאָדערט). אויך אַנדערע חברים האָבן זיך אַרויסגעזאָגט אין זעלבן גייסט: דאָס וואָס ס'איז געשען אין פּיעטריקאָוו, איז געווען אַן אַרויסגעצוואונגענע זאַך און ס'וואָלט בעסער געווען, ווען בונדיסטן וואָלטן זיך אין יידן־ראַט נישט באַטייליקט.

ווען איך האָב שפּעטער געזאָגט אין מיין באַריכט, אַז ס'ווערט גערופן אַ בונדישע לאַנד־קאָנפערענץ, וואו אויך דער ענין יידן־ראַטן וועט באַהאַנדלט ווערן, האָבן די חברים אויסגעדריקט דעם וואונטש, אַז פון פּיעטריקאָוו זאָלן פאָרן צוויי דעלעגאַטן: איינער וועלכער איז פאַר באַטייליקן זיך און איינער וועלכער איז קעגן.

אין דאָזיקן מאָמענט האָט זיך אויפגעשטעלט דער אַלטיטשקער, האַלב־בלינדער חבר בעריש און האָט געזאָגט מיט אַ ציטערדיקער שטים: — וואָסער כוח דאַרף מען האָבן צו רופן אַ לאַנד־קאָנפערענץ אין וואַרשע בעת די שאַרפע האַק פון נאַציסטן מערדער הענגט איבער אונזערע קעפּ. פאַרן שלוס פון דער זיצונג האָט ער מיט ציטערדיקע פינגער מיר דער־לאַנגט צוויי זלאָטעס. חבר בעריש האָט זיך נישט געקענט באַהערשן. מיט טרערן אין די פאַרשטעלטע אויגן האָט ער געזאָגט: — איך אַליין לעב דערפון וואָס איך באַקום אַ שטיצע אין דער קהילה. איך נעם אַראָפּ פון דער דאָזיקער שטיצע די צוויי זלאָטעס און גיב זיי אייך פאַרן פאָנד פון דער אונטערערדישער פּרעסע, וואָס ווערט אַרויסגעגעבן מיט אַזוי פיל מסירת־נפש. כ'ווייס, אַז די צוויי זלאָטעס וועלן אייך אַ סך נישט העלפן, אָבער דאָס איז מער ווי צוויי זלאָטעס...

ס'האָט זיך געעפנט די טיר און ס'איז אַריינגעקומען אַ יונג, שלאַנק מיידל מיט אַ שוואַרצן קאָפּ האָר און מיט לעבעדיקע פינקלדיקע אויגן. זי האָט זיך פריילעך באַגריסט מיט אַלע אָנוועזנדיקע. דאָס איז געווען די טאָכטער פון דער חברטע בלומשטיין. די חברטע מלכה (מרים) בלומ־שטיין איז געווען פון די אַקטיווסטע טוער אין יוגנט־בונד צוקונפט. זי איז געווען פול מיט לעבן, מיט נישט־געוויינלעכן קוראַזש און אַ סך חכמה (היינט די פאַרוואַלטערין פון דער טעגלעכער בונדישער־צייטונג אונזער שטימע אין פּאַריז). צומאָרגנס בין איך געווען אויף אַ זיצונג פון יוגנט־קאָמיטעט.

די זיצונג איז פאָרגעקומען אין הויז פון נאָר וואָס פאַרשטאָרבענעם לאָדזשער בונדישן טוער ברוך (פּיניע) נוטקעוויטש, וועמען מ׳האָט אַרויסגעשיקט אַהער. אין דער דירה האָבן געוואוינט זיין טאָכטער לילקע (היינט אין לאָס אַנדזשעלעס) און זיין זון עליע. צו דער זיצונג זענען געקומען מלכה (מרים) בלומשטיין, אסתר וואָלפשטיין און עליע נוטקעוויטש. זיי האָבן מיר איבערגעגעבן וועגן דעם אָנטייל פון די יוגנטלעכע ביים פאַרשפּרייטן בונדישע אונטערערדישע צייטונגען, און וועגן די יוגנט־קרייזן, וועלכע קומען זיך צוזאַמען רעגולער. אייך מאָל אין צוויי וואָכן קומט פאָר אַן אויספלוג פון אַלע יוגנט־מיטגלידער הינטער דער שטאָט. אַחוץ דעם באַ־טייליקן זיי זיך אין אַלע קולטור־אונטערנעמונגען, וואָס ווערן איינגעאָרדנט אין שטאָט. די יוגנטלעכע אַרבעטן איבער זיך אידייאיש, לייענען אַ סך, פאַרטיפן זיך און נוצן אויס יעדע געלעגנהייט איינצואָרדנען רעפעראַטן און דיסקוסיעס.

פאַרן אַוועקפאָרן פון פּיעטריקאָוו בין איך נאָך געווען אַ צווייט מאָל אין דער קהילה און חבר זלמן טענענבערג האָט מיר געגעבן אַ צייגניש, אַז כ׳בין געוואָרן אַ באַאַמטער פון דער סאַניטאַר־אָפּטיילונג. דאָס האָט מיר געהאָלפן פאָרן אין די אַרומיקע שטעטלעך. די דאָזיקע כלומרשטע באַאַמטן־קאַרטע איז מיר אַ לאַנגע צייט צונוץ געקומען.

איך האָב געדאַרפט וואַרטן עטלעכע טעג, אַז דער דייטשער אַרבעטס־אַמט זאָל באַשטעטיקן מיין באַאַמטן־קאַרטע. ס׳איז דעמאָלט פאָרגעקומען אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג, אין אַ שיינעם זאַל, וואו ס׳איז געווען אַן עולם פון הונדערטער מענטשן. ס׳איז געווען אַ פיינע פאָרשטעלונג, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן פון אַ בונדישן קולטור־טוער. בכלל האָט מען אין גאַס נישט באַמערקט, ווי אין אַנדערע שטעט, נידערגעשלאָגענע יידן, מיט שרעק אין די אויגן. דער עולם אין זאַל האָט מיט אינטערעס און הייטערער שטימונג אויפגענומען די אַרטיסטן און זיי האַרציק אַפּלאָדירט. די קולטור־טעטיקייט אין שטאָט איז אין אַ גרויסער מאָס באַווירקט און פינאַנסירט געוואָרן דורך דער קהילה.

* * *

נאָך די גרויסע „אויסזידלונגען״ פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פּיעטריקאָוו, אין 1942, האָבן די דייטשן פאַרשפּאַרט אַרום צוועלף הונ־דערט יידן אין צוויי לאַגער־באַראַקן, אין שכנות פון גלאָז־הוטעס. צווישן זיי זענען אויך געווען בונדיסטן, וועלכע זענען ניצול געוואָרן פון די דעפּאָרטאַציעס. מיר זענען געשטאַנען מיט זיי אין כסדרדיקן קאָנטאַקט. אין די בריוו וואָס די חברים האָבן אונז אויף פאַרשידענע אופנים געשיקט, האָבן זיי מודיע געווען, אַז זיי בויטיקן זיך נישט אין קיין געלט, נאָר אין

געוועד. דאָס איז געוועזן איינע פון די שווערסטע זאַכן, אַפילו פּאַר גרויסע געלטער האָט מען דעמאָלט קיין געווער נישט געקאָנט באַקומען.

איינמאָל האָבן די חברים אונז געשריבן, אַז זיי אַליין וואָלטן געקאָנט זיך איינשאַפן געווער אויפן אָרט, אויב מיר וואָלטן זיי געשיקט אַ גרע־סערע סומע געלט. מיר האָבן גלייך באַשטימט צו שיקן זיי דאָס פאַרלאַנגטע געלט. אָבער ווי אַזוי זאָל מען דאָס געלט באַזאָרגן? דער גורל איז גע־פאַלן אויף אָלאַ מאַרגאָליס — אַ טאָכטער פון ד״ר אַלעקסאַנדער מאַר־גאָליס, וועלכער איז געוועזן אַ באַוואוסטער בונדישער טוער, דער לאַנג־יאָ־ריקער דירעקטאָר פון גרויסן שטאָטישן שפּיטאָל און לאַווניק פון לאָדזשער מאַגיסטראַט (די דייטשן האָבן אים דערהרגעט אַ קורצע צייט נאָכן פאַרנעמען לאָדזש). אין איינעם פון די צווייטע פּיעטריקאָווער לאַגערן האָט זי געהאַט אַ נאָנטע פריינדין, רענע זאַקס. דער פּלאַן איז געוועזן, אַז זי זאָל אוועקפירן דאָס געלט און זיך באַמיען איבערצוגעבן עס צו איר פריינדין און פון איר וועלן עס איבערנעמען די חברים. ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און אָלאַ מאַרגוליס האָט מיט אַ סומע פון 75 טויזנט זלאָטעס, וואָס איך האָב געבערענגט פון חבר ד״ר לעאָן פיינער, זיך גע־לאָזט אין וועג אַריין.

דאָס איבערגעבן דאָס געלט האָט אויסגעזען צו זיין לייכט. די יידן פלעגן יעדן אין דער פרי אַרויסגעפירט ווערן פון די באַראַקן צו דער אַרבעט אין די הוטעס. אויפן וועג האָבן פּאָליאַקן, וועלכע האָבן געפירט אַ טויש־האַנדל — אַ טויש פון ווערט־זאַכן פאַר שפּייז — אָפּגעוואַרט די יידן. די יידישע גרופּן זענען געפירט געוואָרן צו דער אַרבעט דורך פאָלקס־דייטשן פון דער ווערקשוץ. אויף די דאָזיקע טראַנזאַקציעס האָבן זיי גע־קוקט דורך די פינגער, ווייל זיי האָבן אַליין דערפון גאַנץ נישקשהדיק פּראָ־פיטירט. אָלאַ מאַרגאָליס האָט צווישן די פּאָליאַקן זיך אַוועקגעשטעלט אָפּ־וואַרטן די אַרויסגעפירטע יידן. מיט איר קליידונג און מיטן פויערישן קיישל, אין וועלכן עס איז געלעגן אונטער אַ צודעק דאָס געלט, האָט זי זיך נישט אונטערגעשיידט פון אַנדערע. ווען זי האָט זיך דערנענטערט צו די מאַר־שירנדיקע יידן און אָנגעהויבן זוכן איר פריינדין, האָט איינער פון די פאָלקסדייטשן באַמערקט, אַז צווישן די פּוילישע „סוחרים" איז צוגעקומען אַ פרייש געזיכט. ער איז צו איר צוגעגאַנגען און געפרעגט וועמען זי זוכט. אָלאַ האָט זיך נישט פאַרלוירן. כאָטש זי האָט נישט געהאַט קיין פּערפעקטן „אַרישן" אויסזען — זי האָט פאַרמאָגט אַ שוואַרצן קאָפּ האָר — האָט זי אָבער, ווי ס׳איז געווען איר שטייגער, געענטפערט מיט אַ סך זעלבסט־זיכערקייט: זי איז דאָ געקומען אַזוי ווי אַלע אַנדערע האַנדלען מיט די יידן. דער פאָלקס־דייטש האָט אַריינגעשטעקט די האַנט אין קיישל, אַוועקגעשאַרט דעם צודעק און דערזען די געלט־באַנקנאָטן. ער האָט אַ

קוק געגעבן אויף איר מיט אַ געלעכטער און געזאָגט: — דו האַנדלסט מיט געלט?

ער האָט זי גלייך אַריינגעפירט אין דער פּאָליציי־שטעלע ביים באַראַק. די נייעס וועגן דעם אַרעסט פון אַ פרוי מיט אַ גרויסער סומע געלט האָט זיך בליץ־שנעל פאַרשפּרייט צווישן די יידן. אונזערע חברים האָבן פאַר־שטאַנען וועך זי איז און אַז מען מוז עפּעס טון, כדי זי אַרויסראַטעווען פון דער גרויסער געפאַר, וואָס דראָט איר. ס'איז געווען קלאָר, אַז די אָרטיקע פּאָליציי וועט באַלד צו וויסן געבן דער געשטאַפּאָ. אין קאָן איז איצט געשטאַנען איר לעבן.

אונזער חבר בינם יאַכימאָוויטש, וועלכער האָט דאַן געאַרבעט אין בלאָק, האָט געמאַכט באַמיאונגען, אַז מען זאָל אים לאָזן אויסקערן די שטובן פון ווערקשוץ, וואו חברטע אָלאַ מאַרגאָליס איז געווען אין אַ צימער. בעת ער האָט געקערט דעם צימער, האָט ער זי געפרעגט פון וואַנען זי קומט און דערביי האָט ער איר געזאָגט זיין נאָמען. אָלאַ האָט געהאַט ביי זיך פאַרצייכנט דריי נעמען — מאָטל אַפּעלאָוויטש, מרים בלומשטיין און בינם יאַכימאָוויטש. אַזוי האָבן זיי זיך באַקענט. בינם האָט איר געזאָגט, אַז זיי וועלן טון אַלץ זי צו באַפרייען. אָלאַ האָט אים שטאַרק געבעטן, אַז ער זאָל איר באַזאָרגן אַ ביסל ציאַנקאַלי, ווייל זי גלויבט נישט, אַז זי וועט קענען אויסהאַלטן די טאָרטורן פון דער געשטאַפּאָ.

אונזערע חברים האָבן געהאַנדלט בליץ־שנעל. די פּאָליציי־שטעלע אין באַראַק איז נישט געווען קיין שטרענגע. מ'האָט צו איר אַריינגעשיקט אונזער חברטע מרים בלומשטיין, וועלכע איז געווען די הויפּט־קראַנקן־שוועסטער פון לאַזאַרעט אין באַראַק. חברטע מרים האָט איר גענוי געזאָגט ווי אַזוי זי זאָל סימולירן, אַז זי איז קראַנק. אין דער זעלבער צייט האָט מען געפּועלט ביים בלאָק־עלטסטן, אַ געוויסן בערגמאַן, אַז ער זאָל אַוועק צום דייטשן דירעקטאָר פון דער הוטע און זאָל אים דערציילן, אַז די פּאָליציי האָט פאַרהאַלטן אַ קריסטלעך מיידל, וואָס האָט פאַר־קויפט אַ ברילִיאַנטן־רינגל פון איינער פון די יידישע־פרויען און האָט איר געבראַכט דאָס באַקומענע געלט — 75 טויזנט זלאָטעס. מ'האָט אָפּגעמאַכט, אַז דער בלאָק־עלטסטער זאָל פאָרשלאָגן דעם דירעקטאָר נישט אַריינצומישן אין דעם ענין די געשטאַפּאָ, אַנשטאָט דעם זאָל מען קאָנפיסקירן דאָס געלט פאַרן דייטשן רויטן־קרייץ און דאָס מיידל, וואָס איז אינגאַנצן אומשולדיק, זאָל מען באַפרייען. דער הוטע־דירעקטאָר האָט מסכים געווען און גלייך אָפּגערופן דעם פּאָליציי־קאָמענדאַנט. ער האָט אים מודיע געווען דעם פּלאַן און אויך דער קאָמענדאַנט האָט געגעבן זיין הסכמה. אָלאַ מאַרגאָליס איז באַפרייט געוואָרן.

איר גורל האָבן דעצידירט דער הוטע־דירעקטאָר, וועלכער האָט זיך בעסער באַצויגן צו די יידן ווי די אַנדערע דייטשן, און — דער זייגער...

ווען דער דירעקטאָר פון דער הוטע האָט גערעדט טעלעפאָניש מיטן פּאָ־ליציי־קאָמענדאַנט, איז אַן אַנדערער דייטשער ווערקשוץ־מאַן, אַ פּלייסיקער נאַצי, אַוועק אין געשטאַפּאָ און געמאָלדן וועגן אַרעסט פון מיידל מיט דער גרויסער סומע געלט. ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט — דאָס איז געווען סך־הכל אַ צוואַנציק מינוט נאָך דעם ווי אָלאַ מאַרגאָליס איז באַ־פרייט געוואָרן פון אַרעסט — און עטלעכע מאָטאָרציקלען מיט שוואַרץ־מונדירטע געשטאַפּאָ־לייט זענען אָנגעקומען. זיי האָבן פאַרלאַנגט די פּאָ־ליציי זאָל זיי אַרויסגעבן דאָס אַרעסטירטע מיידל. זיי זענען געקומען צו שפּעט. אָלאַ מאַרגאָליס האָט זיך שוין געפונען אין אַ גוטער באַהעלטעניש. מיט אַ טאָג שפּעטער איז זי צוריק געווען אין וואַרשע.

ווען אָלאַ איז צוריקגעקומען, איז זי גלייך פון דער באַן אַוועק אויף אונזער טרעף־פּונקט, מיאָדאָווע 24. מיר האָבן זי דערוואַרט מיט אומרו. זי איז אַריין צו אונז מיטן זעלבן שמייכל אויף איר פּנים און מיט איר נאַטירלעכער זעלבסט־זיכערקייט. ווען זי האָט אונז דערציילט די טראַגישע איבערלעבעניש, וואָס האָט געקענט קאָסטן איר לעבן, האָבן מיינע פּיס אָנ־געהויבן ציטערן. אַ קאַלטער שווייס האָט מיך באַגאָסן, אין מיין דמיון איז געשטאַנען איר מוטער, די חברטע ד״ר אַנאַ מאַרגאָליס, וועלכע האָט גע־זאָגט פאַר איר אַוועקפאָרן: — צעלעק, אָלאַ איז דאָך אַזוי יונג און איר אויסזען איז דאָך אַ יידישער. איך וואָלט גערן זי פאַרטרעטן אויף דער נסיעה. ד״ר אַנאַ מאַרגאָליס לעבט היינט אין פּוילן און איז הויפּט־דירעקטאָר פון אַ קינדער־שפּיטאָל. איר טאָכטער אָלאַ, וועלכע האָט וויטער זיך באַטייליקט אין אונזער אונטערערדישער אַרבעט און אַנטיילגענומען אין וואַרשעווער אויפשטאַנד פון 1944, איז איצט די פרוי פון וויצע־קאָמענדאַנט פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד, ד״ר מאַרעק עדעלמאַן. זי אַליין איז איצט אויך אַ מעדיצין־דאָקטאָרין.

# 13. טאָמאַשאָוו

פאַר דער מלחמה זענען אין טאָמאַשאָוו געווען טעקסטיל־פאַבריקן. צווישן דער באַפעלקערונג האָט זיך געפונען אַ גרעסערע צאָל דייטשן. נאָכן אַריינמאַרשירן פון די נאַציס האָבן זיי אויפגעגעבן זייער פוילישע בירגערשאַפט און זיך דערקלערט פאַר פאָלקס־דייטשן. אויף דער טעראָריזירטער יידישער באַפעלקערונג האָט דאָס אָנגעוואָרפן נאָך אַ גרעסערע שרעק. אַחוץ די סאָלדאַטן, זשאַנדאַרמען, געשטאַפּאָווצעס און ס. ס. לייט האָבן אין די גאַסן זיך אַרומגעדרייט טויזנטער אָרטיקע איינוואוינער מיט האַקנקרייצן אויף דער ברוסט. די נעכטיקע דייטשע גוטע פריינט זענען אין רוב פאַלן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין די ערגסטע מוסרים און שלעגער.

כ׳בין געפאָרן קיין טאָמאַשאָוו מיטן אויטאָבוס, וואָס איז געגאַנגען פון פּיעטריקאָוו. כ׳האָב געהאַט דעם אַדרעס פון חבר שמשון קאָשעראָווסקי, וועלכער איז פאַרן קריג געווען אַ באַקאַנטער בונדישער טוער, מיטגליד פון שטאָט־ראַט און פון דער קהילה־אָנפירונג. אין אויטאָבוס האָב איך צווישן די פּאַסאַזשירן דערזען אַ ייד מיט אַן אָרעם־באַנד. כ׳האָב אים געפרעגט אויף פויליש צי ער קען אַ טאָמאַשאָווער איינוואוינער מיטן נאָמען קאָשעראָווסקי. דער ייד האָט מיך אָנגעקוקט אַ ביסל איבערגעשראָקן און מיט חידוש. ווי קומט אַ פּאָליאַק צו פרעגן זיך אויף אַ ייד און דערצו נאָך אויף אַ באַקאַנטן בונדיסט? כ׳האָב אים שנעל באַרואיקט. כ׳בין — האָב איך אים געזאָגט — אַ פּיעטריקאָווער איינוואוינער און דאַרף זען קאָשעראָווסקין געשעפטלעך.

אין טאָמאַשאָוו האָט מיר דער ייד אָנגעוויזן אין וואָסער ריכטונג איך זאָל גיין און איז אַליין נעלם געוואָרן אין איינעם פון די שמאָלע געסלעך. ס׳איז געווען אַ פייכטער טאָג. פון די דעכער האָט אַראָפּגעקאַפּעט שמעלצנדיקער שניי. ווען כ׳האָב זיך דערנענטערט צו די יידישע גאַסן, האָב איך אַרויסגעפילט אַ הערשנדיקע שרעק. כ׳האָב געקוקט אויף די אַדורכגייענדיקע יידן, און ביי יעדן באַמערקט אַראָפּגעלאָזטע אויגן. קיינער האָט נישט געקוקט אין מיין זייט אַריין. מיין העל געזיכט, מיין טעקע, מיין מאַנטל — דאָס אַלץ האָט זיי פון מיר אָפּגעשטויסן. צי בין איך נישט אַמאָל אַ דייטש, פון וועלכן מ׳דאַרף זיין פונדערווייטנס?

כ׳האָב אָנגעקלאַפּט אין דער וואוינונג פון חבר שמשון קאָשעראָווסקי. ער אַליין האָט מיר געעפנט די טיר און מיר האָבן זיך באַגריסט. ער האָט מיך אַריינגעפירט אין ערשטן צימער, וואו איך האָב דערזען ביי אַ טיש דאָס פּאָרפאָלק שמואל יונה און צעשע בלום — צוויי אַלטע פּאַר־טיי־טוער פון קראָקע, וועלכע האָבן נישט לאַנג צוריק איבערגעוואַנדערט קיין טאָמאַשאָוו. זיי האָבן מיך גלייך דערקענט און האָבן זיך געפרייט מיט מיין קומען. די פרייד האָט אָבער פאַרדעקט אַן אַנגסט. קאָשעראָווסקי האָט צו מיר געזאָגט: — איר זענט געקומען אין איינעם פון אונזערע ביטערסטע טעג.

ער האָט מיך צוגעפירט צו אַ טיר און זי געעפנט. כ׳האָב דערזען פאַר זיך אַ שטוב, וואָס איז געווען אָנגעפּאַקט מיט בלייכע, אויסגעמאָגער־טע יידישע פרויען. ווען קאָשעראָווסקי האָט געעפנט די טיר, זענען עט־לעכע צו אים צוגעלאָפן און געזאָגט מיט אַ געיאָמער: — שמשון, ראַ־טעוועט מיין קינד! אַנדערע זענען געזעסן רעזיגנירטע מיט פאַרבראָכענע הענט. קאָשעראָווסקי האָט צו זיי עפּעס געזאָגט און די פרויען זענען צוריק געבליבן זיצן ווי פאַרגליווערטע.

ער האָט פאַרמאַכט די טיר און צו מיר געזאָגט: — דאָס איז איצט אונזער גרעסטער אומגליק. ס׳קומען פאַר כאַפּענישן פון יוגנטלעכע. זיי ווערן פאַרשלעפּט אין אַ לאַגער, די אַרבעט איז אַ קאַטאָרזשנע. די יידישע ייִנגלעך ווערן געפייניקט און געמאַטערט. מאַמעס פון אַזעלכע פאַרכאַפּטע קינדער זיצן ביי אים גאַנצע טעג. זיי קומען אַהער, ווייל ער איז פאַרבונדן מיט דער קהילה, וואָס באַזאָרגט פּעקלעך שפּייז און וועש צו די יינגלעך. פון צייט צו צייט געלינגט אַרויסצוראַטעווען אַ פאַרשלעפּטן קרבן. די רייכע יידן קויפן אויס זייערע קינדער מיט געלט, אָבער די דאָזיקע אָרימע פרויען קאָנען בלויז האָפן אויף אַ נס. אין די גאַסן פאָרט כסדר אַרום דאָס „שוואַרצע קעטשל" און כאַפּט אַלץ נייע קרבנות. יידישע יוגנט־לעכע באַמיען זיך וואָס ווייניקער אַרויסצוגיין אין דרויסן. אָבער דאָס העלפט ווייניק. די דייטשן האָבן לעצטנס אָנגעהויבן אַריינצורייסן זיך אין די וואוינונ־גען און שלעפּן פון דאָרט אַרויס די יונגע מענטשן.

שמשון קאָשעראָווסקי האָט מיר דערציילט וועגן אַ צווייטער גע־שעעניש, וואָס האָט מיך טיף דערשיטערט. דאָס איז געווען אין חודש מערץ 1941. די צרות, וואָס די דייטשן האָבן שוין דעמאָלט אָנגעטאָן די יידן, זענען געווען גענוג פּיינלעכע. ס׳זענען שוין דעמאָלט געווען אַ סך פאַלן פון גרויזאַמע מאַטערנישן און מאָרדן. כ׳האָב אָבער ביז דעמאָלט נאָך נישט געהערט פון קיין פאַל, אַז די נאַציס זאָלן צונויפטרייבן אַ גרויסע צאָל יידישע פאַמיליעס און זיי קאַלטבלוטיק דערמאָרדן. קאָ־שעראָווסקי האָט מיר איצט דערציילט, אַז אין טאָמאַשאָוו איז מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק פאָרגעקומען אַזאַ מאַסן־שחיטה. די געשטאַפּאָ האָט גע־

מאָלדן, אַז די יידישע דאָקטוירים און אַלע, וואָס געהערן צו די פרייע פּראָפעסיעס, דאַרפן זיך רעגיסטרירן צוזאַמען מיט זייערע פאַמיליעס, ווייל ס׳איז פאַראַן פאַר זיי אַ מעגלעכקייט אַרויסצופאָרן קיין אויסלאַנד. נאָך דער אַדורכגעפירטער רעגיסטראַציע האָט מען זיי אַלע, מיט די פרויען און קינדער, אַוועקגעפירט אויפן בית־עולם, וואו מען האָט זיי באַפוילן אויסצוגראָבן אַ מאַסן־קבר און מען האָט זיי דערשאָסן.

אונזער חבר האָט מיר איבערגעגעבן די דאָזיקע גרויזאַמע נייעס מיט אַ שטילער וויטאָגדיקער שטים. מיר זענען נאָך דעםביידע געזעסן אַ לענגערע צייט און נישט אויסגערעדט קיין וואָרט. כ׳האָב פשוט נישט געהאַט קיין מוט איצט צו רעדן וועגן אַ זיצונג. זיין הויז איז געווען אַ טרערן־אינזל. פון צווייטן צימער, וואו ס׳זענען געווען די מאַמעס פון די געכאַפּטע ייִנגלעך, איז דערגאַנגען אַ ספּאַזמאַטיש געוויין. כ׳האָב אָבער דערפילט, אַז נישט געקוקט אויף אַלעם, מוז איך דערפילן מיין שליחות. כ׳טאָר זיך בשום אופן נישט פאַרלירן. איך האָב זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט צו חבר שמשון, אַז כ׳גיי איצט צו דער חברטע אסתר ראָזענבלום און בעט אים צו קומען אַהין פאַרנאַכט, ווייל איך וועל דאָרט פרואוון אָפּהאַלטן אַ זיצונג פון פאַרטיי־קאָמיטעט.

אסתר ראָזענבלום האָט געוואוינט אויף דער וואָיטשעכאָווסקעגאָ גאַס נומער 12. פאַרן קריג איז זי געווען אַ ביבליאָטעקאַרין אין דער אַל־געמיינער שטאָטישער ביבליאָטעק, אָבער נאָך אין יאָר 1938 האָט די פּוילישע אָנפירערשאַפט זי באַזייטיקט צוליב איר יידישקייט. זי האָט געוואוינט אויף אַ פערטן שטאָק, אין צוויי קליינע בוידעם־שטיבלעך מיט פענצטער, וואָס זענען אַרויסגעגאַנגען אויפן דאַך. ווען איך בין אַריינגעקומען, האָב איך געטראָפן איר שוועסטער, אויך אַן אַקטיווע בונדיסטקע. אסתר האָט איצט געאַרבעט אין דער קהילה. איך האָב גע־זאָגט דער שוועסטער, אַז זי זאָל גיין צו אסתרן און איר מודיע זיין וועגן מיין קומען און אַז מ׳דאַרף רופן אַ זיצונג פון בונדישן קאָמיטעט.

די שוועסטער איז אַוועק און איך בין געבליבן אַליין. אין די אויערן האָט מיר כסדר געקלונגען דער געיאָמער פון די יידישע פרויען אין קאָשעראָווסקיס דירה און כ׳האָב כסדר געזען פאַר די אויגן זיין פאַרלאָשן געזיכט און געהערט זיין שטילע פאַרשעמטע שטים, וואָס האָט מיר איבער־געגעבן וועגן דעם מאַסן־מאָרד אויפן בית־עולם.

ס׳האָט גענומען צופאַלן אַ שנעלער פאַרנאַכט און פון די ווינקלען פון בוידעם־שטיבל האָבן גענומען אַרויסקריכן גרויע שאָטנס. אין אַ שעה אַרום האָב איך דערהערט טריט אויף די טרעפּ און אין דער אָפענער טיר זענען שטיין געבליבן די חברטע אסתר ראָזענבלום און איר נאָנטער חבר זעליק ניעדזשוויעצקי. מיר האָבן כמעט שווייגנדיקע זיך באַגריסט.

באַלד זענען אָנגעקומען די אַנדערע חברים פון קאָמיטעט: קלאַראַ זאַ־כאַריאַש, חיים בערלינער און פּאַקולאַ.

די שטימונג בעת דער זיצונג איז געווען אַ געדריקטע. אין טאָמאַשאָוו האָבן דעמאָלט געלעבט — צוזאַמען מיט די צונויפגעטריבענע פון אַרומיקע שטעטלעך — איבער 15 טויזנט יידן. זייערע לעבנס זענען געווען אויס־געליפערט צו דער רשעות פון די נאַצישע סאַדיסטן. די באַדינגונגען זענען געווען אַזעלכע, אַז ס׳האָט נישט געקאָנט זיין קיין רייד וועגן אַ ברייטער פּאַרטייאישער אַרבעט. די אַקטיווע בונדיסטן זענען געווען פאַר־נומען מיט הילף־אַרבעט פאַר די געפאַנגענע אינם לאַגער און פאַר די נויטבאַדערפטיקע אין געטאָ, וועלכע זענען ממש אויסגעגאַנגען פון הונ־גער. דער חבר שמשון קאָשעראָווסקי איז געווען פאַרבונדן מיט דער פּ. פּ. ס. און ער האָט פון זיי באַקומען ביולעטינען, וועלכע ער האָט פאַנאַנדערגעטיילט צווישן די מיטגלידער פון בונד. די נידערגעשלאָגנ־קייט, וואָס האָט זיך געפילט אין די יידישע גאַסן, איז אויך געווען אָנוועזנ־דיק אויף דער זיצונג. צום סוף האָב איך געפרואווט געבן אַ באַריכט פון צענטראַל־קאָמיטעט און אַריינברענגען כאָטש אַ שטראַל פון האָפנונג, אָבער איך אַליין בין געוואָרן אָנגעשטעקט מיט יאוש. נאָך דער זיצונג האָב איך געהאַט אַ געפיל פון דערשלאָגנקייט.

* * *

דער חבר שמשון קאָשעראָווסקי איז מיט אַ קורצער צייט שפּעטער אומגעקומען אין גרויסע יסורים. אין שייכות מיט זיין בונדישער טע־טיקייט האָט אים די געשטאַפּאָ אַרעסטירט. צוזאַמען מיט אים האָט מען אויך אַרעסטירט דעם בונדישן טוער שמואל יונה בלום און פּרוי, פון קראָקע, וועלכע האָבן ביי אים געוואוינט. במשך צוויי וואָכן האָבן זיי אים מוראַדיק געפּייניקט אין דער פּיעטריקאָווער תפיסה. לסוף האָבן זיי אים אַדורכגעפירט דורך דער שטאָט אויפן וועג צום בית־עולם. זיין קערפּער איז געווען צעשלאָגן און פאַרבלוטיקט. אַ האַלב־טויטן האָבן זיי קאָ־שעראָווסקין געשלעפּט איבער די גאַסן, האָבן אים אַרויפגעפירט אויפן בית־עולם און דערשאָסן.

זיין פרוי, וועלכע איז האַרט פאַרן קריג אַוועקגעפאָרן צו דער וועלט־אויסשטעלונג אין ניו־יאָרק און איז דאָרט פאַרבליבן צוליב דער מלחמה, האָט אים געהאַט אַרויסגעשיקט אַ וויזע און ער וואָלט פריער געקאָנט אַוועקפאָרן. שמשון קאָשעראָווסקי האָט אָבער נישט געוואָלט פאַרלאָזן טאָ־מאַשאָוו און אַליין זיך ראַטעווען, בעת די סכנה פון טויט האָט אויף אַלעמען געלויערט.

דער גורל איז שוין געווען מילדער צו דער חברטע קלאַראַ זאַ־

כאַריאַש. זי איז געשטאָרבן אויף איר בעט — פון פלעק־טיפוס. אַן אינ־טערעסאַנטע און העלדישע פרוי — אַן אַלמנה (איר מאַן חיים זאַכאַריאַש — אַן אָנגעזעענער בונדישער טוער אין טאָמאַשאָוו — איז געשטאָרבן אין יאַנואַר 1939).

די חברטע קלאַראַ זאַכאַריאַש איז געווען אַ הויכע, אַ שלאַנקע, מיט אַ ווייס, ליכטיק געזיכט און העל־בלויע אויגן. זי האָט געהאַט אַן אַריס־טאָקראַטישן אויסזען. זי האָט גוט גערעדט דייטש און ווען טאָמאַשאָווער יידן האָבן געדאַרפט האָבן צו טון מיט דער דייטשער מאַכט, האָט מען זי געשיקט אויפקלערן די ענינים.

זי איז געווען אַקטיוו אין דער אונטערערדישער בונדישער באַ־וועגונג און האָט אין שליחות פון בונד באַזוכט אַ צאָל שטעט און גע־פירט די אומלעגאַלע ליטעראַטור. איר אויסזען איז נישט געווען קיין יידישער. זי איז געפאָרן ווי אַן „אַריערין". אין שווערע סיטואַציעס, למשל, בעת רעוויזיעס אויף דער באַן, וואו זי איז געווען מיט אַ וואַליזע ליטעראַטור, האָט זי זיך פאַרוואַנדלט אין אַ פאַלקס־דייטשקע און מיט עקל אָנגעטון אויף זיך אַ האַנקרייץ. זי איז געפאָרן אין די וואַגאָנען צוזאַמען מיט דייטשן. ס'איז אפילו געווען אַ פאַל, ווען זי האָט, בעת מ'האָט רעווידירט אויפן וואָקזאַל די אַראָפּגייענדיקע פּאַסאַזשירן, געבעטן אַ דייטשן זעלנער העלפן איר טראָגן די שווערע וואַליזע מיט אונטערערדישער ליטעראַטור. ער איז געווען העפלעך צו דער „דייטשער" דאַמע . . .

# 14. טשענסטאָכאָוו

טשענסטאָכאָוו איז מיר אויסגעקומען אָפּט צו באַזוכן. די יידישע באַפעלקערונג האָט לאַנג געטראָגן אין זכרון דעם „בלוטיקן מאָנטאָג", ווען די דייטשן האָבן באַלד נאָכן פאַרנעמען די שטאָט אַדורכגעפירט אַ פּאָג־ראָם. עטלעכע צענטליק יידן זענען אַרויסגעשלעפּט געוואָרן אויף די גאַסן און זענען אויף אַן אַכזריותדיקן אופן דערהרגעט געוואָרן. דער „בלוטיקער מאָנטאָג" איז אין דער ערשטער צייט געווען די איינציקע געשעעניש, ווען די נאַציס האָבן אַרויסגעוויזן אָפן זייער חיהשקייט. פון דעמאָלט אָן האָט אַ לענגערע צייט געהערשט אַ כלומרשטע רו.

די דייטשע הערשער זענען דאָ געווען שטאַרק קאָרומפּירט. זיי האָבן זיך געלאָזט איבערקויפן. פאַר כאַבאַר האָט מען אַפילו געקאָנט אַרויסבאַקומען אַרעסטירטע פון די תפיסות. די דאָזיקע קאָרופּציע איז אָבער געווען אַ שטעקן מיט צוויי עקן. פאַר די רייכערע יידן איז געווען אַ מעגלעכקייט זיך אויסצוקויפן פון צוואַנג־אַרבעט און באַקומען אַנדערע טובות. די אָרימע שיכטן, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין געלט צו קויפן פּריווילעגיעס, האָבן מחמת דעם געמוזט נאָך מער ליידן. דער יידן־ראַט, וואו די גבירים האָבן געהאַט די דעה, האָט די לאַסט פון די דייטשע גזירות אַרויפגעוואָרפן אויף די אָרימע יידן. דער יידן־ראַט איז באַלד געוואָרן מוראַדיק פאַרהאַסט ביים רוב פון דער יידישער באַפעלקערונג. די פאַרביטערונג איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז יידישע אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן, וואָס זענען דערפירט געוואָרן צו פאַרצווייפלונג, האָבן אַמאָל געמאַכט אַן איבערפאַל און חרוב געמאַכט דעם לאָקאַל פון יידן־ראַט.

בעת איינעם פון מיינע באַזוכן האָט מען מיר איבערגעגעבן, אַז ס׳האָט זיך געשאַפן אַן אַרבעטער־ראַט, אין וועלכן ס׳האָבן זייערע פאַרשטייער אַלע יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס. דער „בונד" איז דאָרט געווען פאַרטרעטן מיט דריי מיטגלידער. די חברים האָבן מיר דערציילט מיט צופרידנקייט, אַז קיין איין בונדיסט געהערט נישט צום יידן־ראַט, קיין איין בונדיסט האָט זיך נישט געלאָזט אַריינציען אין דער דעמאָראַליזירטער פאָליציי. די איינציקע אָפענע אָרגאַניזאַציע, אין וועלכער אונזערע חברים זענען געווען טעטיק, איז געווען דער טאָז, וואָס האָט געהאַט די

אויפגאַבע צו זאָרגן פאַרן געזונט און היגיענע פון דער יידישער באַפעל־קערונג.

אין אָנהויב האָט דער אַלטער בונדיסט אלי אַלעבאַרדע פאַרשפּרייט די אונטערערדישע צייטונגען. שפּעטער האָט אים די געשטאַפּאָ געזוכט און ער איז אַנטלאָפן קיין וואַרשע. די פאַרשפּרייטונג פון דער אונטערערדי־שער ליטעראַטור האָט דעמאָלט איבערגענומען אַ גרופּע פון אונזערע יוגנטלעכע.

די בונדישע מעדעם־ביבליאָטעק, וואָס האָט עקזיסטירט פאַרן קריג, האָט געציילט 20 טויזנט ביכער. מ'האָט זי איבערגעטראָגן צו די חברים משה און רייזל בערקענשטאַט אין זייער פּריוואַטער דירה. די ביבליאָטע־קאַרין איז געווען די חברטע רייזל. איבער טויזנט לייענער זענען ווייטער געקומען נעמען ביכער. אונזערע חברים האָבן אָנגעפירט מיט דער געזעל־שאַפט טאָז. דער דירעקטאָר איז געווען ליבער ברענער און דער סעקרע־טאַר — מאָטל קושניר. דער טאָז האָט געפירט אַ ברייטע הילף־אַרבעט פאַר קינדער און אויך אויסגעהאַלטן קינדער־היימען. ער האָט אויך געפירט אַ קולטור־אַרבעט צווישן די עלטערן. דער פאַקט וואָס דער טאָז האָט געפירט אַ פאַרצווייגטע טעטיקייט האָט נישט געלאָזט רוען דעם יידן־ראַט און ער האָט אָנגעהויבן אַ קאַמפּאַניע קעגן דער דאָזיקער געזעלשאַפט.

צו דעם געהיימען קאָמיטעט פון בונד האָבן געהערט די חברים: ליבער ברענער, שימשל יאַקובאָוויטש, משה בערקענשטאַט, שלמה טוכ־מאַכער, אלי אַלעבאַרדע און מאָטל קושניר. אויסער אונזערע קוריערן, וואָס האָבן באַזוכט טשענסטאָכאָוו, איז דער קאָמיטעט געווען אין קאָנטאַקט מיטן חבר ישראל פאַלק, וואָס איז געקומען פון וואַרשע ווי אַ שליח פון דזשאָינט.

אין יוני 1941 איז די פּאַרטייאיש־געזעלשאַפטלעכע אַרבעט צע־שטערט געוואָרן צוליבן דורכפאַל פון אונזער פּוילישער קוריערין וויש־ניעווסקאַ, וועלכע האָט געפירט אומלעגאַלע ליטעראַטור. דעמאָלט זענען אַרעסטירט געוואָרן די חברים משה און רייזל בערקענשטאַט. דאָס פּאַר־פאָלק בערקענשטאַט האָט מען שרעקלעך געפּייניקט, כדי זיי זאָלן זאָגן פון וועמען זיי באַקומען און צווישן וועמען זיי פאַרשפּרייטן די אונטער־ערדישע צייטונגען. ווען די חברים האָבן זיך נישט געלאָזט איינברעכן, האָבן די געשטאַפּאָווצעס איינגעקלעמט די ברוסטן פון דער חברטע רייזל אין אַ טיר פון אַ שאַנק. זי איז געפאַלן באַוואוסטלאָז.

די געשטאַפּאָ האָט אויך געזוכט דעם בונדישן טוער הערשל פראָזער (היינט אין ניו־יאָרק). אים איז געלונגען צו באַהאַלטן זיך. ווען די געשטאַפּאָ האָט נישט געקענט געפינען דעם געזוכטן חבר מאָטל קושניר, האָט זי אַרעסטירט זיין מוטער און עלטערן ברודער, ווי אויך די מיטאַרבעטער פון טאָז. זי האָט געדראָט, אַז זי וועט דערשיסן די

מוטער מיטן זון, אויב אין פאַרלויף פון 24 שעה וועט מאָטל זיך נישט צושטעלן. ווען מאָטל האָט זיך וועגן דעם דערוואוסט, האָט ער אַליין זיך געמאָלדן צו דער געשטאַפּאָ. עטלעכע וואָכן האָט מען אים שוידער־לעך געפּייניקט. ענדלעך איז געלונגען פאַר 15 טויזנט זלאָטעס כאַבאַר אַרויסצורייסן פון די געשטאַפּאָ־נעגל דעם חבר מאָטל קושניר און די חברטע רייזל בערקענשטאַט, ס׳איז אָבער נישט געלונגען צו באַפרייען דעם חבר משה בערקענשטאַט, וועלכן די נאַציס האָבן לסוף אומגעבראַכט אין טויטן־לאַגער פון אָשוויענטשים.

מיט אַ צייט שפּעטער האָט מיר מאָטל קושניר דערציילט, אַז אין יענע וואָכן איז זיין טרוים געווען צו באַקומען סם, כדי אַ סוף צו מאַכן צו די אומדערטרעגלעכע פּייניקונגען. אַלע האָפנונגען פון לעבן זענען סיי ווי געווען אויסגעלאָשן. פּלוצלינג האָט זיך געעפנט די טיר פון זיין קאַמער. אַ געשטאַפּאָוויעץ האָט אָנגעשטעלט זיין געווער אויף אים און גע־הייסן גיין. ער האָט אים געפירט דורך קאָרידאָרן פון קעלערס. מאָטל איז געווען זיכער, אַז דאָס איז שוין דער סוף. אין דער טונקלקייט פון די קאָרידאָרן האָט ער דערזען פאַר זיך אַן אָפענע טיר. דער געשטאַפּאָוויעץ האָט זיך צעשריגן ווי אַ ווילדע חיה: לאַופן, לאַופן, יודע. די אָפענע טיר איז געווען די טיר צום לעבן.

ווען איך בין סוף 1942 ווידער געקומען קיין טשענסטאָכאָוו, איז שוין די שטאָט געווען נאָך די גרויסע דעפּאָרטאַציעס. בערך 40 טויזנט יידן זענען אַוועקגעפירט געוואָרן צום אומברענגען אין טויט־לאַגערן. בערך 7 טויזנט יידן זענען געווען אַריינגעשטופּט אין אַ קליינעם געטאָ, אַרומגעצוימט מיט אַ פּאַרקן און דראָט. כ׳האָב געוואָרט, ווען די יידן זענען אַרויסגעפירט געוואָרן צו זייער שקלאַפישער אַרבעט. ס׳איז מיר דעמאָלט נישט געלונגען אָנצוקניפּן אַ קאָנטאַקט מיט אונזערע חברים. צופעליק האָב איך באַ־מערקט דעם חזן לייזער פינקעלשטיין פון דער טשענסטאָכאָווער כאָר־שול. ער איז געווען מיין שוואָגער, אָבער אויך מיט אים האָב איך נישט געקענט אָנבינדן קיין קאָנטאַקט.

* * *

אין די גרויליקע געשעענישן זענען אויך געווען מוט און העלדיש־קייט. כ׳וועל דאָ דערמאָנען בלויז איין פאַל — וועגן די צוויי יונגע מיידלעך פאָלע און טאָשע שטשעקאָטש. ווען די צווייטע וועלט־מלחמה איז אויס־געבראָכן, איז פאָלע שטשעקאָטש אַלט געווען 15 יאָר. איר שוועסטער טאָשע איז געווען מיט צוויי יאָר יינגער. ביידע זענען געבוירן געוואָרן אין סאָסנאָוויץ. זייערע עלטערן וואָלף און בעלאַ שטשעקאָטש זענען געווען בונדיסטן. די חברטע בעלאַ איז געווען די סעקרעטאַרין פון

סאָסנאָווצער בונדישן קאָמיטעט. האַרט פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט דער חבר וואָלף באַקומען אַ בוכהאַלטער־פּאָסטן אין קראָקע, וואו ער האָט זיך באַזעצט מיט דער פאַמיליע. ווען די נאַצישע אַרמייען האָבן פאַרנומען קראָקע איז וואָלף אַוועק קיין לעמבערג. ער איז שפּעטער אַוועקגעפירט געוואָרן אין טיף רוסלאַנד, וואו ער איז אין 1941 אומגעקו־מען אין אַ סאָוועטישער תפיסה. מיט אירע צוויי קינדער איז בעלאַ שטשעקאַטש געבליבן אין קראָקע. ווען די דייטשן האָבן רעקווירירט איר דירה, איז זי אַוועקגעפאָרן קיין טשענסטאָכאָוו צו אירס אַ שוועסטער. זי האָט געלעבט אין דחקות.

די 15 יאָריקע פאָלע איז געווען הויך און גוט אַנטוויקלט. זי האָט געהאַט אַ שוואַרצן קאָפּ האָר מיט אַ טונקל ברוינעם ערנסטן פּנים. פון אירע יונגע יאָרן אָן האָט זי געלערנט שפּילן פּיאַנאָ אין דער קאָנסער־וואַטאָריע פון קאַטאָוויץ. אין דער צייט פון דער מלחמה איז פאָלע אַריינ־געצויגן געוואָרן אין דער אומלעגאַלער אַרבעט פון דער בונדישער קינ־דער־אָרגאַניזאַציע סקיף אין טשענסטאָכאָוו. איר הויפּט־אַרבעט איז באַשטאַנען אין פאַנאַנדערטראָגן די אונטערערדישע צייטונגען, וואָס זענען געדרוקט געוואָרן אין וואַרשע. זי האָט אויך געהאָלפן אַרויסגעבן ביכער פון דער געהיימער ביבליאָטעק, וועלכע האָט זיך געפונען אין דער וואוינונג פון די חברים בערקענשטאַט.

אין יאָר 1941 בין איך געווען אין טשענסטאָכאָוו. ביים אָנקומען האָבן מיר די חברים געזאָגט, אַז אין זעלבן טאָג קומט פאָר אַ גרויסע קינדער־פייערונג איינגעאָרדנט דורך דער געזעלשאַפט טאָז. נישט געקוקט אויף דעם וואָס דאָס גיין אין גאַס איז געווען פאַרבונדן מיט סכנות, איז דער זאַל געווען אויסגעפילט פון איין ברעג צום אַנדערן. די שטימונג איז געווען אַ פייערלעכע און יום־טובדיקע. אין זאַל האָט מען אינגאַנצן פאַרגעסן וואָס ס׳קומט פאָר אויף דער גאַס. די עלטערן זענען געזעסן אויף די בענק און האָבן מיט גליענדיקע אויגן געקוקט אויף דעם שפּילן פון די קינדער, אויף זייערע טענץ, געזאַנגען און דעקלאַמאַציעס. די חברים האָבן מיר געזאָגט, אַז דעם גרעסטן טייל פון פּראָגראַם האָט איינ־שטודירט די חברטע פאָלע שטשעקאַטש, וועלכע האָט בכלל זיך אַרויס־געוויזן ווי אַ גוטע קינדער־דערציערין. דער קינדער־יום־טוב האָט גע־דויערט ביז ס׳האָט זיך דערנענטערט די פּאָליציי־שעה, ווען מ׳האָט שוין נישט געטאָרט גיין אין גאַס.

אין דער צווייטער העלפט פון 1942 האָבן זיך אָנגעהויבן די ערשטע גרויסע דעפּאָרטאַציעס צו די טויט־לאַגערן. אין אַ געוויסן טאָג, ווען פאָלע איז אַהיימגעקומען, האָט זי געטראָפן די שטוב אָן איבערגעקערטע. איר מוטער צוזאַמען מיט דער משפּחה איז געוואָרן דעפּאָרטירט. די צוויי יונגע שוועסטער זענען געבליבן אַליין. צו דער מוטער זענען די קינדער

געווען אויסערגעוויינלעך צוגעבונדן און דאָס אומגליק האָט זיי איינגאַנצן דערשיטערט. ביידע האָבן זייער צער געמילדערט אין דער אונטערערדי־שער אַרבעט. אין געטאָ זענען אָרגאַניזירט געוואָרן קאַמף־גרופעס, וואָס האָבן גענומען צוגרייטן אַ ווידערשטאַנד. די צוויי שוועסטער האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער אָרגאַניזאַציע, און פאָלע איז באַשטימט געוואָרן אין דער קאָמענדאַנטור.

די קאַמף־גרופן האָבן געהאַט גאָר ווייניק געווער און ס׳איז אויך נישט געווען קיין געלט איינצוקויפן אַ ביסל רעוואָלווערן און אויפרייס־מאַטעריאַל. די קאַמף־אָרגאַניזאַציע האָט באַשלאָסן אַרויסצוקריגן דאָס נויטיקע געלט ביי די רייכערע יידן. פאָלע איז געווען אין אַזאַ „אויפמאַן־גרופע”. ביי דער דאָזיקער אַרבעט האָט די יונגע פאָלע אַרויסגעוויזן אַן אומגעהויערן מוט. איר אויפפירן זיך איז געווען אַזאַ, אַז זעלטן ווער ס׳האָט געוואַגט איר אָפּצוזאָגן.

אין יענער צייט איז אין געטאָ געשאַפן געוואָרן אַן אונטערערדישער בונקער, וועלכער האָט געהאַט אַן אַרויסגאַנג אויסערן געטאָ. דער בונקער איז באַשטימט געוואָרן ווי אַ צענטראַלער פונקט פאַר דער הויפּט־קאָמענ־דאַנטור. פונדאַנען האָבן זיך געצויגן די פעדים צו אַלע עקזיסטירנדיקע גרופן אין געטאָ. די קאַמף־אָרגאַניזאַציע האָט אויך געהאַט איר קאָנטאַקט מיט אַ פּאַרטיזאַנער־גרופּע, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ הינטערשטאָ־טישן וואַלד.

אין דער צייט פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד האָט די געשטאַפּאָ אָפּגעשלאָסן אַלע אויסגאַנגען פון טשענסטאָכאָווער געטאָ. פאַר דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע איז דאָס געווען אַ סיגנאַל צו אַ ספּעציעלער וואַכזאַמקייט. די קאָמענדאַנטור האָט פאַנאַנדערגעטיילט געווער צווישן די קעמפער. די נאַציישע ס. ס. האָבן מיט אַ שטאַרקער קראַפט זיך אַריינגעריסן אין בונקער, וואו ס׳איז אויסגעבראָכן אַ נישט־גלייכע שלאַכט. די עטלעכע רעוואָלווערן פון די יידישע קעמפער זענען געווען דער איינציקער ענטפער אויף די מאַשין־ביקסן און גראַנאַטן פון די נאַציישע אָנגרייפער. אַ פּאָר נאַציס האָבן באַצאָלט מיט זייערע לעבנס, אָבער דער רעזולטאַט האָט נישט געקענט זיין קיין אַנדערער ווי אַ פולע פאַרניכטונג פון בונקער און דער טויט פון אַ גרעסערער צאָל יידישע קעמפער. צווישן זיי זענען אויך מיט אַ העלדישן טויט אומגעקומען די צוויי שוועסטער — פאָלע און טאָשע שטשעקאַטש.

# 15. ראַדאָם

ראַדאָם האָט געהערט צו די שטעט, וואו איך האָב מיך נישט געטאָרט אָפּן באַווייזן, ווייל כ׳בין דאָרט געווען צופיל באַקאַנט. אַ יאָר פאַרן קריג בין איך אַהין דעלעגירט געוואָרן אויף 6 חדשים אַלס סעקרעטאַר פון פאַראיין פון באַקלייד־אַרבעטער. אין דער שטאָט זענען געווען אַ סך יידישע לעדער־אַרבעטער. ווען די נאַציס זענען אַריין קיין ראַדאָם זענען טויזנטער יידישע אַרבעטער באַלד פון אָנהויב אָן אַוועקגעשטעלט גע־וואָרן פאַרן געשפּענסט פון הונגער. דער יידן־ראַט, וואו די אַרבעטער האָבן קיין פאַרשטייער נישט געהאַט, האָט גאָרנישט געטון, כדי זיי מיט עפּעס צו העלפן.

די יידישע אַרבעטער האָבן געלייגט האָפענונגען אויף דער אָפּטיילונג פון דזשאָינט, וואָס איז אין יענער צייט געווען אַ לעגאַל־דערלויבטע אינסטיטוציע. די הויפּט־דירעקציע פון דזשאָינט האָט באַשטימט פאַרן דירעקטאָר פון ראַדאָמער ראַיאָן דעם חבר ישראל פאַלק, פון וואַרשע. ער האָט געהאַט פאַר זיך די זייער שווערע אויפגאַבע צו לינדערן די נויט פון דער פלוצלונג־אויסגעוואַקסענער מחנה אַרבעטסלאָזע. אַ צווייטע האָפענונג פאַר די יידישע אַרבעטער איז געווען דער חבר ד״ר שיע פענצ־טערבלוי, וועלכער האָט אין יוני 1940 פאַרלאָזט קראָקע און זיך איבער־געצויגן קיין ראַדאָם, וואו עס האָט געוואוינט די פאַמיליע פון זיין פרוי. ער איז אין ראַדאָם באַשטימט געוואָרן אַלס פאָרזיצער פון יידישן בוררים־געריכט. מיין קומען קיין ראַדאָם איז געווען פאַרבונדן מיט דער אויפגאַבע אַוועקצושטעלן די הילף פאַר די פריערדיקע מיטגלידער פון די פראָ־פעסיאָנעלע פאַראיינען אויף אַן אָרגאַניזירטן יסוד. כ׳האָב אויך געבראַכט אַ געוויסע סומע געלט און אַ ביסל אונטערערדישע ליטעראַטור.

אין יענער צייט איז נאָך אין דער שטאָט קיין געטאָ נישט געווען. באַלד פון דער באַן האָב איך געווענדעט מיינע טריט צו דער וואוינונג פון חבר אברהמעלע פינקעלשטיין, וועלכער האָט געהערט צו די פּאָפּו־לערסטע מענטשן פון שטאָט. פון פּראָפעסיע איז ער געווען אַ פעלדשער, אָבער מען האָט צו אים אָפט געהאַט מער צוטרוי, ווי צו אַ דאָקטאָר. ער איז טאַקע געווען אַ מומחה אין מעדיציניש פאַך און צו דעם איז

ער געווען אַן אויסערגעוויינלעך גוטער און האַרציקער מענטש. בפרט האָבן אים ליב געהאַט אָרימע מענטשן. ביי אַן אָרימען חולה האָט ער נישט גענומען פאַרן וויזיט, נאָר אַפילו נאָך איבערגעלאָזט געלט אויף קויפן די רפואות. ער איז געווען אַ פאָלקס־רופא אין פולן זין פון וואָרט.

איך בין געגאַנגען מיט שנעלע טריט און כמעט נישט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. כ׳האָב אויסגעמיטן די בליקן פון די פאַרבייגייער. דעם זעלבן אָוונט איז אין פינקעלשטיינס דירה פאַרגעקומען אַ זיצונג פון בונדישן קאָמיטעט, צו וועלכן עס זענען געקומען די חברים אברהם שטיינאָוויטש, ד״ר שיע פענצטערבלוי, שמואל צימעראַנד, דער אַלטער בונדישער טוער וואָלף פייגענבוים און צוויי חברים קאָמאַשנשטעפּער, וועמענס נעמען איך קען זיך נישט דערמאָנען.

איך האָב אויסגעהערט אַ טרויעריקן באַריכט וועגן דער לאַגע פון די יידישע אַרבעטער. די ווערטער זענען געווען אָנגעפילט מיט האָפנונגס־לאָזיקייט און פאַרצווייפלונג. הונגער, נויט און קראַנקייטן האָבן זיך איינגענעסטעט אין די יידישע אַרבעטער־שטובן. צו דעם אַלעם זענען נאָך צוגעקומען די פּיינען פון נאַצישן טעראָר. דער איינציקער וואָס האָט אַריינגעברענגט אַ ביסל מוט איז געווען ד״ר שיע פענצטערבלוי, וועלכער איז פון זיין נאַטור געווען אַן אָפּטימיסט און פול מיט ענערגיע. ער איז געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און האָט איבערגעגעבן, אַז די אָנפירערשאַפט פון דער פּ. פּ. ס. האָט צוגעזאָגט מאַטעריעלע הילף פאַר די יידישע אַרבעטער. אַ טייל פון דער דאָזיקער הילף האָט ער שוין באַוויזן צו באַקומען. אויך איינער פון די צוויי קאָמאַשנשטעפּער, אַליין אַ קראַנקער, האָט גערעדט מיט בטחון. ער האָט געזאָגט, אַז דווקא אין די דאָזיקע באַדינגונגען איז מער נויטיק, אַז די פּאַרטיי־גרופּן זאָלן זיך רעגולער צוזאַמענקומען און פירן אַן אַקטיווע טעטיקייט.

דער טרויעריקער באַריכט האָט שטאַרק באַשווערט מיין שטימונג, אָבער די רייד פון לעצטן חבר האָבן מיך אַ ביסל אויפגעהייטערט. כ׳האָב איבערגעגעבן מיינע באַריכטן פון צענטראַל־קאָמיטעט, פון וואַר־שע און אויך פון די אַלע שטעט און שטעטלעך, וואָס איך האָב באַזוכט. כ׳האָב געפילט, אַז מיינע ווערטער האָבן אַ ביסל אָנגעוואַרעמט די חברים. די זיצונג האָט זיך געענדיקט שפּעט ביינאַכט. איך בין איבערגעבליבן ביז אין דער פרי ביי פינקעלשטיינען און דאָרט איבערגעגעבן די גע־ברענגטע צייטונגען.

באַלד אין דער פרי בין איך אַוועק צום ראַדאָמער דירעקטאָר פון דזשאָינט, ישראל פאַלק. אויף דער לובלינער גאַס איז מיר אַנטקעגנגע־קומען אַ פאָרפאָלק. זיי האָבן געקוקט אויף מיר מיט אויפגעריסענע אויגן

און שנעל זיך דערנענטערט. איך בין געגאַנגען ווי אַן „אַריער״. דעם אָרעם־באַנד האָב איך געהאַט פאַרשטעקט אין קעשענע און כ׳האָב אַ ביסל אַרויסרופעריש געטראָגן די טעקע. כ׳האָב געשטעלט זיכערע טריט, אינ־גאַנצן אַנדערש ווי יידן זענען דעמאָלט געגאַנגען. דער אופן פון גיין האָט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל. אַ פאַרשטעלטער ייד אויף דער „אַרישער״ זייט האָט זיך געקאָנט פאַרראַטן מיט זיין גאַנג. מ׳האָט כסדר געדאַרפט „שפּילן טעאַטער״. מ׳האָט אָן אויפהער געדאַרפט געדענקען, אַז מ׳איז אויף אַן אָפענער סצענע און טויזנטער אויגן קוקן אויפן „אַקטיאָר״. איין פאַלשער טריט, איין נישט־געהעריקע גרימאַסע פון פּנים אָדער בייג פון קערפּער — און מ׳איז פאַרלוירן. איך בין איצט געגאַנגען מיט מיינע אויסגעאיבטע „אַרישע״ טריט, אָבער די אויגן האָב איך נישט אָפּגע־שטעלט אויף קיינעם פון די דורכגייער. איך האָב קיינעם נישט געוואָלט דערקענען און האָב נישט געוואָלט דערקענט ווערן דורך קיינעם. ווען דאָס יונגע שניידער־פּאָרפּאָלק האָט מיך דערזען, זענען זיי צו מיר צו און האָבן אויסגערופן: — צעלעק!

כ׳האָב געוואוסט, אַז טאָמער שטעל איך זיך אָפּ, וועט זיך באַלד שאַפן אַ רעדל מענטשן אַרום מיר. כ׳האָב דעריבער נאָך האַסטיקער גענומען גיין און האָב צו די צוויי דערשטוינטע און אויפגעטרייסלטע חברים אַ וואָרף געטון אַ שאַרף זידל־וואָרט. אויך אין די שפּעטערדיקע חדשים און יאָרן, וועלכע זיינען געוואָרן כסדר טראַגישער און בלוטיקער, האָב איך פיל מאָל געהאַט אַזעלכע מין באַגעגענישן. און יעדעס מאָל, ווען ס׳איז מיר אויסגעקומען אויף אַזאַ ברוטאַלן אופן אָפּצוטרייבן פון זיך אַ נאָענטן מענטש, האָט מיך דער עגמת־נפש לאַנג נישט געלאָזט צורו.

כ׳בין אַריין אין צימער פון חבר פאַלק. ער האָט זיך געפונען אין אַן אויסטערלישער לאַגע. פון זיינע ייִנגסטע יאָרן אָן איז ער געווען אַן אַקטיווער און געטרייער בונדיסט, אָבער זיין אַמט האָט אים נישט דער־לויבט צו שטיין אין פאַרבינדונג מיט דער באַוועגונג אין דער קליינער שטאָט. איך האָב אים געגעבן איבערגעגעבן וועגן פאַרלויף פון דער נעכ־טיקער זיצונג פון בונדישן קאָמיטעט, און פאַר אים געשילדערט די פאַרצווייפלטע לאַגע פון די אַרבעטער־פאַמיליעס. כ׳האָב אים פאַרגעלייגט אַ פּלאַן ווי אַזוי ער קאָן אומדירעקט קומען צוהילף די יידישע אַרבעטער־פאַמיליעס, וועלכע ליידן הונגער. אין אַ קורצער צייט אַרום האָט ער אויסגעטיילט אַ מאַטעריעלע הילף צו אַ צאָל אַרבעטסלאָזע און בפרט צו פּרויען, וועמענס מענער זענען אַוועק אויף דער סאָוועטישער זייט אָדער האָבן זיך געפונען אין געפאַנגענשאַפט. ער האָט אויך געשאַפן אַרבעט פאַר אַ צאָל שניידער, שוסטער און קאַמאַשנשטעפּער.

גלייך פון דזשאָינט בין איך אַוועק אין געביידע פון דער קהילה,

וואו ס׳האָט זיך געפונען דער אמט פון בוררים־געריכט. כ׳בין אַריין אין צימער פון ד״ר שיע פענצטערבלוי. דאָס צימער איז געווען פול מיט יידישע מענער און פרויען, אָפּגעריסענע און אָפּגעשליסענע. אין ראַדאָמער ראַיאָן האָט די געשטאַפּאָ אַרויסגעשלעפּט פון די יידישע היימען יונגנט־לעכע און זיי אַוועקגעשיקט אין אַרבעטס־לאַגער. אין די לאַגערן האָט געהערשט אַ הונגער. ס׳איז געווען אוממעגלעך נאָך אַ טאָג פון קאַ־טאָרזשנער אַרבעט, וואָס איז געווען באַגלייט מיט פּייניקן און שלאָגן, אויסצוקומען מיט דער מאָגערער שפּייז, וואָס די נאַציס האָבן אויסגע־טיילט פאַר זייערע קרבנות. ד״ר פענצטערבלוי האָט דעריבער אָרגאַניזירט אַ הילף־אָפּטיילונג, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט שיקן שפּייז־פּעקלעך צו די יוגנטלעכע אין די לאַגערן. די אָרימע יידישע מענער און פרויען, וועלכע איך האָב דאָ געזען, זענען געווען עלטערן פון אַזעלכע אַרויס־געשיקטע יינגלעך און זיי זענען געקומען אַהער מיט פאַרצווייפלטע הילף־רופן. זיי זענען נישט בכוח צו שיקן קיין שפּייז, ווייל זיי אַליין האָבן נישט מיט וואָס דעם טאָג איבערצולעבן. ד״ר ש. פענצטערבלוי האָט איינגעפירט, אַז יעדער פאַרמעגלעכער ייד, וועלכער האָט געהאַט אַ זון אין לאַגער, האָט געמוזט שיקן שפּייז־פּעקלעך פאַרן אייגענעם זון און פאַר אַ פרעמדן. פון דער פרי ביז ביינאַכט איז חבר פענצטערבלוי געווען באַלאַגערט פון עלטערן, וועלכע האָבן געוואָלט, אַז זייערס אַן אַוועקגעשיקט קינד זאָל געניסן פון דער הילף.

כ׳האָב אויך גערעדט מיטן סעקרעטאַר פון יידן־ראַט וועגן דער שרעקלעכער לאַגע פון די נישט־באַשעפטיקטע אַרבעטער. ער האָט מיר צוגעזאָגט, אַז ביים אויספירן פאַרשידענע אַרבעטן וועט ער אַ טייל אַרבעטסלאָזע צונעמען פון אַ ספּעציעלער ליסטע, וואָס ס׳וועט אים צושטעלן דער דירעקטאָר פון דזשאָינט, ישראל פאַלק.

* * *

מיט זיין הילף־טעטיקייט פאַר דער יוגנט אין לאַגער האָט ד״ר פענצטערבלוי זיך געשאַפן אַ סך קעגנער ביי די רייכערע. און אין שטאָט האָט מען וועגן אים גערעדט אי מיט ליבע, אי מיט כעס. אַזוי אָדער אַנ־דערש, ער איז געוואָרן אַ זייער פּאָפּולערער מענטש. דאָס האָט פאַר אים נישט געטויגט. ס׳איז געווען קלאָר, אַז די געשטאַפּאָ וועט זיך מיט אים אינטערעסירן. אין אַ קורצער צייט אַרום איז טאַקע אַזוי געשען. ד״ר פענצטערבלוי האָט באַוויזן צו אַנטלויפן — פריער קיין טשענסטאָכאָוו און פון דאָרט קיין וואַרשע. כ׳האָב אים שפּעטער אַ סך מאָל באַגעגנט אין וואַרשע, וואוהין כ׳האָב געהאָלפן ברענגען זיין פרוי און קינד. זיין פרוי האָט מיר דערציילט, אַז ווען די געשטאַפּאָ איז געקומען פרעגן וואו איר

מאַן געפינט זיך, האָט זי געזאָגט: — איך בעט אייך, זוכט אים טאַקע אויס, ער איז אַנטלאָפן פון מיר. ער וויל נישט אויסהאַלטן זיין פרוי און קינד. סוף־כל־סוף האָט מען זי געלאָזט צורו.

אין יוני 1941 האָט די געשטאַפּאָ אָנגעהויבן אַ ריי אַרעסטן פון באַקאַנטע בונדישע טוער אין אַ צאָל שטעט. דערביי האָט זי זיך אויך באַנוצט מיט אירע יידישע אַרויסהעלפער, וועלכע האָבן צוגעשטעלט די נעמען פון די אַקטיווע טוער אין דער אונטערערדישער באַוועגונג. אין יענע שרעקלעכע טעג זענען אין ראַדאָם אַרעסטירט געוואָרן אונזערע בעסטע חברים: אַברהמעלע פינקעלשטיין, דער פאָרזיצער פון סאָציאַליסטישן האַנט־ווערקער־פאַראיין שמואל צימעראַנד און אברהם שטיינאָוויטש. די חברים פינקעלשטיין און צימעראַנד האָט מען אַוועקגעפירט און אומגעבראַכט.

דער חבר שטיינאָוויטש האָט באַוויזן זיך צו באַהאַלטן, אָבער מוסרים האָבן אָנגעוויזן זיין באַהעלטעניש. די געשטאַפּאָ איז געקומען און געפונען דעם קעלער, וואו חבר שטיינאָוויטש איז געווען באַהאַלטן. די נאַצי־מער־דער האָבן אויפן אָרט דערשאָסן. זיין זון האָט די געשטאַפּאָ צוגענו־מען און אויך אומגעברענגט.

# 16. טאַרנאָוו

טאַרנאָוו איז געווען דער יידישער אַרבעטער־צענטר אין מערב־גאַליציע. אין שטאָט זענען געווען גרויסע שניידער־ווערקשטאַטן. דער באַקלייד־פאַראיין האָט געציילט 3,000 מיטגלידער. ס׳איז אויך געווען אַ צאָלרייכער סאָציאַליסטישער האַנטווערקער־פאַראיין, און פּראָפעסיאָנעלע פאַראייגען פון פאַרשידענע פאַכן. די יידישע אַרבעטער זענען געווען אונטער דער השפעה און אָנפירונג פון בונד. אָפט האָבן זיי אָנגעפירט עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אַקציעס, און דעמאָנסטראַציעס צוזאַמען מיט די פּוילישע אַרבעטער, וועלכע זענען געווען אונטער דער אָנפירונג פון דער פּ. פּ. ס. בראש פון פּ. פּ. ס. אין טאַרנאָוו איז געשטאַנען דער איג־טעליגענטער טוער אַדאַם טשאָלקאָש. אין יאָר 1939 איז געווײלט געוואָרן אַ סאָציאַליסטישע מערהייט אין שטאָט־ראַט, וואו פּ. פּ. ס. און בונד האָבן ענג צוזאַמענגעאַרבעט (פון 40 ראַטמענער האָט פּ. פּ. ס. געהאַט 15 און דער בונד 8).

די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין טאַרנאָוו איז געווען אַ פאַרצווייג־טע און פול מיט לעבן. זי האָט פאַרמאָגט גוטע טוער וואָס זענען אַליין אויסגעוואַקסן אין דער באַוועגונג. דער פּאָפולערסטער איז געווען דוד באַטיסט (די סאָוועטישע אָקופּאַציע־מאַכט האָט אים אַרעסטירט אין אָנהייב פון דער מלחמה און ער איז שפּעטער געשטאָרבן אין סאָוועט־רוסלאַנד). די בונדישע באַוועגונג מיט אַלע אירע צווייגן האָט געהאַט אַן אייגן הויז, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען פון פאַרשטאָרבענעם פירער פון בונד בייניש מיכאַלעוויטש.

ווען כ׳בין געקומען קיין טאַרנאָוו איז נאָך דאָרט נישט געווען קיין געטאָ. די יידן האָבן געדאַרפט וואוינען אין ספּעציעל־באַשטימטע געגנטן. כ׳האָב געהאַט ביי זיך אַן אַדרעס פון חבר איציק גרינבוים, וועלכער איז פאַרן קריג געווען דער פאָרזיצער פון סאָציאַליסטישן האַנטווערקער־פאַראיין.

דעם זעלבן אָוונט איז אין דער קליינער דירה פון חבר גרינבוים פאָרגעקומען אַ זיצונג פון בונדישן קאָמיטעט. ס׳זענען געקומען די חברים משה פייעראייזן, שלמה שפּאָרן, אָשר בלייוויס, מאַקס וואַלד, יוסף צעלער און לעאָן ביגעלאייזן. די חברים האָבן זיך געפרייט מיט מיין קומען. זינט

מ׳האָט פאַרשאַרפט די גזירות וועגן פאָרן מיט דער באַן, איז די יידישע באַפעלקערונג געווען אָפּגעריסן פון אַלע אַנדערע שטעט. אין די באַדינ־גונגען פון איזאָלאַציע זענען אַנטשטאַנען אַ סך איבערגעטריבענע און פאַנ־טאַסטישע קלאַנגען. פאָרזיצער פון דער זיצונג איז געווען דער חבר משה פייעראייזן. פאַרן קריג איז ער געווען אַ דאָזאָר פון קהילה. דער יידן־ראַט האָט פון אים פאַרלאַנגט צו ווערן אַ מיטגליד. די בונדישע פּאַרטיי־אָרגאַ־ניזאַציע האָט באַשלאָסן נישט צו האָבן קיין שום שייכות מיטן יידן־ראַט.

די ערשטע פראַגע וואָס ס׳האָט מיר געשטעלט דער חבר פייעראייזן איז געווען: — וואָס וויס דער צענטראַל־קאָמיטעט וועגן גורל פון די חברים ערליך און אַלטער? כ׳האָב איבערגעגעבן דאָס ביסל ידיעות, וואָס מיר האָבן באַקומען פון דער סאָוועטישער זייט. אויף אַלעמענס געזיכטער איז געווען אויסגעגאָסן אַ טיפע זאָרג. דער חבר שלמה שפּאָרן האָט זיך נישט געקענט באַהערשן, ער האָט פאַרשעמט אויסגעדרייט דעם קאָפּ און אָפּגעווישט טרערן פון זיינע אויגן. מינוטן האָט געדויערט אַ שטילשווייגן. קיינער פון די חברים האָט קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט. איך אַליין האָב אין דעם מאָמענט געפילט נאָך שטאַרקער די גרויזאַמקייט און די נידערטרעכטיקייט פון דעם אַרעסט: אין די געטאָס געפינען זיך די יידישע אַרבעטער פאַר־שפּאַרט דורך די נאַציס. זיי ראַנגלען זיך קעגן די ברוטאַלסטע נאַצישע אַכזריות — און זייערע שענסטע און מוטיקסטע פירער, וואָס זענען אַזוי טיף איינגעבאַקן אין זייערע הערצער, שמאַכטן אין אַ סאָוועטישער תפיסה, פאַרשפּאַרט דורך די קאָמוניסטישע מלחמה־שותפים פון די נאַציס. דאָ אין טאַרנאָוו, ווי אין אַנדערע שטעט, האָבן די בונדיסטן נישט געקענט טראַכטן, אַז סטאַלין וועט הייסן אומברענגען זייערע באַליבטע פירער.

די טאַרנאָווער חברים האָבן מיר איבערגעגעבן, אַז די בונדישע אַרבעט ווערט ווייטער געפירט. ס׳קומען זיך צוזאַמען פאַרטייאישע גרופּן. גרעסערע צוזאַמענקונפטן זענען געווען בעת דעם 1טן מאַי און יובל פון בונד. אַ ספּעציעלער הילף־קאָמיטעט גיט שטיצע די פרויען, וועמענס מענער זענען געווען אויף דער סאָוועטישער זייט אָדער זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן דורך די דייטשן אין אַרבעטס־לאַגערן. ס׳איז אויך טעטיק אַ יוגנט־גרופּע וואָס קומט זיך צונויף רעגולער און פירט אַ פּאָליטישע און קולטור־אַרבעט.

אויף דער זיצונג האָט מען אויך באַהאַנדלט די פראַגע — יאָ אָדער נישט באַטייליקן זיך אין די אַרבעטן פון יידן־ראַט. איך האָב באַריכטעט ווי די פראַגע שטייט אין לאַנד־מאַסשטאַב און געזאָגט, אַז זיי דאַרפן שיקן אַ דעלעגאַט קיין וואַרשע אויף דער געפּלאַנטער בונדישער קאָנפערענץ. כ׳האָב זיי באַריכטעט וועגן די פאַרשידענע בונדישע טעטיקייטן און דערביי דערמאָנט, אַז די פּאַרטיי ראַנגלט זיך מיט פינאַנציעלע שוועריקייטן.

חבר משה פייעראייזן האָט געזאָגט, אַז מ׳קען עפּעס טון וועגן דעם. אין טאַרנאָוו געפינט זיך גראָד איצט דער חבר שמואל ווייק, וועלכער האָט

אַ גרויסע אונטערנעמונג פון באַרשטן אין וואַרשע. זיינע הכנסות זענען באַדייטנדיקע. אַ סך פון זיינע הכנסות גיט ער פאַר פאַרשידענע געזעל־שאַפטלעכע צוועקן, אַ גרעסערע געלט־סומע האָט ער איצט אויך געגעבן פאַר דער אַרבעטער־באַוועגונג אין טאַרנאָוו. ער וועט מסתמא אויך מסכים זיין צו געבן אַ סומע פאַרן צענטראַל־קאָמיטעט.

מיט אַ טאָג שפּעטער האָב איך אים געטראָפן אויף אַ צוזאַמענקום פון בונדיסטן. ער האָט אויסגעדריקט זיין גרייטקייט צו העלפן דער בונדישער באַוועגונג, מיט וועלכער ער איז געווען פאַרבונדן. מיר האָבן אָפּגעשמועסט זיך צו טרעפן אין וואַרשע.

איך בין געווען אין טאַרנאָוו דריטהאַלבן מעת לעת. די דייטשן האָבן געכאַפּט יידישע דורכגייער אויף די גאַסן און זיי אַוועקגעפירט אויף פאַר־שידענע אַרבעטן, כאָטש דער יידן־ראַט האָט זיי אין דער זעלבער צייט צוגעשטעלט יעדע צאָל יידישע אַרבעטער, וואָס זיי האָבן פאַרלאַנגט. פּונקט ווי אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך, האָט אין יידן־ראַט געהערשט פּראָ־טעקציע און קאָרופּציע. די צאָל צוואַנג־אַרבעטער האָט מען צוגעשטעלט פון צווישן די אָרימע. די רייכערע יידן און זייערע זין האָבן זיך אויסגעקויפט מיט געלט. אין יידן־ראַט זענען שטענדיק געווען אַזעלכע, וואָס האָבן גע־נומען. די אַרבעט ביי די דייטשן איז געווען אַ שווערע, דאָס עסן איז געווען אַ נעבעכדיקס און זייער אָפט איז מען צוריקגעקומען נישט בלויז הונגעריק און אויסגעמאַטערט, נאָר אויך בלוטיק צעשלאָגן.

כ׳האָב אויך געהאַט אַ צונויפקום מיט דער יוגנט. דאָס איז געווען אין דער דירה פון חבר אייזנבאַך. זיין זון איז געווען אַן אַקטיווער טוער פון יוגנט־בונד צוקונפט. דאָס צימערל איז אָנגעפילט געוואָרן מיט 16 בחורים און מיידלעך. אַלע האָבן ניט לאַנג צוריק זיך אומגעקערט פון דער אַרבעט. זיי זענען נאָך געווען מיד און אַדורכגעפרוירן. אָבער דאָ האָבן זיי צוריק אויפ־געלעבט. יעדער פון זיי האָט איבערגעלעבט אַ ביטערן טאָג, עטלעכע פון זיי זענען היינט צעשלאָגן געוואָרן, אָבער זיי האָבן נישט גערעדט וועגן דעם. זיי האָבן מיט אומגעהויערן נייגער אויסגעהערט מיין באַריכט וועגן אַנדערע שטעט און וועגן וואַרשע. כמעט יעדער פון זיי האָט געשטעלט די זעלבע פראַגע: — צי איז נישטאָ קיין וועג צו טון עפּעס, זיך אַנטקעגנצושטעלן?

זיי האָבן אויסגעדריקט זייער פאַרביטערונג קעגן יידן־ראַט. כ׳האָב אַראָפּגעלייענט פון זייערע פּנימער אַן אַנטשלאָסנקייט צו קעמפן, ווען מען זאָל זיי נאָר געבן די מעגלעכקייט!

פאַרן אַוועקפאָרן האָב איך נאָך געוואָלט זען דאָס בונדישע מיכאַלעוויטש־הויז, וואָס האָט זיך געפונען אין צענטער פון שטאָט. איך בין אַרויסגע־גאַנגען פון די יידישע גאַסן און האָב גענומען גיין אין דעם הויפּט־טייל פון דער שטאָט צו דער געביידע. נאָך פון דער ווייטנס האָב איך דערזען דאָס ווייסע הויז מיט די ליכטיקע פענצטער. אונטן, ביים טויער, האָבן זיך

געדרייט וואַרעם־אָנגעפּעלצטע ס.ס.־לייט. דייטשע אויטאָמאָבילן זענען גע־פאָרן אַהין און צוריק און ס׳זענען אויסגעשטיגן און אַריינגעשטיגן מונדירטע נאַציס. ווען כ׳בין צוגעקומען נענטער האָב איך נישט געגלויבט די אויגן: אויף דער פראָנט־וואַנט וואו די נאַציס האָבן איינגעאָרדנט זייערע אַמטן, און ס׳זענען געהאָנגען זייערע שילדן, האָט זיך נאָך געפונען דער גרויסער יידישער און פוילישער אויפשריפט: הויז אויפן נאָמען פון ב. מיכאַלעוויטש...

ס׳איז נישט געווען פאַרזיכטיק אָפּצושטעלן זיך און קוקן אויפן הויז, אָבער איך בין געשטאַנען ווי צוגעמויערט צו דער ערד און נישט אַראָפּ־געלאָזט קיין אויג פון די יידישע אותיות אויף דער ווייסער מויער און שטיל איבערגעחזרט: „הויז אויפן נאָמען פון בייניש מיכאַלעוויטש״... ווע־מען פון די דורכגייער וואָלט דעמאָלט איינגעפאַלן, אַז דער בלאָנד־האָריקער „אַריער״, מיט דער לעדערנער טעקע, שטייט דאָ מיט אַן איינגעקורטשעטע האַרץ און אַז די טרערן אין זיינע אויגן זענען נישט פון פראָסט.

* * *

טאַרנאָוו איז מיר אויסגעקומען צו באַזוכן עטלעכע מאָל. ווען כ׳בין געקומען נאָך די גרויסע דעפּאָרטאַציעס אין יאָר 1942, איז דער געטאָ געווען אַרומגענומען מיט אַ הויכן הילצערנעם פּאַרקאַן. כ׳האָב זיך דער־נענטערט צום טויער און געזוכט אַ באַקאַנט פּנים. כ׳בין געקומען זייער פרי, ווען די יידישע אַרבעטער־אָפּטיילונגען זענען אַרויסגעפירט געוואָרן פון געטאָ. כ׳בין געשטאַנען אַ לענגערע צייט און האָב צווישן די אַרויסגעפירטע גרופּן נישט געזען קיין איין באַקאַנטן. די דייטשע קאָנטראָל איז נישט געווען קיין שטרענגע. אויף די טראָטואַרן מחוץ דעם געטאָ זענען געשטאַנען פּוילישע מענער און פרויען, וועלכע זענען צוגעגאַנגען צו די אַרויסמאַר־שירנדיקע יידן און זיך איבערגעוואָרפן מיט ווערטער. ס׳איז געווען קלאָר, אַז ס׳איז אָנגעגאַנגען אַ האַנדל צווישן די יידן און פּאָליאַקן. ווייזט אויס, אַז די דייטשן האָבן באַקומען זייער חלק און דעריבער דערלויבט, אַז די יידן זאָלן אַרויסטראָגן זייער איבערגעבליבן האָב־און־גוטס און אויסטוישן אויף שפּייז.

צווישן אַ נייער גרופּע, וואָס איז אַרויסגעקומען פון געטאָ, האָב איך דערזען דעם חבר אָשר בלייוויס. כ׳האָב זיך שנעל צו אים דערנענטערט און אים שטיל אַ וואָרף געטון: — איך וויל אַריין.

ער האָט מיך שאַרף אָנגעקוקט און קורץ געענטפערט: — 5 אַזייגער.

פינף אַזייגער פאַרנאַכט קערן זיך די יידן צוריק פון דער אַרבעט און דעמאָלט וועט זיין מעגלעך אויסצומישן זיך אין אַ גרופּע און אַריינגיין אין געטאָ. דערווייל איז געווען אין דער פרי און ביז פינף אַזייגער איז נאָך געווען גאַנץ ווייט. יעדע שעה האָט זיך געצויגן ווי אַ יאָר. איך בין צוריק

אַוועק אין צענטער שטאָט און האָב אָנגעהויבן גיין פון איין רעסטאָראַן אין אַ צווייטן. כמעט אומעטום האָבן פּאָליאַקן, וואָס האָבן געגעסן און געטרונקען אין די רעסטאָראַנען גערעדט וועגן יידן. זיי האָבן גערעדט אָן שום סענטי־מענטן און אָן שום סימן פון פאַרדרוס וועגן די מאַסן־דעפּאָרטאַציעס, וועגן דעם ווי אַזוי מ׳האָט די וויינענדיקע יידישע קינדער ווי שעפּסן אַריינגע־וואָרפן אין די לאַסט־אויטאָס, וואָס האָבן זיי אַוועקגעפירט צו די באַן־וואַגאָנען. מ׳האָט געשמועסט וועגן די גערירשנטע יידישע פאַרמעגנס. דער רוב האָט גערעדט וועגן דעם האַנדל מיט די יידן. אַ סך פּאָליאַקן האָבן געבערענגט צו די יידן, וואָס האָבן געאַרבעט אויסערן געטאָ, שפּייז־פּראָדוקטן און די יידן האָבן זיי דערפאַר אַוועקגעגעבן זאַכן, וואָס איז זיי פאַרבליבן נאָך די נאַצישע רויבערייען. אין איין רעסטאָראַן האָב איך אַפילו געהערט, ווי אַ פּאָליאַק האָט חוזקדיק דערמאָנט, ווי די „זשידקעס" האָבן זיך אומזיסט און אומנישט אַנטקעגנגעשטעלט. ס׳האָט זיי סיי ווי גאָרנישט געהאָלפן — זיי האָבן אַלע באַצאָלט מיט זייערע לעבנס.

אַ דערשלאָגענער און אַ צעוויטאָגטער פון די אַלע רייד, וואָס איך האָב זיך אַ גאַנצן טאָג אָנגעהערט, בין איך פינף אַזייגער צוגעקומען צום געטאָ־טויער. ווען כ׳האָב אין איינער פון די צוריקגעקומענע יידישע גרו־פּעס דערזען דעם חבר אָשר בלייוויס, האָב איך שנעל אַרויפגעצויגן אויפן אַרבל דעם אָרעם־באַנד מיטן מגן־דוד און בין צוזאַמען מיט דער גרופּע אַריין אין געטאָ. די וואַך ביים טויער, וויזט אויס אַן אונטערגעקויפטע, האָט אַוועקגעקוקט.

שטאַרק מיד און איינגעטוליעט, אין אַ דיקער בורקע, האָט מיך חבר אָשר בלייוויס אַריינגעפירט אין זיין ענג שטיבל. באַלד נאָכן אַריבערגיין די שוועל האָט ער זיך שווער אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שטול. מיר האָבן זיך שווייגנדיקע אָנגעקוקט. איך האָב געזאָגט צו אים: — רו זיך אָפּ, עס עפּעס. איך וויל גאָרנישט. כ׳בין נישט הונגעריק.

ער האָט געעפנט אַ שענקל, האָט אָפּגעשניטן אַ שטיקל ברויט און האָט עס שווייגנדיק געגעסן. ער האָט געזאָגט צו מיר שטיל: — צעלעק, ווען דו וואָלסט געוואוסט וואָס דאָ איז פאָרגעקומען!

ער איז געזעסן אויף דער שטול ביי אַ נאַקעטן טיש און געוויגט מיטן קאָפּ: — ס׳זענען נאָך געבליבן אַ פּאָר געציילטע חברים. אַלע אַנ־דערע זענען מער נישטאָ.

זיינע אויגן זענען געווען פול מיט טרערן. ער האָט זיך ביסלעכווייז באַהערשט און שטיל אָנגעהויבן דערציילן וועגן דער גרויסער בראָך — וועגן די דעפּאָרטאַציעס און אוממענטשלעכער אכזריות. ער האָט דערציילט וועגן די אַקטיווע חברים. דעם פאָרזיצער פון קאָמיטעט, דעם חבר משה פּייעראַייזן, האָבן די נאַציס בעת דער סעלעקציע געוואָלט איבערלאָזן, אָבער ער האָט גענומען אויף די הענט זיין קינד, האָט אַרומגענומען מיטן



יוגנט שטימע



די אונטערערדישע צייטונג פון דער בונדישער יוגנט



שטורעם

5–טער יולי 1942

כבוד די געפאלענע



אונטערערדישע צייטונג פון בונד

אונטערערדישע צייטונגען אין ייִדיש און פּויליש פון בונד און יוגנט־בונד צוקונפט.

אַ געזעגענונגס־קוש דורך די דראָט־פאַרצוימונגען

צווייטן אָרעם די פרוי און געזאָגט צו די דייטשן: — מיר גייען צוזאַמען.
בעת דער גרויסער דעפּאָרטאַציע האָבן 25 יוגנטלעכע, צווישן זיי מיט־גלידער פון בונדישן יוגנט־קאָמיטעט, מיט נאַקעטע הענט זיך געוואָרפן אויף די דייטשן. זיי זענען דערשאָסן געוואָרן אויפן גרויסן פּלאַץ פאַר די אויגן פון די צונויפגעטריבענע יידן. דער גרויסער רוב פון די טאַרנאָ־ווער יידן איז שוין מער נישטאָ.

איך האָב אים דערציילט וועגן מיין נעכטיקן וויזיט אין קראָקע. ער האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף יעדן חבר און זיך געפרייט, ווען ער האָט זיך דערוואוסט ווער פון די חברים עס איז געבליבן לעבן.

דער חבר אָשר בלייוויס האָט ביי דער אַרבעט איבערגעגעבן צוויי חברים וועגן מיין קומען. ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט און די חברים שלמה שפּאָרן און נפתלי שיסלער (פון קראָקע), זענען אַריינגעקומען. די חברים האָבן זיך נישט געקענט באַהערשן. טרערן האָבן פייכט געמאַכט אונזערע פּנימער (פריער האָט מיר בלייוויס דערציילט וועגן שפּאָרנס אַ העלדישער טאַט און שיסלערס צער צוליב אַ ברוטאַליטעט פון די נאַציס לגבי זיין טאָכטער).

ווען מיר האָבן זיך באַהערשט, האָבן די חברים מיך באַוואָרפן מיט אַ האָגל פראַגן וועגן אַלץ און אַלעמען. דאָס וואָס כ׳האָב זיי דערציילט, האָבן זיי געשלונגען מיט מויל און אויערן. איך האָב זיי דערלאַנגט אַ נומער פון אונזער אונטערערדישער צייטונג אויף דער וואַך. זייערע הענט האָבן גענומען ציטערן און די פּנימער האָבן געשטראַלט פון פרייד. — איך האַלט די צייטונג אין מיין האַנט, זאָגט חבר נפתלי שיסלער, און איך גלויב נישט, אַז ס׳איז אַן אמת. דער חבר, וואָס איז געווען אין אַ שטאַרק געדריקטער שטימונג צוליבן אומגליק מיט זיין טאָכטער, איז געוואָרן גאָר אַן אַנדערער מענטש.

מיר האָבן זיך אַריינגעלאָזט אין אַ לעבהאַפטן שמועס. אויף אַ מאָ־מענט זענען פאַרשוואונדן די פיינלעכע איבערלעבונגען, די נעכטיקע און היינטיקע בילדער. דער שטענדיק אָפּטימיסטישער שלמה שפּאָרן איז נאָך מער געשטאַרקט געוואָרן אין זיין בטחון און געקלערט וועגן געוואַגטע טאַטן. פריער איז ער געווען דער פאָרזיצער פון גרויסן פאַראיין פון באַקלייד־אַרבעטער אין טאַרנאָוו און אין דער פאַרוואַלטונג פון צענטראַלן באַקלייד־פאַראיין אין פוילן. ער איז אויך געווען אַ ראַטמאַן פון שטאָט־ראָט און אַ פּרנס פון דער קהילה. הגם אַ סענטימענטאַלער מענטש, האָט ער זיך גע־האַלטן פעסט אַפילו אין די שווערסטע סיטואַציעס. ער איז קיינמאָל נישט אַריינגעפאַלן אין פאַרצווייפלונג. ער האָט געשטעלט זיין אייגן לעבן אין קאָן, כדי צו ראַטעווען צען יידן.

מיט אַ טיפן אינטערעס האָב איך זיך צוגעהערט צו דעם וואָס זיי האָבן דערציילט וועגן דעם אומברענגען פון די טאַרנאָווער יידן. זיי האָבן

איבערגעגעבן פאַרשידענע פּרטים וועגן גורל פון אונזערע חברים. ווען די ס. ס.־לייט זענען באַפאַלן די וואוינונג פון חבר איציק גרינבוים, איז זיין יונגער זון אַרויסגעלאָפן אַנטקעגן די רוצחים מיט אַ האַק אין האַנט. די נאַציס האָבן אים גלייך דערשאָסן.

מיט ווייטאָג און שטאָלץ האָבן זיי גערעדט וועגן דער חברטע רייזל ביגעלאייזן, וואָס איז געווען די אַקטיווסטע פרוי אין דער אונטערערדישער אַרבעט. זי האָט זיך אָפּגעגעבן זייער פיל מיט קינדער און עלנטע פרויען. פאַר איר מוטיקער האַלטונג האָט זי באַצאָלט מיט איר לעבן. דער שעף פון ס. ס., בלאַכמאַן, האָט פאַראָרדנט אַז אַלע, וועלכע קומען פון דער אַרבעט זאָלן זיך זאַמלען אויפן חזיר־פּלאַץ. בעת מ׳האָט רעווידירט די פרויען, האָט מען זי דערשאָסן.

פון דעם, וואָס כ׳האָב געהערט אין אַ ריי שטעט, האָב איך געוואוסט וועגן העלדישע ווידערשטאַנדן מצד יחידים. איצט, אין דעם קליינעם שטיבל האָב איך אויפגענומען אין מיין זכרון און געמיט נייע בילדער פון ווירדע און ווידערשטאַנד. די מענטשן, וועגן וועלכע זיי האָבן מיר דער־ציילט, האָב איך דאָך אַזוי גוט געקענט, עס האָט מיר אויסגעזען ווי אָט ערשט נעכטן האָב איך מיט זיי גערעדט. כ׳האָב זיך אַ הויב געטון פון אָרט און געזאָגט די חברים, אַז איך פאָר צוריק אין קראָקע. כ׳וועל דאָרט זיך באַמיען מיט דער הילף פון דער פּ. פּ. ס. איינצושטעלן אַ קאָנטאַקט צווישן די קראָקעווער און טאַרנאָווער בונדיסטן.

צומאָרגנס אינדערפרי בין איך אַרויס פון געטאָ ווי אַן אַרבעטער און שפּעטער זיך אָפּגעטיילט פון דער יידישער אַרבעטער־גרופּע.

# 17. צווישן חברים און משפחה

נאָך אַ לענגערער נסיעה אין לאַנד בין איך צוריקגעקומען קיין וואַרשע. כ׳האָב זיך באַלד דערוואוסט, אַז דער חבר מאוריצי אָזשעך איז געוואָרן אַרעסטירט. דער אַרעסט זיינער איז פאָרגעקומען ביי פאַלגנדיקע באַדינ־גונגען: בעת ער איז געגאַנגען אויף אַ גאַס פון געטאָ, האָט ער דערזען, ווי אַ יידישער פּאָליציאַנט האָט אַכזריותדיק געשלאָגן אַ פרוי. אַזאַ בילד איז אין יענע געטאָ־טעג נישט געווען קיין זעלטנקייט. אין דער יידישער פּאָליציי האָבן זיך געפונען פאַרשידענע פינצטערע טיפּן, וועלכע האָבן זייער מאַכט גענומען מיטן פולן ערנסט און גוט געדינט די, וועלכע האָבן זיי אָנגעטאָן דאָס פּאָליצייאישע היטל. דער פּאָליציאַנט האָט מיט דער גומענער פּאַלקע געהאַקט איבערן קאָפּ און איבער די פּלייצעס פון אַ יידי־שער פרוי. מאַוריצי אָזשעך, וואָס האָט אָרגאַניש פיינט געהאַט צו פאַר־שוויגן עוולות, איז אָן אויפגערעגטער צוגעלאָפן צום פּאָליציאַנט און האָט אים דערלאַנגט אַ קלינגנדיקן פּאַטש. גלייך האָט זיך אויפן אָרט געשאַפן אַ קרענצל מענטשן. די דורכגייענדיקע יידן האָבן מיט סימפּאַטיע און צופרידנקייט געקוקט אויף דעם עלעגאַנטן הער, וועלכער האָט מקיים־פסק געווען דעם יונג מיטן פּאָליצייאישן היטל. פון אַ זייטיקער גאַס זענען אָנגעלאָפן עטלעכע פּאָליציאַנטן און האָבן גענומען אָוועקשלעפּן אָזשעכן אין אַרעסט אַריין. פון אַרעסט האָט מען אים אַוועקגעפירט אין פּאַוויאַק. דער אַרעסט האָט אָנגענומען אַן ערנסטן כאַראַקטער. ס׳האָבן נישט גע־האָלפן די אינטערווענצן פון דזשאָינט און די אַנדערע באַמיאונגען, ער איז פאַרבליבן אין תפיסה.

דער אַרעסט איז געקומען אין אַ צייט, ווען אונזער באַוועגונג האָט זיך געגרייט צו דער לאַנד־קאָנפערענץ, אויף וועלכער אָזשעך האָט גע־דאַרפט האַלטן דעם הויפּט־רעפעראַט. דאָס איז שוין געווען דאָס צווייטע מאָל, ווי דער פּלאַן פון דער לאַנד־קאָנפערענץ האָט געהאַלטן ביים צע־שטערט ווערן. דעם ערשטן מאָל איז די דאַטע געווען אָנגעמערקט אויף נאָוועמבער 1940. זי איז געוואָרן צוגעגרייט דורך די שליחים ישראל פּאַלק, משה קויפמאַן און יאַנקעלע מענדלסאָן. זי האָט דעמאָלט נישט געקאָנט פאָרקומען, ווייל גראָד אין יענע טעג האָט מען אָנגעהויבן אַרומ־

שטעלן דעם וואַרשעווער געטאָ מיט אַ מויער און מ׳האָט געדאַרפט האָבן אַריינגאַנג־דערלויבענישן פאַר די דעלעגאַטן פון דער פּראָווינץ. איצט איז געקומען די נייע שטערונג — דער אַרעסט פון חבר אַזשעך.

מיר האָבן אויסגענוצט די סאַמע וויכטיקסטע קאָנטאַקטן. געלט איז דאָ נישט געווען קיין אָפּהאַלט. מען האָט גוט געוואוסט, אַז אין קאָן איז געשטאַנען אי די קאָנפערענץ, אי דאָס לעבן פון אַזשעכן. ס׳האָט גענומען צייט ביז די מיטלען האָבן אָנגעהויבן ווירקן. לסוף איז חבר אַזשעך באַפרייט געוואָרן, אָבער דאָס איז שוין געווען נאָך דער באַשטימטער דאַטע פון דער קאָנפערענץ, וואָס מ׳האָט אָפּגערופן. מיט גאָר גרויסע שוועריקייטן האָט מען מודיע געווען די פּראָווינצער דעלעגאַטן, אַז זיי זאָלן נישט קומען. דאָס איז אויך געטון געוואָרן שריפטלעך, מיט דער הילף פון אַ קאָמפּליצירטן שיפר. בלויז צוויי חברים איז נישט געלונגען צו וויסן צו געבן און זיי זענען געקומען: דאָס זענען געווען די חברים מאָטל קושניר פון טשענסטאָכאָוו און תנחום פריינד פון פּיעטריקאָוו.

ווי ביי אַלע פריערדיקע באַזוכן אין וואַרשע, האָב איך זיך באַמיט גאָר ווייניק צו זיין אין גאַס אָדער צו באַווייזן זיך פאַר באַקאַנטע. איך בין געזעסן אין דער היים, וואו די שטימונג איז געווען אַ נידערגעשלאָגענע, ווייל מיין ברודער יאָסל איז געלעגן אַ קראַנקער אויף טיפוס. פאַר דער קורצער צייט, וואָס איך האָב דעמאָלט פאַרברענגט אין וואַרשע, האָב איך אַחוץ אויף אַ זיצונג פון צענטראַל־קאָמיטעט זיך באַטייליקט בלויז אין צוויי אַנדערע צוזאַמענקונפטן. איין צוזאַמענקום איז פאָרגעקומען אין דער וואוינונג פון חבר וועלוול ראָזאָווסקי, אַ מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט פון אונטערערדישן יוגנט־בונד צוקונפט. דער צוזאַמענקום האָט דאָ געטראָגן אַ רירנדיקן כאַראַקטער. פאַר דעם שווער־קראַנקן חבר יאַנקעלע מענדלסאָן איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ געזעגענונג. מענדלסאָן איז פריער געווען פון די ערשטע בונדישע שליחים אין לאַנד. ער איז געפאָרן מיט דער באַן, אויף פערד־און־וואָגן און אויך געגאַנגען צו פוס. ער האָט געפירט אונטערערדישע צייטונגען און אויסגעפירט אַנדערע וויכטיקע שליחותן. אין לובלינער ראַיאָן האָבן אים אויפן וועג פאַרהאַלטן עטלעכע דייטשן און זיי האָבן אים אַזוי מוראדיק צעשלאָגן, אַז ער האָט אָנגעהויבן צו שפייען מיט בלוט. די דאָקטוירים האָבן פעסטגעשטעלט, אַז ער איז שטערבלעך קראַנק. די פּאַרטיי האָט באַשלאָסן אים אַרויסצושיקן קיין אָטוואָצק אין דער סאַנאַטאָריע פאַר לונגען־קראַנקע. נאָענטע חברים האָבן זיך פאַרזאַמלט, כדי זיך געזעגענען מיט אַ גוטן באַליבטן חבר.

איך בין געוואָרן פאַרבעטן צום דאָזיקן אָוונט, ווייל מענדלסאָן איז געווען איינער פון מיינע נאָנטסטע חברים. סך־הכל זענען געווען אַ צען פּערזאָן, צווישן זיי אַבראַשע בלום און לאָזער קלאָג פון דער פּאַרטיי־

אָנפּירונג. מענדלסאָן, אַ בלאַסער, מיט אַן איינגעפאַלן פּנים און מיט גליאיקע אויגן, איז געזעסן אויבן־אָן ביים טיש און די חברים האָבן אים געזעגנט מיט רירנדיקע ווערטער. ער איז געווען אַ טיפּיש קינד פון דער וואַרשעווער אָרימקייט. זיין טאַטע, שלמה מענדלסאָן, אַ שניידער, איז געווען אַן אַלטער און שטאַרק־איבערגעגעבענער בונדיסט. יעקב מענדל־סאָן, וועמען מ׳האָט מיט ליבשאַפט גערופן יאַנקעלע און מענדעלע, איז געווען אַ יוגנט־טוער. ער האָט פאַרמאָגט אַ זייער רייכע פאָלקס־שפּראַך, זיינע רייד זענען געווען אַדורכגעפלאָכטן מיט אָן אַ שיעור פאָלקס־ווערט־לעך, אַ טייל פון זיי גאַנץ זעלטענע. אין זיין אַרגומענטאַציע האָט ער באַ־נוצט וויציקע איינפאַלן, אין די שמועסן האָט ער אַליין געשאַפן ווערטלעך „גלייך פון דער נאָדל אַראָפּ". פאַר דער מלחמה איז ער געווען אַ פאַראַנט־וואָרטלעכער רעדאַקטאָר פון בונדישן זשורנאַל יוגנט־וועקער. צוליב קאָנ־פיסקירטע אַרטיקלען איז ער פאַרמשפּט געוואָרן אויף אָנדערהאַלבן יאָר טורמע און איז אָפּגעזעסן די שטראָף אין מאָקאָטאָווער תפיסה. באַלד אין אָנהויב פון דער נאַצישער אָקופּאַציע האָט אים דער בונד באַשטימט פאַר אַ שליח אין לובלינער ראַיאָן. הינטער לובלין האָט אַ דייטשער פאַטרול אים אַראָפּגענומען פון אַ פויערישן וואָגן און צעשלאָגן מיט די פּריקלאַדן פון זייערע ביקסן. שפּעטער לאַנג איז ער געלעגן און זיך נישט געקאָנט אויפהייבן פון אָרט. דאָס אַלץ האָט מען אים איצט דערמאָנט אין די געזעגענונג־רעדעס.

דער לעצטער רעדנער איז געווען דער חבר הענעך רוס, אַ פאָרשטייער פון דער בונדישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע. ביים סוף פון זיינע ווערטער איז געקומען צו אַ רירנדיקן אינצידענט. אין מענדלסאָנס דירה איז געווען דער סקלאַד פון די אונטערערדישע ציַיטונגען. רוס האָט געזאָגט, אַז צוליב מענדלסאָנס אַוועקפאָרן קיין אָטוואָצק, וועט דער סקלאַד איינגע־אָרדנט ווערן אין אַן אַנדער אָרט. יאַנקעלע מענדלסאָן, וועלכער איז די גאַנצע צייט געזעסן אַ שווייגנדיקער, האָט אים דאָ איבערגעריסן. זיין שטים, וואָס האָט אַמאָל געקלונגען ווי אַ גלאָק, איז איצט געווען אַ גע־דעמפּטע און שוואַכע. בעת ער האָט גערעדט האָבן אים געציטערט די הענט און דאָס פּנים האָט זיך פאַרגאָסן מיט אַ רויטקייט. ער האָט אָנגע־הויבן רעדן אויף זיין שטייגער. — אייערע רעדעס, האָט ער געזאָגט, זענען ווי אַ הספד. איך וועל נאָך היטלערן איבערלעבן. איך האָב טאַקע מסכים געווען אַוועקצופאָרן קיין אָטוואָצק, אָבער בלויז מיטן געדאַנק אַז כ׳וועל אַן אויסגעהיילטער אינגיכן צוריקקומען און ווידער אַוועקגעבן די גאַנצע צייט און מי פאַר דער באַוועגונג. ווייטער האָט ער געזאָגט, אַז ער וועט נישט מסכים זיין מ׳זאָל פון אים, אַפילו אין דער צייט פון זיין אַוועק־פאָרן, צונעמען דעם סקלאַד פון אונטערערדישער ליטעראַטור. די פונקציע פון היטן און אַרויסגעבן די ליטעראַטור וועט איבערנעמען זיין פרוי. ער

ווען ער וועט ווייסן, אַז ער איז ווייטער בוצלעך דער באַוועגונג. ווען ער רואיקער קאָנען פאַרברענגען די פּאָר וואָכן אין דער סאַנאַטאָריע,

די פאַרזאַמלטע האָבן שווייגנדיק געהערט זיינע ווערטער. דאָס רעדן האָט אים שטאַרק אָנגעשטרענגט און ער האָט קוים געכאַפּט דעם אָטעם. ווען ער האָט געענדיקט איז ער געבליבן זיצן אָן אויסגעשעפּטער. מיר האָבן אים געמוזט צוזאָגן, אַז מען וועט די ליטעראַטור אַרויסנעמען בלויז צייטווייליק. גלייך נאָכן צוריקקומען וועט אים די פּאַרטיי צוריקגעבן די פריערדיקע פונקציע.

צומאָרגנס אין דער פרי בין איך אַוועק אין דער וואוינונג פון חבר בערנאַרד גאָלדשטיין אויף נאַוואָליפּיע 12. איך בין אַריין דורכן טויער אויף די שטיגן און האָב אָנגעקלאַפּט אין דער וואַנט לויטן אָפּגערעדטן צייכן. צו מיין פאַרוואונדערונג האָט מיר די טיר געעפנט בערנאַרד אַליין. ער איז געווען אָנגעטון אין מאַנטל, גרייט אַוועקצוגיין. כ'האָב אַפילו נישט באַוויזן אַרויסצוזאָגן דאָס ערשטע וואָרט, ווי ער האָט צו מיר אויסגערופן:

— צעלעק, אַנטלויף. מיר זענען איינגעשטעלט מיטן לעבן.

איך האָב זיך האַסטיק אויסגעדרייט און בין אַראָפּגעלאָפן פון די טרעפּ. ווען כ'בין אַרויס פון טויער, האָב איך באַשלאָסן נישט אַוועקצוגיין, ווי לאַנג כ'וועל נישט וויסן וואָס דאָ קומט פאָר. כ'בין אַריין אין טויער פון אַ הויז אַנטקעגנאיבער און געוואַרט. פּלוצלונג איז מיט גרויס רעש אָנגעפאָרן אַ גרופּע געשטאַפּאָווצעס. זיי זענען אַריין אין דער דירה פונם הויז־וועכטער, וועלכער האָט געוואוינט אין טויער. איך בין געשטאַנען אַ צוגעפּרעסטער צו דער וואַנט און האָב געוואַרט מיט אַ קלאַפּעדיק האַרץ. צי וועל איך באַלד דערזען בערנאַרדן, געפירט דורך די געשטאַפּאָווצעס? אין מיטן גאַס זענען געשטאַנען יידן און געוואָרפן איבערגעשראָקענע בליקן צום טויער. ס'איז געווען קלאָר, אַז דאָס איז אַן איבערפאַל אויף בערנאַרדס דירה. איך בין געגאַנגען היין און צוריק אין טויער און דאָס בלוט האָט מיר געקלאַפּט אין די שלייפן. דער פאַקט, וואָס כ'האָב נישט געזען בערנאַרדן פריער אַרויסקומען, האָט מיך אָנגעפילט מיט אַנגסט. די צייט האָט זיך געצויגן ווי אַן אייביקייט. בערך אין אַ שעה אַרום האָב איך דערזען די געשטאַפּאָווצעס אַרויסגיין פון טויער, אָבער אָן בערנאַרדן.

כ'בין גלייך אַוועק אין דער בונדישער קיך, וואו כ'האָב געטראָפן דעם חבר לאָזער קלאָג און אים אָנגעזאָגט די שלעכטע בשורה. ס'איז געווען אַ גרויסע רעטעניש דער איבערפאַל אויף דער וואוינונג און מ'האָט נישט געוואוסט וואָס ס'איז געשען מיט בערנאַרדן. ערשט מיט אַ טאָג שפּעטער האָב איך זיך דערוואוסט, ווי אַזוי ער האָט זיך אַרויסגעדרייט פון דער טויט־געפאַר. סך־הכל אַ פּאָר מינוט פאַר מיין אַרויפקומען איז צו אים אַרויפגעלאָפן דער יידישער הויז־וועכטער און האָט אים דערציילט, אַז צוויי יידישע יונגעלייט האָבן אין די מעלדונג־ביכער געזוכט דעם נאָמען

פון בערנאַרד גאָלדשטיין (די דירה איז געווען אויפֿן נאָמען פֿון בערנאַרדס ברודער). מ׳האָט זיך לייכט געקענט משער זיין, אַז דאָס זענען יידישע געשטאַפּאָ־אַגענטן. בערנאַרד האָט זיך גלייך אָריענטירט, אַז מ׳דאַרף נישט פֿאַרלירן קיין רגע. ער האָט זיך אָנגעטון און געהאַלטן ביים פֿאַרלאָזן די דירה ווען איך בין געקומען. באַלד ווי איך בין אַראָפּ פֿון די טרעפּ, האָט ער געוואַרט אַ רגע און איז אויך אַראָפּגעלאָפֿן. ער איז נישט אַרויס דורכן טויער, ווייל ער האָט מורא געהאַט, אַז פֿאַרן טויער וואַרטן שוין געשטאַפּאָ־אַגענטן. ער איז אַריינגעלאָפֿן אין הויף און אין אַ לאָך פֿון אַ פֿאַרקאַן דורכגעגאַנגען אין אַ צווייטן הויף און פֿון דאָרט — אויף אַ צווייטער גאַס. די אַגענטן האָבן איבערגעלאָזט אַ צעטל, אַז בערנאַרד זאָל זיך צושטעלן אין געשטאַפּאָ. צומאָרגנס זענען זיי ווידער געקומען און אַוועקגעפֿירט בערנאַרדס פֿלימעניק, אויך אַ בונדיסט, און זיי האָבן אים אין געשטאַפּאָ פֿאַרמוטשעט צום טויט.

דעם זעלבן טאָג, ווען איך בין אַהיימגעקומען פֿון גאַס, האָט מיך אין הויז פֿון מיין משפּחה אָפּגעוואַרט אַ ניי אומגליק. מיין ברודער יאָסל, וועלכער איז עטלעכע טעג געלעגן קראַנק אויף טיפֿוס, איז געשטאָרבן. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס די קראַנקהייט איז געווען אַן אָנשטעקנדיקע, איז די שטוב געווען פֿול מיט מענטשן, מיט אַלע מיינע שוועסטער און אַ סך באַקאַנטע. די לוויה האָט געזאָלט פֿאָרקומען דעם זעלבן טאָג. ביי מיר איז געשטאַנען די פֿראַגע צי איך זאָל מיטגיין, צי איך זאָל זיך פֿלוצלונג באַווייזן פֿאַר אַזוי פֿיל מענטשן. מיין שטימונג איז געווען אַזאַ געדריקטע, אַז כ׳האָב באַשלאָסן נישט רעכענען זיך מיט קאָנספּיראַציעס. פֿאַרנאַכט איז געקומען די עגלה. צו דער לוויה זענען געקומען צענטליקער מענטשן. מיין ברודער האָט די לעצטע יאָרן געוואוינט אין גאָמבין און ס׳זענען איצט געקומען זיינע חברים, גאָמבינער בונדיסטן, וועלכע האָבן איצט געלעבט אין וואַרשע. הארט נאָך דער עגלה איז נאָכגעגאַנגען מיין ברודערס פֿרוי חנה (אַ שוועסטער פֿון דער דיכטערין רייזל זשיכלינסקי) און די טאָכטער לאה. נאָך זיי זענען געגאַנגען מיין גאַנצע משפּחה און די גאָמבינער חברים. איך בין געגאַנגען אויף דער צווייטער זייט טראָטואַר. אין יענע טעג האָט מען אין שטאָט געזען אַ סך לוויות און קיינער פֿון די דורכגייער האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף דער עגלה און די באַגלייטער. מ׳האָט דעמאָלט אַפֿילו מקנא געווען יידן, וואָס שטאַרבן מיט אַ „נאַטירלעכן" טויט. נאָכן אָפּגיין איבער דער גאַנצער לענג פֿון דער גענשע גאַס איז די לוויה צוגעקומען צום טויער פֿון געטאָ. דער בית־עולם האָט זיך געפֿונען אויף דער צווייטער זייט געטאָ, אויף אָקאָפּאָווע גאַס. בלויז די נאָענסטע משפּחה־מענטשן האָבן דורך מאַטל פֿינקערטס לוויה־ביוראָ באַקומען דערלויבענישן אַרויסצוגיין פֿון געטאָ־טויער און אַריינגיין אין יידישן בית־עולם. נאָך איידער די עגלה האָט זיך דערנענטערט צום טויער, בין

איך מיט מיין „אַרישן" דאָקומענט אַרויס פון געטאָ און האָב זיך אַוועק־געשטעלט אויף דער צווייטער זייט גאַס ביים בית־עולם. באַלד האָבן די דריי טויער־וועכטער — דער יידישער און פוילישער פּאָליציאַנט און דער דייטשער זשאַנדאַרם — איבערגעקוקט ביי אַלע די „פּזשעפּוסטקעס" און אויפגעעפנט דעם געטאָ־טויער. דאָס פערד האָט געגעבן אַ ציִ די עגלה און נאָכן דורכשניידן די אָקאָפּאָווע גאַס, איז די קליינע טרויעריקע פּראָ־צעסיע פאַרשוואונדן הינטער דעם טויער פון געגנשער בית־עולם.

במשך מיין זיין אין וואַרשעווער געטאָ האָב איך נאָך פאַרברענגט אויף אַ צוזאַמענקום פון אַ קליינער גרופּע יינגע בונדישע טוער פון לאָדזש. איך בין דאָרט געווען צופעליק. כ'האָב זיך געוואָלט זען מיט דער טאָכטער פון באַקאַנטן בונדישן טוער יוסף מאָרגענטאַלער, דעם פירער פון פאַראיין פון יידישע טעקסטיל־אַרבעטער אין לאָדזש, וועמען די געשטאַפּאָ האָט אַרעסטירט. ס'איז צו אונז דערגאַנגען אַ ידיעה (אַ נישט־ריכטיקע), אַז דריי אַרעסטירטע בונדישע טוער פון לאָדזש — ד"ר אַלעקסאַנדער מאַר־גאַליס, יוסף מאָרגענטאַלער און הערש מאיר זילבערבערג — געפינען זיך אין אַ קראָקעווער תפיסה. צוזאַמען מיט אַ חבר פון פּ. פּ. ס. בין איך אַוועק אין תפיסה. מיר האָבן איבערגעקויפט אַ קאַנצעלאַריע־באַאַמטן און ער האָט נאָכגעקוקט אין די ביכער. ער האָט אונז געזאָגט, אַז ער האָט געפונען אין די ביכער בלויז אַן אַרעסטירטן מיטן נאָמען מאָרגענטאַלער.

כ'האָב זיך געוואָלט זען מיט מאָרגענטאַלערס טאָכטער און ביי איר געוואָר ווערן מער פּרטים וועגן פאָטער, כדי פעסטצושטעלן צי דאָס איז דער זעלבער מאָרגענטאַלער, וואָס מיר זוכן. אין דער דירה, אויף נאָוואָ־ליפּיע 48, האָבן אַחוץ מאָרגענטאַלערס טאָכטער מיט איר מאַן שלמה פּאַוו, אויך געוואוינט יצחק שטיבל מיט זיין פרוי אסתר פרעסמאַן, שמעון מאַלינאָווסקי מיט זיין פרוי רייזל. גראָד זענען געווען איינגעלאַדן לייבל פרידמאַן און זיין פרוי מאַניע פון לאָדזש, ווי אויך הערמאַן קירשבוים און זיין פרוי עוואַ —ביידע באַקאַנטע בונדישע טוער פון קוטנע. קעגן מיינע כוונות בין איך אומגעריכט אַריינגעגאַנגען אין אַ חברישן צוזאַמענ־קום.

* * *

באַלד נאָכדעם ווי חבר מאַוריצי אָזשעך איז באַפרייט געוואָרן, האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט פון אונטערערדישן בונד אָפּגעהאַלטן אַ זיצונג אין דער וואוינונג פון חברטע רוטע פערענסאָן, אויף לעשנאָ 24. ווען איך בין געקומען האָב איך געטראָפן די חברים אָזשעך, אַבראַשע בלום, לאָזער קלאָג, בערעק שניידמיל און סאָניע נאָוואָגרודסקי. בערנאַרד איז נישט געקומען, ווייל ער האָט געמוזט זיך באַהאַלטן און נישט ווייזן זיך אין גאַס.

כ׳האָב אָפּגעגעבן אַ גענויעם באַריכט וועגן מיינע באַזוכן אין די פּראָווינץ־שטעט און וועגן די אַלע פּראָבלעמען, וואָס זענען געשטאַנען פֿאַר די ייִדן אין די אָפּענע און פֿאַרמאַכטע געטאָס. פֿון די אַלע באַזונדערע באַריכטן האָט זיך געשאַפֿן אַן אַלגעמיין בילד: דער נאַצישער טעראָר איז געוואָרן כסדר שאַרפֿער. יעדער טאָג האָט געבראַנגט נייע גזירות. ס׳איז געווען קלאָר, אַז אין דעם איז פֿאַראַן עפּעס אַ טייוולאָנישער פּלאַן. אָבער גענוי וואָס — האָט מען נישט געקענט וויסן. די קאָנטראָל אויף די וועגן און באַנען איז געוואָרן אַ שאַרפֿערע, אַפֿילו פּאָליאַקן האָבן געמוזט האָבן ספּעציעלע דערלויבענישן צו פֿאָרן מיט דער באַן. כ׳האָב אָפּגעגעבן אַ באַריכט פֿון אַלע מיינע זיצונגען מיט די בונדישע קאָמיטעטן, און וועגן דער טעטיקייט אין די באַזונדערע שטעט. די מאַטעריעלע נויט איז אומעטום געוואָרן שווערער צום איבערטראָגן. אין פֿינצטערן בילד זענען אויך געווען העלערע פּונקטן פֿון אַקטיווקייט, מסירת־נפֿש, קולטורעלער טעטיקייט און רירנדיקער איבערגעגעבנקייט. איך האָב אונטערגעשטראָכן דעם אומגעהויערן באַדייט פֿון דער אומלעגאַלער ליטעראַטור, די גרויסע ווירקונג וואָס די אונטערערדישע צייטונגען האָבן אין די איזאָלירטע ישובֿים. כ׳האָב אויך צוגעשטעלט אַ מין קאַסע־באַריכט: וועגן די 25,000 זלאָטעס, וואָס איך האָב באַקומען אין מעזריטש און ווי אַזוי איך האָב אַ טייל פֿון דעם געלט צעטיילט אין די פֿאַרשידענע שטעט און שטעטלעך.

צום סאַמע סוף האָב איך געזאָגט, אַז צוליב דער פֿאַרשאַרפֿטער קאָנטראָל אויף די באַנען און וועגן ווערט איצט כמעט אוממעגלעך, אַז איך זאָל ווייטער קענען פֿירן די אונטערערדישע ליטעראַטור. צוליב מיינע קאָנטאַקטן אין די שטעט איז אַזאַ זאַך צופֿיל ריזיקאַליש נישט בלויז פֿאַר מיר, נאָר אויך פֿאַר יעדן איינעם, מיט וועלכן איך קום אין באַרירונג. אויף דער דאָזיקער זיצונג איז טאַקע אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס, אַז פֿון איצט אָן וועל איך די ליטעראַטור אַליין נישט פֿירן. מ׳וועט זיך פֿאַרשטענדיקן מיט דער פּ. פּ. ס., וועלכע זאָל צוטיילן אַ פּרוי, וואָס וועט אַוועקפֿירן די ליטעראַטור אין די באַשטימטע שטעט און איך וועל פֿאָרן אין די זעלבע ערטער מיט אַ טאָג־צוויי שפּעטער. מאַוריצי אָזשעך האָט אויף זיך גענומען די אויפֿגאַבע צו פֿאַרשטענדיקן זיך מיט דער פּ. פּ. ס. וועגן באַשטימען אַזאַ פּרוי.

וועגן דער וויכטיקייט פֿון דער אונטערערדישער פּרעסע האָט מען אויך גערעדט שפּעטער בעתן באַריכט וועגן וואַרשע. יעדן אָוונט, ווען די טויערן פֿון די הייזער ווערן אָפּגעשלאָסן און מען טאָר שוין נישט גיין איבער די גאַסן, וואַרטן שוין די איינוואוינער אַז עמיצער פֿון די לאָקאַטאָרן זאָל זיי פֿאָרלייענען דעם לעצטן נומער. צוליב דעם, וואָס די צאָל עקזעמפּלאַרן איז נישט קיין גענוג גרויסע, קומט דאָס לייענען פֿאַר לויט אַ געוויסער אָרדנונג, גאַס נאָך גאַס און הויז נאָך הויז. יעדעס וואָרט ווערט

שפעטער צעטראָגן און קאָמענטירט. אין דעם גרויען און אָפּגעשלאָסענעם לעבן פון געטאָ איז דאָס ווי אַ בשורה פון אַ פרייער וועלט, אַ טרייסט און אַ האָפענונג.

קיין וואַרשע, פונקט ווי אין עטלעכע קלענערע שטעט, זענען אין יענער צייט אָנגעקומען שפּייז־פּעקלעך פון אַמעריקע און אַנדערע פרייע לענדער. חברים בונדיסטן האָבן די פּעקלעך געשיקט אויף פּריוואַטע אַדרעסן. אַ ספּעציעלע הילף־קאָמיסיע ביים בונד האָט צונויפגענומען די פּעקלעך און זיי צעטיילט צווישן די צום מערסטן נויטבאַדערפטיקע.

ביים סוף פון דער זיצונג איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ ליסטע שטעט, וואָס איך האָב געדאַרפט באַזוכן און ברענגען אַהין מאַטעריעלע הילף און אויספירן אַנדערע שליחותן. די שטעט זענען געווען: טשענסטאָכאָוו, פּיעטריקאָוו, קראָקע, ראַדאָם און לובלין. כ׳האָב געדאַרפט וואַרטן עטלעכע טעג אין וואַרשע ביז דער חבר אָזשעך וועט מיך צוזאַמענפירן מיט דער פרוי פון פּ. פּ. ס. און אויך אָפּרעדן מיט איר דעם אופן פון אונזער צוזאַמענאַרבעט בשעת די נסיעות.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען מיר מודיע געווען, אַז איך זאָל קומען צום חבר אָזשעך. ס׳איז געווען אַ ליכטיקער פרילינג־טאָג. ווען איך בין אַריבער דעם טויער פון געטאָ, האָב איך גלייך דערפילט די פרישקייט פון דער וואונדערלעכער לופט. דיביימער פון די גערטנער זענען שוין געשטאַנען פרעכטיק פאַנאַנדערגעבליט. ווי אַנדערש האָט דאָ אַלץ אויס־געזען נאָך די פינצטערע און שטיקנדיקע גאַסן פון געטאָ.

איך האָב זיך אַריינגעזעצט אין אַ טראַמוואַי. איך בין אַוועקגעפאָרן קיין מאָקאָטאָוו. חבר אָזשעך האָט געוואוינט אין אַ קליין צוויי־פאַמיליע הייזל אויף דער אָקאָ גאַס, כ׳האָב דאָס הייזל זייער גוט געקענט פון מיינע אָפטע פריערדיקע באַזוכן. איך פלעג אים ברענגען ליטעראַטור און די לעצטע נייעס פון געטאָ און אָפּנעמען ביי אים די אַרטיקלען, וואָס ער האָט גע־שריבן פאַר די יידישע און פוילישע אונטערערדישע צייטונגען פון בונד. ביים הייזל איז געשטאַנען אַן עלטערע פרוי מיט אַן אַריסטאָקראַטישן פוילישן אויסזען. דאָס איז געווען די פרוי פון אַלטן בונדישן פירער נח (אויך באַקאַנט אונטערן פּסעוודאָנים יוזעף — זיין אמתער נאָמען איז געווען יקותיאל פּאָרטנוי. זי, פעליציע, איז געווען פון די ערשטע פויליש־יידישע סאָציאַליסטן). צוזאַמען מיט איר טאָכטער, אַ באַרימטע פוילישע שרייבערין, (אירענאַ קזשיוויצקאַ), האָט זי אויך דאָרט געוואוינט. זיי האָבן פיגורירט ווי „אַריערינס״. אָזשעך אַליין האָט ווייט נישט אויסגעזען צו זיין אַ „פּולער אַריער״, אָבער זיין עלעגאַנטע קליידונג, זיין פעסטע און דרייסטע האַלטונג האָבן באַלאַנסירט דעם חסרון.

כ׳דערמאָן זיך אַזאַ פאַל: מיר ביידע האָבן געדאַרפט אַרויסגיין פון געטאָ. דער געטאָ־טויער האָט זיך געפונען ביי קראַשינסקיס גאָרטן, אויפן

אָרט וואו ס׳זענען פריער געווען די אַזוי גערופענע „קראַמי נאַלעווקאָסקע״. אַחוץ דעם לעגאַלן טויער איז אויך געווען אַן אומלעגאַלער אַדורכגאַנג דורך אַ הויז. די פּאָליאַקן פון יענעם הויז האָבן פאַר אַ געוויסן אָפּצאָל דערלויבט יידן און פוילישע שמוגלער דורך זייערע קאָרידאָרן אַדורכגיין פון איין זייט אויף דער צווייטער. אויף דער צווייטער זייט איז שטענדיק געשטאַנען אַ באַנדע „שמאַלצאָווניקעס״, וואָס האָבן געטשאַטעוועט אויף אַן אַרויסגייענדיקן ייד, כדי אים צו שאַנטאַזשירן. איך בין אַרויסגעגאַנגען לעגאַל דורכן טויער, ווייל איך האָב געהאַט דעם נויטיקן דאָקומענט. אָזשעך אין אַדורכגעגאַנגען דורך דעם הויף. מיר האָבן זיך אָפּגעשמועסט צו טרעפן אויף דער „אַרישער זייט״, האַרט ביי דעם געטאָ־טויער, וואו ס׳איז געווען אַ סטאַציע פונם טראַמוואַי. אין אַ פּאָר מינוט אַרום זענען מיר ביידע שוין געווען אויפן אָפּגערעדטן אָרט, און מיר האָבן זיך אַוועקגעשטעלט וואַרטן אויפן טראַמוואַי. פּלוצלונג האָבן מיר דערזען אַ הויכן, העל־בלאָנדן יונג מיט אַ טיפּיש פּנים פון אַ „שמאַלצאָווניק״. דער כוליגאַן איז צוגעקומען נענטער. ער האָט געפרעגט:
— איר וואַרט אויף אַ טראַמוואַי?

דאָס פרעגן זיינס, באַגלייט מיטן מיאוסן שפּיזלדיקן בליק, האָט באַדייט: איך ווייס זייער גוט, אַז איר זענט יידן... ער האָט איצט געוואַרט, אַז זיינע קרבנות זאָלן זיך דערשרעקן און זיך אַרויסגעבן. אָזשעך איז וויי־טער געשטאַנען מיט דער זעלבער רואיקייט ווי פריער, האָט אָפּגעמאָסטן דעם יונג מיט אַ ביטולדיקן בליק, האָט פּאַמעלעך אויסגעדרייט דאָס פּנים צום געטאָ־טויער, וואו ס׳איז געשטאַנען דער דייטשער זשאַנדאַרם מיטן פוילישן פּאָליציאַנט און שאַרף אַ רוף געגעבן: — פּאָליציי!

ווען דער „שמאַלצאָווניק״ האָט דאָס דערהערט, איז ער גלייך אַנטרונען געוואָרן. איך מוז זאָגן, אַז טראָץ דעם וואָס איך האָב געהאַט די בעסטע דאָקומענטן מיט אַ גוטן „אַרישן״ אויסזען, האָב איך זיך אָבער געפילט אַ סך זיכערער, ווען איך בין געגאַנגען מיט אים אויף דער פוילישער זייט.

אויך איצט, ווען איך האָב דערזען אָזשעכן, ווי ער איז געשטאַנען רואיק און געמיטלעך פאַרן הייזל, וואו ער האָט געוווינט, האָב איך באַוואונדערט זיין האַלטונג. ער האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר דער ח׳טע פעליציע און איר טאָכטער. מיר זענען אַלע פיר אַרויף אין זיין וואוינונג, וואָס האָט זיך געפונען אויפן צווייטן שטאָק פון דעם עלעגאַנטן הייזל. פון אַ באַהעלטעניש האָט ער אַרויסגענומען אַ פּעקל מאַנוסקריפּטן, וואָס איך האָב געדאַרפט איבערגעבן דעם חבר אַבראַשע בלום. ער האָט מיר געזאָגט, אַז איך דאַרף זיך גלייך זען מיט דער פּ. פּ. ס.־ישער פרוי, וועלכע וועט פון איצט אָן פאַנאַנדערפירן די בונדישע ליטעראַטור. איר נאָמען איז געווען יאַדוויגאַ ווישניעווסקאַ. פון באַרוף איז זי געווען אַ טעאַטער־אַרטיסטין, איצט האָט זי איר גאַנצע צייט געווידמעט דער אונטערערדישער

אַרבעט. ער האָט מיר געגעבן איר אַדרעס. זי האָט געוואוינט אין אַ מין דאַך־שטיבל פון הויז אויף פּאָדוואַל 19, אין אַלט־שטאָט. כ׳האָב געדאַרפט צו איר גלייך אַוועקגיין און זאָגן, אַז איך בין טשעסלאַוו און ווער ס׳האָט מיך געשיקט.

מיט אַ טראַמוואַי בין איך געפאָרן אין דער ריכטונג פון דער אַלט־שטאָט. ווען כ׳בין אויסגעשטיגן, בין איך אַריין אין דעם געדיכטן גע־פלאָנטער פון די פּאַרצייטישע אַלטע געסלעך, וועלכע זענען געווען פול מיט קאָשטשאָלן. דער זייגער איז געווען פּונקט צוועלף און פון אַלע ווינק־לען האָבן אָנגעהויבן צו קלינגען די קירכע־גלאָקן. איך בין צו צום טויער אויף פּאָדוואַל נומער 19, און בין אַרויפגעגאַנגען מיט די טויער־שטיגן אויפן לעצטן שטאָק. איך האָב אָנגעקלאַפּט אין טיר און אויף דער שוועל האָט זיך באַוויזן אַ יונגע פרוי, מיט אַ בלאָנדן קאָפּ האָר. כ׳האָב פאַר זיך געזען אַ טיפּיש פּוילישע פרוי מיט העל־בלויע אויגן. ווען כ׳האָב איר געזאָגט, אַז איך בין טשעסלאַוו, האָט זי זיך פריינטלעך צעשמייכלט און מיך אַריינגעבעטן אינעווייניק. דאָס צימערל איז געווען קליין, אָבער זייער זויבער און ס׳האָט דאָ געהערשט אַ מוסטערהאַפטע אָרדענונג. הינטער אַ פּאָרהאַנגל האָט זיך געפונען דער וואַסער־קראַן מיט אַ קליין קיכל. דאָס קנאַפּע מעבל איז געווען ריין און ציכטיק. אין די ווינקלען פון צימער זענען געשטאַנען צוויי גלאַט־פאַרבעטע בעטלעך.

יאַדוויגאַ ווישניעווסקאַ האָט געהאַט אַ סימפּאַטיש פּנים און גערעדט אַ ביסל מיט אַ טעאַטראַלער העפלעכקייט. נאָך אַ קורצן שמועס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז כאָטש מיר זעען זיך צום ערשטן מאָל אין לעבן, האָבן מיר שוין אַ נאָנטע און בשותּפותדיקע פאַרגאַנגענהייט. ווען איך בין אַרעסטירט געוואָרן אויף דער גרענעץ ביי סאָסנאָוויץ און בין געזעסן אין תּפיסה, איז זי געווען דער שליח, וואָס די פּ. פּ. ס. האָט געשיקט קיין וואַלבראָם מיט אַ געלט־סומע, כדי מיך אויסצולייזן פון די הענט פון דער פּאָליציי. דאָס איז געווען פאַר אונז ביידע אַן אַנגענעמע איבעראַשונג. זי האָט מיר גע־זאָגט, אַז זי איז אַנגאַזשירט ווי אַ שטענדיקע קוריערין פון פּ. פּ. ס. דאָ, אין דאָזיקן צימערל, וואָס איז פאַר איר ספּעציעל געדונגען געוואָרן פון דער פּאַרטיי, וואוינט זי מיט נאָך אַ חברטע. איך האָב איר דערציילט וועגן מיינע וואוינונג־שוועריקייטן אין וואַרשע און האָב איר געזאָגט, אַז ס׳קומט מיר אָפּטמאָל אויס צו זיין ביי דער באַן פאַרטאָג און איך האָב דעמאָלט נישט קיין מעגלעכקייט צו קומען פון געטאָ. זי האָט מיר גע־ענטפערט, אַז איך קען אויסנוצן דאָס דאָזיקע צימער אין די אָוונטן, ווען איך דאַרף צומאָרגנס אין דער פרי פאָרן מיט דער באַן. דאָס צימער גע־הערט צו דער באַוועגונג און ס׳וועט שטיין צו מיין דיספּאָזיציע יעדעס מאָל, ווען איך וועל עס דאַרפן.

איך האָב איר דערקלערט אין וואָס איר אַרבעט פאַרן בונד דאַרף

באַשטיין. כ'האָב אויסגערעכנט די שטעט און געזאָגט, אַז איך וועל איר ברענגען די ליטעראַטור, אַ ליסטע מיט גענויע אַדרעסן און די גענויע צייט, ווען זי וועט דאָרט דאַרפֿן זיין.

פֿון פרוי ווישניעווסקאַ בין איך צוריק אַוועק אין געטאָ. כ'האָב געברענגט צו אַבראַשע בלום אָזשעכס מאַנוסקריפּטן און אים דערציילט וועגן מיין געשפרעך מיט דער פּוילישער פרוי, וועלכע וועט פֿאַר אונדז פירן די ליטעראַטור.

מיט צוויי טעג שפּעטער איז אונדז אויסגעקומען אויסצונוצן צום ערשטן מאָל דעם אַדרעס אויף פּאַדוואַל 19, אָבער אינגאַנצן צוליב אַנדערע צוועקן. אַבראַשע האָט מיר געמאָלדן, אַז אין שייכות מיטן דורכפֿאַל פֿון דעם יונגן חבר אַלטער באַס, מוז די חברטע וולאַדקע אַוועק פֿון וואַרשע. די געשטאַפּאָ האָט פֿריער געזוכט דעם חבר יאַנקל גרושקאָ. ער האָט שוין פֿאַרלאָזט וואַרשע און איז אַוועק קיין זאַמאָשטש. ס'איז איצט געווען אַ מורא, אַז די געשטאַפּאָ וועט קומען צו וולאַדקען אין דער וואוינונג. כ'בין דעריבער אַוועק צו איר אין דירה אויף נאָוואָליפּיע, וואו זי האָט געוואוינט מיט אירע עלטערן, און איך האָב מיט איר אָפּגערעדט, אַז זי זאָל נעמען אַ וואַליזקע מיט זאַכן און זיך צוגרייטן צו דער רייזע. נאָכדעם ווי מיר וועלן פֿאַר איר באַקומען די נויטיקע דאָקומענטן צו פֿאַרלאָזן דעם געטאָ, דאַרף זי אַוועקגיין אויפֿן אַדרעס פֿון פרוי ווישניעווסקאַ אויף פּאַדוואַל 19. דאָרט וועט זי דאַרפֿן זאָגן אַז זי איז געשיקט געוואָרן פֿון טשעסלאַוו. יאַדוויגאַ ווישניעווסקאַ האָט שוין געוואוסט וועגן איר פּערשטייענדיקן וויזיט און איר צימערל אויפֿן זעקסטן שטאָק האָט דעמאָלט צום ערשטן מאָל געדינט ווי אַ „לאָקאַל" פֿאַר אונזערס אַ מענטש. וולאַדקע האָט דאָרט פֿאַרבראַכט די נויטיקע צייט, ביז זי איז אין דער באַגלייטונג פֿון פרוי ווישניעווסקאַ אַוועק צום וואָקזאַל און געפֿאָרן מיט דער באַן קיין זאַמאָשטש.

מיט אַ קורצער צייט שפּעטער בין איך געפֿאָרן קיין זאַמאָשטש, כדי זיך צו טרעפֿן מיטן חבר גרושקאָ און באַזאָרגן אים אַ ביסל געלט און אַנדערע נויטיקע זאַכן. איך בין אָנגעקומען אין שטאָט נאָכמיטאָג. ווען איך האָב באַגעגנט גרושקאָן, איז ער פֿון פרייד און איבעררעאַשונג מיר געפֿאַלן אויפֿן האַלז. ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און ס'איז אויך געקומען די חברטע פייגעלע פּעלטעל (וולאַדקע).

מיר האָבן געשמועסט ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין. איך האָב זיי דערציילט אַלץ, וואָס כ'האָב געוואוסט וועגן וואַרשע. דערביי האָב איך אויך דערציילט, אַז די פּ. פּ. ס. האָט באַקומען אַ בריוו פֿון דער טורמע פּאַוויאַק, וואו זייערע פֿירער נאָרבערט באַרליצקי און סטאַניסלאַוו דיבוֹאַ זיצן אין איין קאַמער מיט אונזער חבר אַלטער באַס. זיי באַוואונדערן דעם יונגן בונדיסט פֿאַר זיין ווירדיקער און מוטיקער האַלטונג. נאָך די אַלע טאָרטורן ברעכט ער זיך נישט איין און האַלט זיך פֿעסט בעת די אויס-

פאַרשונגען אין דער געשטאַפּאָ. כ׳וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן דעם מאָ־מענט ווען כ׳האָב אַרויסגענומען פון קעשענע אַ נייעם נומער פון דער אונטערערדישער צייטונג יוגנט־שטימע. זיינע ברוינע אויגן האָבן אַ בליץ געטון. ער האָט ממש געשלונגען די געדרוקטע אותיות. אין וואַרשעווער געטאָ איז ער געווען איינער פון די אַקטיוויסטע און איצט מוז ער זיצן דאָ, ווי אין אַ שטייג, אָפּגעריסן פון דער באַוועגונג, פון די חברים. ער האָט דאָרט נישט געקענט איינזיצן. אינגיכן איז ער מיט דער חברטע ווּלאַדקע צוריקגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ.

* * *

אין וואַרשע האָב איך געדאַרפט אָנקניפּן אַ קאָנטאַקט מיט שמואל ווייץ, מיט וועמען כ׳האָב זיך פריער געהאַט געזען אין טאַרנאָוו. זיין אַדרעס איז געווען אויף פּראַנצישקאַנער 22. ווען איך בין אַהינגעקומען, האָט מיך אין ערשטן צימער אויפגענומען זיין סעקרעטאַר. כ׳האָב אים געזאָגט מיין נאָמען. דער סעקרעטאַר האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט און אויסגערופן:

— גוט מאָרגן, חבר צעלעמענסקי.

— פונוואַנען ווייסט איר ווער איך בין, האָב איך אַ פאַרוואונדערטער געפרעגט. ער האָט מיר געזאָגט, אַז זיין נאָמען איז מאיר וואָלף שעפּס, אַ פּרנס פון דער יידישער קהילה און אַ מיטגליד פון דער בונדישער אָר־גאַניזאַציע אין קאַליש. ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען די שטאָט, האָט מען אים גענומען אַלס זאַקלאַדניק. צוזאַמען מיט אַנדערע יידן איז ער מערדערלעך צעשלאָגן געוואָרן. שפּעטער איז ער מיט זיין פרוי און צוויי קינדער אַוועק קיין וואַרשע. ער ווייסט ווער איך בין.

מיר האָבן מיטן חבר שעפּס איינגעשטעלט אַ קאָנטאַקט און ער האָט זייער פיל מיטגעהאָלפן צו באַשעפטיקן אונזערע חברים אין די בערשטער־ווערקשטאַטן און אין אַ ריי פאָלקס־קיכן, וואָס שמואל ווייץ האָט פינאַנסירט.

ווען שמואל ווייץ איז פריי געוואָרן, זענען פון זיין צימער אַרויסגע־גאַנגען צוויי פאַרשטייער פון דזשאָינט — דניאל דוד גוזשיק און יצחק גוטערמאַן. ער האָט מיך אויפגענומען חבריש. כ׳האָב אים געזאָגט, אַז מאַוריצי אָזשעך וויל זיך מיט אים טרעפן. ער האָט מיר געענטפערט — זייער גוט וואָס איר זענט איצט געקומען. נאָר־וואָס האָב איך צוגעזאָגט די פאַרשטייער פון דזשאָינט זיי צו געבן אַ גרעסערע סומע געלט. פון דער סומע וועלן זיי קענען געבן אַ געוויסן חלק דעם חבר אָזשעך.

שמואל ווייץ איז געווען אַן אַקטיווער פאַרטיי־חבר אין טאַרנאָוו. אין האַרבסט 1938 האָט די היטלער־רעגירונג אַרויסגעטריבן פון דייטשלאַנד די פּוילישע יידן. אַ לענגערע צייט זענען זיי געווען אין גרענעץ־שטעטל זבאָנשין. עטלעכע גרופּן פּליטים זענען פון זבאָנשין געקומען קיין טאַרנאָוו.

ווייץ האָט געהאָלפֿן זיי איינאָרדענען אין בערשטער־ווערקשטאַטן, וואו זיי האָבן זיך אויסגעלערנט דאָס פֿאַך. אין דער צייט פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט ער צוזאַמען מיטן קראָקעווער פּאָליאַק יוליאַן קודאַשעוויטש אָרגאַניזירט בערשטער־פֿאַבריקן פֿריער אין קראָקע און קראָקעווער ראַיאָן און שפּעטער אין וואַרשע. פֿון די גרויסע הכנסות האָט ווייץ זייער פֿיל געהאָלפֿן די יידישע קהילות אין טאַרנאָוו, באָכניע און אַנדערע ערטער. אין טאַרנאָוו האָט ער סיסטעמאַטיש געהאָלפֿן פֿינאַנסירן די צוויי פֿאָלקס־קיכן, וואָס דער בונד האָט אָנגעפֿירט. ער האָט דאָרט אויך געשטיצט אַ מושב־זקנים.

אין וואַרשע האָט ער מיט באַדייטנדיקע געלט־סומעס געשטיצט אַ רייע אינסטיטוציעס: קינדער־היימען, יתומים־הייזער און קיכן. צווישן די וואָס האָבן פֿון אים באַקומען רעגולערע שטיצע זענען אויך געווען די קינדער־סאַנאַטאָריע א. נ. פֿון וולאַדימיר מעדעם אין מיעדזעשין און דאָס יתומים־הויז, וואָס איז געווען אָנגעפֿירט פֿון ד״ר יאַנוש קאָרטשאַק. שפּעטער האָט ער אויך געגעבן געלט אויף קויפֿן געווער (די בערשטער־ווערקשטאַטן זענען בעת דעם געטאָ־אויפֿשטאַנד אין 1943 געווען פֿון די וויכטיקסטע מאָביליזאַציע־פּונקטן און קאַמף־פּאָזיציעס). ביים אַריינפֿירן רויע מאַטעריאַלן פֿאַר די ווערקשטאַטן האָט מען אויך אַריינגעשמוגלט אין געטאָ שפּייז־פּראָדוקטן פֿאַר דער יידישער באַפֿעלקערונג. דער פּוילי־שער שותּף פֿון דער אונטערנעמונג, וועלכער האָט געהאַט אַ גוטע באַציאונג צו יידן, האָט דעם שמוגל נישט געשטערט. חבר אָזשעך האָט זיך עטלעכע מאָל געטראָפֿן מיט ווייצן און פֿון אים באַקומען גרעסערע סומעס פֿאַר די נויטן פֿון דער אונטערערדישער בונדישער באַוועגונג (איצט לעבט שמואל ווייץ אין אַרגענטינע).

# 18. דער גרויסער דורכפאַל

עטלעכע טעג נאָך מיין באַגעגעניש מיט דער פּוילישער פרוי ווישניעווסקאַ האָב איך צו איר אַוועקגעטראָגן אַ פּעקל אונטערערדישע צייטונגען. כ׳האָב איר געגעבן די אַדרעסן אין פּיעטריקאָוו, טשענסטאָכאָוו, טאָמאַשאָוו, ראַדאָם און קראָקע, וואו זי האָט געדאַרפט אַוועקגעבן די ליטעראַטור. ס׳איז אָפּגערעדט געוואָרן, אַז זי זאָל באַלד מאָרגן אין דער פרי אַרויספאָרן. איך האָב געדאַרפט נאָכפאָרן מיט צוויי טעג שפּעטער אויפן זעלבן וועג.

פרוי ווישניעווסקאַ האָט די אַדרעסן פאַרשריבן אויף אַ דין בייגעלע פּאַפּיר און האָט עס אַריינגעלייגט אין דעם קליינעם מעטאַלענעם שאַכטעלע פון איר ליפּן־שמינקע. זי האָט דערביי נישט אַרויסגעוויזן קיין שום נערוועזיטעט. זי איז געווען אַ קורירין פון דער פּ. פּ. ס. און האָט געטון איר אַרבעט מיט אַ סך געניטשאַפט. כ׳האָב זיך מיט איר געזעגנט און אָפּגערעדט, אַז מיר וועלן זיך ווידעראַמאָל טרעפן אין וואַרשע, ווען עס וועט נויטיק זיין צו מאַכן אַ צווייטע נסיעה.

כ׳האָב איינגעניית אין מיינע מלבושים דאָס געלט, וואָס כ׳האָב געדאַרפט פאַנאַנדערפירן אין די שטעט. קיין נאָטיצן האָב איך נישט געמאַכט — אַלץ, וואָס כ׳האָב געדאַרפט איבערגעבן און דערליידיקן, האָב איך געדענקט פון אויסנווייניק. די באַן האָט געדאַרפט אַוועקגיין אין דער פרי, איך בין דעריבער פאַרנאַכט אַרויס פון געטאָ און געקומען איבערנעכטיקן אין דער וואוינונג פון יאַדוויגאַ ווישניעווסקאַ, אויף פּאַדוואַל 19, וואו ס׳האָט געוואוינט די שותפטע פון איר צימער, אויך אַ פּוילישע סאָציאַליסטקע, יאָהאַנאַ, די פרוי פון ראַפאַל פּראַגאַ. פאַרטאָג, ווען ס׳איז שוין געווען דערלויבט צו גיין אין די גאַסן, בין איך אַוועק. ס׳איז געווען אַ ליכטיקער פרימאָרגן פון יוני 1941. די טראָטואַרן זענען שוין געווען פול מיט דורכגייער. כ׳בין איינגעשטיגן אין אַ טראַמוואַי, וועלכער איז געפאָרן דורך דעם צענטער פון שטאָט. אויף אַ סך גאַסן זענען נאָך געווען חורבות פון די הייזער, וואָס זענען באָמבאַרדירט געוואָרן אין די מלחמה־טעג. אויפן הויפּט־וואָקזאַל האָב איך געקויפט אַ בילעט קיין טשענסטאָכאָוו און בין אַריין אין וואַגאָן. דער צוג האָט געדאַרפט אָפּגיין ערשט אין אַ האַלבער

שעה ארום, אָבער די וואַגאָנען זענען שוין געווען פול מיט פּאַסאַזשירן, על פּי רוב פּרויען, וועלכע האָבן געשמוגלט און געפירט „געשעפטן" צווישן וואַרשע און דער פּראָווינץ. כ'האָב געפונען אַן אָרט אויף אַ באַנק און האָב זיך אָוועקגעזעצט. ווי שטענדיק, האָב איך באַלד פון אָנהויב זיך געמאַכט דרימלען, כדי נישט אַריינגעצויגן צו ווערן אין געשפּרעכן, הגם איך בין געווען מער וואַך און מער אָנגעשפּיצט ווי אַלע אַרומיקע וואַכע פּאַסאַזשירן.

ווען די באַן איז אָנגעקומען קיין טשענסטאָכאָוו, בין איך גלייך אַוועק אין דער וואוינונג פון חבר מאָטל קושניר, וואו כ'האָב געטראָפן די גאַנצע פאַמיליע אַרום טיש און מען האָט מיין אָנקומען געפייערט מיט אַ פריש־אויפגעקאָכט גלעזל טיי. כ'האָב געוואוסט, אַז לויטן פעסטגע־שטעלטן פּלאַן האָט אונזער פּ. פּ. ס.ישע קורירין געדאַרפט שוין דאָ האָבן געווען מיט דעם פּעקל ליטעראַטור. כ'האָב זיך דעריבער היפּש געוואונדערט ווען מאָטל האָט מיך געפרעגט צי איך האָב אים געבראַכט צייטונגען. אַ פאַרחידושטער האָב איך אים אָנגעקוקט, אָבער כ'האָב גאָרנישט געזאָגט. כ'האָב געטראַכט אפשר האָט זי געהאַט עפּעס אַ טעכנישע שוועריקייט און זי וועט קומען היינט אָדער מאָרגן. גלייכצייטיק האָט זיך אין מיין האַרץ אַריינגעגנבעט אַ שטאַרקער אומרו, וואָס האָט מיך שוין מער נישט אָפּ־געלאָזט. טשענסטאָכאָוו איז געווען די צווייטע שטאָט אויף איר ליסטע און זי האָט דאָ געזאָלט זיין נאָך מיט אַ טאָג צוריק. מיין ביטערער פאַר־געפיל האָט באַלד זיך אַרויסגעוויזן צו זיין באַרעכטיקט.

ווען מיר זענען געזעסן אַרום טיש און האָבן געזופּט די טיי, האָט זיך געעפנט די טיר און ס'איז אַריינגעקומען אַ מיידעלע פון אַ יאָר 10 מיט איבערגעשראָקענע, פאַרוויינטע אויגן. מאָטל קושניר איז מיטן קינד אַריין אין אַ צווייטן צימער. אין עטלעכע מינוט אַרום איז ער אַרויסגעקומען לחלוטין אַ פאַרענדערטער, מיט אַ בלאַס כמעט ווייס געזיכט. ער האָט מיר געגעבן אַ צייכן, כ'זאָל מיט אים מיטגיין. ווען מיר האָבן זיך געפונען אַליין, האָט ער מיר געזאָגט מיט אַ פאַרשטיקטער שטימע, אַז ס'איז אַוודאי געשען עפּעס אַ גרויס אומגליק. דאָס מיידעלע איז דאָס טעכטערל פון רייזל און משה בערקענשטאַט. אין מיטן נאַכט זענען אין זייער היים געקומען געשטאַפּאָ־אַגענטן, און אַדורכגעפירט אַ גענויע רעוויזיע. די גע־שטאַפּאָוצעס האָבן איבערגעקערט דאָס מעבל און געריסן שטיקער פון די פּאָדלאָגעס און ווענט. זיי האָבן פאַנאַנדערגעוואָרפן די ביכער פון דער גע־היימער בונדישער ביבליאָטעק, וואָס איז דאָרט געווען איינגעאָרדנט, און כסדר געפרעגט די עלטערן וואו זיי האָבן די ליטעראַטור, וואָס קומט צו זיי פון וואַרשע. לסוף האָבן זיי מערדערלעך צעשלאָגן דעם פאָטער און די מוטער און ביידע אַוועקגעפירט אין געשטאַפּאָ.

ווען איך האָב דאָס דערהערט, האָב איך מער נישט געהאַט קיין ספק, אַז אונזער קורירין איז דורכגעפאַלן און מען האָט ביי איר געפונען די

אַדרעסן. כ׳האָב דעמאָלט דערציילט קושנירן וועגן דער קוריערין און האָב אים געזאָגט, אַז מיר מוזן זיך גלייך טרעפן מיטן חבר ליבער ברענער. אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָבן מיר זיך באַגעגנט אין אַ גערטנדל פון אַ חברס הויז. מיין עצה איז געווען אַז ביידע, ברענער און קושניר, וועלכע זענען באַקאַנט ווי די פירער פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע, זאָלן גלייך פאַר־שווינדן ווערן פון שטאָט. דער אַרעסט פון פּאַרפאָלק בערקענשטאָט איז אַ באַווייז, אַז די קוריערין איז דורכגעפאַלן און די געשטאַפּאָ וועט אָנהויבן אַ ווילדן געיעג נאָך די בונדישע טוער. ביידע האָבן מיר געענטפערט, אַז וועגן זייער אַנטלויפן פון שטאָט קאָן קיין רייד נישט זיין. זיי זענען די הויפּט־טוער פון דער קינדער־געזעלשאַפט טאָז און פון זייער אַרבעט איז אָפּהענגיק דער גורל פון הונדערטער קינדער. זייער נעלם ווערן וואָלט אויך אַרויסגערופן אַ פּאַניק אין שטאָט און אונזער גאַנצע טעטיקייט וואָלט איבערגעריסן געוואָרן. צוליב פּאָרזיכטיקייט וועלן זיי אין די נאָענטסטע טעג נישט שלאָפן אין דער היים און וועלן זען וואָס ס׳וועט ווייטער זיין.

איך האָב זיך שנעל געזעגנט און בין אַוועק צום באַן־וואָקזאַל. כ׳האָב זיך אַריינגעזעצט אין צוג און געפאָרן קיין פּיעטריקאָוו. פון פּיעטריקאָווער באַן־וואָקזאַל בין איך גלייך אַוועק אין ריכטונג פון דער יידישער קהילה. אויפן וועג האָב איך פּלוצלונג דערהערט אַ שאַרפן רוף:

— צעלעק, גיי אַריין אין טויער!

כ׳האָב געגעבן אַ קוק און האָב דערזען פאַר זיך די יונגע צוקונפט־טוערין מלכה (מרים) בלומשטיין. זי האָט מיך ענערגיש אָנגענומען פאַר אַ האַנט און אַריינגעפירט אין אַ טויער אַריין. איר ערשטער אויסרוף איז געווען: — ראַטעווע זיך! אַנטלויף! מען זוכט דיך!

זי איז געווען אויפגערעגט. מיט אָפּגעהאַקטע ווערטער און קוים כאַפּנדיק דעם אָטעם האָט זי מיר דערציילט, אַז ס׳איז געשען אַ דורכפאַל. מיט צוויי טעג צוריק איז געקומען אין דער קהילה אַ שרעקלעך צעשלאָגענע יידישע פרוי און האָט איבערגעגעבן, אַז זי איז איצט נאָר־וואָס צוזאַמען מיט איר מאַן געקומען פון וואַרשע. ביידע האָבן געהאַט לעגאַלע „פּזשע־פּוסטקעס". ווען די באַן איז אָנגעקומען אויפן פּיעטריקאָווער וואָקזאַל, איז די געביידע געווען אָפּגעשלאָסן און אַלע פּאַסאַזשירן זענען רעווידירט געוואָרן. אינמיטן דער קאָנטראָל איז צו איר צוגעקומען אַ געשטאַפּאָ־מאַן און האָט איר אָנגעוויזן אויף אַ קליינער וואַליזקע, וואָס איז געווען אָנגע־פּאַקט מיט יידישע און פּוילישע אומלעגאַלע בלעטלעך. ער האָט גע־פרעגט צי די וואַליזקע איז אירע. ווען זי האָט געזאָגט, אַז ניין, האָט ער זי אָנגעהויבן מערדערלעך צו שלאָגן. זי האָט זיך דערמאָנט, אַז די וואַליזקע האָט געהערט צו אַ קריסטלעכער פרוי און זי האָט אָנגעוויזן אויף דער פרוי ווישניעווסקאַ. יענע האָט געלייקנט שטיין־און־ביין. זי האָט געזאָגט אַז זי איז אַן אַקטריסע און פאָרט אויף גאַסטראָלן. די געשטאַפּאָ האָט אַרויס־

גענומען פון דער וואַליזקע אַ פּודעלע מיט שמינקע און פֿאַרגליכן מיטן קאָליר אויף אירע ליפּן און ס׳האָט גושטימט. אין דעם פּודעלע שמינקע איז אויך געלעגן אַ צעטעלע מיט אויפגעשריבענע אַדרעסן. נאָך די דאָזיקע באַווייזן האָט זי שוין מער נישט געלייקנט און האָט זיך מודה געווען, אַז די וואַליזקע איז טאַקע אירע. ערשט דעמאָלט האָט די געשטאַפּאָ אָפּגעלאָזט די יידישע פרוי, וועלכע איז גלייך אַוועק אין דער קהילה אַריין דערציילן, וואָס עס איז מיט איר געשען. די גאַנצע שטאָט ווייסט איצט וועגן דעם דורכפאַל פון דער בונדישער קוריערין.

ווען איך האָב אויסגעהערט די טרויעריקע בשורה, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז איך טאָר דאָ נישט בלייבן קיין איבעריקע מינוט. איך האָב צוגערופן אַ דראָזשקע און האָב זיך געהייסן פירן צום וואָקזאַל. די באַן קיין וואַרשע האָט געדאַרפט אָפּגיין ערשט אין אַ פיר שעה אַרום. וואָס טוט מען? אַרומדרייען זיך אין וואָקזאַל איז געווען פון די געפערלעכסטע זאַכן, צוריקגיין אין שטאָט אַריין טויג אויך נישט. איך בין צוגעגאַנגען צו אַ רעסטאָראַן, אויף וועלכן עס איז געווען אויפגעשריבן: „נור פיר פאָלקס־דויטשע”. איך בין אַריין. דאָרט איז געווען דאָס איינציקע אָרט, וואו איך בין נישט געווען אויסגעשטעלט צו טרעפן זיך מיט אַ ייד. די צייט האָט זיך געשלעפּט ווי אַ קלעפּיקע מאַסע. דאָס זענען געווען די לענגסטע פיר שעה, וועלכע איך האָב ביז דעמאָלט איבערגעלעבט. איך האָב גענומען אַ גלאָז ביר, האָב עס געזופּט כלומרשט גלייכגילטיק, אויפן געמיטלעכן דייטשן אופן, אָבער אין האַרץ איז ביי מיר פאָרגעקומען אַ שטורם: כ׳האָב זיך משער געווען, אַז די פאָלגן פון דעם אַרעסט פון דער קוריערין וועלן זיין שרעקלעכע, אַז שוין איצט קומען פאָר רעוויזיעס און אַרעסטן אין אַלע שטעט, וואו זי האָט געזאָלט זיין. אינגערלעך צערודערט, האָב איך געמוזט זיצן מיט אַ רואיק פּנים אויסערלעך.

ענדלעך האָט זיך דערנענטערט די צייט און איך בין צוריק אַוועק אויפן וואָקזאַל. איך האָב זיך אַוועקגעשטעלט ביי דער קאַסע און געקויפט אַ באַן־בילעט פון דער ערשטער קלאַס, כדי צו פאָרן זיכערער. ווען איך האָב זיך אויסגעדרייט, האָב איך דערזען שטיין אונזער קוריערין ווישניעווסקאַ מיט אַ הויכן ציווילן מאַן. בליץ־שנעל איז פאַר מיר געוואָרן קלאָר: אַ ציווילער געשטאַפּאָ־מאַן פירט זי קיין וואַרשע. כ׳האָב זיך שנעל אַוועקגעדרייט. גלייכצייטיק האָב איך געהאַלטן אויף איר אַן אויג צו זען, אין וועלכן וואַגאָן זי וועט אַריינגעפירט ווערן, כדי זיך מיט איר נישט צו טרעפן. אין שפּיגל פון אַ טיר, האָב איך דערזען, אַז איך בין מוראדיק בלאַס און כ׳האָב מורא געהאַט, אַז מיין ווייסקייט קאָן ווענדן אויף מיר אויפמערקזאַמקייט. באַהאַלטענערהייט האָב איך געקניפּט די באַקן צו באַקומען „קאָליר”. ווען כ׳האָב געזען, אַז דער געשטאַפּאָ־אַגענט האָט זי שוין אַדורכגעפירט פאַרביי דעם קאָנטראָלער אויף דעם פּעראָן אַרויס, בין

איך שנעל געגאַנגען פון הינטן צום פּעראָן. די רגע איז געווען גענוג, אַז איך זאָל די פרוי פאַרלירן פון די אויגן.

אין וואַגאָן פון ערשטער קלאַס איז געווען כמעט ליידיק. די גאַנצע צייט בין איך געזעסן מיטן צעהיצטן שטערן צוגעדריקט צו דער שויב פון פענצטער. דאָס איז געווען דער ערשטער גרויסער דורכפאַל אין אונזער אונטערערדישער אַרבעט. ס'איז געווען זיכער, אַז דער דאָזיקער דורכפאַל קאָן פאַר אונז האָבן די שווערסטע קאָנסעקווענצן. די געשטאַפּאָ האָט איצט אַריינבאַקומען נישט בלויז אונזער מאַטעריאַל, נאָר אויך די אַדרעסן פון אונזערע חברים אין אַ צאָל שטעט. אין מוח האָט געעגבערט די פּיינלעכע פראַגע: ווי אַזוי וועט די קוריערין זיך אויפפירן ביי די פאַרהערן? ס'איז מיר פּלוצלונג הייס געוואָרן פון געדאַנק: זי האָט דאָך גוט געקענט דעם נאָמען און דעם אַדרעס פון מאַוריצי אָזשעך! אפשר געפינט ער זיך שוין אין זייערע הענט?!

* * *

ווען דער צוג האָט זיך אַרויסגעקאָלערט אויפן וואַרשעווער וואָקזאַל, בין איך האַסטיק אַרויסגעשפּרונגען אויפן פּעראָן. נישט אומקוקנדיק זיך, בין איך אַרויס אויף דער גאַס און מיט אַ טראַמוואַי צוגעפאָרן צום נאָנטסטן טויער פון געטאָ. כ'בין אַריין אינעווייניק און בין אַוועקגעלאָפן צו מיין נאָנטן פריינט חבר ישראל גרילאַק. מיט זיין פרוי גיטעלע (קופּערשטיין) האָט ער געוואוינט אויף דער לובעצקעגאָ נומער 9. ביידע זענען געווען אין דער היים. כ'האָב צו אים געזאָגט: — דו מוזט אַראָפּגיין אין גאַס אַריין און אויסזוכן דעם חבר אַבראַשע (בלום), זאָג אים, אַז ער מוז וואָס שנעלער אַהערקומען.

חבר גרילאַק האָט גאָרנישט געפרעגט און איז אַוועק. אין אַ שעה אַרום איז ער צוריקגעקומען מיט אַבראַשען. איך האָב אים דערציילט בקי־צור וועגן דעם אַרעסט פון דער קוריערין אין פּיעטריקאָוו און פון די חברים בערקענשטאַט אין טשענסטאָכאָוו. אַבראַשע האָט באַקומען אַ גע־ענדערט אויסזען, אַזוי שטאַרק האָט אויף אים געווירקט די ידיעה. — די לאַגע איז פיל ערגער, ווי דו מיינסט, האָט ער געזאָגט. די געשטאַפּאָ וועט זיך זיכער נישט באַגנוגענען מיט אַרעסטירן די עטלעכע פּערזאָן פון דער אַדרעסן־ליסטע. זי קאָן איצט אָנהייבן אַ בלוטיקע אַקציע קעגן בונד אין גאַנצן לאַנד. ער האָט געזאָגט, אַז ער גייט זיך פאַרבינדן מיט אָזשעכן און ער וועט דאָ אַהערקומען מאָרגן באַלד אין דער פרי.

אַ גאַנצע נאַכט בין איך נישט געשלאָפן און געוואַרט מיט אַנגסט און אומגעדולד ביז ס'וועט שוין טאָגן. אַרום צען אין דער פרי איז אַבראַשע געקומען. ער האָט שוין געהאַט גענויע ידיעות וועגן דעם אַרעסט פון דער קוריערין און וועגן אָזשעכן. ער האָט זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט דער פּ. פּ. ס., וועלכע האָט באַוויזן צו דערוויסן זיך פאָלגנדיקע פּרטים:

דער געשטאַפּאָ־אַגענט האָט די אַרעסטירטע קוריערין אָפּגעפירט צו איר אין דער היים, אויף פּאַדוואַל 19. זי האָט די גאַנצע צייט געטענהט, אַז זי האָט באַקומען די ליטעראַטור פון איינעם, וועלכער הייסט טשעסלאַוו. וואו די ליטעראַטור ווערט געדרוקט ווייסט זי נישט. זי האָט זיך אונטערגענומען אָוועקצופירן די ליטעראַטור בלויז פאַר געלט. זי איז אַן אַרבעטסלאָזע שוי־שפּילערין, און קיין אַנדערע פּרנסה האָט זי נישט. דער געשטאַפּאָ־אַגענט האָט זי אַרויפגעפירט אין איר צימער און דאָרט זיך אַוועקגעזעצט וואַרטן אויף דעם געהיימניספולן טשעסלאַוו. ווען זיי זענען אַריינגעקומען אין צי־מער, האָבן זיי געטראָפן די צווייטע לאָקאַטאָרקע יאַהאַנאַ. יענע האָט גלייך זיך אָריענטירט וואָס דאָ קומט פאָר און זי האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זי איז בלויז אַ דינסט־מיידל, וואָס איז געקומען צורוימען. ס׳איז איר אַדאַנק דעם געלונגען זיך אַרויסצוקריגן. פון איר טאַקע האָט מען געוואוסט וואָס ס׳איז דאָרט פאָרגעקומען.

די אַרעסטירטע קוריערין האָט אָזשעכן נישט אויסגעגעבן—נישט זיין נאָמען און נישט זיין אַדרעס. די פּ. פּ. ס. האָט אַ צוויי טעג שפּעטער אַרויפ־געשיקט אין דירה איינעם פון אירע מענטשן, וועלכער האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ פאַרקויפער פון קאָסמעטיק. ער האָט נאָך דאָרט געטראָפן דעם געשטאַפּאָ־אַגענט, וואָס האָט אַלץ געוואַרט אויף טשעסלאַוון. מיט פינף טעג שפּעטער האָט מען די קוריערין אַוועקגעשיקט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער פון אָשוויענטשים (זי האָט דאָרט איבערגעלעבט דעם קריג. נאָך דער באַפרייאונג האָט מען זי געזען אין ביאַליסטאָק).

ווען אַבראַשע האָט מיר געזאָגט, אַז די קוריערין האָט נישט אויס־געגעבן אָזשעכן, איז מיר אַראָפּ אַ שטיין פון האַרץ. ס׳איז געווען קלאָר, אַז פון איצט אָן מוז איך נעלם ווערן פון אויבערפלאַך — אָפּשטעלן מיין אַרויספאָרן אין דער פּראָווינץ און זיך נישט ווייזן אויף די גאַסן פון וואַרשעווער געטאָ, וואו עס לויערן די אויגן פון די יידישע געשטאַפּאָ־אַגענטן. ביים חבר ישראל גרילאַק אין דעם איינצעלנעם שטיבל האָב איך נישט געקענט בלייבן. ער האָט מיך אַוועקגעפירט אויף פראַנציש־קאַנער 4, צו זיינס אַ קוזין, וואו איך בין פאַרבליבן עטלעכע טעג. וועגן גיין צו מיין משפחה האָט נישט געקאָנט זיין קיין רייד. זיי האָבן אַפילו ניט געטאָרט וויסן, אַז איך געפין זיך אין וואַרשע.

די דירה אויף פראַנצישקאַנער 4 האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ נישט־פּאַסיקע. דאָס הויז האָט זיך געפונען האַרט פון אַ געטאָ־טויער און באַלד די ערשטע נאַכט האָב איך דערהערט שווערע טריט און פּאָליציייאישע קולות. כ׳בין געווען זיכער, אַז מען איז געקומען אויף מיינע שפורן. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס זענען געווען פּוילישע און יידישע פּאָלי־ציאַנטן, וועלכע האָבן אַדורכגעפירט רעוויזיעס פון שמוגל. ווען ישראל גרילאַק איז אין עטלעכע טעג אַרום געקומען, האָב איך אים געזאָגט, אַז

איך דאַרף דאָ לענגער נישט בלייבן. זאָל מען מיר שאַפן אַן אָרט, וואו קיינער קען מיך נישט און וואו די פּאָליציי פּירט נישט אַדורך יעדע פּאָר נעכט אַן אַבלאַווע. מיט צוויי טעג שפּעטער האָט מיר גרילאַק געגעבן דעם אַדרעס פון מיין ניי באַהעלטעניש, פּאַוויע 69, אין דער דירה פון אַ פּרוי, וואָס וואוינט צוזאַמען מיט איר טעכטערל אין צוויי צימערן. מ׳האָט איר געזאָגט, אַז איך בין אַ געקומענער פון דער פּראָווינץ און טאָר נישט אַרויסגיין אין גאַס. די פרוי האָט נישט געשטעלט קיין שום פראַגן און איך בין דאָרט אָפּגעווען עטלעכע חדשים. די גאַנצע צייט האָב איך געהאַט אַ נאָענטן קאָנטאַקט מיט דער באַוועגונג און מיט חברים. אין דעם צימערל, אין וועלכן איך בין געשלאָפן, איז געשטאַנען אַ יידישע שרייב־מאַשין, אויף וועלכער מ׳האָט געשריבן די „וואַקס־קאָפּיעס״ צו אונזערע אויפרופן. יעדע פּאָר טעג זענען אַרויפגעקומען די חברים הענעך רוס און לייב שפּיכלער, וועלכע האָבן פּאַרטיק געמאַכט דעם נויטיקן מאַטעריאַל. דורך זיי האָב איך געהאַט אַלע נייעסן פון געטאָ און פון די חברים (דער מאַן פון דער פרוי איז געווען אַ זעצער, משה צענדאַרף, וואָס איז יאָרן לאַנג געווען מעטראַנ־פּאַזש פון דער בונדישער פאָלקס־צייטונג. ער איז געבליבן אונטער דער סאָוועטישער אָקופּאַציע).

דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט באַלד דעם זעלבן טאָג, ווען איך בין צוריקגעקומען קיין וואַרשע, געפּרוּווט זיך שטעלן אין פאַרבינדונג מיט די אַלע שטעט, וואָס זענען געווען אָנגעמערקט אויף דער ליסטע פון דער קור־ריערין, כדי צו וואָרענען די חברים. מ׳האָט זיך פאַרשטענדיקט מיט דער ח׳טע קלאַראַ זאַכאַריאַש פון טאָמאַשאָוו, און זי געשיקט אין די באַדראָטע ערטער. דורך איר און אויך דורך פאַרשטייער פון דזשאָינט און פון זשיטאָס (אַל־געמיינע יידישע געזעלשאַפט פאַר סאָציאַלער שוץ) האָט מען זיך דער־וואוסט, אַז די געשטאַפּאָ האָט אַדורכגעפירט אַרעסטן אין אַלע שטעט פ[illegible] וועלכע זי האָט געהאַט די אַדרעסן. מ׳האָט דאָרט אַרעסטירט אַ צאָל פ[illegible] אונזערע אַקטיווסטע חברים און נאָכן מאַטערן זיי אומגעבראַכט. אַל[illegible] זענען געוואָרן אַכזריותדיק געפּייניקט, אָבער קיינער פון זיי האָט זיך ני[illegible]ט איינגעבראָכן. זיי האָבן קיינעם נישט אויסגעגעבן און נישט מיטגעשלעפּט [illegible] זיך.

אין קראָקע איז אַרעסטירט געוואָרן דער חבר משה פעלצמאַן־גלאַזער. ווען די געשטאַפּאָ איז אים געקומען אַרעסטירן, איז זיין פרוי געלעגן אַ שווער קראַנקע און דאָס האָט זי אָפּגעראַטעוועט פון אַרעסט. מ׳האָט אים אַריינגעזעצט אין דער שווערער תפיסה מאָנטעלופּיך. די תפיסה האָט געהאַט אַ שם פון נאַצישער גרויזאַמקייט. די תפיסה האָט מען גערופן דאָס טויטן־הויז. מיר האָבן געוואוסט, אַז דער חבר איז אַ פאַרלוירענער. דאָך האָט מען געזוכט אַלע מעגלעכקייטן אים צו העלפן. דורך דעם זשיטאָס איז פון קראָקע אָנגעקומען אַ ידיעה קיין וואַרשע צום חבר דוד קלין, אַז

פאַר אַ גרעסערער סומע געלט וועט אפשר מעגלעך זיין צו באַפרייען דעם אַרעסטירטן חבר. קלין איז גלייך אַוועק קיין קראָקע און דאָרט האָט אים די פרוי פון אַרעסטירטן, די חברטע רוזשקע, דערציילט, אַז זי האָט באַוויזן אַנצובינדן אַ קאָנטאַקט מיט דער פוילישער פּאָליציי. מ׳האָט איר צוגעזאָגט, אַז פאַר 10,000 זלאָטעס וועט זי קאָנען האָבן אַ זעאונג מיט איר מאַן אין דער תפיסה. 10,000 זלאָטעס פאַר אַ בלויזער זעאונג איז געווען אַ גרויסע סומע געלט, אָבער מ׳האָט באַשלאָסן אַלץ צו טון צוצוגעבן מוט דעם אַרעסטירטן חבר. נאָכן איינצאָלן דאָס געלט האָט מען די חברטע אַריינגעפירט אין אַ לאַנגן תפיסה־קאָרידאָר. ס׳האָט אַ גרילץ געטון אַ שלאָס ביי איינער פון די פאַרקאָוועטע טירן און אַ וועכטער האָט פון דאָרט אַרויסגעפירט איר מאַן. זי האָט אים קוים דערקענט. ער האָט זיך געוואַקלט אויף די פיס. דאָס פנים איז געווען פול מיט וואונדן. פאַרבייגייענדיק, האָט זי אים אַ פליסטער געטון: — האַלט זיך, ס׳וועט זיין גוט. זיין פנים האָט אויפגעלויכטן און ער האָט אין יענער רגע זיך אויסגעגלייכט. די פרוי האָט מען באַלד צוריק אַרויסגעפירט.

אינגיכן האָט די געשטאַפּאָ אים אַוועקגעשיקט קיין אָשוויענטשים (אוישוויץ). אין אַ קורצער צייט שפּעטער האָט די פרוי באַקומען צוגעשיקט פון לאַגער אַ פּעקל מיט זיינע מלבושים און אַ בריוול פון דער „פּינקטלעכער״ קאַנצעלאַריע: אייער מאַן איז געשטאָרבן, מיר שיקן אייך זיינע זאַכן . . .

דעם גרעסטן קלאַפּ אין שייכות מיטן דורכפאַל פון אונזער קוריערין האָט געליטן די פּיעטריקאָווער אָרגאַניזאַציע. מ׳האָט אַרעסטירט אַ גרעסערע צאָל בונדישע טוער. בלויז צוויי פון די געזוכטע חברים — יצחק סאַמסאָנאָוויטש און לייבל קימעלמאַן — איז געלונגען צו אַנטלויפן. אַלע אַרעסטירטע חברים זענען מוראדיק געפייניקט געוואָרן אין דער פּיעטריקאָווער תפיסה. די געשטאַפּאָ האָט געוואָלט דערגיין מיט וועמען זיי זענען אין קאָנטאַקט אין וואַרשע און בכלל אַרויספּרעסן פון זיי ידיעות וועגן דער אונטערערדישער באַוועגונג.

אין דער זעלבער צייט איז אויך אַרעסטירט געוואָרן די סעקרעטאַרקע פון יוגנט־בונד־צוקונפט, די חברטע אסתר וואָלפשטיין, די פרוי פון חבר מאיר באָגדאַנסקי (היינט אין לאָנדאָן). אסתר איז געווען אַ נידעריקע, אַ פיזיש שוואַכע. בעת דער רעוויזיע אין איר הויז האָבן די געשטאַפּאָוצעס אויפגעריסן די ברעטער פון דער פּאָדלאָגע. ווען מען האָט אסתרן אַוועקגעפירט אין תפיסה, זענען אַלע געווען זיכער, אַז זי וועט נישט אויסהאַלטן די פיזישע און מאָראַלישע פייניקונגען. ווי שוואַך זי איז געווען פיזיש, אַזוי שטאַרק איז זי אָבער געווען אין איר מוט און מאָראַלישן כוח. זי האָט זיך נישט איינגעבראָכן און די נאַציס האָבן זי דערמאָרדעט.

איינער פון די געזוכטע בונדישע טוער, דער חבר יעקב ראובן בער־

לינער, האָט זיך באַהאַלטן. די געשטאַפּאָ האָט געדראָט, אַז די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פון פּיעטריקאָוו וועט ווערן דעפּאָרטירט, אויב ער וועט זיך נישט צושטעלן. אין שטאָט איז געוואָרן אַ טומל. די איבערגע־שראָקענע יידן האָבן געגלויבט, אַז זיין צושטעלן זיך וועט זיי קענען אָפּ־ראַטעווען פון אומגליק. זיי האָבן פאַרלאַנגט, אַז בערלינער, וועלכער איז געווען די באַליבטסטע פּערזענלעכקייט אין שטאָט, זאָל נישט אויסשטעלן די יידישע באַפעלקערונג אויף אַזאַ סכנה. נאָכן דערוויסן זיך וועגן דער שטימונג צווישן די יידן האָט חבר בערלינער אָן שום וואַקלעניש באַשלאָסן זיך צוצושטעלן. ער האָט גוט געוואוסט, אַז אים דערוואַרט נישט בלויז דער טויט, נאָר אויך שרעקלעכע טאָרטורן פאַר דעם. ער האָט געהייסן ברענגען אַ יידישן פּאָליציאַנט, וועלכער זאָל אים פירן אין דער געשטאַפּאָ.

דאָס איז געווען איינער פון אַ סך פאַלן, ווען די נאַציס האָבן אָנגע־ווענדעט די דראָונג פון „קאָלעקטיווער פאַראַנטוואָרטלעכקייט”. בערלינער איז אַוועק אויף זיין לעצטן וועג מיט אַן אויסערגעוויינלעכער רואיקייט. דער קרבן, וואָס ער האָט פרייוויליק געברענגט, איז געווען די קרוינונג פון זיין גאַנץ הומאַניסטיש און העראָאיש לעבן. ער איז געווען אַ קרישטאָל־ריינער מענטש, אַ געטרייער סאָציאַליסט, וועלכער איז שטענדיק געווען הילף־גרייט פאַר אַנדערע. נאָכן צושטעלן זיך האָט ער געזאָגט דעם שעף פון געשטאַפּאָ: — יאָ, איך בין אַ בונדיסט, אַ יידישער סאָציאַליסט און פאַר דעם בין איך גרייט אַוועקגעבן מיין לעבן. אין אַ בריוול, וואָס ער האָט באַוויזן אַרויסצושיקן פון אַרעסט פאַרן אַוועקפירן אים צום אומקום, האָט ער געשריבן: „זייט געזונט, ליבע חברים. מיר קומען אום פאַר אונזער לויטערן אמת. פירט ווייטער אונזער אַרבעט”.

אַחוץ די דערמאָנטע חברים — יעקב ראובן בערלינער און אסתר וואָלפשטיין — האָט מען אין פּיעטריקאָוו דעמאָלט אַרעסטירט נאָך עלף בונדישע טוער: אברהם ווייסהאָף, זלמן טענענבערג, מאָריץ מייעראָוויטש, זלמן סטאַשעווסקי, משה אַדלער, שעיה וויינגאַרטן, יחיאל קשאַק, מרים און תנחום פריינד, שמואל זייטן און יחיאל פיש. איבער צוויי חדשים האָט מען זיי געמאַטערט אויף די פאַרהערן אין פּיעטריקאָווער תפיסה. דעם 13 סעפּ־טעמבער 1941 האָט מען די אַרעסטירטע בונדישע טוער אַוועקגעפירט אין לאַגער פון אָשוויענטשים, וואו מ׳האָט אַלע אומגעברענגט.

# 19. מאַסן־דעפּאָרטאַציעס און טאָטאַלע אויסמאָרדונג

איבער אַ יאָר צייט בין איך געווען אין וואַרשעווער געטאָ. צוליבן דורכפאַל אין יוני 1941 האָב איך מער נישט געקענט פאָרן אין די פּראָווינץ־שטעט ווי אַ שליח פון צ. ק. כ׳האָב אויך נישט געטאָרט זיך באַווייזן אויף די גאַסן פון געטאָ, ווייל די געשטאַפּאָ האָט מיך געזוכט. בין איך דעריבער געווען פאַרשפּאַרט אין מיין באַהעלטעניש און אַרויס פון דאָרט בלויז דעמאָלט, ווען כ׳האָב געמוזט טוישן מיין וואוין־אָרט. איין אויסנאַם איז געווען. מיין 73־יאָריקער פאָטער און די משפּחה האָבן פאַרלאַנגט אַז איך זאָל אין די אָוונט־שעהן קומען צו מיין שוועסטער חיה. זי האָט גע־אַרבעט אין קאָאָפּעראַטיוו אויף נאַלעווקעס 34. גראָד איז אין יענעם אָוונט אַהין אַריינגעקומען אַ יידישער יונגערמאַן עפּעס קויפן. דערביי האָט ער אַ פרעג געטון מיין שוועסטער צי איך בין איר מאַן (מיין שוועסטער איז געווען באַקאַנט ווי חיה צעלעמענסקי). זי האָט געענטפערט, אַז איר מאַן געפינט זיך איצט אין רוסלאַנד און ער הייסט עזרא גאַרבאָווניק. בעת זייער געשפּרעך האָב איך זיך אַריינגערוקט הינטער אַ ווענטל פון געוועלב און כ׳בין אַרויס דורך אַ הינטער־טיר.

שפּעטער האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז דער יונגערמאַן איז געווען ביים הויז־וועכטער און זיך נאָכגעפרעגט אויף איינעם יעקב צעלעמענסקי. די יידישע אַגענטן פון דער געשטאַפּאָ האָבן באַקומען אַ מעלדונג אויסצו־געפינען מיין אַדרעס. דער חבר לייב שפּיכלער האָט מיר דערציילט, אַז דער יונגערמאַן וואָס האָט זיך געפרעגט אויף מיר ביי מיין שוועסטער, איז אַ ברודער פון זשאַנדצע פון נאַלעווקעס 32. ער קומט אָפט אויף נאַלעווקעס 17 אין אַ געוועלב פון אַ בעקעריי, וואו זיין כלה אַרבעט. שפּיכלער האָט מיר אויך געזאָגט, אַז ס׳איז אויסגעטיילט געוואָרן אַ גרופּע פון פינף חברים, וואָס האָט די אויפגאַבע אים צו ליקווידירן. דער סוף פון דעם יונגענמאַן איז געווען דער זעלבער, ווי פון אַ סך אַנדערע יידישע געשטאַפּאָווצעס. מיט אַ קורצער צייט שפּעטער האָט די געשטאַפּאָ אַליין אים דערשאָסן. ס׳איז געווען פאַר מיר אַ פיינלעך יאָר. כ׳האָב גוט געוואוסט

וואָס ס׳קומט פאַר אין וואַרשעווער געטאָ. די חברים הענעך רוס און לייב שפּיכלער, וואָס זענען אָפּט אַרויפגעקומען אין מיין באַהעלטעניש אין דער דירה פון פרוי צענדאָרף אויף פּאַוויע 69, כדי דאָרט צוגרייטן נומערן פון דער אונטערערדישער צייטונג יוגנט־שטימע, האָבן מיר אויספירלעך דערציילט וואָס ס׳קומט פאַר מחוץ די פיר ווענט פון מיין צימער. כ׳האָב געפילט זיך ווי אַ געבונדענער אין אַ שטייג. תמיד אַקטיוו און באַוועגלעך, איז מיין איצ־טיקע פאַרשפּאַרטקייט און אומטעטיקייט געפאַלן שווער אויף מיין געמיט. ס׳האָט מיך געפייניקט דער געדאַנק, אַז כ׳קאָן גאָרנישט העלפן דער אונטער־ערדישער באַוועגונג אין דער שרעקלעכער צייט.

* * *

די אומרואיקייט אין געטאָ איז געוואָרן האַסטיקער, דער רינג איז גע־וואָרן ענגער. ס׳איז געקומען „די נאַכט פון לאַנגן מעסער" — פרייטאָג צונאַכטס פון 17־טן אויפן 18 אַפּריל 1942. אין יענער נאַכט האָט די געשטאַפּאָ אַרויסגענומען פון זייערע היימען עטלעכע צענטליק פּערזאָן, זיי אַראָפּגעפירט אין גאַס און גלייך דערשאָסן. דאָס זענען נישט געווען קיין צופעליקע מענטשן, זיי זענען געווען אויסגעקליבן לויט אַ צו־געגרייטער רשימה. צווישן זיי זענען געווען אַ צאָל בונדיסטן: דער איינבינדער משה לערוך און זיין זון, דער פריזירער משה גאָלדבערג און זיין פרוי, דער זעצער פסח צוקערמאַן, דער זעצער משה שקליאַר (אים האָט מען אַוועקגעפירט אין געשטאַפּאָ און נאָך שרעקלעכע פייניקונגען דער־שאָסן). אין יענער שרעקלעכער נאַכט זענען געשטאַפּאָווצעס געקומען אין די היימען פון נאָך פיל בונדישע אַקטיווע טוער, אָבער די געזוכטע חברים האָבן אין זייערע דירות נישט געטראָפן.

שבת אינדערפרי איז מיין שוועסטער ביילע אַרויפגעקומען צו מיר (זי איז געווען די איינציקע פון מיין משפּחה, וועלכע האָט געוואוסט וואו איך געפין זיך). ווען איך האָב זי דערזען אַזוי פרי, האָט מיין האַרץ אָנגע־הויבן קלאַפּן. כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז עפּעס שרעקלעכס האָט געמוזט פּאַסירן. ביילע איז געווען בלייך ווי די וואַנט. אירע גרויסע אויגן האָבן אויסגעזען נאָך גרעסער און איר גאַנצער קערפּער האָט געציטערט. אין איין אָטעם האָט זי דערציילט, אַז 12 ביינאַכט זענען געשטאַפּאָווצעס און יידישע פּאָ־ליציאַנטן געקומען אויף נאַלעווקיס 34 צו מיין שוועסטער חיה. זיי האָבן דורכגעפירט אַ רעוויזיע, צוגעשטעלט אַ רעוואָלווער צו איר קאָפּ און געפאָדערט, אַז זי זאָל אויסזאָגן וואו יאַקוב צעלעמענסקי געפינט זיך. חיה האָט זיך נישט פאַרלוירן. רואיק האָט זי געענטפערט, אַז יאַקוב איז איר ברודער, אין דער צייט פון דער מלחמה איז ער פאַרוואָגלט געוואָרן קיין רוסלאַנד און מער ווייסט זי נישט וואָס מיט אים איז געשען. ווען די געשטאַ־

פּאָווצעס זענען אַוועק פֿון מיין שוועסטער, האָבן זיי איר געוואָרנט, אַז מען וועט אונזער גאַנצער משפּחה אויסשיסן ווען מ׳וועט קומען אויף מיינע שפּורן.ביילע האָט מיר דערציילט אַז אויפֿן וועג צו מיר האָט זי געזען אויף דער גאַס ליגן ביי עטלעכע טויערן דערשאָסענע יידן, צווישן זיי אויך פֿרויען און קינדער.

אין אָוונט איז צו מיר אַרויפֿגעקומען הענעך רוס. פֿון אים האָב איך זיך דערוואוסט גענוי וואָס ס׳איז פֿאָרגעקומען די פֿאַרגאַנגענע נאַכט. פֿיל חברים האָבן זיך דעמאָלט געראַטעוועט צוליב אַ וואָרנונג. דער חבר אָזשעך האָט פֿון דער „ארישער״ זייט מודיע געווען דורכן טעלעפֿאָן דעם חבר קלין, אַז מ׳קען זיך ריכטן אויף רעוויזיעס און אַרעסטן ביינאַכט אין געטאָ. די ידיעה האָט די פּוילישע אונטערערדישע באַוועגונג באַקומען פֿון אַ זיכערן קוואַל. קלין האָט די ידיעה באַלד איבערגעגעבן דער חברטע סאָניע נאָוואָגרודסקי, וועלכע האָט אַלאַרמירט פֿיל חברים, אַז זיי זאָלן די נאַכט נישט שלאָפֿן אין זייערע היימען.

די עקזעקוציעס, וואָס זענען אויסגעפֿירט געוואָרן אין דער נאַכט, האָבן שטאַרק אויפֿגערודערט די געמיטער. ס׳איז שוין נישט געווען קיין נייעס, אַז מען זאָל אין איין טאָג אויסקוילען הונדערטער יידן. דאָס מאָל האָט אָבער די געשטאַפּאָ געצילט צו צעברעכן די אונטערערדישע באַוועגונג און ליקווידירן די געהיימע דרוקערייען. מ׳האָט עס געקענט דרינגען פֿון פֿאַקט וואָס צווישן די קרבנות איז געווען אַ הויכער פּראָצענט דרוקער־אַרבעטער און מ׳האָט עס בפֿירוש געוואוסט פֿון געשפּרעך צווישן פֿאָרזיצער פֿון יידן־ראַט אַדאַם טשערניאַקאָוו און אונזער חבר מאַוריצי אָזשעך. נאָך דער נאַכט האָט טשערניאַקאָוו גערופֿן צו זיך אָזשעכן און אים געזאָגט אַז עקזעקוציעס וועלן ווייטער פֿאָרקומען, אויב מען וועט נישט אָפּשטעלן דאָס אַרויסגעבן די אונטערערדישע ליטעראַטור. אויפֿן סמך פֿון פֿאַקטן אין אַנדערע ערטער האָט אָזשעך אָנגעוויזן, אַז די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט האָט פּלענער אומצוברענגען אַלע יידן און דאָס אויפֿהערן אַרויסגעבן די אונטערערדישע צייטונגען וועט גאָרנישט העלפֿן, דאַקעגן זענען די צייטונגען אַ הילף פֿאַר די יידן, וואָס ווערן אינפֿאָרמירט וועגן די סכּנות און ווערן געשטאַרקט אין זייער ווידערשטאַנד־ווילן. דער צענטראַל־קאָמיטעט פֿון אונטערערדישן בונד האָט באַטראַכט טשערניאַקאָווס ווענדונג און ער האָט זי אָפּגעוואָרפֿן.

* * *

בערך 3 חדשים זענען אַוועק פֿון דער שרעקלעכער נאַכט. ס׳זענען נאָך געווען אַ סך אומרואיקע נעכט, ווען מ׳האָט אַרויסגענומען מענטשן פֿון די בעטן, אַראָפּגעפֿירט אין גאַס און דערשאָסן. אויך די טעג זענען געווען שרעקלעכע. דער טעראָר איז געוואָרן נאָך שאַרפֿער, די בשורות פֿון אַנדערע

שטעט — פינצטערער. מ׳האָט שוין געוואוסט וועגן אומברענגען דורך גאַז די יידן אין די טויט־לאַגערן פון כעלמנאָ און בעלזשיץ, וועגן מאַסן־דער־שיסונגען אין אַנדערע ערטער. ס׳איז געקומען די ריי אויפן גרעסטן יידישן ישוב — וואַרשע.

די ערשטע קלאַנגען וועגן דעפּאָרטאַציעס זענען געווען פאַרבונדן מיט פאַנטאַסטישע מעשיות: דער גענעראַל־גובערנאַטאָר האַנס פראַנק זאָל האָבן באַקומען אַ באַפעל צו שאַפן אַרבעטס־לאַגערן פון געזונטע, אַרבעטס־פעאיקע יידן און ליקווידירן דעם געטאָ. די נערוועזיטעט אין וואַרשעווער געטאָ איז געוואַקסן. צו יעדער פינצטערער בשורה האָבן יידן צוגעטראַכט אַ ליכטיקן אויסטייטש. די אויסטייטשן זענען געווען נישט מער ווי ווינט און רויך און די פינצטערע בשורות — טרערן, בלוט און אַש. די קלאַנגען וועגן דעפּאָר־טאַציעס זענען גיך געוואָרן באַשטעטיקט שוואַרץ אויף ווייס דורך פלאַקאַטן אויף די ווענט. דעם 22 יולי 1942 האָט זיך עס אָנגעהויבן.

אין דער ערשטער צייט האָט מען געגלויבט, אַז אַוועקשיקן וועט מען בלויז יענע, וואָס זענען נישט „פאַרבונדן״ מיט דער אַרבעט אין שטאָט. האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּאַניק־געיעג נאָך דאָקומענטן און אַרבעט־קאַרטן פון די שעפער און פאַרשידענע אינסטיטוציעס. אין יענע טעג פון ווילדער פּאַניק און שרעק האָב איך באַקומען אַ צייגניש, אַז איך בין באַשעפטיקט אין דער קיך אויף נאָוואָליפּיע 68. די פאַרוואַלטערין פון דער קיך איז געווען די חברטע באַשע בוקס (לעבט היינט אין אויסטראַליע). אַבראַשע בלום איז דאָרט אויך געווען פאַרשריבן ווי אַן אָנגעשטעלטער.

ס׳איז געווען באַלד אין דער פרי, אַ שיינער סוף־יולי־טאָג, דער הימל איז געווען בלוי, די זון האָט געשיינט. כ׳בין געלעגן האַלב־וואַך און האַלב דרימלענדיק אויף מיין אויפגעשטעלט בעטל אין דער דירה פון חבר אריה (דוד לייב ניימאַרק — דאָרט איז געווען מיין לעצטע דירה פאַר דער דעפּאָר־טאַציע) אויף באַניפראַטן גאַס 23. כאָטש פרי, איז שוין קיינער נישט גע־שלאָפן. אין צווייטן צימערל האָבן זיך געפונען די פרוי פון חבר ניימאַרק און דער זון משה. כ׳האָב געהערט דורך דער וואַנט אַ שושקען זיך. מיט עטלעכע טעג פריער האָבן די דייטשן אָנגעהויבן די גרויסע דעפּאָרטאַציע פון וואַרשע. אין געטאָ האָבן אַריינמאַרשירט מחנות רוצחים — דייטשן, אוקראַאינער, לעטן. איבער די גאַסן פון געטאָ האָט מען געפירט יידן צום פּלאַץ ביים דורכשניידן זיך פון די גאַסן דזשיקע און סטאַווקע. צום ערשטן מאָל האָט גענומען אַרומגיין דאָס שרעקלעכע, מיט גסיסה־צאַפּלען אָנגעלאָ־דענע וואָרט — אומשלאַג־פּלאַץ.

אין אונזער קליינער וואוינונג האָב איך באַלד דערפילט אַ דענערווירונג פון אַ ספּעציעלן מין. אויך פון יענער זייט פענצטער, פון הויף, פון די אַנדערע שכנישע דירות זענען געקומען אָפּקלאַנגען פון דער זעלבער דענער־

ווירונג און שרעק: ווי אַזוי וועט זיך שטעלן דער טאָג? אויף וועמען וועט היינט פאַלן דער גורל?

מיט אָפענע אויגן בין איך געלעגן אויף מיין אויפלייג־בעטל, אין מיין מאַרינאַרקע האָט זיך געפונען מיין רעטונג־שיין — אַן אַרבעט־קאַרטע, וואָס איך האָב פריער באַקומען. אין יענע ערשטע טעג פון דער גרויסער פאַר־טיליקונג־אַקציע האָט אַזאַ קאַרטע באַדייט אַן אויסלייזונג פון די דעפּאָרטאַ־ציעס. אָבער רואיק צוליב דעם האָב איך נישט געקענט זיין.

דער יונגער־בחור משה ניימאַרק האָט געאַרבעט אין די ווערקשטאַטן פון טעבענסן אויף פּראָסטע 10. ער האָט דערציילט, אַז דער דייטשער פירער פון שאָפּ יאַן האָט געזאָגט, אַז מען וועט דעפּאָרטירן 60 טויזנט יידן אויף אַרבעט אין די פאַרנומענע מזרח־פּראָווינצן, אָבער זיינע יידן פון שאָפּ וועט ער נישט לאָזן דעפּאָרטירן. מיר האָבן שוין געוואוסט וועגן די מאַסן־פאַר־ניכטונגען פון יידן אין כעלמנאָ און בעלזשיץ. מיר האָבן שוין אויך גע־וואוסט וועגן אופן ווי אַזוי דאָס ווערט געטון. די וואַרשעווער יידן האָבן זיך אָבער קעגן די דאָזיקע טויט־בשורות פאַרפאַנצערט מיט הונדערטער פאַנ־צערס. מיר האָבן דערציילט וועגן דעם, געוואָרנט און אַלאַרמירט אין אונזע־רע אונטערערדישע צייטונגען, אָבער מ׳האָט עס נישט געוואָלט גלייבן. די שרעקלעכע ידיעות האָט מען מיט פאַרשידענע פּילפּולים אויסגעטייטשט — און אַוועקגעטייטשט.

אין די ערשטע טעג האָבן די ס. ס.־לייט טאַקע אָפּגעקליבן בלויז די, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין אַרבעטס־קאַרטן. שפּעטער האָבן די קאַרטן ווייניק געהאָלפן — מען האָט גענומען אַלע: פרויען, קינדער, מענער, יונגע און אַלטע, געזונטע און קראַנקע. דער וועג האָט געפירט צום אומשלאַג־פּלאַץ און דאָרט זענען געשטאַנען און געוואַרט די וואַגאָנעס. וואוהין פירן די וואַגאָנעס? וועגן דעם האָט מען געוואָלט וואָס ווייניקער טראַכטן. אין יענע טעג איז געקומען צו מיר בערעק שניידמיל און האָט מיר געזאָגט, אַז איך בין צוגעטיילט געוואָרן צו אַ מעטאַל־פאַבריקל, וואָס געפינט זיך אויף נאָוואָליפּקי 7 און געהערט צו אַ ברודער פון אונזער אַלטן חבר הערש (הערמאַן) מלינעק.

פאַרטון אין מיינע מחשבות, איז צו מיין געהער דערגאַנגען אַן איינצלנער שאָס און אין אַ פאָר מינוט אַרום האָט זיך דערהערט אַ שיסעריי פון אַ סך ביקסן. כ׳בין צוגעלאָפן צום פענצטער און דערזען, אַז אונזער הויז איז אַרומגערינגלט דורך דייטשן און אוקראַינער. אויף די שטיגן האָבן זיך פּלוצלונג דערהערט שנעל־לויפנדיקע מאַסיווע טריט. דאָס אַלץ איז פאַרגעקומען בליץ־שנעל. אונזער טיר איז געוואָרן אויפגעפּראַלט און אויף דער שוועל איז שטיין געבליבן אַ יידישער פּאָליציאַנט מיט פיבערדיקע און אַרויסגעזעצטע אויגן. ער האָט אַ געשריי געטון: „גייט אַלע אַראָפּ, איינס־צוויי״. כ׳האָב אַ כאַפּ געטון מיין רעקל און בין אַראָפּגעלאָפן פון די

שטיגן. משה און זיין מוטער זענען אַוועק צו דער אַרבעט אויף פּראָסטע 10.

אויפן הויף זענען געשטאַנען צענטליקער אַראָפּגעטריבענע יידן מיט זייערע פרויען און קינדער. צווישן זיי זענען ווי אַ סטאַדע הינט אַרומגעלאָפן יידישע און פּוילישע פּאָליציאַנטן און געטריבן צום טויער. פון אַלע טרעפּ זענען אַראָפּגעקומען אין בהלה נייע גרופּעס יידן, וועלכע מ׳האָט נאָר וואָס אַרויסגעטריבן פון די דירות. אויף זייערע פּנימער איז געלעגן אַ בולטער אויסדרוק פון שרעק. אויף דער צווייטער זייט טויער איז שוין די יידישע מחנה געווען אַ טויזנט־קעפּיקע. אינמיטן דער גאַס זענען געשטאַנען גרויסע פּלאַטפאָרמעס, אַרומגעקלאָפּטע מיט ברעטער. צוויל־דעוועטע דייטשן און אוקראַינער, מיט בלוט־פאַרלאָפענע אויגן, האָבן אַרויפגעטריבן די יידן אויף די לאַסט־וועגענער.

פאַרן אַרויפטרייבן אויף די פּלאַטפאָרמעס איז נאָך פאָרגעקומען אַן אָפּקלייב פון יידן מיט „גוטע" אַרבעט־קאַרטן. זיי זענען באַפרייט געוואָרן פון באַלדיקער אַרויסשיקונג. פון אַלע זייטן האָט מען געשטרעקט צו די פּאָליציאַנטן קאַרטן און צעטלעך. פאַריאָכמערטע און צעיושעטע האָבן די פּאָליציאַנטן מיט איין געוואָרפענעם בליק געפּסקנט: צום אומשלאַג־פּלאַץ אָדער בלייבן. איך האָב שנעל אַרויסגעצויגן פון קעשענע מיין אַרבעט־קאַרטע און האָב זי צוגעטראָגן צו די אויגן פון אַזאַ צעיושעטן פּאָליציאַנט. ער האָט געוואָרפן אַ שנעלן בליק און האָט אַ זאָג געגעבן: — דו קענסט גיין. האַלטנדיק די קאַרטע הויך איבערן קאָפּ, בין איך אַדורכגעגאַנגען דורכן שפּאַלער פון די אוקראַינער און דייטשן. פון אַלע זייטן האָט זיך געטראָגן אַ געיאָמער. דאָס געוויין פון קינדער האָט זיך געמישט מיט ספּאַזמאַטישע רופן פון מאַמעס און געבילערייַ פון נאַצישע קולות און איז געוואָרן באַגלייט מיט ספּאָראַדישע שאָסן. כ׳האָב זיך אַדורכגעשטופּט דורך אַן ענגן דורכגאַנג צווישן אַ טראָטואַר, אויף וועלכן ס׳זענען געשטאַנען פאַרזאַמלט יידן, אַרומגערינגלט מיט באַוואָפנטע אוקראַינער, און אַ פּלאַטפאָרמע, אויף וועלכער מ׳האָט אַריינגעשטופּט אָדער פּשוט אַריינגעשליידערט יידישע מענער, פרויען און קינדער. כ׳בין צוגעקומען צו אַ ראָג פון דער גאַס, כ׳האָב אַ פּאָכע געטון מיט מיין קאָלירטער קאַרטע צו אַ נאַצישן סאָלדאַט און בין אַרויס פון דעם קאָכיקן גיהנום. כ׳האָב זיך איצט געפונען מחוץ דעם אָפּגעשלאָסענעם „בלאָק", פונוואַנען ס׳איז פאָרגעקומען די דעפּאָרטאַציע. דאָס איז געווען אינגאַנצן אַן אַנדערע וועלט. די קולות פון יענער גאַס, וואו ס׳האָט זיך אָפּגעשפּילט די גרויזאַמע דראַמע, זענען אַהער דערגאַנגען ווי אַ ווייטער אָפּקלאַנג קוים צו דערהערן, די שרעק איז אָבער געלעגן אין אַלעמענס אויגן.

איך האָב געווענדעט מיינע טריט צום הויז אויף נאָוואָליפּקי 7. ווען איך בין אַריינגעקומען אינם קעלער, אין וועלכן ס׳איז געווען איינגעאָרדנט די פאַבריק, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז גראָד דאָ איז די לאַגע ווייניקער זיכער

ווי ערגעץ אַנדערש. אין דעם קעלער האָבן זיך געפונען באַהאַלטן עטלעכע יידישע משפחות — מענער, פרויען און קינדער. זיי האָבן דאָ געזוכט שוץ. די איבערגעשראָקענע קינדער האָבן מורא געהאַט פאַר יעדן שאָרך און נישט אויפגעהערט צו וויינען. דער באַלעבאָס פון דער פאַבריק איז גע־שטאַנען ביי די מאַשינען אַ דענערווירטער. ער האָט גוט געוואוסט, אַז דאָס אַריינלאָזן די אַלע פאַמיליעס, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין אַרבעט־קאַרטן, האָט אויסגעשטעלט די גאַנצע פאַבריק אויף ליקווידאַציע. ער האָט אָבער קיינעם נישט געקאָנט אָפּזאָגן און די מעטאַל־פאַבריק איז געוואָרן אַן אָנגעלויף פאַר פאַרצווייפלטע מענטשן, וואָס האָבן דאָ געזוכט אַ רעטונג.

איך האָב דעריבער שנעל פאַרלאָזט די פאַבריק און בין אַוועק אין דער פאָלקס־קיך אויף נאָוואָליפּיע 68. כ'האָב געטראַכט, אַז אין דער בהלה, ווען מ'שיקט אַרויס יעדן טאָג אַזוי פיל טויזנטער יידן אויפן אומשלאַג־פּלאַץ האָב איך מער נישט וואָס מורא צו האָבן פאַר די זוכונגען פון דער גע־שטאַפּאָ. ס'איז איצט מער נישט קיין ענין פון דעם אָדער יענעם יחיד, נאָר פון גאַנצן כלל.

# 20. אויפֿן לעצטן וועג

אין דער פֿאָלקס־קיך האָב איך באַגעגנט די פּאַרוואַלטערין, חברטע באַשע בוקס. זי האָט מיר גלייך געגעבן דעם „מונדיר", וועלכן ס'האָבן געטראָגן אַלע קיך־אָנגעשטעלטע: אַ ווייס פֿאַרטוך. דאָ, אין דער קיך, איז די שטי־מונג געווען בערך אַ רואיקע. מ'האָט געמיינט, אַז אויב די דייטשן וועלן טאַקע האַלטן זייער צוזאָג און וועלן איבערלאָזן די יידן, וואָס זענען באַ־שעפֿטיקט אין די שעפּער, וועלן זיי אויך איבערלאָזן די קיך, וואָס באַשפּייזט די אַרבעטער. צווישן די קוכער, רוימער און קעלנער האָב איך באַגעגנט אַ פּאָר חברים — דאָס פּאָרפֿאָלק פֿינקעלשטיין און אַנדערע. דער גאַנצער פּערסאָנאַל איז געשלאָפֿן אין דער קיך — אויף די טישן, בענק און צוזאַמענגעשטעלטע שטולן. מיין אַרבעט איז באַשטאַנען אין דערלאַנגען צו די טישן און אין אויפֿרוימען די צימערן. לאַנג האָט מיין קעלנערישע אַרבעט נישט געדויערט. אַ געוויסן פֿרימאָרגן האָט זיך אַריינגעריסן אין אונזער פֿענצטער אַ הויכער און צעיושעטער געשריי: — אַלע יודען הערונטער!

דאָס איז געווען אַ פֿרייטאָג אין דער פֿרי. ווידער איז דער פֿרימאָרגן געווען אַ ליכטיקער, אַ זוניקער. פֿון אַלע זייטן האָבן זיך דערהערט די פֿאַרצווייפֿלטע געשרייען פֿון פֿרויען און קינדער, וועלכע פּאָליציאַנטן האָבן געשלעפּט איבער די טרעפּ. דער געיאָמער האָט זיך אויסגעמישט מיט די ווילדע קולות פֿון די דייטשן, אוקראַינער און לעטן. אויך דאָ האָט נישט געפֿעלט די שיסעריי, וואָס האָט די שרעק און מהומה נאָך שאַרפֿער גע־מאַכט.

מיר זענען אַלע געשטאַנען אין אונזערע ווייסע פֿאַרטיכער און האָבן זיך נישט גערירט פֿון אָרט. די חברטע בוקס האָט אונז אָנגעזאָגט, אַז מיר זאָלן בלייבן אין דער קיך און האַלטן גרייט אונזערע קאַרטן. איבער די שטיגן האָבן געקלאַפּט די שטיוול פֿון יידישע און פּוילישע פּאָליציאַנטן. מיר האָבן געהערט, ווי זיי האָבן אויפֿגעבראָכן די טירן און באַלד נאָכדעם האָט זיך אויפֿגעריסן אַ ניי געשריי, און אַ ניי פֿאַרצווייפֿלט געוויין און ס'איז געקומען אַ ניי שלעפּעניש פֿון די קרבנות איבער די טרעפּ. ווי פֿאַר־גליווערטע זענען מיר געשטאַנען ביי די טישן, ביי דער קיך און האָבן



מאַוריצי אָזשעך





ד״ר לעאָן פיינער





בערנאַרד גאָלדשטיין



פון רעכטס: יהושע פערלע, גיטעלע קופּפערשטיין־גרילאַק, ישראל גרילאַק



זדזש·סלאַוו מושקאַט





לאַזער קלאַג



מיכאַל קלעפפיש




ווירטוטי מיליטאַרי

אויסגעצייכנט דורך דער פוילישער גלות־רעגירונג אין לאָנדאָן

כלומרשט געטון אונזער אַרבעט. ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט און אונזער טיר האָט זיך געגעבן אַ פּראַל אויף פון אַ האַסטיקן זעץ מיט אַ שטיוול. אין דער קיך זענען אַריין עטלעכע אוקראַינער און אַ דייטש — אַלע באַוואָפנט מיט ביקסן. די חברטע באַשע בוקס האָט גענומען צוגיין צום דייטש און אים דערקלערן וועגן מיר זענען. ער האָט זי אַוועקגעשליידערט און אַ רעווע געגעבן: — אַראָפּ!

די אוקראַינער האָבן גענומען טרייבן און שטופּן מיט די לופּעס פון די ביקסן, וואָס זיי האָבן געהאַלטן גרייט צום שיסן. זיי האָבן אונז אַרויסגעשטויסן אויפן קאָרידאָר און מיר זענען אַראָפּ פון די טרעפּ. אויפן הויף איז שוין געשטאַנען אַ מחנה יידן, אַרומגערינגלט מיט פאַרשידענע מונדירטע מחבלים. אויפן ברוק זענען געלעגן עטלעכע פאַרוואונדעטע און טויטע יידן. די חברטע בוקס האָט ווידעראַמאָל געפּרואווט ווייזן אונזערע אַרבעטקאַרטן צו אַ דייטשן אָפיציר, אָבער ער האָט אַ הויב געטון אַ לעדערנע נאַהאַיקע און אָנגעוויזן אויף די רייען. באַוואָפנטע אוקראַינער האָבן אָנגעהויבן אַרויסשטופּן דעם עולם אויף דער גאַס אַרויס.

ווען איך בין אַרויסגעקומען אויף דער גאַס, האָב איך דערזען אַן אויסטערליש בילד. ס׳האָט אויסגעזען, ווי דאָס יידישע פאָלק וואָלט דאָ געווען פאַרזאַמלט. טויזנטער מענער, פרויען און קינדער זענען געשטאַנען געדיכט איבער דער לענג און ברייט פון דער גאַס. אַ יאָמערדיקע מענטשןכוואַליע, וואָס איז פון אַלע זייטן אַרומגעצוימט געווען דורך צעיושעטע און בילנדיקע מענטשלעכע הינט. די מונדירטע טייוולאָנים זענען אַרומגעלאָפן מיט ביקסן און בייטשן. זיי האָבן באַליידיקט און באַשמוצט, געשליידערט און געשלאָגן. צווישן דער עדה צונויפגעטריבענע יידן האָבן זיך געוואַלגערט מתים — זיי זענען געוואָרן דערשאָסן אָדער דערשלאָגן צום טויט מיט קאָלבעס און העלצער. קיינער האָט זיך אויף די טויטע נישט אומגעקוקט.

כ׳בין געשטאַנען צוזאַמען מיט מיין גרופּע פון דער קיך. אויפן ווייסן פאַרטוך האָב איך אַרויפגעוואָרפן מיין מאַנטל און אין דער האַנט האָב איך געהאַלטן מיין לעדערנע טעקע, וועלכע כ׳האָב, נישט טראַכטנדיק, אַ כאַפּ געטון ביים פאַרלאָזן די קיך. אין דער קעשענע האָב איך געהאַט מיינע „גוטע", „אַרישע" פּאַפּירן, לויט וועלכע איך בין געווען אַ הונדערט־פּראָצענטיקער פּאָליאַק. איצט, אין דער דאָזיקער בהלה, איז נישט געווען קיין מעגלעכקייט עפּעס אויפצוטון מיט די דאָזיקע פּאַפּירן.

פלוצלונג האָט עמיצער פון דער נאַצישער וואַך אַ רעווע געטון: — מאַרשירן! אונטער אַ האָגל פון שמיץ האָבן די יידן זיך אָנגעהויבן באַוועגן פאָראויס. אין אַלע זייטן זענען אַרומגעלאָפן אוקראַינער מיט אָנגעשטעלטע ביקסן. ס׳איז גענוג געווען צו מאַכן אַ זייטיקן שריט און זיי האָבן געעפנט אַ שיסעריי. ס׳זענען כסדר אַוועקגעפאַלן טויטע. דער געיאָמער

און געווייַן האָבן אויפֿגעהערט, זיי זענען פֿאַרביטן געוואָרן דורך אַ דריקנדי־קער שווייַגעניש.

אַפֿילו ווען די ייִדן האָבן שוין מאַרשירט איבער די גאַסן, אויף זייער לעצטן וועג, האָבן זיי נישט אויפֿגעגעבן זייער האָפֿנונג, זיי האָבן אַלץ געגלויבט אַז מען פֿירט אונז אויף אַרבעט אין די פֿאַרנומענע רוסישע געביטן. ייִדן האָבן אויף שטיל דערציילט, אַז ס׳זענען שוין אָנגעקומען קאַרטלעך, גע־שריבן אין ייִדיש, צו זייערע פֿאַמיליעס, אַז זיי וואוינען אין באַראַקן און אַרבעטן. מענער האָבן געהאַלטן ביי די הענט זייערע פֿרויען, מאַמעס האָבן געהאַלטן אַרומגענומען די קינדער. שווייַגנדיק האָט מען זיך באַוועגט, אונ־טער אַ כסדרדיקער רעוועריי פֿון די נאַציס און שיסערייַ פֿון די ביקסן, נעב־טער און נענטער צום אומשלאַג־פּלאַץ.

ביים ראָג דזשיקע און סטאַווקע זענען מיר צוגעקומען צו אַ גרויסן טויער. די גאַנצע מחנה איז אַרייַנגעטריבן געוואָרן אויף אַ גרויסן פּלאַץ. דאָ האָט מען זיך געדאַרפֿט אַוועקזעצן אויף דער ערד און וואַרטן אויף די וואַגאָנעס. מיר זענען געווען אָפּגעשלאָסן ווי אין אַ שעכט־הויז. הינטער אונז איז געשטאַנען אַ לעבעדיקע מויער פֿון באַוואָפֿנטע אָפּטיילונגען — דייטשישע ס. ס.־לייט, אוקראַינער, ליטווינער, לעטן, פּוילישע און ייִדישע פּאָ־ליציאַנטן. פֿון אַלע אַנדערע זייטן זענען געשטאַנען הויכע געמויערטע ווענט. צווישן דעם פֿיל טויזנט־קעפּיקן עולם, וואָס איז געזעסן אומבאַוועגלעך און רעזיגנירט, האָבן זיך געוואַלגערט גוססדיקע און טויטע.

די איינציקע, וואָס האָבן זיך באַוועגט צווישן דער מחנה, זענען געווען עטלעכע יונגע ייִדישע פֿרויען, אָנגעטון אין ווייַסע פֿאַרטיכער. אויף די קעפּ האָבן זיי געטראָגן ווייַסע „טשעפּקעס" מיט רויטע קרייצן. דאָס זענען געווען קראַנקן־שוועסטער, וועלכע האָבן זיך פֿאַרנומען מיט קראַנקע מענטשן. כדי אונטערצוהאַלטן זייער אומפֿאַרשעמטן ליגן, אַז מען שיקט אַוועק אויף אַרבעט אין די מזרח געביטן, האָבן זיי אַראַנזשירט אַ קאָ־מעדיע, אַז מען זאָרגט כלומרשט פֿאַר די קראַנקע. אין זאַל פֿון הויז, וואָס איז געשטאַנען אויפֿן אומשלאַג־פּלאַץ, אין אַ געביידע וואו ס׳איז אַמאָל געווען אַ האַנטווערקער־שול, איז אַפֿילו געווען איינגעאָרדנט אַן אַמבולאַ־טאָריע, וואו מען האָט אַרייַנגעפֿירט די שווערע קראַנקע, כדי זיי צו געבן הילף. פֿונדאַנען איז אָבער שוין נישט געווען קיין וועג צום לעבן. דער וועג האָט געפֿירט צו די גאַז־קאַמערן אין פֿאַרניכטונג־לאַגער טרעבלינקע.

דאָס איז פֿאַר מיר געווען גוט באַוואוסט. כ׳האָב נישט געהאַט קיין שום אילוזיע בנוגע דעם. ס׳איז ביי מיר נישט געווען קיין שום ספֿק, אַז מיר אַלע זענען צום טויט־פֿאַרמשפּטע און איך בין איינער פֿון זיי. דאָך, נאָכדעם ווי איך בין אַ ביסל געקומען צו זיך פֿון דער ערשטער שווערער איבערלעבונג און פֿון געדאַנק, אַז איך גיי אומפֿאַרמיידלעך צום נאָענטן טויט, האָב איך אָנגעהויבן זיך אַרומקוקן איבערן אומשלאַג־פּלאַץ. אַ געדאַנק האָט

מיר אַ בליץ געטון — אפשר איז פֿאַראַן אַ מעגלעכקייט אַנטרונען צו ווערן ? איך האָב זיך אויפגעשטעלט און אָנגעהויבן צו שפּאַנען איבערן פּלאַץ צווישן די יידן, וואָס זענען געזעסן צוזאַמענגעקורטשעטע און געוואַרט אויף זייער ריי אַריינגעלאַדעוועט צו ווערן אין די וואַגאָנעס. באַלד האָב איך זיך אָנגעטראָפֿן אויף אַ פּאָר באַקאַנטע אויגן. איך האָב זיך דערנענטערט און דערזען דעם חבר יאַנקל מענדלסאָן, מיט אים זענען געזעסן זיין פּרוי און זייער מיידעלע פּרומעטל. ער האָט געקוקט אויף מיר מיט אַ שטאַרן בליק און אָנגעוויזן מיט אַ פֿינגער אויף אַ פֿאַרבלוטיקטן מת, וואָס איז געלעגן נאָענט פֿון אים — דו דערקענסט אים ? דאָס איז שלמה פֿינקעלשטיין פֿון אונזער פֿאַראיין. ער האָט זיך אָקעגנגעשטעלט אַ יידישן פּאָליציאַנט, אַן אוקראַינער איז אונטערגעלאָפֿן און האָט אים דערשאָסן. (שלמה פֿינקעל־שטיין, אַ בונדיסט און אַן איבערגעגעבענער טוער פֿון באַקלייד־פֿאַראיין, איז געווען זייער אַ דרייסטער און, ווי ס'האָט געפּאַסט פֿאַר אים, נישט געוואָלט אָן ווידערשטאַנד גיין אין די גאַז קאַמערן). יאַנקל מענדלסאָן האָט אַ ווײַלע געשוויגן. זיין מיידעלע האָט זיך צו אים געטוליעט און האָט באַהאַלטן דאָס פּנימל אין זיין מאַנטל. ער האָט איר געגלעט דאָס קעפּל און צו מיר געַ־פֿליסטערט : — איך ווייס נישט צי איך מיט מיין פּרוי וועלן איבערלעבן, אָבער זי וועט אפשר בלייבן. די דייטשן וועלן דאָך נישט זיין אַזוי אַכזריותדיק און אומברענגען קינדער. געדענקסט דאָך, ווען איך האָב איר אָנגעהאָנגען אין געטאָ אויפֿן האַלז דאָס טאָרבעלע מיט אַדרעסן פֿון אירע צוויי „פֿעטערס" אין אַמעריקע — יואל ליטעווקאָ און משה קליגסבערג. אפשר וועט דאָס זיין פֿאַר איר אַ הילף. ער איז אַנטשוויגן געוואָרן און צוגעדריקט צו זיך פֿעסט דאָס קעפּל פֿון זיין קינד.

כ'האָב דערזען צענטליקער באַקאַנטע פּנימער — חברים פֿון דער פּאַרטיי און פּראָפֿעסיאָנעלן פֿאַראיין. מ'האָט זיך באַגריסט מיט די אויגן. מ'האָט געוואָלט פֿאַרטרייבן פֿון זיך די שרעק, אָבער די שרעק האָט זיך געהויבן צום האַלז און האָט געשטיקט.

איך בין געשטאַנען מיט דער גרופּע קיך־אַרבעטער. די ענגשאַפֿט אויפֿן אומשלאַג־פּלאַץ האָט פּאַמעלעך אויפגעהערט. מ'האָט כסדר געלאַדעוועט פֿרישע וואַגאָנעס און זיי זענען אַוועק. כ'האָב אינסטינקטיוו געפֿילט, אַז איך דאַרף טון אַלץ, נאָר נישט לאָזן זיך אַריינשטופּן אין אַ וואַגאָן. כ'האָב זיך כסדר געדרוקט אויף הינטערוויילעכטס. אויף עטלעכע שעה האָב איך זיך אַריינגעכאַפּט אין אַ גרויסן זאַל פֿון דער איינציקער געביידע, וואָס איז געשטאַנען אויפֿן אומשלאַג־פּלאַץ. דאָרט זענען געווען פֿאַרזאַמלט פֿאַמיליעס פֿון יידישע פּאָליציאַנטן. אויך זיי האָט מען געטריבן צו די וואַגאָנעס. במשך דער צייט זענען אַוועק נאָך טראַנספּאָרטן און דער אומשלאַג־פּלאַץ האָט זיך גענומען אויסליידיקן.

כ'בין צוריק אַרויס אין דרויסן. אין דאָזיקן מאָמענט האָט מיך פֿון דער

אַמבולאַטאָריע צוגערופֿן אַ באַקאַנטע קראַנקן־שוועסטער. כ׳בין אַריין אינעווייניק און דערזען עפּעס וואָס האָט אין מיר אויפֿגעלויכטן אַ האָפֿענונג זיך צו ראַטעווען. אויפֿן אומשלאַג־פּלאַץ זענען געקומען באַאַמטע און פֿאָרשטייער פֿון פֿאַרשידענע שעפּער אין געטאָ. זיי האָבן אינטערווענירט פֿאַר זייערע אַרבעטער. אין אַ צאָל פֿאַלן האָבן זיי באַקומען אַ דערלויבעניש צוריק אַרויסצופֿירן פֿון אומשלאַג־פּלאַץ גרופּעס יידן. כ׳האָב לאַנג נישט געטראַכט און פֿון זיך אַראָפּגעוואָרפֿן דאָס ווייסע פֿאַרטוך. מיט דער טעקע אונטערן אָרעם און מיט מיין לעגיטימאַציע פֿון אַ פּוילישן באַאַמטן בין איך צוגעגאַנגען צום טויער, וואו ס׳זענען געשטאַנען אַ דייטש און אַ יידישער פּאָליציאַנט. כ׳האָב צו זיי אַ פֿאָכע געטון מיט דער לעגיטימאַציע און מיינע „אַרישע" פּאַפּירן. נישט אויסריידנדיק קיין וואָרט, בין איך אַדורך דורכן טויער. זיי האָבן מיך גאָרנישט געפֿרעגט און געלאָזט אַרויסגיין.

כ׳האָב זיך באַמיט צו גיין מיט זיכערע טריט, אָבער ווען איך בין אַרויס אויף דער צווייטער זייט און אַריין אין אַ זייטיקער גאַס, האָב איך דערפֿילט, אַז איך בין באַדעקט מיט אַ שטאַרקן שווייס. גראָד איז אָנגעקומען אַ „ריקשע". כ׳האָב זיך אַריינגעזעצט און געהייסן מיך אַוועקפֿירן אויף נאָוואָליפּיע 68, וואו ס׳איז געווען די קיך. דאָס גאַנצע הויז מיט דער גרויסער צאָל שטובן איז געווען פּוסט און ליידיק. פּלוצלונג האָב איך אין שכנות דערהערט טריט און באַלד נאָכדעם דערזען אַן עלטער פּאָרפֿאָלק. ווען די דייטשן האָבן גערופֿן, אַז אַלע זאָלן אַראָפּגיין אויפֿן הויף, האָבן זיי זיך באַהאַלטן אין בופֿעט. אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן מיר דערהערט אַ טומל אויפֿן הויף. אַ טייל קיך־מיטאַרבעטער צוזאַמען מיט דער חברטע באַשע בוקס זענען צוריקגעקומען פֿון אומשלאַג־פּלאַץ. זיי זענען באַפֿרייט געוואָרן אויפֿן שוועל פֿון די וואַגאָנעס.

מיט עטלעכע שעה שפּעטער האָט זיך באַוויזן אין דער קיך חבר מאַרעק עדעלמאַן. מיר האָבן זיך זייער דערפֿרייט, ווען מיר האָבן זיך באַגעגנט. איך האָב געזאָגט מאַרעקן, אַז דאָס גלייכסטע וואָלט פֿאַר מיר איצט געווען אַרויסצוגיין פֿון געטאָ, מיין ווייטערדיקע קאָנספּירירן זיך האָט מער נישט קיין זינען. די דייטשן זענען איצט נישט פֿאַרנומען מיט קיין באַזונדערע יידן. זיי האָבן איצט אין זינען צו פֿאַרניכטן אַלע יידן. איך האָב גוטע פּאַפּירן צו זיין אויף דער „אַרישער" זייט. פֿון אויסנווייניק וואָלט איך געקאָנט צונוץ קומען. מאַרעק האָט מיך אויסגעהערט און געזאָגט, אַז ער וועט עס דעם זעלבן אָוונט איבערגעבן דעם חבר אַבראַשע בלום.

צומאָרגנס אינדערפֿרי איז ער צוריקגעקומען. אין געטאָ האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַ נייער טאָג מיט נייע טראַנספּאָרטן יידן קיין טרעבלינקע. אין אונזער ראַיאָן איז היינט געווען רואיק. מאַרעק האָט מיר איבערגעגעבן אַבראַשעס מיינונג, אַז איך דאַרף טאַקע אַרויסגיין אויף דער „אַרישער" זייט. ער האָט מיר אויך געבראַנגט דעם אַדרעס פֿון חבר ד״ר לעאָן פֿיינער,

וועלכער האָט געוואוינט מחוץ דעם געטאָ אויף דער קרוטשע גאַס, אין דער דירה פון באַרימטן פוילישן אַקטיאָר אַלעקסאַנדער זעלוועראָוויטש.

ס'איז נאָך פאַרבליבן די פראַגע ווי אַזוי אַרויסצוגיין פון געטאָ. כ'האָב טאַקע אויסגעזען ווי אַ פּאָלנער קריסט און האָב געהאַט אַ לעגיטימאַציע פון אַ פּוילישן באַאַמטן, אָבער שוועריקייטן זענען נאָך געווען. — וואָס טוט אַ פּוילישער באַאַמטער אין געטאָ אין דער צייט פון די אַקציעס? מאַרעק האָט מיר געזאָגט געטוי ווי אַזוי אַרויסצוגיין אויף דער צווייטער זייט: באַלד צוגיין צום געטאָ־טויער ביים ראָג גענשע און אָקאָפּאָווע. דאָרט שטייט איצט אַ יידישער פּאָליציאַנט, וואָס קען מיך און ער וועט שוין מאַכן מעגלעך מיין אַרויסגיין.

כ'האָב נישט געהאַט ווייט צו גיין, אָבער די עטלעכע מינוט האָבן מיר אויסגעזען ווי לאַנגע שעהן. די גאַסן זענען געווען אָפּגעשטאָרבן. ערגעץ פונדערווייטנס האָבן זיך געהערט רופן און געשרייען — דאָס האָט מען אויף אַ ווייטער גאַס אַרומגערינגלט אַ בלאָק און מען טרייבט די יידן אויפן אומשלאַג־פּלאַץ. אין די טעג פון די אַקציעס האָבן די ס.ס.־לייט און די אוקראַינער געשאָסן אויף יעדן, וואָס האָט זיך געפונען בשכנות פון אַ געטאָ־מויער. פון אָנהויב האָב איך נאָך געזען עטלעכע יידן, וואָס האָבן דערשראָקענע זיך געשאַרט ביי די ווענט, אָבער נאָנט צום טויער האָב איך שוין קיינעם נישט געזען. ביים סאַמע טויער האָב איך דערזען דעם יידישן פּאָליציאַנט. ער האָט מיך גוט געקענט און איז געווען אינפאָרמירט וועגן מיין קומען. ווען איך האָב זיך צו אים דערנענטערט, האָט ער צו מיר שטיל אַ זאָג געטון: — גיי צו צו יענעם ס. ס. מאַן, וואָס שטייט אויף דער צווייטער זייט טויער. ווייז אים דיין דאָקומענט און זאָג בלויז איין וואָרט — „לייביש". ער וועט דיך גלייך אַדורכלאָזן.

די זאַך האָט אין פלוג אויסגעזען אויסטערליש, אָבער ס'איז נישט געווען קיין צייט צו טראַכטן. האַלטנדיק די טעקע פעסט אונטערן אָרעם, בין איך צוגעגאַנגען צום ס. ס.־מאַן, אַ הויכן יונג מיט אַן אָנגעפּרעסן רויטן פּנים. כ'האָב אים אַ ווייז געטון מיין דאָקומענט און האָב אַ זאָג געגעבן — לייביש. ער האָט שנעל געענטפערט — יאַ, יאַ, גוט און האָט מיך אַדורכגעלאָזט. אין אַ רגע אַרום בין איך געווען אויסערן געטאָ.

## צווייטער טייל

# 21. אַ יידישער „אַריער״

כ׳בין אַרויס פון געטאָ צו ווערן אַ תושב אויף דער „אַרישער״ זייט. די ווייטערדיקע יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָב איך דאָרט געלעבט ווי אַ „פּאָליאַק״. אמת, אויך פריער איז מיר אויסגעקומען אַזוי צו לעבן, אָבער דאָס איז געווען צייטווייליק — אויף מיינע נסיעות אָדער בעת כ׳האָב געהאַט עפּעס צו דערליידיקן אויף דער „אַרישער״ זייט. מיין שטענדיק וואוין־אָרט איז געווען אין געטאָ — אין וואַרשע אָדער קראָקע, וואו כ׳בין געווען אַ ייד ווי אַלע יידן. פון איצט אָן האָב איך גערדאַרפט בלייבן אויף דער „אַרישער״ זייט. נישט ווי אַ באַהאַלטענער ייד, נאָר ווי אַ כלומרשטער פּאָליאַק, וואָס איז אַליין פאַרבאָטן און טוט פאַרבאָטענע אַרבעטן. מיינע פליכטן ווי אַ טוער פון אונטערערדישן בונד האָבן מיך געצוואונגען נישט צו זיצן אין שטוב, נאָר כסדר זיך באַוועגן אין גאַס, גיין פון איין אָרט צום צווייטן און זיך טרעפן מיט פאַרשידנאַרטיקסטע מענטשן. כ׳האָב דאָס אַלץ געמוזט טון אונטער אַ מאַסקע. מיין פּנים, שפּראַך, גאַנג, בליק, טעמפּעראַ־מענט — מיין גאַנץ וועזן האָט גערדאַרפט אַרויס פון דער נאַטירלעכקייט, אָננעמען אַן אַנדער אויסזען און אַן אַנדערע „נאַטירלעכקייט״, ווייל גע־קינצלטקייט האָט פאַרראַטן. מ׳האָט געמוזט ווערן אַן אַנדערער מענטש...

אין די פריערדיקע קאַפּיטלען איז שוין ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן דערציילט געוואָרן ווי אַזוי פּאָליאַקן האָבן זיך פאַרהאַלטן צו יידן. וועגן דעם וועט דערציילט ווערן אויך אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען. דאָ וויל איך וועגן דעם ענין זאָגן בלויז עטלעכע אַלגעמיינע ווערטער אויפן סמך פון מיין אָבסערוואַציע און דערפאַרונג.

אין דער באַציאונג צו יידן און צו היטלערס אויסראָטונג־אַקציעס איז ביי די פּאָליאַקן נישט געווען קיין איינהייטלעכקייט. ס׳איז געווען אַ ברייטע גאַמע פון באַציאונגען — פון פולשטענדיקער סאָלידאַריטעט און אין איינצלנע פאַלן אַפילו אַקטיווער מיטהילף אין דער אויסראָטונג ביז אַקטיווער הילף פאַר באַדראָטע יידן, און אין איינצלנע פאַלן אַפילו זיך מוסר נפש זיין פאַר זיי. דער שרעקלעכער נאַצי־טעראָר און דאָס פאַרוואַנדלען רציחה אין

אַ טוגנט האָט די פּוילישע כּוליגאַנישע עלעמענטן און אַנטיסעמיטן צוגעגעבן חשק צו מאַניפעסטירן אָפן זייער אייגענע שנאה און פּיינטלעכע האַנדלונגען קעגן יידן. אַליין ווילדע חיות אין מענטשלעכער געשטאַלט, האָבן די נאַציס געוועקט די בעסטיאַלישע אינסטינקטן ביי מיליאָנען מענטשן פון די פעלקער, וואָס זיי האָבן באַהערשט. בכלל איז געווען בערך ווייניק קאָלאַבאָראַציע מיטן דייטשן שונא, וואָס האָט עדות געזאָגט אויפן שטאַרקן נאַציאָנאַלן געפיל ביי דער פּוילישער באַפעלקערונג. דאָס האָט אָבער נישט געשטערט גאָר ברייטע שיכטן צו באַציען זיך מיט סימפּאַטיע צו די נאַצישע מעשים־תעתועים לגבי יידן. די שנאה צו יידן האָט ביי זיי גובר געווען אי די פּשוטע מענטשלעכע געפילן, אי די נאַציאָנאַלע ווירדע. צעטראָטן אין דער אייגענער מענטשלעכער און נאַציאָנאַלער חשיבות, האָבן זיי אין זייער באַציאונג צו יידן געזען אַ סימן פון העכערקייט.

וואָס שייך דעם צווייטן טייל, וועלכער האָט געהאַט אַ מער מענטש־לעכע באַציאונג צו דער יידישער טראַגעדיע, האָט זיין סימפּאַטיע און הילף פאַר יידן געמוזט זיין שטרענג געהיים, אונטערערדיש. פאַר באַהאַלטן יידן האָבן פּאָליאַקן געקענט באַצאָלן מיט זייער אייגן לעבן און מיט די לעבנס פון זייערע פרויען און קינדער. דאָס האָט באַדייטנדיק רעדוצירט די מעגלעכ־קייט פון באַהאַלטן יידן ביי פּאָליאַקן — סיי ביי די וואָס האָבן עס געטון צוליב פּרנסה, סיי ביי די וואָס האָבן עס געטון מחמת הומאַניטאַרע טעמים. זיי האָבן געטענהט: — איר ווילט לעבן, מיר ווילן אויך. די מורא איז געווען שטאַרקער פון דער מאָראַל. בלויז ביי אַ בערך קליינעם טייל איז די מאָראַל געווען שטאַרקער פון דער מורא. די מעשים פון דעם טייל פּאָליאַקן לטובת יידן זענען געווען נאָך ליכטיקער און העראָישער, ווען מ׳נעמט אין אַכט די אַלגעמיינע מערדערישע ממשלה פון די דייטשע נאַציס און די שנאה אָדער גלייכגילטיקייט מצד דעם רוב פון דער פּוילישער באַפעלקערונג צו די יידן און זייער פאַרמשפּטקייט.

* * *

נעכטן — אויפן וועג צו די גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקע, היינט — אַ „מיוחסדיקער אַריער״. כ׳האָב געשטעלט די ערשטע טריט אויף דער „אַרישער״ זייט נאָנט פון די געטאָ־ווענט. אויפן טראָטואַר זענען געשטאַנען „שמאַלצאָווניקעס״. פּוילישע יונגען האָבן דאָ געוואַרט אויף אַרויסגייענדיקע יידן, כדי זיי צו שאַנטאַזשירן און איבערגעבן אין די הענט פון געשטאַפּאָ. איך בין געגאַנגען פעסט און זיכער און האָב ביי זיי נישט אַרויסגערופן קיין חשד, אַז איך בין אַ ייד.

גלייך פון דער אָקאָפּאָווע גאַס בין איך אַוועקגעפאָרן מיט אַ טראַמוואַי אויף קרוטשע. ס׳איז נישט געווען מעגלעך צו באַגרייפן, אַז סך־הכל מיט

געציילטע גאַסן ווייטער הינטער דער געטאָ־מויער קומען פאַר דעפּאָרטאַ־ציעס, מ׳שלעפּט פון די שטובן און מ׳טרייבט יידן צו די גאַז־קאַמערן. דאָ, אויף דער „אַרישער" זייט, איז געווען רואיק, זומערדיק און ליכטיק.

איך בין צוגעקומען צום הויז אויף דער קרוטשע גאַס און בין אַרויף אויף די טרעפּ. די טיר האָט מיר געעפנט אַ יונגע פרוי. זי האָט מיך גע־פרעגט וועמען איך זוך. כ׳האָב איר געזאָגט, אַז איך וויל זען דעם פּאַן יוזעף. די פרוי האָט זייער פריינטלעך געענטפערט אַז דער פּאַן יוזעף איז איצט נישטאָ, ער וועט באַלד קומען. צום בעסטן וואָלט געווען, אַז כ׳זאָל אויף אים צוואַרטן. (די יונגע פרוי, די באַלעבאָסטע פון דער דירה, פּאַני לענאַ, איז געווען די טאָכטער פון באַרימטן פּוילישן אַרטיסט און רעזשיסער אַלעק־סאַנדער זעלוועראָוויטש, און אַליין אַן אַרטיסטין. פּאַן יוזעף איז געווען דער מיטגליד פון בונדישן צענטראַל־קאָמיטעט, ד״ר לעאָן פיינער).

כ׳האָב נישט געהאַט קיין געדולד אָוועקצוזעצן זיך אויף אַ שטול אין אַ רואיקער שטוב, כ׳האָב געהאַט אַ באַדערפעניש זיך צו באַוועגן. איך האָב איר געזאָגט, אַז איך וועל צוריקקומען שפּעטער און בין אַוועק. ביים אַרויסגיין פון טויער האָב איך באַגעגנט דעם חבר פיינער. פאַר אים איז די באַגעגעניש געווען אַ גרויסע איבעראַשונג. מיר זענען אַרויף אין דער וואוינונג און איך האָב אים איבערגעגעבן אַלץ, וואָס ס׳איז פאָרגעקומען די לעצטע טעג אין געטאָ. במשך די לעצטע טעג איז ער געווען אינגאַנצן אָפּגעריסן פון געטאָ. די ידיעות וועגן די דעפּאָרטאַציעס האָבן בלויז בלאָס און פאַרנעפּלט דערגרייכט די „אַרישע" גאַסן.

די ערשטע פראַגע, וואָס איז פאַר מיר געשטאַנען, איז געווען צו געפינען אַן אָרט וואו איבערצונעכטיקן. מיר זענען צוזאַמען אַוועקגעפאָרן צום חבר אָזשעך אויף זשאָליבאָזש און דאָרט זיך באַראַטן וואָס כ׳זאָל טון. ס׳איז געבליבן, אַז כ׳זאָל נעמען די באַן און צופאָרן קיין מיעדזעשין, וואו עס האָט זיך געפונען די בונדישע מעדעם־סאַנאַטאָריע פאַר קינדער. דער געדאַנק האָט אויסגעזען צו זיין אַ גוטער. במשך דעם חודש, וואָס האָט שוין געדויערט די אַקציע צו דעפּאָרטירן די יידן פון וואַרשעווער געטאָ קיין טרעבלינקע, איז אין די ישובים פון דער וואַרשעווער־אָטוואָצקער באַן־ליניע געווען בערך רואיק.

כ׳בין אַוועק צום הויפּט־וואָקזאַל, וואו איך האָב זיך אַריינגעזעצט אין דער הינטערשטאָטישער באַן. כ׳בין געווען מער דענערווירט ווי אַלעמאָל. די איבערלעבונגען פון די לעצטע טעג אין געטאָ און די סצענעס אויפן אומשלאַג־פּלאַץ האָבן מיך אינגאַנצן צעטרייסלט. גאַר שטאַרק האָט אויף מיר אויך געווירקט די סצענע מיטן ס.ס.־מאַן, וועלכער האָט מיך געלאָזט אַרויס־גיין פון געטאָ, ווען כ׳האָב אים געזאָגט דעם נאָמען — לייביש (דאָס איז געווען דער נאָמען פון יידישן פּאָליציאַנטס פּאָטער).

כ׳האָב אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער און געזען ווי די באַן איז אַריינ־

געפֿאָרן אין די קליינע, זאַמדיקע וועלדלעך פֿון דער באַרימטער אָטוואָצקער ליניע, וואָס איז פֿריער געווען דאָס דאַטשע־אָרט פֿאַר צענטליקער טויזנטער וואַרשעווער ייִדן. אין דער דאָזיקער צייט פֿון יאָר, אין סאַמע מיטן זומער, זענען אַרום די וואָקזאַלן געווען מאַסן ייִדישע מענער און פֿרויען. פֿון יעדער ווילע האָבן אָפּגעקלונגען גערעדערייען און געזאַנגען. אומעטום האָט מען געזען אָפּגעבערענטע, אויסגערוטע און פֿריילעכע ייִדישע דורכגייער. איצט האָט דאָ געהערשט אַ טויטע פּוסטקייט. מ׳האָט נישט געזען קיין איינציקן דורכגייער.

די באַן איז אַרויף אויף דער סטאַציע פֿון מיעדזעשין. כ׳בין אַראָפּ אויפֿן פּעראָן, וואו ס׳האָט זיך אַרומגעדרייט בלויז אַ פּוילישער באַן־אַרבעטער. אויפֿן וועג פֿון וואָקזאַל ביז צום פּאַרקאַן פֿון דער קינדער־סאַנאַטאָריע האָב איך נישט באַגעגנט קיין איין דורכגייער. דאָס האַרץ האָט מיר אָנגעזאָגט עפּעס שלעכטס. וואָס קומט דאָ פֿאָר? מען הערט נישט פֿון יענער זייט פּאַרקאַן קיין איין קינדערישע שטים, קיין איין אויסרוף, קיין איין קלאַנג. וואָס נענטער כ׳בין צוגעקומען צום טויער, אַלץ מער איז אין מיר געוואַקסן די שרעק. ביים סאַמע טויער האָב איך דערזען אַ פּוילישן פּאָליציאַנט. איך האָב זיך געשטאַרקט און האָב אים געפֿרעגט מיט אַ כלומרשטער גלייכגילטיקייט: — וואו זענען אַהינגעקומען די ייִדישע קינדער? ער האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט: — האָ, האָ, אַלץ איז אַוועק, די קינדער, די לערער.

כ׳האָב דערזען ווי עטלעכע פּאָליאַקן שאַרן זיך מיט קיישעלעך אין די הענט. מ׳האָט אַרויסגעשלעפּט פֿון די אינעווייניקסטע געביידעס טישן, שטולן, שענקלעך. פּוילישע פֿרויען האָבן זיך אַרומגעיאָגט נאָך די הינדלעך און קרוליקעס, וואָס זענען געבאָוועט געוואָרן דורך די ייִדישע קינדערלעך. כ׳האָב געקוקט אויף די פּוילישע היענעס און כ׳האָב דערפֿילט אַ שטיקנדיקן ספּאַזם אין האַלז. די קינדער־סאַנאַטאָריע אויפֿן נאָמען פֿון וולאַדימיר מעדעם עקזיסטירט נישט מער. די קינדער, די דערציער — אַלץ איז אַוועק אין די וואַגאָנעס... (געשען איז עס דעם 22 אויגוסט 1942).

כ׳האָב זיך אויסגעדרייט און בין צוריק אַוועק צום וואָקזאַל. וואוהין פֿאָרט מען? וואוהין ווענדעט מען די טריט? באַלד איז אָנגעקומען אַ באַן, וואָס איז געפֿאָרן אין דער ריכטונג פֿון אָטוואָצק און איך בין אַריין. אין וואַגאָן איז געווען כמעט ליידיק. כ׳האָב דערפֿילט אַ קעלט אין קערפּער, ווי דאָס בלוט וואָלט מיר געוואָרן פֿאַרגליווערט. די באַן איז פֿאַרבייגעפֿאָרן ייִדישע ערטער — פֿאַלעניץ, שווידער, אָטוואָצק. אומעטום איז געווען שטיל און פּוסט. פֿאַר מיינע אויגן האָבן זיך „באַוועגט" בלויז די הויכע סאָסנע־ביימער. פֿון צייט צו צייט זענען אַ דורכגעפֿאָרן אויף ראָווערן און מאָטאָציקלען דייטשע סאָלדאַטן. איך בין אַראָפּגעשטיגן אין אָטוואָצק, וואו ס׳איז מיר אַנטקעגנגעקומען די זעלבע אימהדיקע שטילקייט. די גאַנצע ליניע איז שוין געווען „יודענריין". מיט עטלעכע טעג צוריק איז דאָ

אַדורכגעפירט געוואָרן די אַקציע. אויף דער גאַנצער לענג פון דער ליניע איז נישט פאַרבליבן מער קיין איין ייד. כ׳בין געגאַנגען אויף די אָטוואָצקער געסלעך, נאָנט צום וואָקזאַל, און נישט געוואוסט וואָס צו טאָן ווייטער. ס׳האָט שוין אָנגעהויבן צופאַלן די נאַכט. די גאַנצע מערב־זייט פון הימל איז געווען ווי אַ רויט־צעצינדן פייער און די אַרומיקע וועלדער זענען געוואָרן כסדר שוואַרצער.

איך בין אַריין אין אַ באַן, וואָס איז געפאָרן קיין וואַרשע. כ׳האָב נישט געהאַט קיין שום אַדרעס, וואו אַריינצוגיין, אָבער בלייבן אין דעם פוסטן אָטוואָצק איז געווען געפערלעכער. ווען די באַן האָט זיך געגומען דערנענטערן קיין וואַרשע, איז שוין געווען נאַכט. דער וואָקזאַל איז געווען אַ באַלויכטענער, אָבער כמעט ליידיק, ווייל ס׳איז געווען נאָנט צו דער שעה, ווען מען טאָר שוין נישט גיין אויף דער גאַס. אין אַ האָטעל האָב איך נישט געקאָנט גיין, ווייל דאָס זענען געווען די צום מערסטן פאַרפעסטעטע ערטער מיט געשטאַפּאָ־לייט. איך האָב זיך דערמאָנט, אַז די וואַרשעווער דראָזשקאַזשעס פירן אַמאָל אָפּ פאַרשפעטיקטע פּאַסאַזשירן אויף פּריוואַטע נאַכט־לעגער. כ׳האָב אָפּגעשטעלט דעם ערשטן דראָזשקאַזש און אים געפרעגט צי ער ווייס פון אַן אָרט איבערצושלאָפן. דער דראָזשקאַזש איז געווען אַ ביסל בגילופין. ער האָט אַ שמייס געטון מיט דער בייטש, אַלס סימן, אַז איך זאָל איינשטייגן.

אין אַ צען מינוט אַרום האָט די דראָזשקע זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ הויז אויף קרולעווסקע גאַס. דער שיכורלעכער דראָזשקאַזש האָט מיר אָפּגעמשלט, ווי אַזוי אַרויפצוגיין אין אַכסניה און איז נעלם געוואָרן. אויף דעם אָנגעוויזענעם אַדרעס האָב איך געטראָפן אַן עלטערן פּאָליאַק, וועלכער האָט מיך געגומען אויספרעגן ווער און פונוואַנען איך בין. כ׳בין געווען מיד און ס׳האָט זיך מיר געמישט אין קאָפּ פון דעם גאַנצן טאָג. כ׳האָב אים געזאָגט קורץ, אַז איך בין פון קראָקע און מאָרגן באַלד אינדערפרי דאַרף איך אַוועקפאָרן. ער האָט מיר נאָך פאָרגעלייגט אַ גלאָז טיי, אָבער איך האָב אים אָפּגעזאָגט. ער האָט מיך דאַן אַריינגעפירט אין אַ צימערל, וואו ס׳זענען שוין אויף אויפלייג־בעטלעך געשלאָפן דריי פאַרשוינען. ער האָט פלינק אויפגעשטעלט נאָך אַזאַ בעטל, האָט אַרויפגעוואָרפן אַ קישן מיט אַ קאָלדרע און נאָך איידער איך האָב זיך באַוויזן אויסצוטאָן, האָט ער צוריק אַראָפּגעדרייט דאָס עלעקטרישע לעמפּל. איך האָב זיך אַנידערגעוואָרפן אויפן בעטל און בין באַלד איינגעזונקען געוואָרן אין אַ שווערן שלאָף. דער שלאָף איז מיר אָבער גיך איבערגעגאַנגען און כ׳האָב זיך צוריק אויפגעכאַפּט. אינדרויסן האָט גע־נומען טאָגן.

ווען כ׳בין אויפגעשטאַנען פון מיין געלעגער, האָב איך זיך שנעל אָנגעטון און נישט געוואַרט אויף דער טיי, מיט וועלכער דער אַכסניה־אייגנטימער האָט מכבד געווען די צופעליקע שלעפער. ס׳איז געווען געזונטער נישט

אַריינצולאָזן זיך אין קיין שום געשפּרעכן, נישט מיטן אייגנטימער און נישט מיט די „לאָקאַטאָרן", וואָס זענען אַהער געקומען אויף אַ נאַכט אָדער צוויי. כ'האָב געהאַט אַן אַדרעס, וועלכן דער חבר פּיינער האָט מיר געגעבן פאַר מיין אַרויספאָרן אויף דער אַטוואָצקער ליניע — דעם אַדרעס פון חבר משה (מאָוריצי) פּאַפּיער. ער איז געווען אַן אַלטער אַקטיווער בונדישער טוער פון קראָקע, און האָט זיך געפונען אין וואַרשע צוזאַמען מיט זיין פרוי. זיי האָבן געוואוינט אויף דער „אַרישער" זייט, אין דער פּאָרשטאָט זשאָליבאָזש. איך האָב די חברים פּאַפּיער געקענט נאָך פון פאַרן קריג. ווען איך בין אַרויסגעגאַנגען אויף דער גאַס, בין איך גלייך אַריינגעשטיגן אין אַ טראַמוואַי און בין אָוועקגעפאָרן קיין זשאָליבאָזש, אויף זשעראָמסקעגאָ 10.

די טיר האָט מיר געעפנט די חברטע פּאַפּיער. זי האָט זיך גערעכט אויף מיין קומען ווייל חבר פּיינער האָט זיי מודיע געווען וועגן דעם. זי האָט זיך זייער געפרייט, ווען זי האָט מיך דערזען. זי איז געווען אַ הויכע, שלאַנקע פרוי מיט אַן אַביסל באַזילבערטן קאָפּ. זי האָט מונטער אויסגערופן דעם נאָמען פון איר מאַן און אין אַ רגע אַרום איז אַריינגע־קומען חבר פּאַפּיער. ער איז געווען אַ סימפּאַטישער מענטש. ווען ער האָט מיר דערלאַנגט די האַנט, האָב איך געפילט אין זיין האַנט־דרוק אַ וואַרעמקייט און חברשאַפט.

זיי האָבן פאַרנומען אַ קליינע מאָדערנע דירה אין איינעם פון די קאָאָפּעראַטיווע הייזער, וועלכע ס'האָט נישט לאַנג פאַר דער מלחמה אויפ־געשטעלט דער סאָציאַליסטישער בוי־קאָאָפּעראַטיוו.

די חברים פּאַפּיער זענען נאָך מיט אַ צייט צוריק אַנטלאָפן פון קראָ־קע, וואו די געשטאַפּאָ האָט זיי אַרומגעזוכט. אין קראָקע האָבן זיי איבער־געלאָזט זייער פּוילישע דינסט, וועלכע האָט ביי זיי געאַרבעט 22 יאָר, און זי האָט זיי איצט פון דאָרט צוגעשיקט שפּייז־פּעקלעך. אַליין האָט ער דאָ געאַרבעט ווי אַ בוכהאַלטער אין די פּ. פּ. ס.ישע קאָאָפּעראַטיווע הייזער.

אַחוץ דער פאַמיליע פּאַפּיער האָבן נאָך געלעבט אין זשאָליבאָזש „אויף אַרישע פּאַפּירן" די חברים ד"ר סטאַניסלאַוו ליפּשיץ, זיין פרוי, און זייער 10־יאָריקער זון (פון קראָקע), און זדזשיסלאַוו מושקאַט, מיט זיין פרוי (פעלאַ) יאַדוויגאַ און איר זון.

דער חבר פּאַפּיער האָט מיר דערציילט, אַז די פּוילישע פרוי, וואָס האָט ביי אים געאַרבעט אין קראָקע, איז געווען ביי אים אין וואַרשע אַ פּאָר טעג. זי פאַרקויפט אויס זייערע זאַכן און שיקט איבער דאָס געלט. ער קען מיר, לײדער, נישט געבן איר אַדרעס, ווייל זי אַרבעט אויף אַ גע־פערלעכן פּלאַץ פאַר יידן. זי איז אַ באַלעבאָסטע אין אַ דירה פון אַ הויכן אָפיציר פון די ס. ס.

פון די פּאַפּיערס האָב איך זיך דערוואוסט וועגן דעם אַרעסט פון

פּ. פּ. ס.־ישן קראָקעווער טוער יוזעף ציראַנקעוויטש. ער איז אַרעסטירט געוואָרן דורך דער געשטאַפּאָ און איז אַוועקגעשיקט געוואָרן אין לאַגער פון אָשוויענטשים. זיי האָבן מיר אויך איבערגעגעבן וועגן דעם גורל פון פאַרשידענע בונדישע און פּ. פּ. ס׳ישע חברים אין קראָקע. ער האָט אָנגע־האַלטן אַ פאַרבינדונג מיט דער שטאָט און איז געווען גענוי אינפאָרמירט וועגן די דאָרטיקע געשעענישן. די פּאָר שעה, וואָס איך האָב פאַרברענגט אין דער קליינער און ציכטיקער וואוינונג פון די חברים פּאַפּיער, איז געווען אַן אמתדיקער באַלזאַם פאַר מיין אומרואיק געמיט.

מיט עטלעכע שעה שפּעטער איז אָנגעקומען דער חבר פיינער. ווען ער האָט מיך דערזען, האָט ער נישט געקאָנט באַהאַלטן זיין איבעראַשונג און זיין אומרו. ד״ר לעאָן פיינער האָט אויסגעזען ווי אַ פּוילישער שלאַכ־טשיץ. זיינע ווייסע דיקע וואָנסעס האָבן אים צוגעגעבן דעם אויסזען פון אַ פּוילישן אַריסטאָקראַט. זיין שטים איז געווען אַ מעטאַלענע און אַ פעסטע, דער אויסדרוק פון זיין פּנים איז געווען פייערלעך און שטרענג. ס׳וואָלט קיינעם נישט איינגעפאַלן, אַז ער האָט פאַר זיך אַ ייד און דערצו אַ סאָ־ציאַליסט. חבר פיינער האָט געוואוסט, אַז איך האָב אַהער געדאַרפט קומען. ער אַליין האָט מיר געגעבן דעם אַדרעס, ער איז אָבער געווען זיכער, אַז איך וועל בלייבן עטלעכע טעג אין דער מעדעם־סאַניטאָריע. ווען ער האָט מיך דערזען, האָט ער גלייך פאַרשטאַנען: נישטאָ שוין די בונדישע קינדער־סאַנאַטאָריע! ער האָט אויף מיר אויסגעשטעלט אַ פּאָר דערשטוינטע אויגן:
— שוין צוריק?

ער האָט זיך שווער אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שטול און האָט געשוויגן די גאַנצע צייט. כ׳האָב אים דערציילט, אַז די גאַנצע יידישע ליניע צווישן וואַרשע און אָטוואָצק איז שוין „יודענריין״.

חבר פיינער איז געקומען צו זיך און האָט דערציילט, אַז פון וואַרשע־ווער געטאָ און פון אַרומיקע ערטער זענען אָנגעקומען אַנטלאָפענע יידן, צווישן זיי אויך אַקטיווע בונדישע חברים. זיי וואַלגערן זיך אַרום אין די איינגעפאַלענע און פאַרברענטע הייזער אויף דער „אַרישער״ זייט. דאָס ברענענדיקע פּראָבלעם אין איצטיקן מאָמענט איז צו געפינען פאַר זיי דירות. אָן דירות וועלן אַלע פריער אָדער שפּעטער אַריינפאַלן אין די הענט פון „שמאַלצאָווניקעס״ אָדער פון געשטאַפּאָ־לייט. פאַר די אַלע, וואָס האָבן אַ גוטן „אַרישן״ אויסזען, דאַרף מען שאַפן דאָקומענטן — די פאַר־פליכטנדיקע „קען־קאַרטן״. די דאָזיקע צוויי ענינים — דירות און דאָ־קומענטן — זענען דרינגנדיקע און מוזן תיכף דערליידיקט ווערן, ווייל יעדע רגע קען קאָסטן גרעאַטעוועטע יידישע לעבנס.

מיט אַ צייט צוריק האָב איך געהאַט אַ פאַרבינדונג מיט אַ מיטגליד פון פּ. פּ. ס., וועלכער איז אַמאָל געווען אַ מיטאַרבעטער פון אַ פּויליש־

סאָציאַליסטישער נאָכמיטאָג־צייטונג אין וואַרשע און ווען כ׳האָב געקאָנט אונטערן פסעוודאָנים ראַפאַל (זיין פאַמיליע־נאָמען איז געווען פּראַגאַ). חבר ראַפאַל איז געווען דער מאַן פון יאָהאַנאַ (איך האָב זי דערמאָנט אין שייכות מיט אונזער פּוילישער קוריערין פון אַלט־שטאָט) און ער האָט פאַר מיר עטלעכע מאָל אויסגעאַרבעט פאַרשידענע נויטיקע דאָקומענטן. כ׳האָב עס געזאָגט פיינערן און ער האָט זיך אונטערגענומען צו געפינען ראַפאַלן און יאָהאַנאַ און איינשטעלן מיט זיי אַ פאַרבינדונג.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער, ווען כ׳האָב זיך ביי די חברים פאַפּיער ווידער געטראָפן מיטן ח׳ לעאָן פיינער, איז אַריינגעקומען די חברטע יאַדוויגאַ (פעלאַ) מושקאַט. זי האָט געהאַט פאַרבינדונגען מיט באַאַמטע פון מאַגיסטראַט און האָט זיי אַריינגעצויגן פאַר איר הילפס־טעטיקייט פון שאַפן דירות, מאַכן פּעסער, קען־קאַרטעס, מעטריקעס, ווי אויך באַזאָרגן מיט אַרבעט־שטעלעס. פול מיט ענערגיע, האָט זי נישט אָפּגעלייגט קיין שום זאַך און נישט גערוט ביז די זאַך איז געטון געוואָרן. אַ דענטיסטין פון פאַך, האָט זי געהיילט די ציין פון די קינדער אין דער מעדעם־סאַנאַטאָריע. איצט באַשעפטיקט זי זיך מיט איינאָרדענען עטלעכע אַנטלאָפענע חברים און חברטעס פון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע. דאָס איז פאַרבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן.

זי האָט דערציילט: די משפחה עלנבויגן פון 4 מענטשן האָט געהאַט פון איר אַן אַדרעס פון אַ פּוילישן דענטיסט. ער האָט געדאַרפט געפינען פאַר זיי אַ וואוינונג, אָבער ווען זיי זענען געקומען צו אים, האָבן זיי געטראָפן אַ פאַרשלאָסענע טיר. די משפחה האָט זיך צעטיילט. חבר חיים האָט זיך עטלעכע טעג אַרומגעוואַלגערט אין די גאַסן און ביינאַכט איז ער געשלאָפן אין אַ הויף אין פּראַגע. זיין יונגן ברודער, דעם 12 יאָריקן לאָזער, קומט אָן מיט גרויסע שוועריקייטן ערגעץ־וואו איינצואָרדענען. פּוילישע פאַמיליעס האָבן מורא אים אַריינצונעמען, ווייל ער זעט אויס ווי אַ טיפּיש־יידיש יינגל. מ׳האָט אים ערגעץ־וואו איינגעאָרדענט אויף אַ פּאָר טעג, אָבער סוף־כל־סוף האָט מען אים געמוזט אַריינשיקן אין געטאָ. די חברטע מאַניע, די פרוי פון חבר שמואל (אַרטור) זיגעלבוים, איז מיט איר זונעלע אויך אַריין אין געטאָ. חברטע מושקאַט האָט מיט פרייד דערציילט, אַז ס׳האָט זיך איר איינגעגעבן איינצואָרדענען ביי אַן אַרבעט די חברטעס פערל און חנהטשע עלנבויגן. חנהטשע, חיימס פרוי, אַרבעט ווי אַ דינסט־מיידל ביי אַ פּוילישער פאַמיליע אויף אָקראָנג 4, ביי דער ווייסל (מיט אַ צייט שפּעטער איז דאָס אָרט געוואָרן אַ טרעף־פּונקט פאַר אַ טייל פון אונזערע קוריערן, בפרט איז אויסגענוצט געוואָרן דער טעלעפאָן. חנהטשע האָט אין דרינגענדיקע פאַלן איבערגענומען ידיעות וועגן אַרבעט־פּלעצער און וועגן ערטער צו וואוינען). לסוף האָט חברטע מושקאַט אינפאָרמירט, אַז

אין זעלבן הויף אויף אָקראַנג 4 וואוינט אירס אַ גוטע באַקאַנטע, וואָס איז איצט צוליב איר מאַן פאַרעכנט פאַר אַ פאָלקס־דייטשקע, זי הייסט זשעלינס־קאַ. אָט די פרוי האָט געשטעלט איר וואוינונג צו דער דיספּאָזיציע פון חברטע מושקאַט. פרוי זשעלינסקאַ האָט דערלויבט אַז מ׳זאָל ביי איר צייטווייליק וואוינען. אין איר וואוינונג האָבן טאַקע אַ ריי פון אונזערע פרויען געהאַט זייער צייטווייליקע וואוינונג. אין 1944 האָט זי בכלל איבערגעגעבן די גאַנצע וואוינונג אין אונזער רשות.

* * *

אין די דאָזיקע טעג איז דער געלויף פון יידן אויף דער „אַרישער" זייט געוואָרן שטאַרקער. אין געטאָ זענען צערונען די רעשטלעך אילוזיעס. ס׳איז געוואָרן קלאָר אַפילו פאַר די גרעסטע אָפּטימיסטן, אַז דער רינג פון די דעפּאָרטאַציעס וועט זיך פאַרציען אַרום יעדנס האַלז. פיל האָבן געזען די איינציקע רעטונג אין פאַרלאָזן דעם געטאָ און אַנטרונען אויף די גאַסן פון דער „אַרישער" זייט. אָבער מיטן מאָמענט, ווען אַ ייד איז אַרויסגע־קומען אויסער די מויערן פון געטאָ, איז ער גלייך אַריין אין אַ דזשונגל פון ווילדע לויערנדיקע חיות. די טויערן פון געטאָ זענען געווען אַרומ־געשטעלט מיט באַנדעס פּוילישע אויסוואורפן, וואָס האָבן געטשאַטעוועט אויף יעדן אַרויסגעקומענעם ייד. זיי האָבן אים באַראַבעוועט פון קאָפּ ביז די פיס און אין אַ סך פאַלן איבערגעגעבן אין די הענט פון געשטאַפּאָ. מיט דעם האָט זיך עס נישט געענדיקט. ווען מ׳איז איבערגעקומען די „שמאַלצאָווניקעס", זענען געקומען אַנדערע געפאַרן, וואָס האָבן געלויערט אויף דער „אַרישער זייט".

אַ ייד, וועלכער איז אַרויסגעקומען פון געטאָ, האָט קודם־כל געמוזט האָבן אַ גוטן „אַרישן" אויסזען, האָט געמוזט באַהערשן גוט די פּוילישע שפּראַך, מ׳האָט געמוזט האָבן געלט און דער עיקר — ער האָט געמוזט האָבן אַ פריער־באַשטימט אָרט, וואו אַריינצוגיין איבערנעכטיקן. ער האָט אויך געמוזט האָבן אַ פאַרבינדונג, וואָס זאָל אים מעגלעך מאַכן צו דינגען פאַר זיך און פאַר זיין פאַמיליע אַ שטענדיקע וואוינונג. איבער דעם אַלעם האָט ער געדאַרפט האָבן אייזערנע נערוון. אַפילו מיטן בעסטן אויסזען און מיט די בעסטע „אַרישע" דאָקומענטן האָט אַ ייד געלעבט אין כסדר־דיקער שרעק. יעדע רגע איז געווען אָנגעפילט מיט אַ מוראדיקער שפּאַנונג. פון יעדן ווינקל האָט אויף אים געלויערט אַ סכנה. דאָס שפּילן די ראָל פון אַ פּאָליאַק איז געווען פאַרבונדן מיט טויזנטער אומגעריכטע שוועריי־קייטן. אויף די גאַסן האָבן אים אַדורכגעבויערט אָן אַ שיעור אויגן פון „שמאַלצאָווניקעס", פון שאַנטאַזשיסטן, פון פּוילישע פּאָליציאַנטן, פון דייטשע זשאַנדאַרמען, פון געשטאַפּאָ־לייט, און פון סתם דורכגייער, וועלכע

זענען אין זייער גרעסטער מערהייט געווען באַהערשט פון אַ שאַרפן אַנטי־סעמיטיזם. ס׳איז געגנוג געווען, אַז עמיצער זאָל אַ געשריי טון „זשיד״ און די דורכגייער פון גאַס זאָלן זיך לאָזן לויפן כאַפן דעם אַנטפּלעקטן קרבן.

אַ ייד וועלכער האָט געהאַט אַ צימער ביי אַ פּוילישער פאַמיליע און געוואָלט אָנגיין פאַר אַ פּאָליאַק, האָט אויך געמוזט פירן אַ נאָרמאַל לעבן פון אַ פּאָליאַק. ערשטנס, האָט ער געמוזט מאַכן דעם אָנשטעל, אַז ער האָט ערגעץ אַ באַשעפטיקונג און ער אַרבעט. אַזעלכע יידן האָבן יעדן איבערפרי זיך אויפגעהויבן און פאַרלאָזט די וואוינונגען. זיי האָבן געמוזט זיך אַרומדרייען אין די גאַסן אָדער אַרומפאָרן אַ גאַנצן טאָג אין טראַמוואַיען, כדי צו פאַרברענגען דעם מינימום פון אַכט שעה מחוץ דעם הויז. דאָס האָט פאַרמערט זייערע סכנות. יידישע פרויען האָבן געהאַט אַ סך מער שאַנסן צו באַקומען אַרבעט — ווי דינסטן אין פריוואַטע הייזער אָדער אַפילו ווי באַאַמטע אין פּוילישע און טיילמאָל אַפילו אין דייטשע ביוראָען.

דאָס אַלץ האָט געהאַט אַ שייכות צו יידישע מענער און פרויען, וואָס האָבן געהאַט אַ „גוטן״ אויסזען און וואָס האָבן נאָך צו דעם געהאַט דעם מוט צו פאַראַדירן אין דער שטאָט אונטער דעם כסדרדיקן שאָטן פון הונדערטער לויערנדיקע טויטן. אַ סך ערגער איז געווען מיט יידן, וואָס האָבן געהאַט אויסגעשפּראָכענע סעמיטישע פּנימער אָדער זענען געווען אַזוי איבערגעשראָקן, אַז זיי האָבן בשום אופן נישט געקאָנט ביי זיך פועלן אַרויסצוגיין אויף דער גאַס. אַזעלכע יידן האָבן געמוזט לעבן פאַרמאַכטע און אָפּגעשלאָסענע אין קעלערס, אויף בוידעמס אָדער אין פאַרשטעלטע צימערן פון אַ וואוינונג, וואו דער באַלעבאָס האָט געוואוסט, אַז זיינע לאָקאַטאָרן זענען יידן. אין אַזעלכע פאַלן האָט דער באַלעבאָס אָפט אויסגענוצט די הילפלאָזיקייט פון די באַהאַלטענע יידן, כדי פון זיי אויסצופּרעסן זייערע פאַרמעגנס. ער האָט דאָס אַליין געטון, אָדער אונטערגעשטעלט „שמאַלצאָווניקעס״, וואָס זענען אַרויפגעקומען און צוגענומען ביי די יידן דאָס לעצטע העמד. נאָך אַזאַ רויבעריי האָט דער באַלעבאָס אַרויסגעטריבן די אומגליקלעכע אויף דער גאַס, וואו ס׳האָט אויף זיי געלויערט דער טויט.

פון געטאָ זענען אויך אַרויסגעקומען יידן, וואָס האָבן בלויז זייערע קינדער געוואָלט באַהאַלטן אויף דער „אַרישער״ זייט און אַליין צוריקגיין הינטער די געטאָ־מויערן. זיי האָבן געזוכט אַ באַקאַנטן סטרוזש אָדער סתם אַ פּאָליאַק פון אַמאָליקער באַקאַנטשאַפט, וואָס זאָל זיין וויליק פאַר אַ באַשטימטן פרייז אָדער פון פריינטשאַפט וועגן האַלטן אַ קינד. אין רוב פאַלן האָט מען זיך באַמיט אַוועקצוגעבן אַ קינד אין אַ קלויסטער, אין רשות פון קאַטוילישע גלחים אָדער נאָנעס. אין אַזעלכע פאַלן האָט מען

זיך געמוזט אָפּזאָגן פון קינד „אויף אייביק" און נישט באַמיען זיך אַפילו עס צו זען. דאָס קינד האָט מען דערצויגן אין אַ קאַטוילישן גייסט, נישט בלויז אין פרעמדקייט צו יידן, נאָר אויך אין האַס צו זיי.

אין יענע טעג איז אַרויסגעקומען אויף דער „אַרישער" זייט אונזער חבר אינזשיניער מיכאַל קלעפּפיש מיט זיין פרוי ראָזע, זייער 2-יאָריק קינד אירענקאַ און זיין שוועסטער גינע. פון פאַך איז גינע געווען אַ קראַנקן-שוועסטער, האָט זיך איינגעאָרדנט ביי אירע פּוילישע חברטעס. די פרוי מיטן קינד זענען צייטווייליק אַריין אויף אַ פּאָר נעכט צו אַמאָליקע באַקאַנטע. מיכאַל קלעפּפיש אַליין איז אַ צאָל נעכט גע-שלאָפן אויפן פּוילישן בית-עולם אין פּראַגע. מיט עטלעכע טעג שפּעטער איז זיי געלונגען אַוועקצוגעבן דאָס קינד אין אַ פּויליש פינדל-הויז. די פּאַרוואַלטערין פון דעם אַנשטאַלט איז געווען גינעס אַ גוטע באַקאַנטע. מ'האָט מיט איר אָפּגערעדט, אַז די מוטער וועט צוקומען מיט איר צוויי-יאָריקן מיידעלע אויפן גזשיבאָווער פּלאַץ און וועט עס אונטערוואַרפן אויף די טרעפּ פון דער גרויסער קירכע. דאָרט וועט שוין שטיין די פּאַרוואַלטערין פונם פינדל-הויז. זי וועט אויפהויבן דאָס קינד, וועט מעלדן וועגן דעם דער פּאָליציי און וועט עס שפּעטער איינאָרדענען ביי זיך אין אַנשטאַלט פּאַר אונטערגעוואָרפענע קינדער. דער פּלאַן איז אויסגעפירט געוואָרן אַזוי ווי ס'איז געווען באַשטימט. אין דער טונקעלער ליכט פון אַ בין-השמשות האָט די חברטע קלעפּפיש צוגעפירט איר קינד צו דער קירכע, האָט זיך שנעל אויסגעדרייט און האָט גענומען אַוועקגיין. מיט עטלעכע טריט ווייטער איז שוין געשטאַנען די פּאַר-וואַלטערין און צוגענומען דאָס קינד. אין זעלבן הויז פּאַר אונטערגע-וואָרפענע קינדער האָט מיט אַ צייט שפּעטער געאַרבעט, ווי אַ קריסטלע-כע העלפערין, די חברטע פּערל עלנבויגן (איצט די פרוי פון חבר אברהם קאַהאַן אין שיקאַגאָ). מיט איר הילף איז מעגלעך געווען פּאַר דער מוטער צו קומען פון צייט צו צייט אין פינדל-הויז און קוקן אויפן קינד. די עלטערן האָבן נישט געטאָרט קומען צום קינד, אָבער פון צייט צו צייט איז די מוטער געקומען, ווען די קינדער האָבן זיך געשפּילט אין אַ קליי-נעם פּאַרק און זי האָט פון ווייטנס אַרומגענומען מיט די בליקן איר טעכטערל. שפּעטער האָט מיכאַל קלעפּפיש געפונען אַ וואוינונג ביי אַ פּוילישן אַרבעטער, וועלכער האָט אַמאָל געאַרבעט אין דער פאַבריק, וואו קלעפּפיש איז געווען דער אינזשיניער. די וואוינונג האָט זיך געפונען אויף גורנאַ-שלאָנסקאַ 3, און איז שפּעטער געוואָרן אונזער טרעף-פּונקט.

מיט אַ קורצער צייט שפּעטער האָט זלמן פרידריך אויך אַרויסגעבראַכט אויף דער „אַרישער" זייט זיין פרוי צילע מיט דער 6-יעריקער טאָכטער עלזע. אויך זיי האָבן נישט געהאַט קיין געהעריקן פּלאַץ צו וואוינען. אַלע דריי האָבן יעדן אָוונט געזוכט אויף אַ נאַנדער אָרט. פּערל עלנבויגן

האָט מיר איבערגעגעבן, אַז דריי טעג האָט זי געוואַנדערט מיט עלזען, כּדי צו געפֿינען פֿאַרן קינד אַ מקום־מנוחה. ביינאַכט איז זי געשלאָפֿן מיטן קינד אין אַ געוועלב, וואו אַ פּאָליאַק האָט זיי פֿאַרשלאָסן. דאָס זענען געווען נעכט פֿול מיט שרעק. יעדער שאָרך האָט דענערווירט. אויף איר פּנים האָבן טראָפּנס שווייס זיך געגאָסן. פּערעלע האָט צוגעטוליעט צו זיך דאָס קינד. זי האָט געציטערט, אַז עלזע זאָל נישט וויינען. ענדלעך האָט מען דאָס קינד אַוועקגעגעבן אין פּוילישן רעליגיעזן קינדער־הויז אין פּשעמישל.

# 22. ווידער אַקטיוו אין דער אונטערערדישער אַרבעט

ס׳האָט מער נישט געהאַט קיין זין צו בלייבן פאַרשלאָסן און פּאַסיוו. יענע אומשטענדן, וואָס האָבן מיך געצוואונגען נעלם צו ווערן פון דער אויבערפלאַך, זענען שוין געווען פאַרגאָסן מיט טייכן יידיש בלוט און פאַר־דעקט מיט מיליאָנען אויסגעהאַרגעטע פון אונזער פאָלק. כ׳האָב געדאַרפט זיך ווידער נעמען צו דער אַרבעט. און צו טון איז געווען אַזוי פיל.

די אַקטיווע בונדישע טוער אויף דער „אַרישער" זייט זענען געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט די פאַרבליבענע טוער אין געטאָ. דער ערשטער פאַר־בינדלער איז געווען זלמן (זיגמונט) פרידריך. זיין פאָטער — אַ בראַצ־לאַווער חסיד — אַ הויכער, פעסטער ייד, מיט אַ לאַנגער בלאָנדער באָרד, האָט געהאַט אַן אויסזען פון אַ טיפּישן „אַריער". זלמן אַליין, פון זיינע קינדער־יאָרן אָן, פונקט ווי זיינע שוועסטער, אַקטיוו אין דער בונדישער באַוועגונג, האָט אויך געהאַט אַזאַ אויסזען. שוין פאַר דער מלחמה האָט ער געטון וויכטיקע אַרבעטן אין בונדישע אינסטיטוציעס. אינטעליגענט און דרייסט, איז ער געווען אידעאַל צוגעפּאַסט צו דער פונקציע פון באַוועגן זיך הין און צוריק צווישן געטאָ און דער „אַרישער" זייט.

פאַרן איבערנעמען די נייע פונקציע האָט ער געהאַט אויסגעפירט אַ וויכטיקע און געפערלעכע שליחות. ווען מ׳האָט דעם 22טן יולי, 1942, אָנגעהויבן אַרויספירן די וואַרשעווער יידן קיין טרעבלינקע, האָט די אָנפירונג פון בונד אים אָנפאַרטרויט די זייער שווערע מיסיע פון פאָרן אַהין געוואָר ווערן וואָס מ׳טוט מיט די יידן. אין שטעטל סאָקאָלאָוו, אין נאָענטער שכנות פון טרעבלינקע, האָט ער צופעליק געטראָפן אונזער אַלטן חבר עזריאל וואַלאַך (אַ נאָענטער קרוב פון מאַקסים ליטווינאָוו־וואַלאַך. ווען עזריאל איז נאָך געווען אַ קליין קינד, פלעגט אים דער קינפּטיקער באָלשעוויסטישער פירער און סאָוועטישער אויסערן־מיניסטער ווינטער, אין די גרויסע שנייען אין ביאַליסטאָק טראָגן אויף די הענט אין חדר־אַריין). חבר עזריאל וואַלאַך איז שוין געווען אין טרעבלינקע און פאַרן אַריינפירן אין גאַז־קאַמער איז אים געלונגען צו אַנטלויפן. פון אים האָט

חבר זלמן זיך דערוואוסט גענויע פּרטים וועגן אופן פון אומברענגען די יידן פון וואַרשע און פון פיל אַנדערע שטעט. ער איז אַרויסגעפאָרן דעם 25טן יולי און איז צוריקגעקומען דעם 28טן יולי, 1942. זיין באַריכט האָט דער בונד גלייך פאַרעפנטלעכט אין אַ ספּעציעלער אויסגאַבע פון דער אונטערערדישער צייטונג שטורם. דער בונד האָט גערופן די וואַרשעווער יידן צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד און זיך נישט לאָזן נעמען צום אומברענגען.

פון די ידיעות, וואָס אונזער פאַרבינדלער זלמן פרידריך האָט גע־ברענגט פון געטאָ, איז געווען צו זען, אַז ביי די איבערגעבליבענע יידן האָט זיך געשטאַרקט די שטימונג פון קאַמף. מ׳האָט אָנגעהויבן שאַפן קאַמף־גרופּן. אין געטאָ האָט זיך דעם 20טן אָקטאָבער, 1942, פאַרמירט אַ קאָאָרדיניר־קאָמיטעט פון בונד און נאַציאָנאַלן קאָמיטעט (צו אים האָבן געהערט פאַרשידענע ציוניסטישע גרופּירונגען). ס׳איז אויך געשאַפן געוואָרן די יידישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע (זש.אָ.ב. — זשידאָווסקאָ אָרגאַניזאַציאַ באָ־יאָוואַ), וואָס איז געווען אונטערגעאָרדנט דעם קאָאָרדיניר־קאָמיטעט. דעם בונד האָבן אין קאָאָרדיניר־קאָמיטעט פאַרטרעטן אַבראַשע בלום און בערעק שניידמיל, אין דער קאָמענדאַנטור פון דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע — מאַרעק עדעלמאַן.

די דעפּאָרטאַציעס האָבן צונישט געמאַכט אַלע פריערדיקע פאַרבינ־דונגען מיט דער פּראָווינץ. מ׳האָט געדאַרפט אָנהויבן צו בויען אַלץ אויפ־סניי. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דער צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד זאָל באַשטיין פון עטלעכע חברים, וואָס געפינען זיך אויף דער „אַרישער״ זייט און פון צוויי חברים, וואָס געפינען זיך אין געטאָ. אין עטלעכע טעג אַרום איז פאָרגעקומען די ערשטע זיצונג פון נייעם צענטראַל־קאָמיטעט. צו דער ערשטער זיצונג, אין דער וואוינונג פון ס. פישגרונד אויף סענאַטאָרסקע 9, זענען געקומען די חברים פון דער „אַרישער״ זייט: ד״ר לעאָן פייגער, מאָוריצי אָזשעך, ס. פישגרונד, בערנאַרד גאָלדשטיין און יעקב צעלעמענסקי; פון געטאָ זענען געווען די חברים אַבראַשע בלום און בערעק שניידמיל.

דער צ. ק. האָט באַטראַכט אַ ריי דרינגענדיקע ענינים: ווי אַזוי צוריק פאַרבינדן די איבערגעריסענע פעדים מיט אויסלאַנד און מיט די בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין לאַנד, און ווי אַזוי שאַפן געווער פאַר די קאַמף־גרופּן אין געטאָ, ווי אויך וועגן באַזאָרגן דירות, דאָקומענטן און געלט פאַר די, וואָס האָבן זיך אַרויסגעריסן אויף דער „אַרישער״ זייט.

פון די באַריכטן, וואָס די חברים אַבראַשע און בערעק האָבן איבער־געגעבן, האָבן מיר באַקומען אַ בילד פון די קאַמף־שטימונגען אין דעם פאַרקלענערטן געטאָ. די געשאַפענע יידישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע האָט אַרויפ־געלייגט אַ שטייער אויף די רייכערע יידן און ס׳האָט זעלטן געטראָפן, אַז עמיצער זאָל זיך אָפּזאָגן צו צאָלן דעם שטייער. די פראַגע איז איצט געווען וואו צו קויפן געווער. דער קאָאָרדיניר־קאָמיטעט האָט באַשטימט, אַז יעדע

אָנגעשלאָסענע אָרגאַניזאַציע מוז האָבן פאַרטרעטער אויף דער „אַרישער" זייט, וואָס זאָל זיך ספּעציעל באַשעפטיקן מיט איינקויפן געווער. פון בונד זענען צום דאָזיקן צוועק געוואָרן צוגעטיילט: מיכאַל קלעפּפיש, זלמן פרידריך, חברטע וולאַדקע (פייגעלע פּעלטעל), חיים עלנבויגן און יעקב צעלעמענסקי.

דעם חבר לעאָן פיינער האָט מען איבערגעגעבן דריי וויכטיקע ענינים: רעפּרעזענטירן דעם בונד פאַר אויסלאַנד; שאַפן פאַר אינזשיניער מיכאַל קלעפּפיש אַ קאָנטאַקט מיט פּ. פּ. ס.־ישע פאַכלייט, וועלכע זאָלן אים לערנען צו מאַכן גראַנאַטן און אויפרייס־מאַטעריאַלן; שאַפן פאַר מיר אַ קאָנטאַקט מיט פּ. פּ. ס., וואָס זאָל אונז געבן אַ מעגלעכקייט צו קויפן געווער. מיר איז אויך אָנפאַרטרויט געוואָרן די מיסיע אַרויסצופאָרן ווי ווייט מעגלעך אין דער פּראָווינץ און שטעלן זיך אין פאַרבינדונג מיט איבערגעבליבענע געטאָס. אויף דער זעלבער זיצונג איז אויך באַשטימט געוואָרן צוציען צום צענטראַל־קאָמיטעט דעם חבר זדזשיסלאַוו מושקאַט, וועלכער האָט אין יענער צייט געאַרבעט ווי אַ בוכהאַלטער אין אַ דאָרף נאָענט פון וואַרשע.

אויף איינער פון מיינע טרעפונגען מיטן חבר פיינער האָט ער מיר געזאָגט, אַז די חברטע ד"ר העלענאַ קעלסאָן איז אַרויסגעקומען פון געטאָ. זי געפינט זיך אין זשאָליבאָזש און איך דאַרף זיך מיט איר טרעפן, ווייל זי קען אַ סך העלפן ביים באַקומען דירות, ווי אויך פּערזענלעכע דאָקומענטן פון מאַגיסטראַט. מ'האָט אָפּגערעדט, אַז איך זאָל זיך מיט איר מאָרגן טרעפן אויף מיאָדאָווע 25, אין גאָגאָלעווסקיס צוקערניע. ער האָט מיר אויך געזאָגט, אַז ס'איז דערשינען אַ נייער נומער פון אונזער אונטער־ערדישער צייטונג און איך דאַרף זיך צוגרייטן פאָרן קיין קראָקע און טאַרנאָוו און מיטנעמען אַ פּעקל צייטונגען.

ווען איך בין אַראָפּגעגאַנגען אויף דער גאַס, איז נאָך געווען פרי. כ'האָב נישט געהאַט וואו צו נעכטיקן. ס'איז נישט געבליבן קיין אַנדערע עצה ווי אַוועקפאָרן אין דער אַכסניה אויף קרולעווסקע גאַס, וואו איך האָב מיר פאַרזיכערט אַ געלעגער. פאַרבלייבן אין דער אַכסניה האָט נישט געהאַט קיין זינען. צו אַלע געפאַרן איז נאָך צוגעקומען וואָס פּוילישע פּאָליציאַנטן האָבן אין דעם מין אַכסניות געזוכט אַ קוואַל פון זייטיקע פּרנסות. זיי האָבן געוואוסט, אַז אַ טייל פון דעם עלעמענט, וועלכער קומט אַהער נעכטיקן, איז נישט איינגעמאָלדן און האָט נישט די געהעריקע פּאַפּירן, פלעגן זיי דעריבער קומען און שלעפּן געלט פון יעדן, וואָס איז נישט געווען אין אָרדנונג. נאָכן איינצאָלן פאַרן נאַכטלעגער בין איך צוריק אַראָפּ אויף דער גאַס. די טראָטואַרן זענען געווען פול מיט טויזנטער דורכגייער. אַרומדרייען זיך אָן אַ ציל איז נישט געווען געזונט. כ'האָב געזוכט עפּעס אַן אָרט, וואו כ'זאָל קאָנען פאַרברענגען אַ פּאָר שעה ביז דער צייט, ווען מען טאָר שוין נישט גיין אין די גאַסן. מיין בליק איז געפאַלן אויף אַ

רעקלאַמע פון אַ קינאָ. איך בין אַריין אינעווייניק, זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול און די אויגן האָבן זיך מיר פאַרמאַכט.

צומאָרגנס צען אין דער פרי בין איך שוין געשטאַנען ביי גאַגאַלעווסקיס צוקערניע. ס׳האָט מיר אַ שלאָג געגעבן אין פּנים דער ריח פון די אַלע קיכלעך און טשאַסטקעס, מיט וועלכע די צוקערניע איז געווען באַרימט. די וויסטאַווע איז געווען אויסגעשטעלט מיט כלערליי קיכלעך און טאָרטן. כ׳האָב אַ שטוף געטון די גלעזערנע טיר און כ׳האָב גלייך דערזען ביי אַ טישל דריי פרויען.

די דאָקטאָרין העלענאַ קעלסאָן איז מיר געווען באַקאַנט פון פריערדיקע באַגעגענישן אין געטאָ. זי איז געווען אַ מיטליאָריקע פרוי, מיט גרוילעכע שניירלעך האָר אויף איר גלאַט־פאַרקעמטן קאָפּ. זי האָט געהאַט אַ סימפּאַטיש פּנים און פלעגט לאַכן מיט אַן אַנגענעמען שמייכל. צוזאַמען מיט איר זענען געזעסן צוויי יינגערע פרויען: איינע פון זיי אַ נידעריקע, אַ בלאָנדע, די דאָקטאָרין אינקאַ שווייגער; די צווייטע, די יינגסטע — מאַרישאַ פיינמעסער, אַ טונקל־האָריקע און אַ שוואַרץ־אויגיקע. איר אויסזען איז נישט געווען קיין הונדערט־פּראָצענטיק „אַרישער", אָבער זי האָט זיך אויפגעפירט נאַטירלעך און מיט אַ דרייסטקייט, וואָס האָט נישט צוגעלאָזט קיין שום חשד. די דריי פרויען זענען געזעסן ביי אַ וויים־טישל, וואָס איז געווען אָנגעשטעלט מיט גלעזער טיי און מיט טעצלעך קיכלעך. כ׳בין גלייך צוגעקומען און האָב זיי קאַוואַלעריש, אויפן פּוילישן אופן, באַגריסט מיט אַ קוש אין האַנט. אין אַ מינוט אַרום זענען מיר אַלע פיר געזעסן אַרום טיש. ווער עמען פון די אַרומיקע וואָלט געקאָנט איינפאַלן, אַז די דאָזיקע פיר געסט, וואָס האָבן אַזוי געמיטלעך פאַרברענגט ביים טישל, זענען אַנטלאָפענע געטאָ־יידן, וועמענס לעבן איז געהאָנגען און הענגט ווייטער אויף דער דינסטער האָר?...

מיר האָבן גלייך באַשטימט, אַז די ערשטע אויפגאַבע איז צו געפינען אַ וואוינונג פון איין צימער, אין וועלכן די צוויי יינגערע חברטעס זאָלן זיך אַריינציען און וואָס זאָל ווערן אַ טרעף־פּונקט פאַר אונזערע טוער אויף דער „אַרישער" זייט. אין יענער צייט האָט מען אַזעלכע וואוינונגען נישט גע־דונגען, מ׳האָט זיי געמוזט קויפן. די מינימאַלע קויף־סומע איז געווען אַ צען־פופצן טויזנט זלאָטעס. דאָס האָט אויך געדאַרפט זיין אַ צימער מיט אַלע מעלות פאַר אַ קאָנספּיראַטיווער דירה. מאַרישאַ און אינקאַ האָבן אויף זיך גענומען גלייך אָנצוהייבן זוכן אַזאַ דירה און איך האָב צוגעזאָגט צו ברענגען דאָס בויטיקע געלט. די דאָקטאָרין קעלסאָן האָט געזאָגט, אַז זי וועט וואַרשיינלעך קאָנען עפּעס אויפטון ביים שאַפן געפעלשטע דאָקומענטן. זי האָט אַ באַקאַנטן פּוילישן באַאַמטן, וועלכער אַרבעט אין מאַגיסטראַט און האָט אַ צוטריט צו אַלע אָפיציעלע פּאַפּירן און סטעמפּלען. ביי אַ פריער־

דיקער געלעגנהייט האָט ער איר געשאַפן צוויי אַזעלכע דאָקומענטן און זי איז זיכער, אַז מען וועט דעם דאָזיקן באַאַמטן קענען אויסנוצן סיסטעמאַטיש.

מיט אַ קורצער צייט שפּעטער איז אויף איינער פון אונזערע באַגעגענישן אין דער זעלבער צוקערניע געקומען ד״ר אינקאַ שווייגער און דערציילט, אַז זי האָט געפונען אַ וואוינונג, וואָס וועט זיין אַן אידעאַל אָרט פאַר אַ טרעף־פּונקט. די וואוינונג פון איין צימער האָט זיך געפונען אויף מיאָדאָווע גאַס נומער 24, אין אַ הויז וואו עס זענען פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה געווען פוילישע געריכטן. איצט האָט מען ליקווידירט אַ טייל פון די געריכט־אַמטן און די ליידיקע צימערן האָט מען פאַרוואַנדלט אין פּריוואַטע דירות. די מעלה פון יענעם הויז איז באַשטאַנען אין דעם וואָס צוליב די געריכטן איז די באַוועגונג געווען אַ גרויסע און מ׳האָט געקאָנט אומבאַ־מערקט אַריינגיין און אַרויסגיין. דאָס פרייע צימער, וואָס אינקאַ שווייגער האָט געפונען, איז געווען אויפן צווייטן שטאָק און האָט געדאַרפט קאָסטן בלויז אָפּטרעט־געלט 10 טויזנט זלאָטעס.

כ׳האָב וועגן דעם דערציילט דעם חבר פיינער און ער האָט מסכים געווען, אַז דאָס צימער זאָל געדונגען ווערן אויפן נאָמען פון די צוויי חברטעס. פון איצט אָן האָבן מיר, די בונדישע אָרגאַניזאַציע אויף דער „אַרישער״ זייט, געהאַט צוויי פּערמאַנענטע טרעף־פּונקטן: אין דער וואוי־נונג פון די חברים פּאַפּיער, אויף זשאָליבאָזש, און ביי אינקאַ שווייגער און מאַרישאַ פּיינמעסער, אויף מיאָדאָווע 24.

ביז ס׳איז דערליידיקט געוואָרן די דירה אויף מיאָדאָווע גאַס האָב איך זיך געטראָפן נאָך עטלעכע מאָל מיט די מסירת־נפשדיקע און אומ־דערשראָקענע פרויען אין גאַגאָלעווסקיס צוקערניע. צום לעצטן מאָל האָבן זיי מיר געבראַכט אַ ביטערע נייעס, וואָס האָט מיך דערשיטערט. זיי האָבן מיר דערציילט, אַז אין זשאָליבאָזש, וואו עס האָבן געלעבט פאַר־שטעלטערהייט, אַלס „אַריער״, אַ צאָל יידישע פאַמיליעס, האָט זיך באַוויזן אַ באַנדע פוילישע „שמאַלצאָווניקעס״, וועלכע האָבן אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף די באַהאַלטענע יידן. דער ציל פון די „שמאַלצאָווניקעס״ איז געווען נישט איבערגעבן די יידן צו דער געשטאַפּאָ, נאָר האָבן פון זיי אַ גוטע פּרנסה. דאָס טראַגישסטע איז געווען וואָס מ׳איז געקומען אויף די שפּורן פון ד״ר העלענאַ קעלסאָן, אַז זי איז פאַרבונדן מיטן באַאַמטן פון מאַ־גיסטראַט, וועלכער העלפט איר אויסאַרבעטן פּאַפּירן פאַר יידן און מען האָט זי אַרעסטירט צוזאַמען מיט אַנקע, שוועסטער פון מאַרישע פּיינמעסער. אַז זיי זענען יידישע פרויען האָט מען נישט אויפגעדעקט. אַלס „אַריערינס״ האָט מען זיי אָוועקגעפירט אין לאַגער פון אָשוויענטשים. העלענאַ קעלסאָן האָט געאַרבעט אין לאַגער פון אָשוויענטשים אַלס דאָקטאָרין. זי האָט איבערגעלעבט די מלחמה און געפינט זיך איצט אין שוועדן.

# 23. אין די איינגעשרומפּענע געטאָס פון מערבֿ־גאַליציע

כ׳האָב זיך ווידער געלאָזט אין וועג אַריין קיין קראָקע. די באַן איז געווען געפּאַקט מיט פּאַליאַקן. אַ סך פון זיי זענען אויך געפאָרן צו דער זעלבער שטאָט. פון זייערע רייד האָב איך אַרויסגעדרונגען, אַז די קראָקע־ווער יידן זענען אַריינגעטריבן געוואָרן אין אַ געטאָ, וואָס איז אַרומגע־צוימט געוואָרן מיט דראָטן. דער רובֿ פון די פּאָרער איז באַשטאַנען פון הענדלער און זיי האָבן געשמועסט וועגן זייערע מסחרים מיט די יידן אין געטאָ.

איך בין געזעסן אויף אַ באַנק און זיך געמאַכט דרימלען, אָבער כ׳האָב זיך גוט צוגעהערט צו די שמועסן. מ׳האָט גערעדט אויף פאַרשידענע טעמעס, דעם אויבנאָן האָבן פאַרנומען יידן: די יידן האָבן אַרויסגערופן די מלחמה, זיי זענען שווינדלער, אַנטי־קריסטן א. אַ. וו., דאָס וואָרט „זשיד״ האָט ממש געזשומעט אין די אויערן. בלויז איין מאָל האָבן מיינע אויערן אויפגעכאַפּט אַ מענטשלעכע וואָרט וועגן יידן. אין צווייטן עק וואַגאָן איז געזעסן אַ מיטליאָריקער פּאַליאַק, מיט אַ פעט פּנים. ער האָט אַריינ־געוואָרפן זיינע פּאָר ווערטער: — כ׳האָב בלויז איין מאָל אין לעבן געהאַט צו טון מיט אַ ייד, דאָס איז געווען אַ דענטיסט. איך מוז זאָגן, אַז ער איז גראָד געווען אַ פיינער מאַן. ס׳איז טאַקע אמת, אַז ער האָט ליב געהאַט געלט, אָבער דערפאַר האָט ער מיך זייער ערלעך באַהאַנדלט.

די דאָזיקע פּאָר ווערטער האָבן געווירקט ווי אַ שטעקן אין אַ נעסט פון צעווילדעוועטע מוראַשקעס. פון ערגעץ האָט זיך דערהערט אַ גאַליקער זאָג: — יידן געפינען אומעטום זייערע אַדוואָקאַטן. אַ צווייטער האָט צוגעגעבן: — אַ מזלדיק פאָלק, וויפל שלעכטס זיי זאָלן נישט טון, פאַר־טיידיקט מען זיי.

אויף מיין באַנק איז געזעסן אַ דיקע קריסטין, וואָס האָט אויף זיך געטראָגן אַ פעלץ. זי האָט געזאָגט כלומרשט צו אַ שכן אַקעגנאיבער, אָבער זי האָט געוואָרפן זייטיקע בליקן צו יענעם פּאַליאַק מיט די פּאָר גוטע ווערטער וועגן דעם יידישן דענטיסט: — מיין ברודער האָט חתונה געהאַט מיט

אַ זשידואווקע, וואָס האָט זיך געשמדט, זי האָט אונז אַנטפּלעקט אַלע זייערע סודות. זי האָט אַליין צוגעהאָלפן באַקן מצות מיט קריסטלעך בלוט.

דער פּאַסאַזשיר, וועלכער האָט פריער געזאָגט די פּאָר גוטע ווערטער וועגן יידישן דענטיסט, האָט זיך דערשראָקן. ער האָט גענומען רעדן העכער ווי פריער, אַז אַלע זאָלן אים הערן און געפּרוואווט פאַרטרייבן דעם שלעכטן איינדרוק פון זיינע גוטע ווערטער. כ׳האָב דערפילט אַ דערלייכטערונג ווען דער צוג איז אָנגעקומען קיין קראָקע.

די שטאָט איז געווען אינגאַנצן אַ געענדערטע. איך בין געגאַנגען אין די צענטראַלע גאַסן און האָב נישט געזען קיין ייד פאַר די אויגן. איך האָב זיך געלאָזט קיין פּאָדגוזשע, צו דעם עק שטאָט וואו די יידן זענען געוואָרן אָפּגעשלאָסן. אויפן וועג צום געטאָ זענען די טראָטואַרן געווען פול מיט מענטשן. אין די געשעפטן האָט מען געזען די פּנימער פון די „אַרישע" יורשים. כ׳האָב געפילט ווי דאָס האַרץ קלאַפּט מיר. יעדעס מאָל ווען כ׳בין פאַרבייגעגאַנגען אַ הויז, אין וועלכן עס האָבן פריער געוואוינט אונזערע באַקאַנטע, האָט מיר אַ קלאַפּ געטון אין די שלייפן — „יודענריין".

ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און איך בין צוגעקומען צו דער ערשטער גאַס, וואו איך האָב דערזען דעם דראָטענעם פּאַרקאַן. פון דער צווייטער זייט זענען געווען געדיכט יידן. פון ביידע זייטן הונדערטער מענטשן, אָבער צווישן זיי שטייט אַ פּאַרקאַן, וועלכער ווערט געהיטן דורך אַ דריי־פּאַכיקער וואַך: יידישע און פּוילישע פּאָליציאַנטן און דייטשע זשאַנ־דאַרמען.

כ׳האָב זיך אָוועקגעשטעלט נישט ווייט פון אַזאַ באַוואַכטן טויער און האָב מיר אויסגעקוקט די אויגן — אפשר וועל איך דערזען פונדערווייטנס אַ באַקאַנטן. מיין וואַרטן איז געווען אומזיסט און ס׳איז אויך געווען געפערלעך. די וועכטער האָבן געקאָנט וואַרפן אויף מיר אַן אויג און אָנהויבן פאָרשן. כ׳האָב זיך נישט געקאָנט אויסגעבן פאַר אַ ייד, ווייל איך בין נישט געווען רעגיסטרירט אין דער קראָקעווער קהילה, און האָב אויך נישט געקאָנט אָן שום סיבה אַרומדרייען זיך דאָ ווי אַ פּאָליאַק. איך האָב דערפילט, אַז מען קוקט אויף מיר און די בליקן קומען נישט פון די וועכטער, נאָר פון די פאַרדעכטיקע ציווילע לייט, וואָס זענען געשטאַנען אויפן טראָטואַר. ס׳האָט געראָיעט מיט געהיים־פּאָליציי און פּוילישע כולי־גאַנעס, „שמאַלצאָווניקעס", וואָס האָבן שאַנטאַזשירט „אומלעגאַלע" יידן אויף דער „אַרישער" זייט.

כ׳בין צוריק אַוועק אין צענטער שטאָט און באַשלאָסן צו וואַרטן ביז פאַרנאַכט. כ׳האָב זיך דערוואוסט, אַז זעקס פאַרנאַכט גייען צוריק אין געטאָ אַריין די יידישע אַרבעטער, וועלכע זענען במשך פון טאָג באַשעפטיקט מחוץ דעם געטאָ. כ׳בין אַריין אין אַ קליינעם רעסטאָראַן און מיר געהייסן

דערלאַנגען עפּעס צו עסן. כ׳בין געזעסן אין אַ ווינקל און דאָרט געוואַרט ביז ס׳האָט אָנגעהויבן צו ווערן פינצטער. ערשט דעמאָלט בין איך אַרויס אין שטאָט און ווידעראַמאָל צוגעקומען צום טויער פון געטאָ.

פון דער שטאָט האָבן זיך גענומען אומקערן יידישע אַרבעטער־גרופּן. יעדע גרופּע האָט זיך לעגיטימירט ביי די דרייפּאַכיקע פּאָליצייאישע וואַכן. צו מיין גרויסער פרייד איז מיר באַלד אנטקעגנגעקומען אַ באַקאַנטער הויכער מאַן אין ווייס־פאַרשמירטע מלבושים. כ׳האָב אים גלייך דערקענט: דאָס איז געווען אונזער חבר זיגמונט בירקענפעלד. ער איז געווען אַ שטובן־מאַלער. אויך ער האָט מיך גלייך דערקענט און געוואָלט צו מיר צולויפן. איך האָב זיך שנעל אָפּגערוקט און געגעבן אים אַ וואונק מיט די אויגן, אַז ער זאָל אַריינגיין אין געטאָ און איך וועל דאָ צוואַרטן. ער האָט דעם וואונק מיינעם פאַרשטאַנען און איז אַריין דורכן טויער.

ס׳האָט נישט געדויערט קיין האַלבע שעה און פונם געטאָ־טויער זענען אַרויסגעקומען צוויי חברים — מאָטל קשענסקי און וויגדאָר וואַסער־לויף. זיי האָבן געהאַט רעכט אַרויסצוגיין, ווייל זיי האָבן געאַרבעט אויף דער אַרישער זייט. זיי האָבן מיר געגעבן אַ צייכן, אַז כ׳זאָל זיי נאָכגיין און זענען אַוועק מיט אַ גאַס ווייטער. דאָרט זענען זיי אַריין אין אַ טויער. כ׳בין זיי נאָכגעגאַנגען פונדערווייטנס און אין טויער האָבן מיר זיך צוזאַמענ־געטראָפן. אַז איך זאָל איצט אַריין אין געטאָ איז נישט געווען קיין רייד. צו דעם האָט מען געדאַרפט האָבן אַ רעגיסטראַציע־קאַרטע. אָבער וואו זאָל איך נעכטיקן? חבר וויגדאָר וואַסערלויף האָט געהאַט אַן איינפאַל. ער האָט איצט געאַרבעט ווי אַ שטובן־מאַלער אין אַ וואוינונג פון אַ געשטאַפּאָ־מאַן, צוליב דעם רעמאָנט איז דאָרט קיינער נישט געווען. ער וועט מיך אַריינפירן אַהין צום איבערנעכטיקן און מאָרגן אינדערפרי וועט מען זען ווייטער.

דאָס איז געווען זיין פאָרשלאַג און קיין אַנדערע עצה איז נישט געווען. איך האָב געמוזט מסכים זיין. מיר זענען ביידע אַוועק אין אַ ווייטער געגנט מיט נייע הייזער. דאָרט איז געווען אַ נעסט פון דייטשע געשטאַפּאָ־לייט. וויגדאָר וואַסערלויף, מיטן יידישן אָרעם־באַנד און מיט דער דערלויבניש זיך צו באַוועגן אויף דער „אַרישער" זייט, איז געגאַנגען פאָראויס, אָפּגעּ־רוקט פון מיר. מיר זענען אַדורכגעגאַנגען די גאַנצע שטאָט ביז מיר זענען צוגעקומען צו דער צווייטער זייט, וואו ס׳איז געווען אַ ניי־אויפגעבויטער קוואַרטאַל. חבר וואַסערלויף איז אַריין אין איינעם פון די געביידעס. ער איז שטיין געבליבן ביי אַ טיר, אויף וועלכער עס איז געהאָנגען אַ שילד מיט דער אויפשריפט: ס. ס. אָבערשטורמפירער היינץ. ער האָט אויפגעשלאָסן די טיר און איז אַריין אינעווייניק. איך בין אים שנעל נאָכגעגאַנגען און זיך געפונען אין אַ פולשטענדיק־ליידיקער דירה.

חבר וואַסערלויף האָט לאַנג נישט געקאָנט בלייבן. ער האָט מיר אָנגעּ־

זאָגט, אַז ער וועט דאָ קומען אינדערפרי, אַכט אַזייגער, מיט אַ יידישער אַרבעטער־גרופּע און ביז דעמאָלט זאָל איך קיינעם נישט עפענען די טיר. נאָכדעם ווי ער איז אַוועק האָב איך אַדורכגעקוקט אַלע פיר צימערן און געזוכט עפּעס אויף וואָס זיך אַוועקצולייגן. די דירה, וואָס האָט געשמעקט מיט קאַלך און פאַרב, איז געווען אינגאַנצן פּוסט. סוף־כל־סוף האָב איך זיך אַוועקגעלייגט אויף דער נאַקעטער פּאָדלאָגע. ליכט האָב איך נישט געטאָרט אָנצינדן. די אַרומיקע דירות זענען געווען באַוואוינט פון נישט קיין געוויינלעכע לאָקאַטאָרן, נאָר פון ס. ס.־לייט און געשטאַפּאָניקעס.

כ'האָב נישט געקאָנט איינשלאָפן. די פּאָדלאָגע איז געווען האַרט, די דירה — אַ קאַלטע. די גאַנצע צייט האָב איך מורא געהאַט, אַז עמיצער קאָן קומען. וואָס וועל איך דעמאָלט זאָגן? די שעהן האָבן זיך געצויגן לאַנג ביז אין די פענצטער האָט ענדלעך אָנגעהויבן צו בלויען. די ביינער האָבן מיר ווי געטון פון ליגן. כ'האָב זיך אויפגעהויבן כדי זיך צו דער־וואַרעמען, האָב איך אויסגעטון די שיך און אָנגעהויבן אַרומצוגיין שטיל אויף די שפּיץ פינגער, מ'זאָל אין דרויסן קיין שאָרך נישט הערן.

פּלוצלונג האָב איך דערהערט אַ קלאַפּעריי אין דער טיר. כ'בין געבליבן שטיין אַ פאַרשטייפטער און האָב נישט געוואַגט צו אָטעמען. דאָס קלאַפּן האָט זיך איבערגעחזרט, אָבער ס'איז געווען שוואַך און נישט דרייסט. כ'בין געשטאַנען אויף אַן אָרט און געוואַרט וואָס עס וועט פּאַסירן. ס'האָבן זיך דערהערט טריט און עמיצער איז אַראָפּ פון די טרעפּ. אינדרויסן איז געוואָרן ליכטיקער. פּונקט 8 אַזייגער האָט זיך דערהערט אַ דריי מיט אַ שליסל אין דער טיר. כ'האָב געהערט ווי ס'זענען אַריינגעקומען אַ צאָל מענטשן און כ'האָב דערקענט די שטימע פון חבר וויגדאָר וואַסערלויף. צווישן די אַריינ־געקומענע איז אויך געווען אַ פרוי. כ'האָב געהערט ווי וואַסערלויף האָט גע־זאָגט צו איר אויף פּויליש: — ניין, כ'ווייס נישט צי איך וועל עס קאָנען דערליידיקן.

די טיר פון צימער, וואו איך בין געווען, האָט זיך געעפנט און ס'איז אַריינגעקומען די גאַנצע גרופּע יידישע אַרבעטער און די פרוי. דאָס איז געווען אַ מיטליאָריקע פּוילישע פרוי, איינגעהילט אין אַ פּאַטשיילע. זי האָט זיך שטאַרק פאַרוואונדערט ווען זי האָט מיך דערזען, וואַסערלויף האָט מיך שנעל פאַרגעשטעלט: — דאָס איז פּאַן טשעסלאַוו. ער איז אונזער צושטעלער פון פאַרבן און אַנדערע מאַלער־אַרטיקלען.

די יידן זענען אַריין אַרבעטן אין די אַנדערע צימערן און די פרוי איז געבליבן מיט מיר. זי האָט געהאַט אַ גוטמוטיק פּנים און איז געווען אַ באַ־רעדעוודיקע. פון איר האָב איך זיך דערוואוסט אַ פּאָר שטוינענדיקע זאַכן. זי האָט קודם גערעדט מיט אַ סך מיטגעפיל וועגן די יידן, וועלכע ווערן געפּייניקט און אויסגענוצט. זי האָט מיר דערציילט, אַז זי אַרבעט ווי אַ דינסט ביי אַ דייטשן הויכן ס. ס. אָפיציר אין זעלבן הויז. נעכטן האָט זי

געהאַט אַ מאָדנע איבערלעבונג. צו איר באַלעבאָס איז געקומען צופֿאָרן זיינס אַ חבר פֿון טשעכאָסלאָוואַקיע, אַ ציווילער. ער האָט ביי איר געפֿרעגט צי ס׳איז מעגלעך, אַז זי זאָל פֿאַר אים באַזאָרגן אַ צעטל, אַז ער זאָל קאָנען אַריינגיין אין געטאָ. ער וויל טון אַ טובה זיינס אַ באַקאַנטן ייד פֿון טשע־כאָסלאָוואַקיע, וואָס געפֿינט זיך דאָרט. ער האָט אויך געבעטן צו באַזאָרגן אַהין אַ בריוועלע. דער אַדרעס איז געווען צו אַ פֿרוי. שפּעטער האָט ער באַקומען מער צוטרוי צו דער פּוילישער דינסט און איר געזאָגט, אַז די יידישע פֿרוי איז זיין מוטער.

די דינסט האָט גענומען פֿון אים דאָס בריוועלע און איז אַהערגעקומען דאָס צו באַזאָרגן דורך די יידישע אַרבעטער. דער מייסטער פֿון דער גרופּע, וואַסערלויף, האָט אָבער מורא געהאַט צו נעמען עס ביי איר און זי ווייסט נישט וואָס זי זאָל טון. קיין אַנדערע מעגלעכקייט צו באַזאָרגן דאָס בריוול זעט זי נישט. איך האָב איר צוגעזאָגט אַז איך וועל זיך באַמיען דאָס צו טון.

דער פֿאַקט, וואָס איך בין געווען גרייט איר צו טון די טובה, האָט נאָך מער פֿאַרשטאַרקט איר צוטרוי צו מיר און זי איז געוואָרן נאָך מער באַ־רעדעוודיק. דערציילנדיק פֿאַרשידענע מעשיות, איז זי צוגעקומען צו אַ טעמע, וואָס האָט מיך אַ הויב געטון פֿון אָרט: פֿאַר דער מלחמה, האָט זי מיר דערציילט, איז זי געווען 22 יאָר אַ דינסט ביי אַ יידישער פֿאַמיליע, וועלכע וואוינט איצט אין וואַרשע און זי איז ערשט נישט לאַנג צוריק געווען ביי זיי אויף אַ באַזוך. מיט אַ געפֿיל פֿון צער האָט זי אויך דערציילט אַז זי האָט דאָרטן געטראָפֿן אַ באַקאַנטן קראָקעווער דאָקטאָר, וואָס איז קראַנק און האָט געשוואָלענע פֿיס.

הערנדיק די רייד, האָב איך אַ ציטער געטון: כ׳האָב דאָך וועגן דער פֿרוי געהערט פֿון די חברים פֿאַפּיער, און איצט שטייט זי אומגעריכט פֿאַר מיר. יאָ, די זעלבע פֿרוי, וועמענס אַדרעס איך האָב נישט געטאָרט נעמען צוליב איר באַלעבאָס. מיט אַ שמייכל האָב איך אַ פֿרעג געטון: — אפֿשר זענט איר געווען אין דער וואַרשעווער פֿאַרשטאָט זשאָליבאָזש? מיר האָבןביידע זיך צעלאַכט.

כ׳האָב ביי איר צוגענומען דאָס בריוועלע און האָב איר געזאָגט, אַז איך וועל עס געוויס באַזאָרגן פֿאַר דער פֿרוי אין געטאָ. זי האָט מיך אַריינגעבעטן צו איר אין דער וואוינונג און גלייך געגרייט אַ פֿרישטיק. טאָמער, האָט זי געזאָגט, וועט קומען דער ס. ס. אָפֿיציר, בין איך אירס אַ קוזין.

כ׳האָב געוואוסט, אַז איך קאָן צו איר האָבן פֿולשטענדיקן צוטרוי און האָב איר געזאָגט, אַז איך קאָן גוט אירע געוועזענע באַלעבאַטים און איך אַליין בין אויך אַ ייד. איך האָב דאָ געגנעכטיקט, ווייל איך האָב נישט גע־קאָנט אַריין אין געטאָ. איך האָב עס איר געדאַרפֿט זאָגן, ווייל איך האָב גערעכנט, אַז זי קאָן מיר אַרויסהעלפֿן מיט אַ דירה אויף דער „אַרישער"

זייט. און אַזוי איז טאַקע געווען. נאָך אין זעלבן טאָג בין איך שוין געווען באַזאָרגט מיט אַ צימער ביי אַ פּוילישן סטרוזש, וועלכער האָט פּאַרנומען אַ וואוינונג אין אַ שכנותדיק הויז. זי האָט מיך פאַרגעשטעלט ווי אַ פּאָליאַק און האָט פאַר מיר גאַראַנטירט. דער סטרוזש האָט מיר אָפּגעטראָטן אַ באַזונדערע שטוב, וואָס איז פון איצט אָן געווען מיין דירה ווי לאַנג איך בין געווען אויף דער „אַרישער" זייט.

* * *

צומאָרגנס האָבן מיר די חברים געבערענגט אַ פּאַסיר־שיין, וואָס האָט מיר געגעבן די מעגלעכקייט אַריינצוגיין אין געטאָ. איך האָב אָפּגעוואַרט ביז פאַרנאַכט, ווען די יידישע אַרבעטער־גרופּן האָבן זיך אומגעקערט פון דער אַרבעט. כ'בין אַריין אין אַזאַ אָפּטיילונג און אַזוי אַדורך דעם געטאָ־טויער. מיר זענען צוגעקומען צו אַ הויז. וויגדאָר וואַסערלויף האָט אַ קלאַפּ געטון אין דער טיר און אויף דער שוועל איז שטיין געבליבן דער חבר מאָטל קשענסקי מיט זיין פרוי בערטאַ.

דאָרט האָט דעם זעלבן אָוונט געזאָלט פאָרקומען אַ יובילייִ־פייערונג פון בונד. פריער האָבן די חברים צונויפגערופן אַ זיצונג פון בונדישן קאָמיטעט. ס'זענען באַלד אַריינגעקומען די חברים ד"ר לעאָן נעמער, רוזשקע גלאַזער, לושקאַ אַלעקסאַנדראָוויטש, ישראל האַרענדאַרף, דוד הילף און זיגמונט בירקענפעלד. דער פאָרזיצער, חבר קשענסקי, האָט דערציילט וועגן געטאָ אין קראָקע. פאַרן קריג האָט דער יידישער ישוב געציילט 65 טויזנט יידן, איצט זענען געבליבן לעבן נאָר 20 טויזנט, שוין צוזאַמען מיט די אַריינגעשיקטע יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך. געבליבן זענען נאָר יענע, וואָס זענען געווען באַשעפטיקט ביי וויכטיקע אַרבעטן פאַר די דייטשן. ווען אַ ייד ווערט געכאַפּט אויף דער „אַרישער" זייט, באַקומט ער טויט־שטראָף. דער טעראָר איז מוראדיק. אין געטאָ פאַנעוועט די יידישע פּאָליצייִ. איר קאָמענדאַנט איז שמחה ספּירא, אַ געוועזענער פרומער ייד. עטלעכע מייל פון קראָקע הענגען שוין אַכט טעג 12 מענער, פּאָליאַקן און יידן, אַלס שטראָף פאַר דעם וואָס מ'האָט געפונען אַ דערהאַרגעטן פאָלקס־דייטש. דאָס אויפהענגען אומשולדיקע מענטשן האָט אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף די פּאָליאַקן און יידן, אויך אויף די וואָס ווילן זיך אַנטקעגנשטעלן אַ דייטשן אָנפאַלער. אין געטאָ זענען פאַראַן יוגנטלעכע און קינדער, וואָס מען מוז באַהאַלטן, ווייל די געשטאַפּאָ האָט ליקווידירט די יתומים־הייזער אויף דעם ברוטאַלסטן אופן. צענטליקער קינדער זענען אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן. די יוגנטלעכע, וועלכע האָבן נישט קיין אַרבעט־פּלעצער, ווערן געזוכט פון דער יידישער פּאָליצייִ. די יידישע פּאָליציאַנטן זוכן אין די הייזער זייערע קרבנות.

כ׳האָב אויך אויסגעהערט אויספירלעכע באַריכטן וועגן דער בונדישער טעטיקייט. דעם לעצטן 1טן מאַי (1942) האָבן די בונדיסטן געהאַט אַ פאַרזאַמלונג אין דער דירה פון חבר פישל איידעלמאַן, אונזערע חברים האָבן זיך פאַרשטענדיקט מיט אַ פאָרשטייער פון די פועלי־ציון וועגן שאַפן אַ געמיינזאַמען קאָמיטעט פון אַ קאַמף־גרופּע. ווען איך האָב אויף דער זיצונג דערלאַנגט אונזער צייטונג אויף דער וואַך, איז די שטימונג געוואָרן א הייטערע.

איינע פון די גרעסטע פּלאָגן איז פאַר די געטאָס געווען זייער טראַגישע איזאָלירטקייט. דאָס באַווייזן זיך פון אַ מענטש פון אַן אַנדערער שטאָט, בפרט נאָך פון אַ צענטראַלער ווי וואַרשע, האָט געגעבן די איזאָלירטע אין געטאָ דעם געפיל, אַז זיי זענען נישט אַליין. אויף דער זיצונג האָבן די חברים מיך אַוועקגעשטעלט אין אַ שווערער סיטואַציע. זיי האָבן גערעדט וועגן פּלענער, וואָס האָבן נישט געקענט פאַרווירקלעכט ווערן. כ׳האָב געקענט די אומשטענדן אויסער די געטאָ־ווענט און כ׳האָב געוואוסט ווי שווער ס׳איז די פּלענער און פאָרשלאַגן צו רעאַליזירן. אין דער זעלבער צייט בין איך אָבער אָנגעפילט געוואָרן מיט שטאָלץ און מוטיקייט, ווען כ׳האָב געזען זייער ווילן צו אַקטיווער אַרבעט און צו קעמפן.

די זיצונג איז איבערגעריסן געוואָרן און אין פאַרלויף פון געציילטע מינוטן האָבן זיך פאַרזאַמלט אין דעם ענגן צימער אַ דריי צענטליק מענטשן, חברים און חברטעס. מיר האָבן זיך האַרציק באַגריסט, פיל פון זיי האָב איך זייער גוט געקענט. ביי אַ גלעזל טיי און אַ שטיקל ברויט האָט דער עולם פריילעך זיך צעזונגען מיט שטילע און איינגעהאַלטענע טענער. דער חבר איידעלמאַן האָט רעציטירט פּרצס אַ פּאָעמע, דער חבר קשענסקי האָט געזונגען געבירטיקס פאָלקס־לידער. אין דעם מאָמענט האָב איך פאַרגעסן אין אַלץ, וואָס ס׳קומט פאָר אויף יענער זייט פון די געטאָ־מויערן. כ׳האָב געטראַכט: דאָ, אין געטאָ, טרינקען זיך די יידן אין אַ ים פון פּיין, ליידן און פאַרצווייפלונג, דער טויט־חלף ליגט זיי איבער האַלז, און דאָך לאָזט מען זיך נישט באַהערשן פון יאוש־שטימונגען. דער ווילן צום לעבן איז ביי די יידן שטאַרק. אונזערע חברים האָפן אויפן קומענדיקן זיג פון דער פרייער מענטשהייט איבער די דייטשע מערדער. פּלוצלונג זענען מיינע אויגן געפאַלן אויף דער חברטע רוזשקע גלאַזער, וואָס האָט שטילערהייט מיטגעברומט דאָס געזאַנג, און איך האָב באַמערקט ווי טרערן זענען געפאַלן אויף איר פּנים. זי האָט מיר דערלאַנגט אַ פּאָסט־קאַרטל פון אָשוויענטשים, אין וועלכן מען האָט איר מודיע געווען, אַז איר מאַן, משה, איז געשטאָרבן...

מיר אַלע האָבן געוואוסט, אַז נאָך די שוידערלעכע טאָרטורן אין דער געשטאַפּאָ, ווען מ׳האָט אים נישט געקענט איינברעכן, אַז ער זאָל אויסגעבן זיינע חברים, האָבן די נאַציישע אויסוואורפן אים דערמאָרדעט.

כ׳האָב געשמועסט מיט אַ צאָל חברים און חברטעס. אָט רעדט מיט

מיר חברטע לושקאַ, די פרוי פון מ. אַלעקסאַנדראָוויטש. זי זעט אויס אַ מידע און דערשעפּטע פון איר שקלאַפישער אַרבעט. דער קאָפּ אירער איז שוין באַזילבערט מיט דינע פעדים, אָבער פון איר יונגן פּנים שיינען אַרויס מילדע, קלוגע אויגן. אַרום איר זיצן אירע קינדער האַנושע און יורעק, און ס׳שטייט האַנושע — די ייִנגערע טאָכטער פון ד״ר איגנאַצי אַלעקסאַנדראָוויטש. אַלע האָבן איבערגעלעבט שווערע צייטן. ד״ר אַלעקסאַנדראָוויטשס טאָכטער האָט שוין געהאַט פאַרלוירן איר מוטער און עלטערע שוועסטער. מ׳האָט זיי אַוועקגעפירט צו די גאַז־קאַמערן. איך פיל איר טיפן ווייטאָג, ווען לושקאַ פרעגט מיך אפשר קען איך מיטנעמען האַנושען, איגנאַצעס טאָכטער קיין וואַרשע. ווען כ׳בין צוריקגעקומען קיין וואַרשע, האָב איך זי טאַקע מיטגענומען. די חברטע לושקאַ האָט זיך נישט איינגעבראָכן, זי האָט זיך זייער בראַוו געהאַלטן. יורעק האָט שוין דאַן געאַרבעט ביים חבר קשענסקי אין ווערקשטאַט אויף דער „אַרישער" זייט. לושקאַ מיט איר מיידעלע, האָבן, ליידער, דעם טראַגישן ייִדישן גורל נישט אויסגעמיטן... מ׳האָט זי מיט איר משפּחה אַוועקגעפירט און אַלעמען אומגעבראַכט. אין מיין זכרון איז געבליבן לעבעדיק ווי מיר האָבן זיך יענעם אָוונט וואַרעם געזעגנט און מיר זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען יעדער אויף זיין ליידנס־וועג.

די מיטגלידער פון קאָמיטעט זענען נאָך אַ שטיקל צייט מיט מיר געזעסן און ווייטער באַטראַכט די שווערע און טראַגישע פּראָבלעמען. זיי האָבן פאַרגעלייגט, אַז איך זאָל זיך ווענדן צו דער אונטערערדישער פּ.פּ.ס., און ביי איר פועלן איינצואָרדענען אַ 25 קינדער פון געטאָ אויף דער „אַרישער" זייט. אין געטאָ האָט געהערשט נויט און הונגער און פאַר די קינדער וואָלט עס פּשוט געווען אַ פיזישע רעטונג. צווייטנס, געוויסע עלטערן האָבן צוליב די קינדער נישט געקענט גיין אַרבעטן און דאָס האָט זיי געשטעלט אין אַ געפאַר פאַרלירן זייער רעכט צו פאַרבלייבן אין געטאָ. דער קאָמיטעט האָט אויך פאַרלאַנגט, אַז איך זאָל שאַפן קען־קאַרטעס פאַר יוגנטלעכע, וואָס זאָל זיי געבן אַ מעגלעכקייט צו זיין אויף דער „אַרישער" זייט און אַ טייל פון זיי אַריבערפירן קיין וואַרשע. כ׳האָב גוט געוואוסט וועגן די שוועריקייטן דאָס צו רעאַליזירן און געפילט, אַז מען לייגט אויף מיר אַרויף אַן אומגעהויער שווערע אויפגאַבע, אָבער כ׳האָב נישט געהאַט קיין מוט זיי צו זאָגן, אַז איך זע גאָר קליינע האָפנונגען אויפצוטון עפּעס ממשותדיקס.

כ׳האָב שפּעטער אַ גאַנצע נאַכט נישט געקאָנט שלאָפן צוליב עגמת־נפש. 25 קינדער... ווי אַזוי דערליידיקט מען דאָס? ווי אַזוי פירט מען אויס די אַנדערע געשטעלטע אויפגאַבעס? ווי אַזוי שאַפט מען פאַר די חברים אַ ביסל געווער וואָס זיי האָבן פון מיר פאַרלאַנגט אָדער פאַלשע קען־קאַרטעס? כ׳האָב אויך געטראַכט וועגן נאָך עפּעס. אויף דער זיצונג האָט מען דערציילט, אַז ביים עק שטאָט, אין פּלאַשאָוו, האָבן די דייטשן געשאַפן

אַ לאַגער פאַר יונגע מענער. דער לאַגער האָט זיך גערופן „יולאַג". די באַ־דינגונגען זענען דאָרט געווען מער דערטרעגלעכע. אַ טייל פון די אַרבעטנדיקע האָבן אפילו געהאַט אַ רעכט צו קומען פון צייט צו צייט אין געטאָ, וואו זיי האָבן געהאַט די פאַמיליעס (פון מערץ 1943 איז דער פּלאַשאָווער לאַגער שטאַרק פאַנאַנדערגעבויט געוואָרן און מ'האָט אַהין אַריינגעטריבן די געבליבענע יידן פון קראָקע און אַנדערע ערטער, אויך דער רעזשים איז געוואָרן אַ סך שטרענגער). כ'האָב באַשלאָסן אַריינצוקריגן זיך אין פּלאַשאָווער לאַגער און אָנבינדן אַ קאָנטאַקט מיט די בונדישע חברים.

באַלד אין דער פרי בין איך אַרויס פון געטאָ, האָב אויסגעטון דעם אָרעם־באַנד און בין אַוועק צו מיין פּ. פּ. ס.ישן „קאָנטאַקט" וואָס איך האָב באַקומען פון חבר פאַפּיער אין וואַרשע. אויפן קראָקעווער גרויסן „רינעק" איז געשטאַנען אַ פאַליאַק ביי אַ טישל מיט גרינוואַרג. כ'האָב געדאַרפט צו אים צוגיין, זאָגן אים מיין אונטערגרונט־נאָמען און בעטן צו זען דעם חבר מאַרעק. דאָס איז געווען דער אַלטער פּ. פּ. ס.ישער טוער באַבראָווסקי, וועלכן איך האָב געקענט פון 1940. דער הענדלער האָט מיך לאַנג אָנגע־קוקט און סוף־כל־סוף געהייסן מיך קומען מיט עטלעכע שעה שפּעטער. כ'האָב זיך אַרומגעדרייט איבער מיט שניי־באַדעקטע גאַסן און בין געווען אַדורכגענומען מיט אַ ביטערער קעלט. צו דער באַשטימטער צייט בין איך ווידער צוגעקומען צום טישל מיט „וולאָשטשיזנע" און דער הענדלער האָט מיך איצט אויפגענומען אַ סך פריינטלעכער. ער האָט מיר געזאָגט, אַז מאַרעק וואַרט אויף אַ באַשטימטער באַנק, אויף די פּלאַנטן. איך בין אַהין אַוועק, האָב אָפּגעציילט די בענק און האָב דערזען זיצן אַ מאַן אין אַ ווינטער־פּאַלטן, מיט אַן אויפגעשטעלטן קאָלנער. כ'בין צו אים צוגעגאַנגען. ער האָט מיך אָנגעקוקט און געזאָגט: — טשעסלאַוו?

כ'האָב אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ. ער האָט זיך אויפגעשטעלט און האָט גענומען שנעל גיין. איך בין געגאַנגען נאָך אים אַ שווייגנדיקער. מיר זענען צוריק אַריין אין די גאַסן און זענען געקומען צו אַ הויז. דאָרט האָט ער זיך אָפּגעשטעלט ביי דער טיר פון אַ דענטיסט. מיר זענען אַריין אין דענטיסטישן קאַבינעט. איך האָב מיט אים גערעדט וועגן איינאָרדענען אויף דער „אַרישער" זייט 25 געטאָ־קינדער, וועגן שאַפן אַ ביסל געווער פאַר אונזערע חברים ווי אויך באַזאָרגן זיי מיט פּוילישע אונטערערדישע צייטונגען. וואָס שייך די קינדער, האָט מאַרעק טרויעריק צעלייגט די הענט, אָבער ער האָט צוגעזאָגט צו טון אַלץ, וואָס וועט זיין מעגלעך. דער שווערסטער פּראָבלעם איז געווען צו באַקומען געווער. מאַרעק האָט מיט פאַרביטערונג גערעדט, אַז דאָס איז פאַר זיי אַליין אַן אָנגעווייטיקטער ענין. כ'האָב געוואוסט, אַז זיינע ווערטער זענען נישט קיין פּוסטע און ער וועט מאַכן באַמיאונגען וועגן דעם, כאָטש פאַר אונז ביידע איז נישט געווען פרעמד, ווי שווער דאָס איז צו רעאַליזירן. איך האָב געהאַט גרייט

אַן אַדרעס, וואו די פּ. פּ. ס. האָט געקאָנט איבערגעבן אירע צייטונג־מאַ־טעריאַל פאַרן געטאָ. דער חבר מאָטל קשענסקי האָט געאַרבעט אויף דער „ארישער" זייט און ער האָט עס געדאַרפט אַריינשמוגלען אין געטאָ.

דעם זעלבן אָוונט האָב איך זיך אומגעקערט אין מיין דירה צו דעם פוילישן סטרוזש און אין דער פרי האָב איך זיך געזען אין דער לייַ־דיקער דירה פון ס. ס. אָפּיציר מיטן חבר וויגדאָר וואַסערלויף. ער האָט מיר דערלאַנגט אַ פּאַסיר־שייַן, וואָס האָט מיר געגעבן די רעכט אַריינצוּ־קריגן זיך אין אַרבעט־לאַגער פון פּלאַשאָוו. ער האָט מיר געזאָגט, אַז מען האָט שוין צו וויסן געגעבן אין לאַגער דעם חבר לייב נאַגלער וועגן מיין קומען.

איך בין גלייך אַוועק אין דער ריכטונג פון לאַגער, אין צווייטן עק שטאָט. דעם גאַנצן וועג בין איך געגאַנגען ווי אַ פּאָליאַק, ביים טויער פון לאַגער האָט מיך שוין אָפּגעוואַרט דער חבר לייב נאַגלער, אַ הויכער און שייך־געבויטער בחור מיט פריינטלעכע און פריילעכע אויגן. כ'האָב שנעל אַרויפגעצויגן אויפן אַרבל דעם יידישן באַנד און האָב מיך מיט אים הייס באַגריסט. יעדן אינדערפרי האָט אַן ס.ס.־מאַן אַוועקגעפירט די יידישע יונגעלייט צו דער באַן, וואו זיי האָבן געאַרבעט ביי לאַסט־וואַגאָנען און האָבן זיך פאַרנאַכט צוריק אומגעקערט. חבר נאַגלער האָט מיר גלייך געזאָגט, אַז איך קאָן נישט פאַרבלייבן ווי אַ גאַסט. דער איינציקער אופן צו בלייבן איז זיך אָנשליסן אין אַן אַרבעט־גרופּע.

איך בין איבערגעבליבן אין לאַגער. אינדערפרי בין איך מיטגעגאַנגען צו דער באַן, וואו מיר האָבן געלאָדעוועט סחורות אין די וואַגאָנען און פאַרנאַכט האָבן מיר זיך אומגעקערט אין לאַגער. צווישן די הונדערטער יידן זענען געווען אַ צאָל בונדיסטן. מיר האָבן אָפּגעהאַלטן פאַרזאַמלונגען. מיט גרויס אינטערעס האָבן די חברים אויסגעהערט מיינע באַריכטן פון אַנדערע שטעט און פון צענטראַל־קאָמיטעט אין וואַרשע. זיי האָבן מיך געפרעגט צי ס'איז נישט פאַראַן קיין מעגלעכקייט צו מאַכן באַמיאונגען, אַז מ'זאָל זיי אַרויסלאָזן פון לאַגער און לאָזן זיך איינאָרדענען אין אַ שטאָט. דאָס איינציקע, וואָס כ'האָב זיי געקאָנט צוזאָגן איז געווען, געוואָר צו ווערן צי מ'קען עפּעס טון. אָבער כ'האָב זיי געזאָגט, אַז זיי דאַרפן זיך נישט מאַכן קיין אילוזיעס. זיי זענען געווען זייער צופרידן וואָס כ'האָב איינ־געשטעלט מיט זיי אַ קאָנטאַקט און פון מיין צוזאָג, אַז זיי וועלן אינפאָר־מירט ווערן וועגן דעם, וואָס קומט פאָר אין לאַנד און אויב עס וועט זיין מעגלעך, וועט מען זיי אויך באַזאָרגן מיט אונטערערדישער ליטעראַטור און עווענטועל מיט הילף.

נאָכן צווייטן טאָג האָב איך זיך געזעגנט מיט די חברים, האָב אויס־געטון דעם אָרעם־באַנד און בין צוריק אַוועק אין שטאָט. ווען איך בין צוריקגעקומען פון לאַגער, בין איך אויפן צווייטן טאָג אַוועק צום חבר



אַבראַשע בלום



יאַנקל מענדעלסאָן



זיגמונט איגלאַ



פייגעלע גאָלדשטיין



בערעק שניידמיל



הענעך רוס





לייב גרוזאַלץ



דוד האָכבערג

קאָמענדאַנטן פון בונדישע קאַמף־גרופּן בעתן וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד

מאָטל קשענסקי אין ווערקשטאַט. ער האָט מיר איבערגעגעבן, אַז ער באַקומט שוין די צייטונגען פון פּ. פּ. ס., אָבער דאָס אַריינטראָגן אין געטאָ די ליטעראַטור איז פאַרבונדן מיט אַ גרויסער ריזיקע. די פּאָליציי און די ס. ס.־לייט מאַכן אָפט פּערזענלעכע רעוויזיעס ביים אַריינגיין אין געטאָ. די ליטעראַטור האָבן אַריינגעטראָגן ער, דער חבר מאָטל קשענסקי, און דער יוגנטלעכער יורעק, דער זון פון מאַקס אַלעקסאַנדראָוויטש. זיי האָבן פּשוט איינגעשטעלט זייערע לעבנס.

איך בין באַלד אַוועקגעפאָרן באַזוכן עטלעכע אַנדערע שטעט: טאַרנאָוו, בריגל (בזשעסקאָ) און באָכניע. ווען כ׳בין צוריקגעקומען קיין קראָקע, האָב איך זיך געזען מיטן חבר מאַרעק פון דער פּ. פּ. ס., אונזער באַגעגעניש איז געווען אַ קורצע. מאַרעק האָט מיר געגעבן עטלעכע ״קען־קאַרטעס״. דאָס איז געווען דאָס איינציקע, וואָס איך האָב פון אים באַקומען. אַלע אַנדערע ווענדונגען זענען דערוויַיל פאַרבליבן אָן קאָנקרעטן ענטפער.

כ׳בין דעם זעלבן טאָג אַריין אין געטאָ. אַלץ האָט אויסגעזען צו זיין אַ סך טראַגישער און יאָמערלעכער, ווי ביי מיין פריערדיקן באַזוך. אין די פּנימער פון די יידישע דורכגייער איז איצט געלעגן אַ נייע שרעק, וואָס איז אַנטשטאַנען צוליב דעם, וואָס די דייטשן האָבן אויפסניי אָנגעהויבן אַדורכפירן דעפּאָרטאַציעס. צוזאַמען מיט דער שרעק איז אויך געווען אַ שטימונג פון יאוש און פּאַסיווקייט, וואָס איז געקומען פון אַ פאַרצווייפלטער האָפנונגלאָזיקייט. די יידן האָבן זיך אַרומגעדרייט אין די גאַסן כמעט שווייגנדיקע. טראָץ דער באַוועגונג פון טויזנטער מענטשן, האָט געהערשט אַ דערדריקנדיקע שטילקייט.

כ׳האָב געווענדט מיינע טריט צו דער וואוינונג פון אונזער חברטע, דער קינדער־דאָקטאָרין פּאולינע וואַסערבערג. זי צוזאַמען מיט איר שוועסטער אַ דענטיסטין האָט געוואוינט אין צוויי קליינע צימערלעך (זייער ברודער, ד״ר זיגמונט וואַסערבערג, אַן אַקטיווער בונדיסט, איז בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה אַרעסטירט געוואָרן דורך דער סאָוועטישער מאַכט און איז אומגעקומען אין סאָוועט־רוסלאַנד). דאָס ערשטע צימערל איז געווען אַ מין וואַרט־זאַל. ווען כ׳האָב געעפנט די טיר, האָב איך דערזען אויף בענקלעך און אויף שטולן יונגע יידישע מאַמעס מיט קינדער אין די אָרעמס. זיי זענען געזעסן דערשראָקענע און נידערגעשלאָגענע. יעדע מאַמע האָט געטוליעט איר קינד מיט אַ באַוועגונג, ווי זי וואָלט עס אַרומגעהילט פאַר אַ סכנה. צווישן די פרויען איז געזעסן די דאָקטאָרין, חברטע פּאולינע. זי איז געזעסן מיט איר גרויסן גרויען קאָפּ האָר און מיט אַ שמייכל אויף איר פריינטלעך פּנים. פון איר געשטאַלט איז געפלאָסן אַ רואיקייט און אַ פייערלעכקייט. די מאַמעס זענען נישט געקומען צו איר נאָך מעדיצינישע עצות פאַר די קינדער. זיי האָבן געדאַרפט אַ רפואה פאַר זייער שרעק, פאַר זייער אומרו און פאַר די צעטרייסלטע נערוון.

די חברטע פּאָולינע וואַסערבערג האָט זיך מיט מיר וואָרעם באַגריסט. ווען די פרויען זענען אַוועקגעגאַנגען, האָט זי מיך אַריינגעפירט אין צווייטן צימער און האָט פאַרבריט אַ גלאָז טיי. נאָכדעם ווי די יידישע מאַמעס זענען אַוועקגעגאַנגען האָט זי מער נישט געדאַרפט שפּילן די שווערע ראָלע פון אַ טרייסטערין. איצט איז זי אַליין געזעסן אַ פאַרטרויערטע, מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט, איצט האָט זי אַליין געדאַרפט אַ טרייסט. זי האָט מיר געזאָגט, אַז די יידישע מאַמעס קומען דאָ אַהער נאָך שלאָף־מיטלען איינצוגעבן די קינדער בעת די נאַצישע „אַקציעס". זי האָט מיר דערביי דערציילט וועגן אַ פאַל וואָס האָט פּאַסירט מיט אַ פּאָר טעג צוריק.

די דייטשן האָבן שפּעט ביינאַכט אַרומגערינגלט הייזער, כדי „אויסצוזידלען" די איינוואוינער. אַ צאָל יידן זענען אין גרויס בהלה אַרויפגעלאָפן אויף אַ בוידעם און דאָרט זיך באַהאַלטן פאַר די כאַפּערס. צווישן די יידן האָט זיך אויך געפונען אַ פרוי מיט אַ פּיצל קינד. פון דער צווייטער זייט וואַנט האָט מען שוין געהערט דאָס טופּען פון די נאַצישע שטיוול, די פאַרצווייפלטע געשרייען פון די יידן, וועלכע מען האָט אַרויסגעשלעפּט פון די שטובן, כדי זיי אַוועקצופירן צו די וואַגאָנען. אויף דעם ענגן און אומבאַשיצטן בוידעם האָבן די יידן איינגעהאַלטן דעם אָטעם. פּלוצלינג איז געשען אַן אומגליק: אַ קליין קינד האָט זיך צעוויינט. צווישן די יידן איז אויסגעבראָכן אַ פּאַניק. די שרעק פאַרן טויט איז געווען אַזוי גרויס אַז ס'האָבן זיך גענומען ציען צום קינד הענט כדי עס צו דערשטיקן. די מוטער האָט זיך ביי זיי געבעטן רחמים. אינמיטן דעם געראַנגל איז די מוטער אַריינגעפאַלן אין היסטעריע און זי האָט אויסגערופן: — אויב איר וועט טאָן שלעכטס מיין קינד, וועט איר אַלע אומקומען. די ווערטער האָבן דעם צעשראָקענעם עולם אויסגעניכטערט. די מוטער האָט איינגעגעבן דעם וויינענדיקן קינד אַ שלאָף־פּיל און דאָס קינד איז איינגעשלאָפן. (ביידע האָבן איבערגעלעבט די מלחמה. זי איז אַ שוועגערין פון אונזער אומגעברענגטן חבר משה פעלצמאַן־גלאַזער פון קראָקע). די באַהאַלטענע יידן זענען געראַטעוועט געוואָרן. פון דעמאָלט אָן האָבן מאַמעס זיך אָנגעהויבן צו באַזאָרגן מיט שלאָף־מיטלען פאַר זייערע קינדער. זיי קומען צו דער חברטע וואַסערבערג און בעטן ביי איר טאַבלעטן. אָבער די טאַבלעטן זענען זייער שווער צו באַקומען.

כ'האָב איבערגעלאָזט פאַר פּאַולינען מיט איר שוועסטער צוויי קענקאַרטעס זיי זאָלן אין פאַל פון נויטווענדיקייט קאָנען אַנטלויפן קיין וואַרשע. פּאַולינע האָט זיי קיינמאָל נישט גענוצט. זי איז נישט אַוועק, זי האָט געוואָלט פאַרבלייבן צווישן די יידישע פרויען און קינדער, וואָס האָבן זי געדאַרפט.

מיט אַ צייט שפּעטער איז אָנגעקומען אַ ידיעה קיין קראָקע אַז אין אַרבעט־לאַגער פון יונגע יידישע מענער אין שטשעבינאַ איז אויסגע־

בראָכן אַ שווערע עפּידעמיע. די נאַציס דראָען צו פאַרברענען די באַראַקן מיט די יידן לעבעדיקערהייט, אויב די עפּידעמיע וועט נישט אויפהערן. פון קראָקעווער געטאָ האָבן זיך פריוויליק געמאָלדן פיר יידישע דאָקטוי־רים צו פאָרן העלפן די קראַנקע. די חברטע פאַולינע איז געווען איינע פון די פיר פריוויליקע דאָקטוירים, און שפּעטער איז זי צוזאַמען מיט אַלע אין לאַגער אומגעקומען. אַזוי איז אויסגעלאָשן געוואָרן דאָס לעבן פון אַ וואונדערבאַרן מענטש, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ מוטערלעך האַרץ און אַ צאַרטע נשמה, און געטראָגן טרייסט און הילף צו די וועמען דער פאַרברעכערישער מאַניאַק אַדאָלף היטלער האָט פאַרמשפּט צום אומקום.

אונזערע חברים האָבן קודם כל געוואָלט ראַטעווען די קינדער, אָבער אויך דאָס האָט מען נישט באַוויזן. די באַמיאונגען אַרויסצופירן 25 קינדער אויף דער „אַרישער" זייט, האָבן קיין פּאָזיטיווע רעזולטאַטן נישט גע־ברענגט. די פּ. פּ. ס. האָט אין עטלעכע טעג אַרום געענטפערט, אַז זי קאָן גאָרנישט טון וואָס שייך באַהאַלטן 25 יידישע קינדער אויף דער „אַרישער" זייט. דער נעגאַטיווער ענטפער האָט געמאַכט אַ גאָר שווערן איינדרוק אויף אונזערע חברים.

פאַר דער צייט פון מיין זיין אין קראָקע איז מיר אויסגעקומען צו זען שוידערלעכע בילדער. איין בילד האָט זיך מיר שטאַרק איינגעקריצט אין זכרון און איך זע עס נאָך ביז היינט פאַר מיינע אויגן. געווען איז עס אַ פאַרנאַכט, ווען יידישע אַרבעטער האָבן זיך אומגעקערט פון זייער אַרבעט אויף דער „אַרישער" זייט און זיך געזאַמלט ביים טויער פון געטאָ. ביי די דראָט־פאַרצוימונגען האָב איך געזען ליגן אַ יידיש קינד באַגאָסן מיט בלוט. אַרום דעם צעהאַקטן קרבן האָבן זיך געוואַלגערט ברויט, שטיקלעך פלייש און אַנדערע זאַכן, וואָס קינדער האָבן באַוויזן אַריינצושמוגלען, כדי צו דערהאַלטן דאָס לעבן פון זייערע נאָענטע. פאַר אַזאַ „חטא" האָט איצט אַ יידיש קינד באַצאָלט מיטן לעבן.

פאַרן פאַרלאָזן קראָקע האָב איך איבערגעגעבן דעם חבר מאַרעק פון פּ. פּ. ס., אַז ער דאַרף אָנהאַלטן דעם קאָנטאַקט מיטן חבר מאָטל קשענסקי. פון וואַרשע האָבן מיר איינגעהאַלטן דעם קאָנטאַקט מיט דער פּ. פּ. ס. אין קראָקע ביז דעם אויסברוך פון וואַרשעווער אויפשטאַנד אין 1944. דורך פּוילישע סאָציאַליסטן, וואָס זענען פון צייט צו צייט געקומען קיין וואַרשע, האָבן מיר באַקומען באַריכטן פון אונזערע קראָקעווער חברים. עטלעכע מאָל זענען אויך געפאָרן אונזערע שליחים קיין קראָקע. ווען מיר האָבן שפּעטער באַקומען ידיעות, אַז אין דער טורמע מאָנטעלופּיך זענען קאַשאַרירט געוואָרן אַ גרופּע יידישע פאַכמענער, און צווישן זיי געפינען זיך אויך אונזערע חברים פישל איידעלמאַן, מאָטל קשענסקי און אהרן זאַנאַבענד, האָבן מיר מיט דער הילף פון פּ. פּ. ס. באַקומען אַ קאָנטאַקט מיט אַ פּוילישער פרוי, וועלכע האָט געהאַט אַ מעגלעכקייט צו באַזאָרגן פאַר זיי אַ בריוול

און אַ קליינע מאַטעריעלע הילף. מיר האָבן געשיקט אונזער קוריערין, די חברטע ד״ר אינקע שווייגער, וועלכע איז געפאָרן קיין קראָקע און זי האָט עס דערליידיקט. דאָס אַריינגעשיקטע בריוועלע האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אויף אונזערע חברים. דאָס בריוול האָט ביי זיי אַרויסגערופן אַ שטראַל פון האָפענונג, האָט זיי דערמוטיקט אַליין אויסצוהאַלטן און אויפמונטערן אויך די אַנדערע יידן.

אין דעם לעצטן קראָקעווער אַרבעט־לאַגער אין פלאַשאָוו, וואו ס׳האָבן נאָך געלעבט אַ צוויי צענטליק טויזנט יידן, איז געווען טעטיק אַ בונדישער קאָמיטעט פון די חברים ד״ר לעאָן נעמער, רוזשקע גלאַזער, בערטאַ קשענסקי, נפתלי שיסלער און ישראל האַרענדאָרף. מיט דער פּ. פּ. ס. האָט אָנגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט ד״ר לעאָן נעמער. ער איז געווען אַן אַדוואָקאַט, אַ רויִקער, באַשיידענער מענטש, פון זיינע יוגנט־יאָרן אָן איז ער געווען אַ טרייער בונדיסט. אין די ייִנגערע יאָרן איז ער געווען אַ שניידער און אַ גרינדער פון פאַרבאַנד פון דער יידישער אַרבעטער־יוגנט. אַ דאַנק זיין שטאַרקן כאַראַקטער איז ער פון אַ שניידער־ייִנגל געוואָרן אַן אַדוואָקאַט. אין די טעג האָט ער געאַרבעט און אין די נעכט שטודירט. דעם חבר נעמער איז געווען פרעמד יאוש אַפילו אין די פאַרצווייפעלטסטע און האָפענונגסלאָזסטע סיטואַציעס. אין די שווערסטע צייטן האָט ער אין פלאַשאָווער לאַגער אַרויסגעוויזן אומגעהייערע דרייסטקייט און מוט. ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן איז ער אַרויסגעטראָטן קעגן דער יידישער פּאָליציי און אַנדערע קאָלאַבאָראַנטן —ביים אַרויסשיקן יידן פון לאַגער צו פאַרניכטונג, אָדער ביים באַקומען שפּייז, אַ פלאַץ צום שלאָפן א. ד. גל. אין יענער צייט איז ביי אים אַלץ געווען פון גרויסער וויכטיקייט. ער האָט זיך איינגעשטעלט פאַרן כלל און פאַרן מענטשלעכן כבוד, אַפילו ווען ער האָט געדאַרפט שטעלן אין קאָן זיין אייגן לעבן. ד״ר לעאָן נעמער איז געווען זייער פּאָפּולער צווישן די טויזנטער יידן אין פלאַשאָווער אַרבעט־לאַגער. זיי האָבן אָפּגעשאַצט זיין ערלעכקייט און זיין דרייסט פאַרטיידיקן די באַעוולהטע.

ביים ליקווידירן דעם טאַרנאָווער געטאָ האָט מען אַ צאָל יידן איבערגעפירט אין פלאַשאָווער אַרבעט־לאַגער. צווישן זיי האָט זיך אויך געפונען אַ גרופּע יונגע מיידלעך — קינדער פון אונזערע חברים. זיי האָבן אויסגעזען ווי סקעלעטן. זיי זענען געווען אויסגעהונגערט און כמעט אָן קליידער. די חברטע רוזשקע גלאַזער האָט זיך פאַרנומען מיט דער גרופּע. זי האָט ממש וואונדער באַוויזן ביים איינאָרדענען די גרופּע מיידלעך. זי האָט פאַר זיי געשאַפן אַן אַרבעט־פּלאַץ, אַ געלעגער צום שלאָפן, קליידער און אַ ביסל שפּייז. חברטע רוזשקע גלאַזער האָט דערביי ריזיקירט מיט איר אייגן לעבן. ליידער זענען פון דער גאַנצער גרופּע געבליבן לעבן בלויז צוויי מיידלעך — גיזי פייעראייזן־גלאַזער און פעלאַ קאַלפוס־קאַשער (היינט געפינען זיך ביידע אין אַמעריקע).

* * *

דער אויסגאַנג פון גערַאנגל, וואָס די יידן אין פּלאַשאָווער אַרבעט־לאַגער האָבן געפירט פאַר אַ שטיקל ברויט און אַ מלבוש צו פאַרדעקן דעם נאַקעטן גוף, איז אין אַ גרויסער מאָס געווען אָפּהענגיק פון ד״ר מיכאַל ווייכערט, וועלכער איז געווען דער אַנערקענטער „בוצלעכער יודע״ פון דער דייטשער מאַכט, אַלס אָנפירער פון דער אַזוי־גערופענער „יידישער אונטערשטיצונג־שטעלע״. נאָכן ליקווידירן די געטאָס אין די שטעט פון מערב־גאַליציע האָט די דייטשע מאַכט געשאַפן אין קראָקע די דערמאָנטע אינסטיטוציע, בראש פון וועלכער זי האָט אַוועקגעשטעלט דעם ד״ר מיכאַל ווייכערט. פון מיינע געשפּרעכן מיטן ד״ר לעאָן נעמער און פון זיינע באַריכטן, וואָס ער האָט צוגעשיקט קיין וואַרשע, איז געווען קלאָר, אַז ער האָט געהאַט שווערע און ביטערע קאַמפן מיט ווייכערטן ביים דערשלאָגן זיך אַ ביסל שפּייז, אָדער אַ פּאָר שיך פאַר די הונגעריקע און נאַקעטע יידישע שקלאַפן־אַרבעטער אין פּלאַשאָוו.

אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז מיר אויך אויסגעקומען האָבן צו טון מיטן ד״ר מיכאַל ווייכערט. געווען איז דאָס אין קראָקע אין יאָר 1940. אין קראָקע האָט עקזיסטירט אַן אָרטיקע אָפּטיילונג פון זשיטאָס, אַ נאָר־וואָס געשאַפענע אָרגאַניזאַציע צו העלפן מלחמה־געליטענע יידן (אירע פינאַנציעלע מיטלען האָט זי באַקומען פון דזשאָינט און אָרטיקע רייכע יידן). ד״ר ווייכערט איז געווען איינער פון די פירער פון דער קראָקעווער אָפּטיילונג. אַ בונדישע דעלעגאַציע אין באַשטאַנד פון די חברים שיסלער, גומפּלאָוויטש און צעלעמענסקי האָט זיך געווענדט וועגן הילף פאַר די צום מערסטן נויטבאַדערפטיקע אַרבעטער און בעלי־מלאכות. אויפגענומען האָט אונז ד״ר מיכאַל ווייכערט — אַ הויכער, שטייפער מאַן, מיט אַ גלאַט־ראַזירט פּנים און נעט געקליידעט. אויף זיין פּנים איז געווען אַן אייז־קאַלטער אויסדרוק.

די חברים שיסלער און גומפּלאָוויטש האָבן אים געזאָגט, אַז זיי פאַרטרעטן דעם סאָציאַליסטישן האַנטווערקער־פאַראיין. זיין ערשטער ענטפער איז געווען, אַז מיט די בונדיסטן האָט ער שוין פאַרענדיקט, ס׳זענען שוין אַנדערע צייטן. חבר נפתלי שיסלער, וואָס איז פון נאַטור געווען אַ רואיקער מענטש, האָט אים רואיק געענטפערט: — יאָ, מיר זענען טאַקע בונדיסטן, אָבער מיר זענען איצט געקומען ווי פאָרשטייער פון הונדערטער משפחות אַרבעטער און בעלי־מלאכות. זיי דאַרפן האָבן זייערע פאָרשטייער אין דעם ניי־געשאַפענעם קאָמיטעט פון זשיטאָס אין קראָקע. כאָטש ס׳זענען שוין אַוועק אַ היפּשע צאָל יאָרן פון יענער ביטערער באַגעגעניש, קלינגט מיר נאָך היינט אין מיינע אויערן דער קאַלטער ענטפער, וואָס ווייכערט האָט געגעבן אונזער דעלעגאַציע. ער האָט געזאָגט: — איר זעט דעם מאַן,

וואָס זיצט דאָ, ער איז נישט פון אונזער אָפּיס. ער קאָנטראָלירט אונזער אַרבעט. איר דאַרפט וויסן, אַז איר מוזט קודם צושטעלן אייער לעבנס־געשיכטע און אַ באַשרייבונג פון אייער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט פאַר דער גאַנצער צייט וואָס איר לעבט אין קראָקע. דאָס דאַרף איך פריער צושטעלן דער דייטשער מאַכט. אויב אייערע קאַנדידאַטן וועלן אַקצעפּטירט ווערן, וועט איר קענען האָבן פאַרטרעטער אין קאָמיטעט פון זשיטאָס. די חברים פון דער דעלעגאַציע זענען געווען דערשטוינט. מיר האָבן זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז ס׳קאָן זיין אַזאַ ענטפער פון אַ געזעלשאַפטלעכן טוער אין אַן אינסטיטוציע פון סאָציאַלער הילף פאַר יידן.

מיר זענען אַוועק ווי מען וואָלט אונז אָפּגעגאָסן מיט הייס וואַסער. דער בונדישער קאָמיטעט האָט באַשלאָסן נישט צו דעלעגירן קיינעם אין אָרטיקן קאָמיטעט פון זשיטאָס. ס׳איז פאַר אונז געווען קלאָר, אַז מיר טאָרן נישט געהערן צו אַ קערפּערשאַפט, וואָס אירע מיטגלידער ווערן קאָנטראָלירט פון דער געשטאַפּאָ. מיר טאָרן דאָס נישט טון צוליב פּרינציפּיעלע טעמים, ווי אויך צוליב די טראַגישע קאָנסעקווענצן, וואָס וועלן זיין פאַר אונזערע חברים. אַ קורצע צייט נאָכדעם איז קיין קראָקע געקומען דער דירעקטאָר פון דזשאָינט, ליאָווע נוישטאַט. מיר האָבן אים דערציילט וועגן אונזער געשפּרעך מיט ד״ר ווייכערט. נוישטאַט האָט אויף דעם גע־ענטפערט, אַז ווייכערט וויל נישט האָבן אַרום זיך קיין מענטשן, וואָס זאָלן וויסן וועגן זיינע פאַרבינדונגען און ווי אַזוי ער פירט די הילף־אַרבעט. צו דעם איז ער נאָך אַ שרעקעוודיקער און וויל נישט האָבן ביי זיך קיין בונדיסטן, וואָס פירן אַן אַקטיווע אומלעגאַלע אַרבעט.

סוף 1941, ווען אַמעריקע איז אַריינגעטרעטן אין דער מלחמה מיט דייטשלאַנד, איז ליקווידירט געוואָרן דער דזשאָינט. ווייכערט איז געוואָרן אַן „אומאָפּהענגיקער" מענטש — אומאָפּהענגיק פון אַנדערע יידישע גע־זעלשאַפטלעכע טוער, דערפאַר אָבער נאָך מער אָפּהענגיק פון דער דייטשער מאַכט. ס׳קומען פאַר די מאַסן־דעפּאָרטאַציעס און ס׳ווערט דורכגעפירט די טאָטאַלע פאַרניכטונג פון די יידן. די געטאָס ווערן ליקווידירט און די יידן־ראַטן הערן אויף צו שפּילן אַ ראָל. אין דער זעלבער צייט שטייגט די ראָל פון ווייכערטן. סוף יולי 1942, ווען ס׳איז געווען דער היכפּונקט פון דער יידן־פאַרניכטונג, האָט די דייטשע מאַכט פאַנאַנדערגעלאָזט די יידישע סאָציאַלע אַליינהילף (זשיטאָס). צו וואָס די הילף, ווען די יידן גייען אין די גאַז־קאַמערן . . . מיט עטלעכע חדשים שפּעטער איז מיטן חסד פון די נאַ־צישע יידן־פאַרברעכער געשאַפן געוואָרן אַ נייע אינסטיטוציע — פון אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער, ווי ס׳איז געווען דער זשיטאָס. בראש פון דער פאַרדעכ־טיקער אינסטיטוציע איז געשטאַנען ד״ר מיכאל ווייכערט.

ביי די יידישע געזעלשאַפטלעכע אונטערערדישע טוער, וועלכע זענען געווען פאַראייניקט אין קאָאָרדיניר־קאָמיטעט (בונדיסטן און ציוניסטן) איז

געווען אַ קאַטעגאָרישע קעגנערשאַפט צו דער טעטיקייט פון ווייכערטן. מ׳האָט אים געטאַדלט פאַר דעם, וואָס ער האָט גענומען אויף זיך די טרוי־עריקע ראָל פון דינען די דייטשן כלומרשט ווי דער פאָרשטייער פון די לעבן־געבליבענע יידן. צו יענער צייט האָט דער אינטערנאַציאָנאַלער רויטער קרייץ פון דער שווייץ אָנגעהויבן שיקן גרויסע סכומים מעדיקאַמענטן און קלינישע מכשירים פאַר די יידישע שפּיטאָלן אין די געטאָס. די דייטשן האָבן דאָס אויסגענוצט און האָבן עס צוגענומען פאַר זיך. כדי דער שווינדל זאָל ווייטער קענען אָנגיין האָבן זיי געשאַפן די „יידישע אונטערשטיצונג־שטעלע״, מיט ווייכערטן בראש. פאַר די צוגענומענע ווערטפולע מעדיקאַ־מענטן און קלינישע מכשירים — דער רויטער קרייץ האָט זיי געקויפט פאַר געלטער, וואָס ער האָט באַקומען פון יידישע קוואַלן אין אויסלאַנד, האָבן די דייטשן געגעבן ווייכערטן צו צעטיילן אַ ביסל פאַרפוילטע קאַרטאָפל, ווי אויך אַ ביסל מלבושים, צוגערויבטע פון די יידן. ד״ר ווייכערט איז געווען דער, וואָס האָט אונטערגעשריבן אין נאָמען פון דער כלומרשט „יידישער אונטערשטיצונג־שטעלע״, אַז די יידן באַקומען רעגולער אַלץ וואָס דער רויטער קרייץ שיקט. כדי נאָך מער צו פאַרדעקן דעם שווינדל האָט מען אויך עפּעס פון די מעדיקאַמענטן געגעבן צו יידן. אָבער דאָס איז געווען אַ נישטיקער חלק פון דעם, וואָס ס׳איז אָנגעקומען. די יידישע געזעלשאַפט־לעכע טוער האָבן נישט געוואָלט האָבן קיין מגע־ומשא מיט דער אינסטי־טוציע און עטלעכע מאָל אויפגעפאָדערט ווייכערטן אָפּצושטעלן זיין טעטיקייט.

בעת מיין באַזוך אין קראָקע, אין דעם יאָר 1943, בין איך אַריין אין ביוראָ פון ד״ר מיכאל ווייכערט. ווען איך בין אַריינגעקומען אין אָפיס האָב איך געמיינט, אַז איך בין אפשר נישט אויפן ריכטיקן אָרט. דער צימער איז געווען איינגעאָרדנט מיטן שענסטן מעבל, מיט לעדערנע פאָ־טעלן, אַ גרויסן שיינעם שרייב־טיש און שרייב־מאַשינען. אין יענער צייט האָט בלויז אַ דייטשער אָפיס געקאָנט אַזוי אויסזען. ד״ר מיכאַל ווייכערט איז געזעסן ביים שרייב־טיש אָן אַ יידישן אָרעם־באַנד. כ׳האָב אַ טראַכט געטון אפשר זאָל איך נישט זאָגן צוליב וואָס כ׳בין געקומען און גלייך אוועקגיין. אין מיר האָט אָבער גובר געווען אַ געפיל, אַז כ׳דאַרף דערפילן מיין שליחות. כ׳בין נאָר־וואָס צוריקגעקומען פון אַ באַזוך אין אייניקע שטעטלעך פון מערב־גאַליציע. פאַרשפּאַרטע יידן אין די געטאָס האָבן מיך געבעטן זיך משתדל זיין אין דער „אונטערשטיצונג־שטעלע״ וועגן הילף פאַר זייערטוועגן. אין מיינע אויערן האָבן איצט געקלונגען די בקשות פון די צעפּייניקטע יידן און כ׳האָב באַשלאָסן צו האַלטן מיין צוזאָג.

כ׳האָב אָנגעהויבן דערציילן וועגן מיינע באַזוכן אין די שטעטלעך, כ׳האָב אויך געזאָגט, אַז איך בין פאַרבונדן מיט וואַרשע. ווייכערט האָט מיר געענטפערט מיט קאַלטער גלייכגילטיקייט, אַז ער טוט אַלץ, וואָס ער

קען. ער וועט זיין אין וואַרשע און וועט זיך דאָרט טרעפן מיט ד״ר פיינער. קאָנקרעט האָט ער מיר גאָרנישט צוגעזאָגט. אַ דערשלאָגענער בין איך אַרויס פון זיין אָפיס. אַלץ האָט זיך אין מיר געטרייסלט, כ׳האָב נישט געוואוסט וואוהין מיינע פיס טראָגן מיך. אויפן וועג צוריק קיין וואַרשע איז אין מיין דימיון אַרויפגעשוואומען דער עלעגאַנטער אָפיס מיטן „יידישן פירער״ ד״ר מיכאַל וויכערט, וואָס איז באַפרייט פון טראָגן דעם יידישן צייכן, דעם וויס־בלויען באַנד מיטן מגן־דוד אויף זיין האַנט, ווייל ער איז אַ „נוצלעכער יודע״.

ווען איך בין געקומען קיין וואַרשע און דערציילט דעם חבר פיינער, אַז וויכערט וויל זיך מיט אים טרעפן, האָט ער אויף מיר אָנגעשטעלט שאַרף זיינע אויגן און מיט אַן אויפרעגנדיקן טאָן געזאָגט צו מיר: — ווער האָט אייך דערלויבט צו גיין צו וויכערטן? איך וויל זיך מיט אים נישט טרעפן. איך וועל אים מיין האַנט נישט דערלאַנגען. כ׳האָב זיך ערשט איצט אָפּגעגעבן אַ גענויעם דין־וחשבון, אַז כ׳בין באַגאַנגען אַן ערנסטן פעלער מיט מיין שתדלנות ביי וויכערטן. צווישן וויכערטן פון אַמאָל, וואָס כ׳האָב געקענט ווי אַ יידישן קולטור־טוער און טעאַטער־רעזשיסער, און דעם איצטיקן, דעם מיט־רעזשיסער און מיט־שפּילער פון שענדלעכן שווינדל בנוגע די טראַגישע אוןליידער בלויז צייטווייליקע שארית־הפליטה פון אונזער אומגעברענגט פאָלק, איז שוין געווען אַ בלוטיקער תהום. (אַז דער קאָאָרדינירער־קאָמיטעט פון דער יידישער אונטערערדישער באַוועגונג, ווי אויך די אָנפירונג פון דער פוילישער אונטערערדישער באַוועגונג, זענען קעגן זיין טעטיקייט, האָב איך דעמאָלט אין קראָקע נישט געוואוסט. נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט אים אַ יידיש־געזעלשאַפטלעך געריכט אין פוילן געשטעמפּלט ווי אַ קאָלאַבאָראַנט מיט דער היטלעריסטישער מאַכט).

# 24. דאָס לעצטע מאָל אין וואַרשעווער געטאָ

ווען איך בין געקומען קיין וואַרשע, האָב איך זיך דערוואוסט, אַז אין געטאָ איז ווידער פאָרגעקומען אַ גרויסע דעפּאָרטאַציע. די דייטשן האָבן געשאָפן אַ מין קעסל, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ פּאָר געציילטע גאַסן אין געגנט פון מילע, זאַמענהאָף און נאַלעווקיס און האָבן אַהין אַריינגעלאָזט, נאָך אַן אכזריותדיקער סעלעקציע, בלויז די, וועלכע זענען געווען באַשעפ־טיקט אויף אַרבעט־פּלעצער. די אַנדערע זענען אַרויסגעפירט געוואָרן קיין פּאָניאַטאָוו. כ׳האָב באַלד געוואָלט אַריין אין געטאָ, כדי אָפּגעבן אַ באַריכט פון מיין רייזע אין דער פּראָווינץ. זלמן פרידריך האָט זיך אונטערגענומען צו שאַפן די מעגלעכקייט פון אַריינגיין אין אַרומגעשניטענעם און שטאַרק אויסגעליידיקטן געטאָ. דעם זעלבן טאָג האָב איך געהאַט אַ שווערע איבער־לעבעניש. חבר מיכאַל קלעפּפיש איז געקומען אויף אונזער טרעף־פּונקט און געבראַנגט די טראַגישע ידיעה, אַז זיין שוועסטער גינע איז געשטאָרבן אין שפּיטאָל. אָט וואָס ער האָט אונדז דערציילט: עטלעכע טעג נאָך אַן אָפּעראַציע איז איר לאַגע געוואָרן האָפענונגלאָז. אַ גלח איז געקומען אויסהערן דעם לעצטן ווידוי ביי דער „קאַטוילישער קאַזשימיערא יוזשוויאַק״... זי האָט דערקלערט דעם גלח, אַז זי איז אַ יידיש קינד, אַ מיטגליד פון דער אונטער־ערדישער באַוועגונג און האָט געלעבט אויף אַ פאַלשן פּאַספּאָרט פון אַן „אַריערין״. זי האָט אויך דערציילט איר חברטע, דער קראַנקן־שוועסטער, און איר ברודער מיכאַלן, אַז זי האָט דעם גלח אויסגעזאָגט דעם סוד. אַ טויט־ערנסטע לאַגע — דאָס קאָן האָבן די שרעקלעכסטע פאָלגן פאַר אַלעמען אַרום...

די קאַטאַסטראָפע איז געשען. מיר זענען פול מיט אַנגסטן — ווי אַזוי איינאָרדענען איר לוויה? מיר באַשליסן, אַז די קראַנקן־שוועסטער זאָל ריזיקירן און זאָגן דעם גלח, אַז זי ווייס וואָס קאַזשימיערא האָט פאַרן טויט זיך פאַר אים מתוודה געווען. איצט ווילן איר ברודער און פריינט זי מקבר זיין ווי אַ יידיש קינד. דער גלח איז געוואָרן גוואַלטיק אויפגערעגט און געהייסן זי מקבר זיין לויט איר נאָמען, וואָס זי האָט געהאַט אין שפּיטאָל.

דאָס לעצטע מאָל האָבן מיר אונזער טייערע חברטע גינע געזען אין דער אָפענער טרומנע (אָרון) אין דער קליינער קירכעביים שפּיטאָל, אָנגעטאָן אין אַן איינפאַך לייוונט־קלייד. קוקנדיק אויף איר, האָב איך געהאַט דעם איינדרוק ווי זי וואָלט געזאָגט צו אונז: איך האָב דאָך ערשט 30 יאָר, נעמט מיך אַרויס פון דאַנען...

פאַר מיינע אויגן איז ווידער אויפגעשטאַנען די קראַנקן־שוועסטער גינע, וואָס האָט אין די שווערסטע מאָמענטן באַוויזן ממש וואונדער. אין מיין דימיון האָב איך זי געזען אויפן אומשלאַג־פּלאַץ, פונוואַנען מ׳האָט די יידן געפירט צו די גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקע. חברטע גינע קלעפּפיש האָט זיך גלייך געמאָלדן צו דער אַרבעט אין כלומרשטן אַמבולאַטאָריום. איר ציל איז געווען ראַטעווען וואָס מער פון אונזערע חברים, ריזיקירנדיק דערביי מיט איר אייגן לעבן. נישט בלויז די געשטאַפּאָ האָט געהאַט אַן אויג אויף די קראַנקן־שוועסטערס און פּערסאָנאַל פון אַמבולאַטאָריום; מ׳האָט זיך אויך געדאַרפט היטן פאַר דער יידישער פּאָליציי, וועלכע פלעגט פאַר גראָבע סומעס דאָלאַרן אַרויסראַטעווען פאַרמעגלעכע יידן. אויף קיין איין מינוט טראַכט נישט גינע, אַז איר לעבן קאָן דאָ לייכט פאַרשניטן ווערן — אַ גרויסע צאָל יידן ראַטעוועט זי אַרויס פון די נעגל פון טויט.

אַ פּראָסטיקער ווינטער־טאָג. אַ טיפער שניי באַדעקט דעם הויף פון שפּיטאָל פאַר דער קליינער קירכע. פּינקטלעך 11 בייטאָג ברענגט מען אַרויס דעם אָרון; דער גלח גיסט אויף אים דאָס „הייליקע וואַסער"; דער אָרון רירט פון אָרט, באַגלייט פון 9 מענטשן: דער ברודער מיכאַל קלעפּפיש און זיין פרוי, זלמן פרידריך, חברטע וולאַדקע, יעקב צעלעמענסקי און האַנושע אַלעקסאַנדראָוויטש, ווי אויך 3 פוילישע פרויען.

אַזוי איז געשטאָרבן אונזער לעבנסלוסטיקע חברטע גינע און אַזוי איז זי געקומען צו קבורה אויף אַ קאַטוילישן צמענטאַזש אין פּראַגע, מיט אַ גלח, צלם און קריסטלעכע תפילות. אַזוי איז פאַרענדיקט געוואָרן די לעבנס־געשיכטע פון אַ געטרייער, אַקטיווער בונדיסטקע, וועמענס עלטערן — יעקב און מרים־רויזע — זענען אַליין פון זייערע יינגסטע יאָרן אָן געווען אַקטיוו אין בונד (די מוטער, וואָס האָט רעפּרעזענטירט דעם לערער־פאַראיין, איז נאָך געווען טעטיק אין דער אונטערערדישער באַוועגונג בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה. דער פאָטער האָט געשטאַמט פון דער משפּחה פון דער וואַרשעווער לאַנג־יאָריקן ראש בית־דין ר׳ זאַנוועלע קלעפּפיש. דעם 19טן אַפּריל 1952 האָט מען אויף איר קבר אַוועקגעשטעלט אַ מצבה מיט איר ריכטיקן נאָמען — גינאַ קלעפּפיש).

גלייך פון דער לוויה בין איך מיט האַנושען אַוועק אויף זשאָליבאָזש צו די חברים פּאַפּיער. האַנושע, וועמען איך האָב מיטגענומען פון קראָקע, איז דעמאָלט אַלט געווען 16 יאָר. זי איז געווען אַ שיין מיידל, מיט אַ בלאָנדן קאָפּ האָר און בלויע אויגן, פיזיש זייער גוט אַנטוויקלט. איר פוילישע

שפּראַך האָט געקלונגען עכט און נאַטירלעך. האַנושעס שטימונג איז אָבער געווען זייער אַ טרויעריקע, איר מוטער און שוועסטער עוואַ זענען אומגעקומען. די מומע לושקאַ, וואָס איז געבליבן אין קראָקע, האָט שוין פון איצט אָן קיין מוטערלעכע וואַרעמקייט איר נישט געקענט געבן. אָן אומעטיקע איז זי אַריינגעקומען צו די חברים פּאַפּיער. אָבער באַלד נאָכן עפענען די טיר, האָט זיך ביי איר די שטימונג געביטן. זיי האָבן זי אויפגענומען זייער וואַרעם. גלייך זענען געקומען ד״ר ליפּשיץ און זיין פרוי. מיט טרערן און פרייד האָבן די ליפּשיצעס זי אויפגענומען. זיי האָבן זיך נישט געקענט באַרויקן, זיי האָבן זי געקושט און געהאַלזט.

האַנושע איז געבליבן אַ פּאָר טעג ביי די פּאַפּיערס ביז יאַדוויגאַ (פּעלאַ פּאָליאַק) מושקאַט האָט זי באַזאָרגט מיט אַרבעט ביי א פּוילישער פאַמיליע. מיט איר סובטעלער האַלטונג און באַנעמונג האָט האַנושע אַרויסגערופן ביי אַלעמען די וואַרמסטע אויפמערקזאַמקייט. יאַדוויגאַ, וועלכע האָט זי צום ערשטן מאָל געזען, האָט ממש ווי אַ מאַמע געוואַכט איבער איר, זי געהיטן ווי אַן אויג אין קאָפּ. שפּעט אין אָוונט בין איך אַוועק אין מיין „האָטעל דראַב״ מיטן רואיקן געפיל, אַז האַנושע איז אין גוטע הענט.

מיט אַ צייט שפּעטער האָב איך זי באַגעגנט ביי דער פּוילישער פרוי אַנאַ וואָנכאַלסקאַ אויף אַ צוזאַמענטרעף פון אַ קליינער גרופּע יוגנטלעכע. די שטימונג איז ביי איר שוין געווען אַ מער הייטערע און זיכערע. זי האָט געאַרבעט אין אַ וועשעריי ביי אַ פּוילישער פאַמיליע, וואָס האָט געוואוסט, אַז זי איז אַ יידישע און האָט זי גוט באַהאַנדלט. זי האָט מיר דערציילט, אַז יאַדוויגאַ קומט צו איר זייער אָפט, זי טרעפט זיך אויך מיט די ליפּשיצעס און די פּאַפּיערס. ווען זי דערמאָנט זיך איר פאַרלאָזן קראָקע, קען זיך האַנושע נישט באַרויקן און ס׳פאַלן טרערן אויף איר איידעלן פּנים. זי קען נישט פאַרגעסן איר פאָרן אין דעפּאָרטאַציע־וואַגאָן מיט איר מוטער און שוועסטער: די מוטער האָט זי אַרויסגעשטופּט פון וואַגאָן, אָבער די עלטערע שוועסטער עוואַ האָט זיך נישט געלאָזט אַרויסשטופּן. זי האָט נישט געוואָלט איבערלאָזן די מוטער אַליין און ביידע זענען ערגעץ־וואו פאַרברענט געוואָרן. די איינציקע טרייסט אירע איז געווען דער טרוים צו קענען טרעפן איר פאָטער, וואָס לעבט אין אַמעריקע. דאָס האָט איר געגעבן כוח. ליידער איז איר טרוים נישט מקוים געוואָרן, אין דער צייט פון פּוילישן אויפשטאַנד אין 1944 איז האַנושע ערגעץ אומגעקומען און קיינער ווייסט נישט ווי אַזוי און וואו איר יונג לעבן איז פאַרשניטן געוואָרן.

2 טעג נאָך מיין קומען פון קראָקע האָט זלמן פרידריך מיר צו וויסן געגעבן, אַז צומאָרגנס וועל איך קאָנען אַריינגיין אין געטאָ. באַלד אין דער פרי איז ער צו מיר געקומען אין דער אַכסניה אויף קרולעווסקע גאַס. מיט אים איז מיטגעגאַנגען אַ פירער פון אַ יידישער אַרבעטער־גרופּע, וועלכע האָט יעדן טאָג פאַרלאָזט דעם געטאָ און איז אַוועק אַרבעטן אויפן פלי־

פעלד. כ׳האָב דעמאָלט צום ערשטן מאָל באַקענט דעם חבר בנימין מיענדזיזשעצקי (געווען אַ מיטגליד פון פאַראיין פון האַנדלס־אָנגעשטעלטע און יוגנט־בונד צוקונפט, שפּעטער דער מאַן פון ח׳טע וולאַדקע). ער האָט מיר געזאָגט, אַז איך זאָל 6 פאַרנאַכט צוקומען צום טויער פון געטאָ אויף ראָג לעשנע און זשעלאַזנע און דאָרט וואַרטן ביז זיין גרופּע וועט אָנקומען. דעמאָלט זאָל איך שנעל אָנטון דעם יידישן אָרעם־באַנד, אַריינשטעלן זיך אין דער גרופּע און מיטמאַרשירן. נאָכן דורכגיין דעם טויער זאָל איך אַוועק אין יידישן שפּיטאָל, אויף גענשע 6, וואו עס געפינען זיך די חברים מאַרעק עדעלמאַן, אַבראַשע בלום און אַנדערע.

כ׳בין שוין געווען געניט אין אַזעלכע „מאַנעוורעס" און קיין שוועריקייט איז עס פאַר מיר נישט געווען. ווען כ׳בין אַדורך דעם געטאָ־טויער, האָב איך זיך געפונען אין אויסגעליידיקטע גאַסן, וואו מען האָט אינגאַנצן נישט געזען קיין דורכגייער אַחוץ די איינצלנע יידישע אַרבעטער, וואָס זענען אָקאָרשט אָנגעקומען פון דער צווייטער זייט. די איבערגעבליבענע יידן האָבן אַלע געוואוינט אויפן צווייטן עק פון געטאָ. ווען כ׳האָב פאַרלאָזט דעם געטאָ מיט בערך אַ האַלב יאָר צוריק, איז נאָך דאָרט געווען, נאָכן אומברענגען 'צטלעכע הונדערט טויזנט וואַרשעווער יידן, אַ סך מער פון הונדערט טויזנט יידישע איינוואוינער. איצט זענען שוין געווען קוים עטלעכע צענטליק טויזנט. דער חבר בנימין האָט מיך צוגעפירט אַ טייל פונם וועג, און איז אַוועק צו זיך אַהיים. כ׳בין אַליין געגאַנגען דורך די גאַסן, וואָס זענען געווען כמעט ליידיק און פינצטער, ביז צום הויז גענשע 6, וואו ס׳האָט זיך איצט געפונען דער געטאָ־שפּיטאָל. דאָרט האָבן שוין געוואַרט אויף מיר די חברים אַבראַשע בלום, מאַרעק עדעלמאַן און בערעק שניידמיל. כ׳האָב דאָרט אויך באַגעגנט די חברטע ד״ר אַנאַ מאַרגאָליס, איר טאָכטער אַלאַ און אַנדערע, מיט וועלכע ס׳האָבן מיך שפּעטער פאַרבונדן פאַרשידענע געמיינזאַמע אַרבעטן אויף דער „אַרישער" זייט. די באַגעגעניש מיט די חברים איז געווען פאַר מיר אַ גרויסע פריידיקע איבערלעבונג. מיר זענען געזעסן כמעט ביז פאַרטאָג און געשמועסט. איך האָב זיי איבערגעגעבן אַלע פּרטים פון מיין רייזע אין דער פּראָווינץ און האָב פאַר זיי געשילדערט דאָס לעבן אין די געטאָס און אויף דער „אַרישער" זייט.

דער חבר אַבראַשע בלום האָט געזאָגט, אַז מיין אַריינקומען אין געטאָ איז אין אַ ריכטיקן מאָמענט, ווייל מאָרגן ביינאַכט קומט פאָר אַ קאָנפערענץ פון די פירער און קאָמענדאַנטן פון די בונדישע ראַיאָן־גרופּן. די קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען אויף מילע 7, אין דער וואוינונג פון חבר כאַסקל פילאָזאָף, אַ בונדישן יוגנט־טוער פון לאָדזש. אַלע, וואָס זענען געקומען צו דער קאָנפערענץ, זענען געווען מיד און אויסגעהאָרוועט פון אַ גאַנצן טאָג שווערער אַרבעט. אַחוץ אַבראַשע בלום, בערעק שניידמיל און מאַרעק עדעלמאַן זענען נאָך געקומען די ח״ח וועלוול ראָזאָווסקי, אברהם פּיי־

נער, הענעך רוס, שלמה פּאַו, משהלע קויפמאַן, כאַסקל פילאָזאָף און יעקב צעלעמענסקי. מאַרעק עדעלמאַן האָט אָפּגעגעבן דעם באַריכט. ער איז געווען דער בונדישער פאָרשטייער אין דער אָנפירונג פון דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע (זש. אָ. ב.), צו וועלכער ס׳האָבן געהערט דער בונד און די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס (די קאָמוניסטן האָבן נישט געהערט צו זש.אָ.ב., זייער איינשטעלונג איז געווען נישט צו קעמפן אין געטאָ, נאָר אַנטלויפן אין וואַלד אַריין און דאָרט זיך אָרגאַניזירן. אין געטאָ האָט אויך עקזיסטירט אַן אָ. ג. „ווילדע״ קאַמף־גרופּע פון רעוויזיאָניסטן, וועלכע זענען אין זש. אָ. ב. נישט געווען אָנגעשלאָסן).

מאַרעק עדעלמאַן האָט דערציילט וועגן די עקזיסטירנדיקע קאַמף־גרופּן. דער „בונד״, האָט ער געזאָגט, האָט ווייניקער גרופּן, ווייל ער האָט געוואָלט, אַז צו זיי זאָלן געהערן בלויז קאַמף־פעאיקע. מחמת דעם האָט ער איינגעשטעלט שאַרפערע באַגרענעצונגען, ווי די אַנדערע אָרגאַניזאַציעס. צו די בונדישע גרופּן קאָנען געהערן בלויז מענער און נאָר געקליבענע מיטגלידער פון בונד און יוגנט־בונד צוקונפט, וועלכע האָבן פאַר דער מלחמה געהערט צו דער אָרדנער־גרופּע און צוקונפט־שטורעם און קאָנען זיך באַנוצן מיט געווער. די מיטגלידער פון דער אָרדנער־מיליץ זענען נישט אָרגאַניזירט געוואָרן אין די גרופּן, נאָר זענען געשטאַנען גרייט אויפן דירעקטן רוף פון דער פּאַרטיי. צוליב די דאָזיקע באַגרענעצונגען, און בפרט צוליב דעם וואָס מ׳האָט אין די בונדישע קאַמף־גרופּן נישט אַריינגענומען קיין פרויען, זענען געווען שטאַרקע פּראָטעסטן.

אין זיין באַריכט האָט מאַרעק עדעלמאַן גערעדט וועגן דער שוועריקייט פון באַקומען געווער. ס׳איז בכלל שווער צו קריגן געווער און ווען מען קאָן שוין עס קויפן, פאַרלאַנגט מען דערפאַר פאַנטאַסטישע סומעס געלט. די פאָנדן פון דער אָרגאַניזאַציע, טראָץ דער צוואַנג־באַשטייערונג פון די מער פאַרמעגלעכע יידן, זענען נישט גענוג גרויס פאַר די נויטווענדיקע הוצאות. די קאָמענדאַנטור פון דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע האָט באַשלאָסן אויסצורייניקן דעם געטאָ פון אינעווייניק און ס׳זענען אויסגעפירט געוואָרן אַטענטאַטן אויף אַ ריי יידישע געשטאַפּאָ־לייט, קאָמענדאַנטן פון דער יידישער פּאָליציי און אַנדערע, וואָס האָבן געדינט די דייטשע הערשער און מערדער. די אַדורכגעפירטע אַטענטאַטן האָבן געשטאַרקט די מאָראַל פון די קאַמף־גרופּן און צוגעגעבן חשיבות דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע אין די אויגן פון די יידן אין געטאָ. חבר מאַרעק האָט אויך באַריכטעט, אַז די קאָמענדאַנטור פון דער פּוילישער אַרמיאַ קראַיאָוואַ האָט צוגעזאָגט אַריינצושיקן אין געטאָ צען רעוואָלווערן, וואָס דאַרפן באַנוצט ווערן אויף צו לערנען זיך אומגיין מיט געווער.

נאָכן באַריכט איז געווען אַ הייסע דיסקוסיע. דער ערשטער האָט גענומען אַ וואָרט אברהם פיינער. ער איז געווען דער קאָמענדאַנט פון אונזער

קאַמף־גרופּע אויף נאָוואָליפּיע, אין די ווערקשטאַטן פון שולץ און טעבענס. אַ שטילער און רואיקער, איז ער פאַרן קריג געווען אַן אַקטיווער טוער אין דער יוגנט־סעקציע פון באַקלייד־פאַראיין. איצט איז ער געווען אַ מיטגליד פון קאָמיטעט פון יוגנט־בונד צוקונפט. אברהם איז נישט געווען קיין רעדנער, ער האָט תמיד גערעדט רואיק, זאַכלעך און קורץ. ווען איך האָב אים איצט געהערט רעדן אויף דער קאָנפערענץ, האָב איך באַמערקט, אַז אַלע זענען געווען ווי צוגעשמידט צו זיינע ווערטער. זיין שטים האָט אָנגעפולט דעם גאַנצן צימער. ער האָט גערעדט מיט קראַפט און איבערצייגונג. מיט היץ האָט אברהם גערעדט וועגן אונזער פאַרשניטענער יוגנט, וואָס האָט ריזיקירט מיטן לעבן אין דער אומלעגאַלער אַרבעט. די גרויסע מערהייט פון אונזערע יוגנטלעכע איז געפאַלן אונטער דער האַק פון די דייטשע מערדער אויף די אַרבעט־פּלעצער, ווייל זיי האָבן נישט געהאַט קיין געלט זיך אויסצוקויפן ביי דעם יידן־ראַט, אָדער ביי די מאַכערס פון אַרבעט־אַמט. אויסקויפן דאָס לעבן פאַר געלט איז געווען אַ פּריווילעגיע פון רייכע קינדער, ראַטעוווען דאָס לעבן אַדאַנק פּראָטעקציע — אַ פּריווילעגיע פון דער אינטעליגענץ. אין די לעצטע דעפּאָרטאַציעס האָט מען אַרויסגעריסן די בעסטע פון דער אַרבעטער־יוגנט. זיי אַלע וואָלטן איצט מיטן גרעסטן ברען זיך געשטעלט אין קאַמף קעגן דעם מערדערישן דייטשן שונא. ס'איז דאָך געווען זייער טרוים צו פאַלן אין קאַמף. איך בין דעריבער, האָט געזאָגט חבר פיינער, אַנטשידן קעגן די באַגרענעצונגען ביים אַרייננעמען אין אונזערע קאַמף־גרופּן בלויז באַשטימטע קאַטעגאָריעס חברים. אויך חברטעס דאַרף מען אַריינגעמען אין די קאַמף־גרופּן. צו מיר ווענדן זיך יוגנטלעכע אַרבעטער פון די שעפּער און בעטן, אַז מ'זאָל זיי אַנשליסן אין אונזערע גרופּן. די ציוניסטישע גרופּן האַלטן אָפן זייערע טירן. מיר דאַרפן די שאַרפע באַגרענעצונגען באַזייטיקן.

די קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען אין די ערשטע טעג פון יאַנואַר, 1943. בערך מיט צוויי וואָכן שפּעטער איז שוין פאָרגעקומען דער ערשטער באַוואָפנטער ווידערשטאַנד קעגן די דייטשן און אברהם פיינער איז געווען פון אונזערע ערשטע קעמפער, וואָס איז געפאַלן אין שלאַכט מיט די דייטשן — אויף נאָוואָליפּיע גאַס, ביי שולצס שעפּער.

אַ צווייטער חבר האָט איבערגעגעבן, אַז אַן אַקטיווער מיטגליד פון אונזער קאַמף־גרופּע, ברוך שפּיגל, האָט געמאָלדן, אַז אויב זיין חברטע, כייקע בעלכאַטאָווסקאַ, אַן אַקטיווע מיטגלידערין פון יוגנט־בונד צוקונפט, וועט נישט אַריינגענומען ווערן אין דער גרופּע, וועט ער אַרויסטרעטן (ער און זי האָבן שפּעטער געקעמפט אין געטאָ־אויפשטאַנד און היינט לעבן זיי אין קאַנאַדע).

נאָך דעם האָט גענומען אַ וואָרט בערעק שניידמיל. אַליין אַן אויסגעבילדעטער מיליטער־מאַן אין דער פּוילישער אַרמיי, וואו ער האָט געענ־

דיקט אַן אָפיצירן־שול, איז ער די גאַנצע צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע געווען אַקטיוו אין דער אומלעגאַלער אַרבעט. ער איז אָנהויב 1940 צוריק־געקומען פון ווילנע, וואָס איז געווען אונטער ליטווישער אָקופּאַציע, כדי צו קאָנען אַנטיילנעמען אין דער אונטערערדישער אַנטי־נאַצישער טעטיקייט. ער איז געווען גוט באַקאַנט מיט די אויפגאַבן און שוועריקייטן, וואָס שטייען פאַר דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע. חבר בערעק שניידמיל האָט אָנגע־וויזן, אַז אין קאַמפן מיט געווער דעצידירן נישט קיין געפילן אָדער רייד פון האַרץ, נאָר אייזערנע דיסציפלין און מיליטערישע לאָגיק. אין איצטיקן מאָמענט שפילט נישט קיין ראָל די גרויס פון דער צאָל קעמפער. מיר האָבן דאָך נישט קיין געווער אַפילו פאַר די עקזיסטירנדיקע גרופן. מיר מוזן זיין זייער פאָרזיכטיק ביים אָפקלייבן מענטשן, בפרט ביי יוגנטלעכע, וואָס האָבן נישט קיין שום דערפאַרונג אין ענינים פון קאָנספּיראַטיווע מילי־טערישע גרופן. נישט־פאָרזיכטיקע האַנדלונג אָדער רייד קאָן ברענגען פאַטאַלע קאָנסעקווענצן פאַר אַלע גרופן. ער האָט דעריבער פאָרגעשלאָגן נאָך נישט באַשליסן די פראַגע פון אויסברייטערן די קאַמף־גרופן.

ס'האָבן גערעדט כמעט אַלע אָנוועזנדיקע חברים. איך בין געזעסן אין אַ זייט און האָב זיך צוגעקוקט צו דער דאָזיקער אומגעוויינלעכער קאָנפע־רענץ. ס'איז ביי קיינעם נישט געווען קיין סימן פון נידערגעשלאָגנקייט, אָדער פאַרצווייפלונג. אויף דער טאָג־אָרדנונג איז אייגנטלעך געשטאַנען איין פראַגע — טויט דורך לאָזן זיך אומברענגען, אָדער טויט דורך אַקטיוון קאַמף. די דעלעגאַטן זענען געקומען מיט פאַרטיקע מיינונגען און דירעק־טיוון — קאַמף ביזן אומפאַרמיידלעכן סוף. וועגן דעם האָט געהערשט אַן איינשטימיקייט. דאָס איינציקע וועגן וואָס מ'האָט גערעדט איז געווען — ווי אַזוי בעסער זיין צוגעגרייט צו קאָנען באַגעגענען זיך פנים אל פנים מיטן שונא. דורך דעם פענצטער האָט אַריינגעקוקט אַ פינצטערע נאַכט. אַרום אונזער הויז זענען געלעגן פאַרזונקען אין שלאָף עטלעכע צענטליק טויזנט פון די לעצטע יידן אין וואַרשעווער געטאָ.

ביים סוף פון דער קאָנפערענץ האָב איך באַקומען דאָס וואָרט און כ'האָב דערציילט וועגן די שטימונגען, וואָס הערשן אין דער פּראָווינץ. כ'האָב בשעת־מעשה געטראַכט, אַז די חברים, וועלכע זענען דאָ אָפגע־שלאָסן צווישן די וואָס־אַמאָל ענגערע געטאָ־מויערן, זענען אפשר גליקלע־כער פון די, וועלכע לעבן אין אומאויפהערלעכער שרעק און שפּאַנונג אויף דער „אַרישער" זייט. דאָרט איז יעדע רגע אויסגעפילט מיט אַנגסט, וואָס דערגייט ביי אַ סך ביז צו פּאַניק און אַפילו משוגעת. דאָרט מוז מען יעדע סעקונדע פון מעת־לעת „שפילן אַ ראָל". יעדע נישט־ריכטיקע באַוועגונג, אָדער אַן אַרויסגעכאַפּט איינצל וואָרט, קאָן זיין אַ טויט־אורטייל אויף זיך אַליין. ס'האָט טאַקע געטראָפן, אַז אַזעלכע יידישע „אַריער" האָבן נישט אויסגעהאַלטן און זענען צוריק אַנטלאָפן אין געטאָ, וואו זיי האָבן געזוכט

רו פאַר די כסדר אָנגעצויגענע און צעשרויפטע נערוון. טייל „אַרישע“ יידן זענען געקומען אין געטאָ אַריין בלויז אויף אַ קורצער צייט, אויף אַ מין אורלויב, כדי זיך צו באַפרייען פון דעם איינגענעסטעטן פחד. ערשט נאָך אַזאַ אָפּרו האָט מען זיך צוריק אָנגענומען מיט מוט און מען איז צוריק אַרויס אין דעם ווילדן „אַרישן“ דזשונגל, וואו עס האָט פון אַלע זייטן געלויערט דער טויט.

נאָך מיין באַריכט וועגן דער פּראָווינץ האָב איך פון די חברים באַקו־מען אָנווייזונגען וועגן די דרינגענדסטע אויפגאַבן און בפרט וועגן פינאַנ־ציעלער הילף — שאַפן פאָנדן איינצוקויפן געווער.

די קאָנפערענץ האָט זיך געענדיקט שפּעט און אַלע זענען זיך צעגאַנגען אין זייערע היימען, כדי אַריינצוכאַפּן אַ פּאָר שעה שלאָף און זיין גרייט צו דער מאָרגנדיקער ביטערער האַרעוואַניע אין די שעפּער, אָדער אויף דער צווייטער זייט פון די געטאָ־מויערן. איך האָב די דאָזיקע נאַכט פאַרבראַכט אויף גענשע 6, צוזאַמען מיט אַבראַשע בלום, מאַרעק עדעלמאַן און בערעק שניידמיל.

* * *

פאַרן אַרויסגיין פון געטאָ בין איך נאָך צום לעצטן מאָל אַוועקגע־גאַנגען אין דער פאַבריק אויף נאָוואָליפּיע. כ׳האָב דאָרט געהאַט אַ באַגע־געניש מיט אונזערע חברים ישראל גרילאַק און ישראל פאַלק. דער פּלאַן מיינער איז געווען גלייך נאָכדעם אַרויסצוגיין פון געטאָ. פאַרן געזעגענען זיך מיט די חברים האָט צו מיר חבר גרילאַק פּלוצלונג אַ זאָג געגעבן:
— דו ווייסט ווער עס געפינט זיך דאָ? דיין שוועסטער לאה. זי האָט איבערגעלעבט די דעפּאָרטאַציעס און אַרבעט דאָ ווי אַ שניידערין אין דער פאַבריק ביי טעבענסן.

די ידיעה האָט מיך אויפגעטרייסלט און כ׳האָב זיך שוין נישט געקענט באַרואיקן. גלייך זיך זען מיט איר איז נישט געווען מעגלעך. כ׳האָב דערי־בער געמוזט וואַרטן ביז זעקס פאַרנאַכט, ווען די אַרבעטער ווערן אַרויס־געלאָזט ווערן אַהיים. ווען כ׳בין דאָס לעצטע מאָל געווען אין געטאָ האָט נאָך געלעבט כמעט מיין גאַנצע פאַמיליע: מיין פאָטער, מיינע ברידער און שוועסטער, אַ טייל מיט זייערע משפחות. פון מיין גאַנצער פאַמיליע איז נישט געבליבן קיין שפור. אַלע זענען זיי — מענער, פרויען און קינדער — פאַרשלעפּט געוואָרן אויפן אומשלאַג־פּלאַץ און פון דאָרט צום טויט אין די גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקע.

זעקס פאַרנאַכט האָבן די גרופּן יידישע אַרבעטער אָנגעהויבן צו פאַר־לאָזן די טעבענס־ווערקשטאַטן. כ׳האָב באַלד אין דער ערשטער גרופּע דערזען מיין שוועסטער. זי איז געווען איינגעשרומפּן, אויסגעמאַטערט, מיט

גרויסע שוואַרצע רינגען אַרום די אויגן. ווען זי האָט מיך דערזען, איז זי מיט אויפגעריסענע אויגן שטיין געבליבן צוגעשמידט צו דער ערד. באַלד איז זי אַריינגעפאַלן אין אַ ספּאַזמאַטיש געוויין און מיר האָבן זיך געוואָרפן אין די אָרעמס. זי איז נישט געווען צוגעגרייט מיך צו טרעפן. זי האָט בכלל נישט געגלויבט, אַז איך לעב נאָך. ס׳האָט לאַנג געדויערט ביז זי האָט זיך באַהערשט. נאָכדעם ווי זי האָט זיך באַרואיקט איז זי אַריינגעפאַלן אין אַן אַפּאַטיע, וואָס איז געווען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר די „איבער־געבליבענע״ נאָך די דעפּאָרטאַציעס.

זי האָט מיר דערציילט ווי אַזוי אונזער פאַמיליע איז אַרויסגעפירט געוואָרן. ס׳האָט נישט געהאָלפן קיין באַהאַלטן זיך, קיין שום איינפאַלן. אַלע זענען זיי געכאַפּט געוואָרן אין פאַרשידענע הייף, וואויגונגען, קעלערן און בוידעמס. מיין שוועסטער האָט געוויינט, אָבער אירע אויגן זענען געווען טרוקן. יעדער ייד, וואָס האָט נאָך געלעבט אין געטאָ, איז געווען אַן עדות פון די זעלבע סצענעס: ווי אַזוי מען האָט זיינע נאָנטסטע גע־כאַפּט, געפּייניקט, פאַרשלעפּט און אַרויסגעפירט. די הערצער זענען געוואָרן אָנגעפילט מיט פּיין און שרעק. מיין שוועסטער האָט מיר אויסגערעכנט איינעם ביי איינעם מיינע ברידער און שוועסטער, זייערע פרויען, מענער און די פּיצלעך קינדער, וועלכע זענען אַוועק „אויפן לעצטן וועג״. איר שטים האָט אַ ציטער געטון, ווען זי האָט מיר איבערגעגעבן וועגן דעם סוף פון אונזער טאַטן.

כמעט די גאַנצע פאַמיליע האָט געוואוינט אויף נאַלעווקי 21 און אין זעלבן הויף האָבן זיי זיך איינגעאָרדנט אַ מין בונקער אונטערן דאַך. דער בונקער, וואָס מיין שוואָגער יודל מאָקאָטאָוו האָט צוגעגרייט, איז געווען איינגעאָרדנט אַזוי, אַז פון פאָרנט איז געהאָנגען אַ שלאָס און ס׳האָט אויס־געזען ווי קיינער וואָלט נישט געווען אינעווייניק. עטלעכע מאָל, בעת ס׳זענען פאָרגעקומען „אַקציעס״ און דער הויף איז פול געוואָרן מיט דייטשן, אוקראַאינער און יידישער פּאָליציי, האָט מיין פאַמיליע זיך באַהאַלטן אין דעם בונקער. צוליבן אויפגעהאָנגענעם שלאָס האָבן די דייטשן געמיינט, אַז דער בוידעם איז אַ ליידיקער . ביז ס׳איז געקומען איינע פון די לעצטע אַקציעס. אויפן הויף האָט זיך דערהערט דער שוין באַקאַנטער געשריי און געטומל און די אויסרופן: „אַלע יודען הערונטער!״. מיין פאַמיליע האָט זיך שנעל גענומען אַריבערטראָגן אין בונקער אַריין, אָבער אין דאָזיקן מאָמענט האָט אַ ייד פון אַ שכנותדיקער דירה דערזען ווי אונזער פאַמיליע לויפט זיך באַהאַלטן, האָט ער גענומען רופן צו מיין טאַטן: — ר׳ משה, ראַטעוועט מיך! אַ דייטש יאָגט מיך נאָך. ס׳איז געוואָרן אַ געפערלעכע סיטואַציע. דער ייד, אַ נאָכגעיאָגטער דורך אַ דייטש, איז געלאָפן גלייך אין דער ריכטונג פון באַהעלטעניש. ס׳האָט געדראָט, אַז אונזער גאַנצע פאַמיליע זאָל אומקומען. מיין טאַטע האָט שנעל געהאַט אַ ישוב־הדעת. ווען

דער נאָכיאָגנדיקער דייטש האָט זיך געפונען אונטן, אויף די טרעפּ, און מען האָט געהערט דייטלעכער דעם געקלאַפּ פון זיינע שטיוול, האָט מיין פאָטער בליץ־שנעל געגעבן דעם ייד אַ צייכן, אַז ער זאָל אַריינלויפן אין באַהעלטעניש און פאַרשלאָסן דעם בונקער. אַליין האָט ער אָנגעהויבן אַקעגנגיין דעם דייטש, כדי אַזויערנאָך ראַטעווען זיינע קינדער. דער נאַצי איז געווען זיכער, אַז ער האָט פאַר זיך דעם אַנטלאָפענעם ייד און ער האָט אים אַראָפּגעפירט אויף דער גאַס, צו דער גרויסער מחנה געפאַנגענע יידן.

אַזוי איז אומגעקומען מיין טאַטע. ער איז דעמאָלט אַלט געווען 73 יאָר. ער איז געווען אַ הויכער און פעסט־געבויטער. טראָץ זיין עלטער האָט ער נישט געטראָגן קיין ברילן. און הגם ער איז געווען אַ חסידישער ייד, איז ער אויף זיין אייגענעם אופן געווען אויף דער זייט פון זיינע קינדער, וועלכע זענען אַוועק אויפן וועג פון סאָציאַליזם און בונדיזם.

ווען דער טאָג האָט אָנגעהויבן צו גרויען, האָב איך זיך געזעגנט מיט די חברים און בין שנעל אַוועק צום טויער. פון אַלע זייטן האָבן זיך אין דעם קאַלטן, פאַרנעפּלטן פרימאָרגן אָנגעהויבן אַרויסצושיילן יידישע גע־שטאַלטן, אָנגעפּעלצטע אין כלערליי מאַנטלען און קורטקעס. אַלע האָבן געאיילט אין דער ריכטונג צום טויער, פונוואַנען מען האָט אונטער דער וואַך פון נאַצישע אָנטרייבער געדאַרפט אַוועק צו דער אַרבעט. כ'האָב אָפּגעזוכט דעם חבר בנימין מיענדזיזשעצקי און האָב זיך אַוועקגעשטעלט אין זיין גרופּע. אין אַ פּאָר מינוט אַרום זענען מיר פאַרבייגעגאַנגען די וואַך — די יידישע און פּוילישע פּאָליציאַנטן און די נאַצישע זשאַנדאַרמען. די גרופּע האָט זיך גענומען דערווייטערן פון געטאָ. ביי דער ערשטער גע־לעגנהייט האָב איך אַראָפּגענומען דעם באַנד פון אָרעם, בין אַרויף אויפן טראָטואַר און האָב זיך אָנגעהויבן שנעל צו דערווייטערן. כ'האָב דעמאָלט נישט געוואוסט, אַז דאָס איז געווען מיין לעצטער באַזוך אין געטאָ.

# 25. נייע באַקאַנטשאַפטן און צרות פון „שמאַלצאָווניקעס"

ס'האָט געדויערט אַ פּאָר טעג ביז ס'איז מיר געלונגען אײנגאַנצן צו־פעליק צו געפינען אַ שטענדיקן נאַכטלעגער. חבר לעאָן פײנער האָט מיר געגעבן אַ קאָנטאַקט מיט אַ מיטגליד פון פּ. פּ. ס. װעלכער האָט געהאָט אַ מעגלעכקײט צו קױפן געװער. דער נאָמען פון יענעם פּעפּעסאָװיעץ איז געװען יאַנעק קוליקאָװסקי און ער האָט געװױנט אויף בראָװאַרנע נומער 21, אין צװײטן הויף, אין פּאַרטער.

דעם זעלבן נאָכמיטאָג בין איך אַװעק אויף דער בראָװאַרנע גאַס, װאָס האָט זיך געפונען אין דער אָרימער אַרבעטער־געגנט בײ דער װײסל, אין אַ. ג. „פּאָדװישלע", װאו אײן הויז איז געװען אָרימער און חושכדיקער פון צװײטן. דאָ האָט געװױנט דער פּױלישער פּראָלעטאַריאַט, אַרבעטער פון גרױסע פאַבריקן און אויך די, װאָס זענען געװען באַשעפטיקט בײם װאַסער־טראַנספּאָרט און בײם אָפּרײניקן דעם טײך פון זאַמד. די לופט, װאָס איז געהאָנגען איבער דער דאָזיקער געגנט, איז געװען אַ פײכטע און אַ געדיכטע. ס'האָט געשמעקט מיט קרױט, מיט קאָלבאַסעס און אָרימע געקעכצער. אין די גאַסן און געסלעך זענען אַרומגעלאָפן אָפּגעריסענע און אָפּגעשליסענע קינדער. פאַר די טױערן זענען געזעסן אַלטע פרױען און מענער, װעלכע זענען אַרױס פון די פינצטערע און פײכטע דירות אויף דער „פרישער לופט".

כ'האָב אָפּגעזוכט דאָס הױז נומער 21 און בין געגאַנגען געניי, װי חבר פײנער האָט מיר אָפּגעמשלט, אין צװײטן הויף אַרײן, אין אַ קאָרידאָר אויף דער רעכטער זײט. אינמיטן הויף איז געשטאַנען אַ גרױסער מיסט־קאַסטן און אויף די שטײנער זענען געלעגן צעשפּרײט אַלטע בעטן, שעניקעס, פּעסער, שטיקער האָלץ און אײזנס. כ'האָב נישט געדאַרפט אָנקלאַפּן אין דער טיר, װײל זי איז געשטאַנען אָפן. כ'האָב דערזען אַ חושכדיק צימער מיט צעבראָכן מעבל. אין אַ בעט מיט צעפליקטע קאָלדרעס איז געלעגן אַ בלײכע פרױ. זי האָט געקרעכצט, נאָנט פון איר בעט איז געשטאַנען אַן אײנגעפאַלן אײזערן בעטל מיט אַרױסשטאַרצנדיקע ספּרענזשינעס. אויף דער

פּאָדלאָגע האָבן זיך אַרומגעוואַלגערט שמאַטענע קאָלדרעס און ביי אַ וואַנט איז געשטאַנען אַ הינקעדיק טישל מיט צוויי צעבראָכענע שטולן. אויף איינער אַזאַ שטול איז געזעסן יאַנעק — אַ נידריקער, טיפּיש־פּוילישער בחור, מיט פלינקע באַוועגונגען. ער איז געווען בלאָנד. די טשופּרינע איז אים געפאַלן אויף די אויגן און ער האָט אויסגעזען אַ יאָר 25. ער האָט געוואוסט וועגן מיין קומען. ווען כ׳האָב געזאָגט דעם נאָמען טשעסלאַוו, איז ער אויפגעשפּרונגען פון אָרט, האָט מיר האַסטיק דערלאַנגט די האַנט און פעסט אַ דריק געגעבן. ער האָט זיך אויסגעדרייט און אָנגעוויזן אויף דער פרוי מיטן בלייך־געלבלעכן פּנים אין בעט: — דאָס איז מיין מאַמע.

איך האָב צו אים געזאָגט שטילערהייט: — זי זעט אין גאַנצן אויס ווי אַ יידישע.

ער האָט געגעבן אַ הויכן לאַך: — איך האָב טאַקע צרות מיט איר. מ׳האָט זי שוין דריי מאָל פאַרהאַלטן אויף דער גאַס און איך האָב זי קוים מיט צרות אַרויסגענומען פון זייערע הענט. זי גייט דעריבער זעלטן אַרויס אין גאַס. זי האַלט אין איין קרענקען.

יאַנעק האָט געקוקט אויף מיר מיט יינגלשער צופרידנקייט. ער האָט געזאָגט, אַז ס׳פרייט אים צו באַקענען זיך מיט אַ יידישן סאָציאַליסט, וואָס אַרבעט אין דער אונטערערדישער באַוועגונג. ער וועט טון אַלץ, וואָס ער וועט קאָנען, צו שאַפן פאַר אונז געווער. ער האָט אַ באַקאַנטן לאָקאָמאָטיוו־פירער אויף דער באַן־ליניע וואַרשע — ראַדאָם. דאָס איז אַ טאָפּלט גוטע זאַך: אין ראַדאָם קאָן מען באַקומען געווער און אַ לאָקאָמאָטיוו איז דאָס איינציקע אָרט אין אַ באַן, וואו די געשטאַפּאָ און זשאַנדאַרמען פירן נישט דורך קיין רעוויזיע. פאַרן געזעגענען זיך האָט מיך יאַנעק געפרעגט:
— וואו נעכטיקסטו?

איך האָב אַ הויב געטון מיט די אַקסלען און צוגעגעבן: — דאָס איז טאַקע אַ פראַגע. איך ווייס אַליין נישט.

איך האָב אים דערציילט וועגן די צרות מיט אַ וואוינונג, וועגן דעם נאַכטלעגער אויף קרולעווסקע גאַס, וואָס איז פאַרבונדן מיט געפאַרן. זיינע אויגן האָבן פלוצלונג אויפגעבליצט. ער האָט אַ ווייז געטון אויפן אייזערנעם בעטל און אַ זאָג געגעבן מיט ענטוזיאַזם: — טשעסלאַוו, פון היינט אָן איז דאָ דיין געלעגער. דו גייסט נישט אין ערגעץ. דאָ בלייבסטו.

איך האָב אַ קוק געגעבן אויפן בעטל און האָב אים געפרעגט: — און וואו וועסטו שלאָפן?

— איך? פאַר מיר זאָרג זיך נישט. כ׳וועל מיר אויסבעטן אויף דער פּאָדלאָגע און וועל שלאָפן ווי אַ קעניג.

דער איינפאַל איז געווען אַ גוטער. דאָס דאָזיקע אַרבעטער־צימערל איז פון פיל שטאַנדפּונקטן געווען פאַר מיר ווי געוואונטשן. ער האָט צו מיר אויסגעצויגן די האַנט: — געמאַכט?

איך האָב אים דערלאַנגט מיינע: — געמאַכט, אָבער מיטן תנאי אַז כ׳וועל דער מאַמען דיינער צאָלן דירה־געלט.

איך האָב אים געגעבן אַ באַנקנאָט, וועלכן ער האָט גענומען אָן גרויס חשק. באַלד האָבן זיך די אויגן זיינע צעפינקלט: — אַזאַ זאַך דאַרף מען באַגיסן, האָט ער פריילעך געזאָגט.

ער איז אַרויסגעלאָפן אויף דער גאַס און איז באַלד צוריקגעקומען מיט אַ פלעשל בראָנפן. ער האָט מיר אָנגעגאָסן אַ גלאָז און אַליין האָט ער דאָס פלעשל אַריינגעשטעקט אין מויל און געטרונקען. אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז ער שוין געווען בגילופין. כ׳האָב געקוקט אויף זיין שכורער פריילעכ־קייט, אויף די רויטע פלעקן, וואָס זענען אַרויס אויף זיינע באַקן און בין פלוצלונג באַהערשט געוואָרן פון אַן אומרואיקייט.

מיט פרייד האָב איך דערציילט דעם חבר פיינער, אַז איך האָב שוין אַ שטענדיקע דירה וואו צו נעכטיקן. דער חבר פיינער האָט מיר איבער־געגעבן, אַז ס׳איז אים געלונגען צו באַקומען פון דער פּוילישער אונטער־ערדישער באַוועגונג, וואָס איז געווען פאַרבונדען מיט דער פּוילישער גלות־רעגירונג אין לאָנדאָן, אַ געוויסע מאַטעריעלע הילף, ווי אויך אַ צאָל געפעלשטע קענקאַרטן. מיין צימער אויף בראָוואַרנע איז געוואָרן אַ טרעף־פונקט פאַר אַ צאָל פון אונזערע טוער, ווי זלמן פרידריך, מיכאַל קלעפּ־פיש, וולאַדקע און אַנדערע. איינער פון מיינע באַזוכער איז געווען אַ חבר פון פּ. פּ. ס.. זיין נאָמען איז געווען מערענהאָלץ, אַ ייד. ער האָט געדינט אין דער יידישער פּאָליציי, אָבער גלייכצייטיק געהאָלפן דער אונטער־ערדישער באַוועגונג און, ווען מעגלעך, אויך געהאָלפן אַרויסראַטעווען אונזערע חברים פון אומשלאַג־פּלאַץ, דעם זאַמל־פּונקט פונוואַנען מ׳האָט די יידן געפירט צום אומקום אין טרעבלינקע (ער איז שפּעטער אַוועק פון דער יידישער פּאָליציי, האָט געלעבט אויף דער „אַרישער״ זייט און איז אומגעקומען בעתן וואַרשעווער אויפשטאַנד אין 1944). אין דער זעלבער דירה פלעגן אויך קומען טוער פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און טיילמאָל זענען דאָ דורכגעפירט געוואָרן טראַנזאַקציעס פון געווער.

אין אַ געוויסן טאָג האָבן מיר באַקומען די ערשטע עטלעכע גראַנאַטן. יאַנעק איז פון גאַס אַריינגעקומען אַ שטאַרק אויפגעהייטערטער און מיר געזאָגט, אַז היינט דאַרף עס געשען. מ׳האָט אים מודיע געווען, אַז ער זאָל זיך טרעפן מיטן לאָקאָמאָטיוו־פירער, וועלכער איז היינט אין דער פרי געקומען פון ראַדאָם. צו דער באַשטימטער צייט איז יאַנעק אַוועק און איך בין מיט שפּאַנונג געבליבן וואַרטן. יאַנעק איז צוריקגעקומען און געשטראַלט פון פרייד. פון דער הויזן־קעשענע האָט ער אַרויסגעצויגן אַ פלעשל בראָנפן און אַ זאָג געטון: — מיר מוזן עס באַגיסן.

די סחורה, האָט ער געזאָגט, איז דאָ. זיין באַקאַנטער לאָקאָמאָטיוו־

פירער האָט געברענגט עטלעכע „לעבעדיקע״ גראַנאַטן און ער פאַרלאַנגט אַ גאָר גרויסן פרייז. דער פרייז איז טאַקע געווען אַ גרויסער, אָבער דאָס איז נישט געווען דער עיקר. וויכטיקער פון דעם איז געווען דער פאַקט, וואָס באַקומען געווער איז נישט אויסזיכטלאָז. כ׳האָב געשאַפן דאָס געלט און דעם זעלבן טאָג האָב איך געהאַלטן אין האַנט עטלעכע דייטשע גראַנאַטן. דאָס איז געווען דער ערשטער קליינער געווער־טראַנספאָרט און אַ באַשיינפערלעכער באַווייז, אַז די יידישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע אין געטאָ האָט געקאָנט רעכענען אויף אַ געוויסער באַוואָפנונג.

דורך יאַנעקן האָב איך באַקומען אַ געלעגנהייט צו באַקענען זיך מיט אַ צאָל יוגנטלעכע פ. פ. ס.־ישע טוער. פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה איז יאַנעק געווען אַן אַקטיווער יוגנטלעכער סאָציאַליסט. אַ סך פון זיינע חברים פלעגן איצט קומען צו אים וועגן פאַרשידענע ענינים. צווישן זיינע באַקאַנטע איז מיר באַזונדערס געפאַלן אין אויג אַריין אַ הויכער שלאַנקער אַרבעטער, אַ פעסט־געבויטער מאַן מיט אַ וואַרימער און ליבלעכער באַ־נעמונג. עד האָט געהייסן באָלעק נאָסאָווסקי און איז פאַרן קריג געווען סעקרעטאַר פון פאַראיין פון הויז־דינערשאַפט. באָלעק האָט געהאַט אַ סך מעלות, ער האָט אָבער אויך געהאַט אַ געפערלעכן חסרון: נאָך מער ווי יאַנעק האָט ער ליב געהאַט דאָס פלעשל. ווען ער האָט געטרונקען, איז אים די צונג געוואָרן אויפגעבונדן און ער האָט גערעדט אַ סך איבעריקע רייד. יאַנעק האָט מיר פאַרזיכערט, אַז אפילו שיכורערהייט איז באָלעק גענוג ניכטער און ער ווייסט ביי וועלכער גרענעץ אָפצושטעלן דעם שטראָם פון ווערטער. יאַנעקס פאַרזיכערונג האָט מיך אַ ביסל באַרואיקט. באַלד פון אָנהויב האָט באָלעק זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ זייער נוצלעכן מענטש. ער האָט אונז אַרויסגעהאָלפן אין פאַרשידענע שווערע סיטואַציעס און געהאַט וויכטיקע פאַרבינדונגען אויפן דאָרף. ווען ס׳איז שפעטער נויטיק געווען צו געפינען אַן אָרט פאַר די אַנטלויפנדיקע געטאָ־קעמפער, האָט מען מיט זיין הילף געשיקט דעם חבר חיים עלנבויגן, וועלכער האָט געדאַרפט אויסגעפינען אַ באַהעלטעניש פאַר זייערטוועגן. פונדעסטוועגן האָט געטראָפן, אַז באָלעק האָט נישט באַוויזן צו קאָנטראָלירן דעם פלוס פון זיינע רייד. בעת אונזערס אַ באַזוך ביי אַ פוילישער פאַמיליע האָט זיך די צונג זיינע פאַרגאַלאָפירט. כ׳האָב געהערט ווי ער האָט געזאָגט צו צוויי פוילישע פרויען: צי ווייסט איר, אַז טשעסלאַוו איז אַ ייד? כדי צו באַרואיקן די איבעראַשטע פרויען, האָט ער שנעל צוגעגעבן: — ער איז אָבער אַ טייערער מענטש, ער איז גרייט אַוועקצוגעבן דעם קאָפ פאַר אַנדערע. טשעסלאַוו איז אַ מיטגליד פון דער אַ. ק. (אַרמיאַ קראַיאָוואַ — די אונטער־ערדישע פוילישע אַרמיי). מעגלעך, אַז די פרויען האָבן אים פשוט נישט געגלויבט אָדער זיי האָבן געהאַט גענוג שכל און אָנשטענדיקייט צו מאַכן אַ שווייג. פון דעמאָלט אָן האָב איך אָבער פאַרלוירן אַ סך פון מיין צו־

טרוי צו זיין „ניכטערן קאָפּ״ און האָב שטענדיק געקוקט מיט חשד, צי ער האָט נישט קיין פלעשל אין קעשענע.

עטלעכע וואָכן שפּעטער האָב איך געהאַט מיין ערשטע, דירעקטע באַגעגעניש מיט פּוילישע „שמאַלצאָווניקעס״. ביז דעמאָלט האָב איך פון די דאָזיקע אויסוואורפן קיין צרות נישט געהאַט. מיין אויסזען און האַלטונג האָבן נישט געוועקט קיין פאַרדאַכט. אויך דער איצטיקער ערשטער דורכ־פאַל איז פאָרגעקומען נישט צוליב מיר, נאָר צוליב עמיצן אַנדערש. כ׳האָב מיך געדאַרפט באַגעגענען מיט אַ חבר. ווען כ׳בין צוגעקומען צום באַ־שטימטן אָרט, האָב איך געזען, אַז ער קאָן אַנגיין פאַר אַן „אַריער״, אָבער זיין האַלטונג טויג נישט. ער איז געווען אויפגערעגט און נערוועאיש באַ־וועגט מיט די הענט. זיין איבערגעשראָקנקייט האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן. באַלד ווי מיר האָבן געשטעלט די ערשטע טריט אויף קרולעווסקע גאַס, האָב איך דערזען, אַז מיר זענען נישט אַליין. אַ פּאָרל איז אונז נאָכ־געגאַנגען און געקוקט אויף אונז מיט שטעכעדיקע בליקן. נישט אויס־דרייענדיק דעם קאָפּ, האָב איך געזאָגט צום יונגן חבר: — מען קוקט אויף אונז. ס׳איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז דאָס זענען „שמאַלצאָווניקעס״. נאַדיר 2,000 זלאָטעס. טאָמער פאַרהאַלטן זיי דיך, קויף זיך אויס.

כ׳האָב אים דערלאַנגט דאָס געלט, האָב נאָך געוואַרט אַ ווייל, ביז ס׳איז אונטערגעפאָרן אַ טראַמוואַי און כ׳בין אַריינגעשפּרונגען. ווייזט אויס, אַז דאָס פּאָרל איז נישט געווען אַליין. גלייך האָבן זיך פון טראָטואַר אָפּגעריסן אַנדערע צוויי פאַרשוינען און זענען מיר נאָכגעשפּרונגען אין טראַמוואַי אַריין. אינעווייניק האָבן זיי זיך צוגערוקט נאָענט צו מיר און האָבן מיך נישט אָפּגעלאָזט פון אויג. כ׳האָב געזען, אַז כ׳וועל זיך פון זייערע הענט שוין נישט אַרויסדרייען. בין איך דעריבער אויף איינער פון די נאָענטע סטאַציעס אַראָפּגעגאַנגען. די צוויי חברהלייט זענען גלייך אַראָפּ נאָך מיר און האָבן זיך אַוועקגעשטעלט פון ביידע זייטן. איינער פון זיי האָט צו מיר אַ זאָג געטאָן: — מיר ווייסן, אַז יענער, וואָס איז מיט דיר געגאַנגען, איז אַ ייד, און דו ביסט אויך אַ ייד.

כ׳האָב זיי אָנגעקוקט און דערקענט אין זייערע אויגן, אַז זיי מיינען נישט מיך איבערצוגעבן דער געשטאַפּאָ, נאָר זיי ווילן בלויז אַרויסציען פון מיר געלט. כ׳האָב זיי געזאָגט כלומרשט רואיק: — כ׳קאָן אייך געבן אַלץ וואָס כ׳פאַרמאָג, טויזנט זלאָטעס. פאַר אַוועקפירן מיך אין געשטאַפּאָ וועט איר אויך מער נישט קריגן.

זיי האָבן זיך איבערגעקוקט. איינער פון זיי האָט אַ קוק געגעבן אויף מיין אַנצוג. צוליב מיין טעטיקייט פלעג איך אָפט טוישן די מלבושים. ס׳זענען געווען טעג, ווען איך האָב געטראָגן אַ געוויינלעכע פּראָלעטאַרישע קורטקע, שטיוול און אַ פּראָסט היטל. דאָס מאָל האָב איך געטראָגן כמעט אַ נייעם אַנצוג. זיי האָבן מיך אַריינגעפירט אין ערשטן טויער און אַרויפגעפירט

אויף די טרעפּ. דאָרט האָט איינער פון זיי באַפוילן: — טו־אויס די מאַרי־נאַרקע און די הויזן.

בעת איך האָב זיך אָנגעהויבן אויסטון, האָט איינער פון זיי דאָס זעלבע געטון. אין אַ רגע אַרום זענען מיר געשטאַנען איבערגעטוישט: יענער אין מיין גוטן אַנצוג און איך אין זיינע אויסגעריבענע הויזן און מאַרינאַרקע. זיי האָבן צוגענומען ביי מיר די טויזנט זלאָטעס און זענען אַן אַ וואָרט אַוועק.

דער דאָזיקער דורכפאַל האָט געקענט ווערן פאַר מיר אַ גרויסע סכנה. פון איצט אָן האָט מיר געדראָט דערקענט צו ווערן דורך די צווייי „שמאַל־צאָווניקעס", וועלכע האָבן זיך אַוודאי אַרומגעדרייט איבער די וואַרשעווער גאַסן און געלויערט אויף קרבנות. דאָס גליק האָט מיר אָבער צוגעשפּילט און די דאָזיקע געפאַר איז שנעל באַזייטיקט געוואָרן. מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָב איך זיך געפונען אויפן קערצעלאַק, אויף דעם באַרימטן מאַרק־פּלאַץ פון דער וואַרשעווער אָרימער באַפעלקערונג. דאָרט האָב איך פלוצלונג דערזען איינעם פון די צווייי „שמאַלצאָווניקעס", וועלכער האָט אַרומשפּאַצירט אין מיין אַנצוג. איך בין נישט געווען אַליין, נאָר מיט אַ גרופּע יונגע פּוילישע סאָציאַליסטן. כ'האָב זיי אָנגעוויזן דעם שמאַלצאָווניק און געזאָגט: — דאָס איז ער. ער האָט מיך יענע וואָך „געשמאַלצעוועט".

די פּוילישע חברים זענען צוגעגאַנגען צו אים. זיי האָבן אים אַ נעם געטאָן ביי די קלאַפּעס און צוגעשלעפּט צו מיר. ווען דער אויסוואורף האָט מיך דערזען, איז ער געוואָרן וויס ווי קרייד און ער האָט אָנגעהויבן צו ציטערן. איינער פון די חברים האָט אים אָנגעוויזן אויף מיר און אַ גע־שריי געטון: — אים האָסטו „געשמאַלצעוועט"! אַ מענטש, וואָס אַרבעט פאַר אונז און גיט אַוועק זיין לעבן פאַר דער „אַרמיאַ קראַיאָוואַ"!

דער „שמאַלצאָווניק" האָט אָנגעהויבן צו שטאַמלען און אויסגעבראָכן מיט אַ געוויין: — כ'האָב נישט געוואוסט. כ'האָב געמיינט, אַז ס'איז אַ ייד. אַ צאַפּלדיקער האָט ער אָנגעהויבן אויסטון די מאַרינאַרקע, אָבער כ'האָב נישט געוואָלט דאָ לענגער פאַרציען דעם ספּעקטאַקל. כ'האָב אים גע־זאָגט: — כ'וויל נישט די מאַרינאַרקע, כ'וויל זאָלסט מיך מער נישט זען. די פּוילישע חברים האָבן אים געזאָגט: — אויב מיר וועלן זיך דערוויסן, אַז דו האָסט נאָכאַמאָל פאַרהאַלטן עמיצן, איז דיין לעבן נישט ווערט קיין צווייער.

ער איז אַנטלאָפן ווי פון אַ פייער אַרויס. בכלל האָב איך אין יענעם פּעריאָד געהאַט מזל צו די דאָזיקע שאַקאַלן, וואָס האָבן געלויערט אויף די וואַרשעווער גאַסן. צום מזל האָט מען געדאַרפט אַ גאָר שנעלע אָריענ־טאַציע. אין יענע טעג האָב איך געהאַט אָפּגערעדט צו טרעפן זיך אויפן פּלאַץ פון די דריי קרייצן מיט זלמן פרידריך. אויפן וועג צום באַשטימטן אָרט האָב איך פּלוצלונג דערזען, ווי צווייי פאַר אויגן פון אַ פּויליש פּאָרל

שפּיזן מיך אַדורך. כ׳בין געווען זיכער, אַז באַלד וועלן זיי צוקומען מיטן פּזמון: — זשידזשע, דאַי נאַ שמאַלעץ... (ייד, גיב אויף שמאַלץ).

ווען דער טראַמוואַי איז צוגעקומען צום פּלאַץ פון דריי קרייצן, בין איך מיט פעסטע און שנעלע טריט, אָבער נישט אַנטלויפנדיק, אַריין אין דער גרויסער קירכע אינמיטן פּלאַץ. כ׳האָב שוין געוואוסט די גאַנצע פּראַצעדור: איינטונקען די האַנט אין בעקן וואַסער, צלמען זיך, אַ קני געבן, פאַרנעמען אַ פּלאַץ אויף אַ באַנק און אָנהויבן מתפלל זיין. איך האָב נישט געוואוסט צי די „שמאַלצאָווניקעס״ וואַרטן אויף מיר אין גאַס, אָבער ווען איך בין שפּעטער אַרויס דורך אַ זייטיקער טיר, האָב איך געזען, אַז איך האָב זיי פון זיך „אָפּגעשאָקלט״. די זעאונג מיטן חבר זלמן פרידריך האָב איך אָבער צוליב דעם פאַרשפּעטיקט.

איך האָב אים ערשט געזען מיט עטלעכע שעה שפּעטער, ווען איך בין געווען ביי מיר אין דער וואוינונג אויף בראַוואַרנע 21. ער האָט מיר איבער־געגעבן אַ ליסטע פון חברים, וואָס האָבן זיך געגרייט אַרויסצוקומען פון געטאָ און פאַר וועלכע מען האָט געדאַרפט דערליידיקן דירות און דאָקומענטן. אין געטאָ, האָט ער מיר געזאָגט, בויט מען בונקערס בעיקר אונטער צע־שטערטע הייזער. די בונקערס ווערן געבויט דורך פאַכלייט, זיי האָבן גוט־צוגעטראַכטע אַריינגאַנגען און טייל פון זיי זענען אפילו באַזאָרגט מיט וואַסער און עלעקטרישער באַלויכטונג. רייכערע יידן האָבן זייערע בונקערס באַזאָרגט מיט זאַפּאַסן שפּייז. זיי האָבן זיך געגרייט, אין פאַל פון באַנייטע דעפּאָרטאַציעס, צו פאַרברענגען אין די אונטערערדישע געמויערטע קעלערן חדשים. אַחוץ דער ליסטע פון חברים, וואָס האָבן זיך געגרייט צו פאַר־לאָזן דעם געטאָ, האָט מיר חבר פרידריך אויך געגעבן אַ ליסטע פון אַזעלכע, וואָס האָבן שוין פאַרלאָזט דעם געטאָ די לעצטע טעג און האָבן זיך גע־נויטיקט אין באַלדיקער הילף. אונזער בונדישע אָרגאַניזאַציע האָט אין יענער צייט אָנגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט אַ צוויי הונדערט „אַרישע״ יידן און זיי באַדינט. שפּעטער איז זייער צאָל אויסגעוואַקסן ביז 2,500.

די צאָל יידן אויף דער „אַרישער זייט״ האָט אָנגעהויבן צו ווערן גרעסער. דער אַפּאַראַט, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט די „אַרישע״ יידן, איז זיך פונאַנדערגעוואַקסן. די לאַגע אין די געטאָס האָט זיך — נאָך די גרויסע דעפּאָרטאַציעס — אויף אַ געוויסער צייט סטאַביליזירט. די קליינע צאָל פאַרבליבענע יידן זענען געוואָרן צוגעטיילט צו שעפּער און צו אָפּ־טיילונגען, וואָס זענען געשיקט געוואָרן אַרבעטן אויסער די געטאָ־מויערן. די צאָל יידן אין אַרבעט־לאַגערן האָט זיך פאַרגרעסערט. אין אַרבעט־לאַגער פון בליזשין זענען פאַרשיקט געוואָרן אַ סך אונזערע חברים פון פּיעטריקאָוו און טאָמאַשאָוו, אין לאַגער פון סקאַרזשיסקאָ האָבן זיך גע־פונען אַ גרעסערע צאָל חברים פון לאָדזש, ראַדאָם, שידלאָוועצע און טשענ־סטאָכאָוו. אויף דער „אַרישער״ זייט אין וואַרשע איז געוואַקסן די צאָל

יידן, וואָס האָבן געלעבט אין בונקערס. דאָס זענען געווען יידן, וואָס האָבן נישט געקאָנט אַרויסקומען אויף דער גאַס צוליב זייער „שלעכטן" אויס־זען, „שלעכטער" שפּראַך און „שלעכטע" באַוועגונגען. זיי זענען געלעגן 24 שעה אין מעת־לעת באַהאַלטן און אָפּגעשלאָסן אין די צימערן, קעלערס און בוידעמס.

איינע פון אונזערע פאַרבינדלערינס, אינקאַ שווייגער, האָט מיר דער־ציילט, אַז קיין וואַרשע איז געקומען אַ לאָדזשער יידישער בחור. זיין פאָטער, אַ סטאָליאַר, גייט יעדן טאָג אַרויס פון לאָדזשער געטאָ אַרבעטן אויף דער „אַרישער" זייט. מיר האָבן זיך אָנגעכאַפּט אין דער דאָזיקער ידיעה ווי אין אַ גוטער געלעגנהייט צו פאַרבינדן זיך מיט די לאָדזשער חברים, צו וועלכע ס'איז געווען זייער שווער צוצוקומען. כ'האָב זיך באַ־געגנט מיט דעם לאָדזשער בחור אין מיין טרעף־פּונקט אויף קראָקעווער פאָרשטאָט 35. ער האָט אויסגעזען ווי אַ הונדערט־פּראָצענטיקער „אַריער". כ'האָב באַקומען פון אים אַלע נויטיקע אינפאָרמאַציעס וועגן זיין פאָטער און ווי אַזוי מ'קען מיט אים איינשטעלן אַ פאַרבינדונג.

אין עטלעכע טעג אַרום האָבן מיר אָוועקגעשיקט קיין לאָדזש אַ פּאָליאַק, וועלכער האָט געהאַלטן אין זיין וואַרשעווער וואוינונג אַ גרופּע יידן. דער פּאָליאַק האָט פון אונז באַקומען 100 דאָלאַר. דריי טעג האָט ער זיך אַרומ־געדרייטביים געטאָ־טויער פון לאָדזש און איז צוריקגעקומען מיטן געלט. מיט גרויס מי האָבן מיר שפּעטער אָנגעבונדן אַ קאָנטאַקט מיט לאָדזש.

מיר האָבן אָנגעהויבן צו באַקומען פון דער פּ. פּ. ס. אין אַ קליינער צאָל די נויטיקע פאַלשע דאָקומענטן, קענקאַרטן און אַרבעט־קאַרטן. צו־ליב דעם, וואָס דער בונד האָט אין יענער צייט נישט געהאַט קיין אייגענע צייטונגען, האָבן מיר אָנגעהויבן צו פאַרשפּרייטן די אונטערערדישע צײ־טונגען פון פּ. פּ. ס., אָבער דער גרעסטער טייל פון אונזער ענערגיע איז אַוועקגעגאַנגען אויף באַקומען געווער. דאָס קויפן געווער האָט נאָך אַלץ געהערט צו די שווערסטע אויפגאַבן. די פאַרקויפער און פאַרשידענע פאַר־מיטלער האָבן פאַרלאַנגט קאָלאָסאַלע געלט־סומעס פאַר יעדער קלייני־קייט, די גרעסטע שוועריקייט איז אָבער געווען אין דעם, וואָס מיר זענען געווען אויסגעשטעלט אויף כסדרדיקע דורכפאַלן — מיר האָבן געהאַט פאַרלוסטן פון געלט און אַנדערע אַנטוישונגען.

די צאָל פון אונזערע וואוינונגען האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן. אונזער פּראַקטיק איז געווען צו דינגען צו קויפן אָדער צו קויפן וואָס מער דירות. על־פּי־רוב זענען עס געווען צימערן ביי פּוילישע לאָקאַטאָרן. מיר האָבן אויך געדונגען „זעלבסטשטענדיקע" וואוינונגען אויף נעמען פון ריכטיקע פּאָליאַקן אָדער פון „אַרישע" יידן, וועלכע האָבן געהאַט גוטע דאָקומענטן און זענען געווען גוט צוגעפּאַסט צו שפּילן די ראָל פון „אַריער". דאָס איז געווען נויטיק, ווייל ס'האָט זיך געמערט די צאָל יידן, וואָס זענען

געקומען צו לויפן אויף דער „אַרישער זייט", און ס'האָט זיך אויך גע־מערט די צאָל דורכפאַלן פון דירות. פאַר די יידן, וואָס האָבן פאַרלוירן זייערע דירות אָדער בונקערס, האָט מען באַלד געמוזט האָבן צוגעגרייט אַ פרישן דאַך איבערן קאָפּ.

איינע אַזאַ זעלבסטשטענדיקע וואוינונג איז געקויפט געוואָרן אויף קראָכמאַלנע 23, אויפן נאָמען פון פּעפּעסאָוויעץ יאַנעק קוליקאָווסקי, ביי וועמען איך האָב געוואוינט אויף בראָוואַרנע 21. אין דער דירה אויף קראָכמאַלנע גאַס פלעגן וואוינען קורצער אָדער לענגער אַ סך יידן, וואָס האָבן זיך דרינגנדיק געניטיקט אין אַ נאַכט־לעגער. ס'איז אויך געווען איינגעשטעלט, אַז אויב עמיצער פון די „אַרישע" יידן האָט געטוישט זיין צימער, האָט ער דאָס פאַרלאָזטע צימער איבערגעגעבן צו אונז. אַזאַ פאַל איז געשען מיט דער חברטע זאָשקע פרידמאַן, די פרוי פון חבר לייבל קערש (זי איז פריער געווען אַן אַקטיווע בונדישע יוגנט־טוערין אין ראַדאָם). דער מאַן, געוועזענער סעקרעטאַר פון סאָציאַליסטישן האַנט־ווערקער פאַראיין אין וואַרשע, האָט זיך געפונען אין געטאָ. זי איז שוין אַ לענגערע צייט געווען אויף דער „אַרישער" זייט און האָט דאָרט גע־אַרבעט ווי אַ שניידערין אויף דער מאַרשאַלקאָווסקע גאַס. זי איז געקומען אויף מיין שטענדיקן טרעף־פונקט אין אַ רעסטאַראַן אויף קראַקעווער פאָרשטאָט 35 און האָט מיר געמאָלדן, אַז זי פאַרנעמט אַ צימער אין אַ הויז נישט ווייט פון דער קערבעדזשער ווייסל־בריק. צוליב דעם, וואָס זי האָט זייער ווייט צו גיין צו דער אַרבעט, האָט זי זיך אויסגעזוכט אַ ניי צימער, און דאָס פריערדיקע צימער וויל זי איבערגעבן דער אָרגאַניזאַציע.

כ'האָב לאַנג נישט געטראַכט און באַשלאָסן צו נעמען דאָס צימער אויף מיין נאָמען. מיר זענען גלייך אַהינגעגאַנגען און זאָשקע האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר דער באַלעבאָסטע פון דער דירה, אַן אוקראַינישע פרוי, וועלכע האָט דאָרט געוואוינט מיט צוויי מיידלעך פון 5 און 8 יאָר. די קינדער, פעלאַ און פראַניאַ, זענען נישט געווען אירע, ווייל זיי האָבן געזאָגט צו דער פרוי פּאַני. די אוקראַינישע פרוי האָט מיך אָנ־געקוקט פריינדלעך. זי האָט געוואוסט, אַז זאָשע איז אַ יידישע פרוי און פאַרשטאַנען, אַז איך בין אַ ייד. אונזער חברטע האָט זיך געזעגנט און איז אַוועק און איך בין פאַרבליבן נעכטיקן. צוליב זיכערקייט האָב איך געוואָלט שפּילן די ראָל פון אַן עכטן „אַריער", און ווי מ'האָט זיך נוהג געווען אין אַזאַ פאַל „באַגיסן" אונזער נייע באַקאַנטשאַפט. כ'בין אַראָפּגעגאַנגען אויף דער גאַס און האָב אַרויפגעבראַכט אַ פלעשל בראָנפן. די אוקראַינישע פרוי האָט שוין געהאַט געלייגט די קינדער שלאָפן און זי האָט אָנגע־נומען מיין איינלאַדונג אויסצוטרינקען אַ גלעזל. אין אַזעלכע פאַלן האָב איך דערמוטיקט דעם אַנדערן צו טרינקען אַ סך און אַליין האָב איך זיך באַמיט צו טרינקען וואָס ווייניקער, כדי נישט צו פאַרלירן דעם קאָפּ. אַזוי

איז אויך געווען איצט. די פרוי האָט געטרונקען איין גלעזל נאָכן צווייטן. פלוצלונג האָט זי אויף מיר געגעבן אַ לאַנגן קוק און אירע אויגן האָבן זיך גענומען אָנפילן מיט טרערן. צו מיין גרויסער איבעראַשונג האָב איך דערהערט, ווי זי האָט צו מיר אַ זאָג געגעבן אויף יידיש: — כ׳בין פונקט אַזאַ יידישע ווי איר. כ׳בין פון פינסק.

אַ דונער פון העלן הימל וואָלט אויף מיר אַזוי נישט געווירקט, ווי אירע אומגעריכטע רייד. אָט וואָס זי האָט מיר שפּעטער דערציילט: די צוויי קינדער, וועלכע רופן זי „פאַני", זענען אירע אייגענע קינדער. צוליב דעם, וואָס זיי זענען אויס יידישלעך, איז געזונטער צוליב די שכנים צו שפּילן די קאָמעדיע, אַז דאָס זענען נישט אירע קינדער. צוזאַמען מיטן מאַן און מיט די צוויי מיידעלעך איז זי געווען אין וואַרשעווער געטאָ און געוואוינט אויף מילנע 7. מיט אַ צייט צוריק האָט אַ פּאָליאַק, וועלכער איז אָפט געקומען אין שאָפּ וואו זי האָט געאַרבעט, מסכים געווען אַריבער־צונעמען די פאַמיליע אין אַ הויז ביי דער בריק, וואו ער איז געווען דער סטרוזש. פאַרן געלט, וואָס ער האָט באַקומען, האָט ער געדונגען אַ פריי־געוואָרענע דירה פון צוויי שטובן מיט אַ קיך און האָט אַלץ גרייט געמאַכט פאַר דער יידישער פאַמיליע. סך־הכל איין טאָג פאַרן אַרויסגיין פון געטאָ איז געשען אַן אומגליק מיט איר מאַן. ער איז געכאַפּט געוואָרן בעת אַן אַקציע און איז אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע. זי האָט זיך אַריבערגעקליבן מיט די קינדער און שפּילט די ראָל פון אַן אוקראַינערין, ווייל אוקראַינער זענען אין יענער צייט באַהאַנדלט געוואָרן מיט אַ ספּע־ציעלן חסד מצד די דייטשן. זי האָט זיך אויסגעאַרבעט אַן אוקראַינישן פּאַס. אַזוי ווי זי האָט גוט געקענט רעדן אוקראַיניש, האָט זי גוט געשפּילט איר ראָלע. זי האָט געאַרבעט אין אַ פאַבריק פון סוועטערס. אַזוי ווי דער פאַרדינסט פון איר אַרבעט קלעקט נישט אויף אַלץ, מוז זי פאַרדינגען אַ צימער.

איך האָב געזאָגט צו איר: — איר רעדט אויסגעצייכנט אוקראַיניש און איר זעט אויס נישט ווי אַ יידישע פרוי, איר האָט אויך אַן אוקראַי־נישן פּאַס, פאַר אייך איז לייכט זיך צו באַוועגן. צי וואָלט איר געוואָלט העלפן אין דער אַרבעט פון ראַטעווען יידן?

זי האָט מיך אָנגעקוקט אַ פאַרחידושטע: — ווי אַזוי?

כ׳האָב איר געענטפערט: — איצט זענען פאַראַן אַ סך יידן אין אַרבעט־לאַגערן, וועלכע ווערן באַוואַכט דורך אוקראַינער. אייך וואָלט דאָרט לייכט געווען צוצוקומען און אַריינגעבן די יידן הילף.

זי האָט גלייך מסכים געווען און זי איז טאַקע אַ געוויסע צייט געווען אונזער פאַרבינדלערין מיטן לאַגער בליזשין (קאָנסקער פאָוויאַט, ראַדאָמער ראַיאָן). די ערשטע סומע געלט האָב איך איר געגעבן צו דער לאַדזשער חברטע לילקע נוטקעוויטש (לעבט היינט אין לאָס אַנזשעלעס). כ׳האָב איר

דעמאָלט געגעבן 15 טויזנט זלאָטעס און האָב איר מיטגעגעבן אַ צעטל, אין וועלכן ס'איז געווען געשריבן: אַ גרוס פון הענריק וויקטאָרסקי (גענומען פון די נעמען הענריק ערליך און וויקטאָר אַלטער). זי איז אַוועקגעפאָרן מיטן געלט, וואָס האָט געשטאַמט פון אַלגעמיינעם קאָאָר־דיניר־קאָמיטעט (בונד און ציוניסטן). צו מיין גרויסער פרייד איז זי צוריקגעקומען מיט אַ צעטעלע, אויף וועלכן ס'איז געווען אַן אויפשריפט: אַ גרוס פאַר די נאָנטע משפחות פון הענריק וויקטאָרסקי. אונטערגעשריבן זענען געווען: לילקע נוטקעוויטש, דאָבע עטינגאָלד פון ביאַליסטאָק (איצט אין אויסטראַליע) און מאַקס מילינסקי — אַ שניידער־אַרבעטער, אַ מיטגליד פון קאָמיטעט פון בונד אין קראָקע. אויף אַזאַ אופן האָבן מיר דורך דער דאָזיקער כלומרשט אוקראַאינישער פרוי (זי איז איצט מיט אירעביידע טעכטער אין ניו־יאָרק) געפונען אַ פאַרבינדונג מיטן לאַגער בליזשין און מיר האָבן געקאָנט צוקומען מיט אַ קליינער הילף צו די נויטבאַדערפ־טיקע יידן. לאַנג האָט איר זייער ווערטפולע מיטאַרבעט, ליידער, נישט געדויערט. געענדיקט האָט עס זיך אויף אַ טראַגישן אופן.

אַ געוויסן טאָג איז צו מיר געקומען די חברטע זאָשקע קערש און געזאָגט, אַז אינעם לאַגער בליזשין, מיט וועלכן מיר האָבן פאַרבונדן אַ קאָנטאַקט, געפינט זיך איר ברודער. זי איז גרייט צו באַצאָלן אַלץ, וואָס וועט זיין נויטיק מען זאָל אים פון דאָרט אַרויסנעמען און אַריבערברענגען קיין וואַרשע. מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער, ווען אַלץ איז שוין געווען גע־הערִיק צוגעגרייט, איז אונזער „אוקראַאינערין" אַוועקגעפאָרן אין לאַגער אַריין, כדי צו ברענגען דעם יידישן בחור. פאַרן אַוועקפאָרן האָט זי פאַר־לאַנגט, אַז עמיצער פון די פרויען מוז איבערנעכטיקן די פאַר אָוונטן ביי איר אין דער וואוינונג, ווייל זי קאָן נישט די קינדער איבערלאָזן אַליין. איך האָב זיך געווענדט צו צוויי אונזערע חברטעס, אָלאַ מאַרגאָליס (טאָכ־טער פון ד״ר אַלעקסאַנדער מאַרגאָליס, פון לאָדזש) און ד״ר אינקאַ שווייגער. זיי האָבן מסכים געווען צו שלאָפן דאָרט די עטלעכע נעכט. די „אוקראַאינערין" איז אַוועקגעפאָרן. נאָכן לייגן די קינדער שלאָפן זענען מיר דריי פאַרבליבן אין עס־צימער און געגעסן אָוונט־ברויט.

אונזערע נערוון זענען געווען אָנגעשטרענגט און מיר האָבן אַלע אַ ציטער געטאָן, ווען מיר האָבן דערהערט אַ קלאַפּ ביי דער טיר. ס'איז נישט געווען קיין ברירה און מ'האָט געדאַרפט עפענען. אויף דער שוועל איז געשטאַנען אַ שכנטע און געפרעגט אויף דער באַלעבאָסטע. מיר האָבן איר געזאָגט, אַז די באַלעבאָסטע איז אַוועקגעפאָרן אויף צוויי טעג און געמיינט, אַז מיט דעם איז די זאַך געענדיקט. זי האָט זיך שנעל אַרומגע־קוקט איבערן צימער און איז גלייך אַראָפּגעלאָפן צום סטרוזש מעלדן אים, אַז זי האָט דאָ געטראָפן אַ פרעמדע געזעלשאַפט. באַלד איז געקומען צולויפן דער סטרוזש. ער האָט אונז אַלע אָפּגעמאָסטן מיט די אויגן,

וועלכע האָבן געגלאַנצט פון שיכרות. ער האָט געפרעגט וועד מיר זענען. נאָך איידער מיר האָבן באַוויזן צו ענטפערן, איז ער אַריינגעפאַלן אין אַ מוראדיקער רציחה און האָט זיך געוואָרפן אויף מיר שלאָגן. איך האָב זיך שנעל אָריענטירט, אַז איך דאַרף ענערגיש האַנדלען. כ׳האָב אויסגע־צויגן די האַנט און האָב אַראָפּגעשאַרט פון טיש דעם נאַפט־לאָמפּ. דער לאָמפּ איז צעבראָכן געוואָרן און אין צימער איז געוואָרן פינצטער. כ׳בין דאַן שנעל אַרויס פון שטוב, בין אַראָפּ אויפן הויף, בין אַריבערגעשפּרונגען אַ פּאַרקאַן און האָב זיך געפונען אויף דער גאַס. ס׳איז שוין געווען זייער שפּעט און ס׳איז שוין געווען פאַרבאָטן צו געפינען זיך אין דרויסן. מיט טונקעלע הינטער־געסלעך האָב איך באַוויזן צו דערגיין צו מיין אַלטער, נישט ווייטער וואוינונג אויף בראָוואַרנע 21. איך בין אַרויפ־געפאַלן אויף דעם בעטל און געפילט דאָס שטאַרקע קלאַפּן פון מיין האַרץ. פּאַרטאָג בין איך אַריבערגעלאָפן אויף מיאַדאָווע 24 צו דער־וויסן זיך וואָס ס׳איז געשען נאָך מיין אַוועקגיין. אַלץ איז געווען אין אָרדענונג. אינקאַ שווייגער האָט מיר איבערגעגעבן, אַז דער שיכורער סטרוזש האָט זיך צעשריגן, אַז ער וועט קיין מענער דאָ נישט לאָזן וואוינען. ער האָט זיך סוף־כל־סוף באַרואיקט און האָט אַפילו נאָכדעם איבערגעבעטן פאַר זיין אויפפירן זיך. דעם נאָנטן אָוונט בין איך מער נישט אַהינגעגאַנגען, אָבער די דריטע נאַכט בין איך צוזאַמען מיט זאָשע קערש ווידער אַרויף אין דער וואוינונג, ווייל דעם דאָזיקן אָוונט האָט די פינסקער יידישע „אוקראַינעריז״ געזאָלט ברענגען פון לאַגער איר ברודער.

לויט דעם רייזע־פּלאַן פון די באַנען האָב איך געוואוסט, אַז זיי קאָנען אָנקומען אַרום צען אין אָוונט. אַרום האַלב עלף האָבן מיר טאַקע דערהערט טריט אויף די טרעפּ און אין דער וואוינונג איז אַריינגעקומען די „אוקראַינעריז״ און נאָך איר זאָשקעס ברודער, אַ בלאָנדער בחור פון אַ יאָר 23. די פרייד פון ברודער און שוועסטער איז געווען אין לשער. אויך דער טריאומף פון דער „אוקראַינעריז״ און מיין אייגענע פרייד האָבן נישט געהאַט קיין גרענעץ. מיר זענען דעמאָלט געזעסן לאַנגע שעהן און געהערט וואָס ער האָט אונז דערציילט וועגן לאַגער. ער האָט אויס־גערעכנט די נעמען פון פיל באַקאַנטע און חברים, וועלכע מיר האָבן שוין לאַנג געהאַלטן פאַר אומגעקומענע. מיר וואָלטן אַזוי געזעסן אַ גאַנצע נאַכט, ווען עס וואָלט נישט געשען אַן אומגעריכט אומגליק. מיר האָבן דערהערט שווערע קלעפּ אין דער טיר און גלייך האָבן זיך דערהערט קולות: — עפנט! פּאָליציי!

מיר האָבן מאָמענטאַל אויסגעלאָשן די לאָמפּ. איך בין שנעל אַריינ־געלאָפן צו מיר אין לעצטן צימערל, האָב זיך אויסגעטון און אַריינגע־לייגט אין בעט. זאָשקע מיטן ברודער זענען אַריין אין קיך און די

באַלעבאָסטע האָט געעפנט די טיר. עטלעכע דייטשע שוץ־פּאָליציאַנטן מיט אַ פּאָליאַק, אַן איבערזעצער, זענען אַריין מיט שטורם. דער פּאָליאַק איז אַריינגעלאָפן צו מיר אין צימער. ווען ער האָט מיך געזען ליגן אין בעט, האָט ער מיר אַ קלאַפּ געטון איבער די פיס און מיט אַ געבייזער געפרעגט: — ווי הייסטו?

איך האָב זיך געמאַכט שלאָפן. ער האָט גענומען הויך רעווען: — שטיי אויף! ווי הייסטו?

כ׳האָב געעפנט די אויגן און האָב אים אָנגעקוקט כלומרשט אַ פאַר־שלאָפענער. איך האָב געזאָגט מיין נאָמען: — װלאָדזשימיעזש קאָ־סאָווסקי.

ער האָט אַ רעווע געטון: — דאָקומענטן!

איך האָב געוואָלט אַרויסגיין פון בעט און צוגיין צו דער מאַרי־נאַרקע, וואָס איז געהאָנגען אויף אַ שטול. אָבער ער האָט ווידער אַ קוויטש געגעבן: — דו ליג! כ׳וועל אַליין אַרויסנעמען!

אין די קעשענעס האָט ער געפונען מיינע דאָקומענטן און אויך צוויי טויזנט זלאָטעס.

ער האָט זיך צו מיר אויסגעדרייט און האָט אַ געשריי געטון, אַז די אַדערן זענען אים אַזש אַרויסגעקומען אויפן האַלז: — אַרויס פון בעט! קום אַריין אין צווייטן צימער.

ווען מיר זענען אַריין אין צווייטן צימער, איז דאָרט געשטאַנען די „אוקראַינערין”, זאָשקע און איר ברודער. אַרום זענען געשטאַנען די דייטשע פּאָליציאַנטן מיט ביקסן אין האַנט.

ווען דער פּאָליאַק האָט אַ קוק געטון אויפן טויט־דערשראָקענעם בחור, האָט ער אַ געשריי געטון ווי אַ ווילדע חיה: — דאָס איז אַ יודע!

ער האָט אים אַריינגעפירט אין צווייטן צימער, וואו ער האָט אַדורכ־געפירט זיין „אונטערזוכונג”. אין אַ רגע אַרום איז ער אַריין מיט אַ ווילד געלעכטער: — איין יודע!

ער האָט אויפגעהויבן זיין גרויסע, מאַסיווע לאַפּע און דערלאַנגט דעם יידישן בחור צוויי הילכיקע פּעטש. די שוועסטער האָט זיך אַ ריס געטון צו אים און געשריגן: — שלאָגט אים נישט!

ערשט איצט האָט דער פּאָליאַק זיך אויסגעדרייט צו איר: — ווער ביסטו?

זי האָט אָנגערופן איר „אַרישן” נאָמען.

— און ווער איז ער?

— ער איז מיין חתן.

דער פּאָליצייאישער איבערזעצער האָט זיך ווידער צערעוועט:

— דו, אַ פּאָלקע, האָסט אַ יידישן חתן.

— ער איז נישט קיין ייד — האָט זי אים געענטפערט.

איינער פון די דייטשן האָט אים באַזוכט און געפונען ביי אים די קען־קאַרטע. דער איבערזעצער האָט אים ווידער גענומען שלאָגן און געשריגן: — פונוואַנען האָסטו די פאַלשע דאָקומענטן?

זאָשקעס ברודער האָט געזען, אַז ער איז אַריינגעפאַלן און ס'איז פאַר אים נישטאָ קיין שום רעטונג. ער האָט אַרויסגעשטאַמלט: — איך האָב עס געקויפט ביי אַ מאַן. איך קען אים נישט, כ'ווייס נישט וואו אים צו געפינען.

איך בין געשטאַנען אין דער פידזשאַמע און געציטערט אויפן גאַנצן קערפּער. כ'האָב געוואַרט, אַז דער איבערזעצער זאָל זיך נעמען צו מיר און אָ געשריי טון: — אין אַנדערן צימער! ס'איז ביי מיר נישט געווען קיין שום צווייפל, אַז איך בין אויך אַ פאַרפאַלענער. ביזן היינטיקן טאָג פאַרשטיי איך נישט וואָס ס'האָט פּאַסירט. דער פּאָליאַק האָט זיך צו מיר טאַקע געווענדט, אָבער ער האָט אַ געשריי געטון נישט דאָס וואָס ס'האָט מיר אויסגעזען צו זיין אומפאַרמיידלעך. ער האָט אויסגערופן: — אַריין צו זיך אין בעט אַריין!

די פּאָליציי האָט צוגענומען זאָשקען מיטן ברודער און איז אַוועק. מען האָט זיי ביידע אַוועקגעפירט אין טורמע פּאַוויאַק. ערשט נאָך דער מלחמה האָבן מיר זיך דערוואוסט וועגן זייער גורל. זאָשקע איז אומגעקומען, אָבער איר ברודער איז געבליבן לעבן. ער איז, ווייזט אויס, באַפרייט געוואָרן פון פּאַוויאַק ווען ס'איז אויסגעבראָכן דער וואַרשעווער אויפשטאַנד.

שפּעטער האָט מיר די „אוקראַאינערין" דערציילט וואָס ס'איז געשען. די דייטשע פּאָליציי איז גראָד יענע נאַכט געקומען זוכן אינגאַנצן עמיצן אַנדערש — אַ פּוילישן קאָמוניסט, וועלכער האָט מיט אַ לאַנגער צייט צוריק געוואוינט אין דער דאָזיקער דירה, איידער זי האָט זיך דאָרט איינגעאָרדנט. צום אומגליק איז דאָס געווען פּונקט אין דער נאַכט, ווען מען האָט אַרויסגעראַטעוועט פון לאַגער זאָשקעס ברודער.

איך האָב זיך, נאַטירלעך, פון דער דירה גלייך אַרויסגעצויגן, אָבער די „אוקראַאינערין", די פאַרשטעלטע יידישע פרוי (איר נאָמען איז טויבע פרידמאַן) האָט אונז נאָך געטון אַ סך גרויסע טובות. אין דער צייט פון פּוילישן אויפשטאַנד אין וואַרשע, אין יאָר 1944, איז איר דירה געשטאַנען אָפן פאַר די אויפשטענדלער.

צו מיין גרויסער איבעראַשונג און פרייד האָב איך דאָ, אין אַמעריקע, אומגעריכט באַקומען אַן איינלאַדונג אויף אַ חתונה. די כלה איז געווען איינע פון די צוויי געראַטעוועטע יידישע מיידלעך, וועלכע האָבן אין דער צייט פון זייער „אַרישער" פאַרשטעלטקייט געמוזט זאָגן זייער מאַמען — „פּאַני"...



אַ וואַנט פון וואַרשעווער געטאָ־מויער



גינע קלעפּפּיש



מצבה אויפן קבר פון גינע קלעפפּיש (אויפן קריסטלעכן צמענטאַזש אין פּראַגע); עס שטייט אַנאַ וואָנכאַלסקאַ.



צילע און זלמן פרידריך מיט זייער קינד עלזע



אין לובלין: שיפרה און אַלטער זאַטערמאַן מיט זייער קינד געצעלע. אין מיטן — הערשל הערצמאַן.



עלזע פרידריך אין די שפּעטערע יאָרן

# 26. דער וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד

מיטן מאָמענט, ווען די דייטשע חיילות האָבן אָקופּירט דאָס לאַנד און ס'איז עטאַבלירט געוואָרן דער היטלעריסטישער אונטערדריקונג־אַפּאַראַט, האָבן די יידן אויפגעהערט צו זיין פרייע מענטשן. זיי זענען געוואָרן געפאַנגענע אין פולן זין פון וואָרט. זיי האָבן מער נישט געקענט פריי זיך באַוועגן, עקאָנאָמיש זיין טעטיק און אָפּן אויסדריקן זייער ווילן. זייער לעבן־סטאַנדאַרד איז רעדוצירט געוואָרן נאָנט צו זעראָ, זיי האָבן פאַרלוירן זייער ציווילע רעכט און זענען מאָראַליש דעגראַדירט געוואָרן. קיין שום געזעץ אָדער פיזישע מאַכט האָט זיי נישט געקענט באַשיצן. קיין שום הילף פון דרויסן איז נישט געווען צו דערוואַרטן. דאָס אַליין איז געווען גענוג אויף צו דעפּרימירן דעם רוב פון דער יידישער באַפעלקערונג און האַלטן אים אין אַ צושטאַנד פון יאוש און דערשלאָגנקייט. צו דעם איז נאָך צוגעקומען די כסדרדיקע אונטערדערנערונג, דער אומאויפהער־לעכער הונגער, וואָס האָט פשוט פיזיש אָפּגעשוואַכט דעם ווייט־גרעסטן טייל יידן און געליימט זייער ווילן. די בעסטיאַלישע פייניקונגען און רציחות האָבן גענערט די מורא און הילפלאָזיקייט.

נאָך 2—3 אַזעלכע יאָרן האָט זיך אָנגעהויבן די נאַציש־דייטשע אַקציע פון טאָטאַלער אויסמאָרדונג. כדי ס'זאָל נישט זיין קיין ווידערשטאַנד מצד די קרבנות, האָבן די נאַציס פאַרשפּרייט דעם ליגן, אַז ס'האַנדלט זיך בלויז וועגן „אויסזידלונג" — איבערפירן אין אַנדערע ערטער. אַ טייל יידן האָבן געוואוסט, אַז דאָס איז נישט אמת. זייער רוף צו ווידערשטאַנד האָט אָבער קיין שטאַרקן אָפּקלאַנג נישט געפונען.

די אונטערערדישע באַוועגונג האָט כסדר געוועקט און געמונטערט, האָט כסדר דעמאַסקירט די נאַצישע כוונות. דער ברייטער יידישער עולם האָט אָבער געציטערט, אַז די טעטיקייט קעגן דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט וועט גורם זיין שווערע קאָנסעקווענצן. ווען ס'איז געקומען צו רייד וועגן אָרגאַניזירן זיך צום ווידערשטאַנד, האָבן פאַרשידענע יידישע כלל־

טוער געטענהט, אַז מ׳טאָר דאָס נישט טון, ווייל די דייטשע מאַכט וועט גרויזאַם זיך נוקם זיין אין אַלע יידן.

פיזיש און פּסיכיש זענען די יידן נישט געווען צוגעגרייט צו קענען געהעריק זיך קעגנשטעלן בעת די דעפּאָרטאַציעס, זיי האָבן אויך נישט פאַרמאָגט די נויטיקע אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרמען און דער עיקר — זיי האָבן נישט געהאַט אַפילו דעם מינימום וואָפן. בלויז אַ קלענער טייל האָט געהאַט דעם מוט צו קעמפן פאַרן לעבן דורך באַהאַלטן זיך — אויך צו דעם האָט מען געדאַרפט האָבן אַ גרויסע מאָראַלישע קראַפט און פיזישן אויסדויער. בלויז אַ קליינער טייל האָט געהאַט דעם מוט צו באַצאָלן תיכף מיטן אייגענעם לעבן ביים פּרואוו פון קעגנשטעלן זיך און נישט לאָזן זיך פירן צו דער שחיטה. אַזעלכע פאַלן זענען געווען אין פיל ערטער. דאָס האָבן געטון יחידים אָדער קליינע גרופּן.

הגם מיט אַ שטאַרקער פאַרשפּעטיקונג — ווען דער רוב פון דער יידישער באַפעלקערונג איז שוין געווען אויסגעמאָרדעט — האָט דאָך די שטרעבונג צו שטעלן אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד אָנגענומען קאָנקרעטע פאָרמען. אין אַ צאָל שטעט, ווי וואַרשע, טשענסטאָכאָוו, ביאַליסטאָק, ווילנע און אַנדערע ערטער זענען געשאַפן געוואָרן ספּעציעלע קאַמף־אָרגאַניזאַציעס. דער בונד, וועלכער האָט די גאַנצע צייט געוועקט צום קאַמף מיטן מערדערישן נאַצי־שונא, איז אין דעם געווען אַקטיוו באַטייליקט. אין וואַרשע איז די יידישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע געשאַפן געוואָרן אין אָקטאָבער 1942.

דער ערשטער אַרויסטריט פון דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע אין וואַרשעווער געטאָ איז פאָרגעקומען אין דער צווייטער העלפט יאַנואַר, 1943. ווען די דייטשן האָבן אָנגעהויבן אַ נייע אַקציע פון אַרויספירן יידן פון געטאָ, זענען עטלעכע באַוואָפנטע יידישע אָפּטיילונגען אַרויסגעטרעטן אין קאַמף. די גרעסטע שלאַכט איז דעמאָלט פאָרגעקומען נאָענט פון אומשלאַג־פּלאַץ, אויפן שטח פון מילע־דזשיקע־סטאַווקי. פיר באַוואָפנטע גרופּן האָבן זיך פאַרבאַריקאַדירט און באַשאָסן די דייטשן. ס׳זענען פאָרגעקומען צוזאַמענשטויסן אין עטלעכע הייזער. אויפן שטח פון שולצס פאַבריק האָבן די מיטגלידער פון דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע פאַרפירט אַ שלאַכט מיט דער וואַך פון ס. ס.־לייט. בעת דער שלאַכט איז געפאַלן דער אָנפירער פון דער קאַמף־גרופּע, דער בונדישער יוגנט־טוער אַברהם פיינער. איינע פון די קאַמף־גרופּן, וואָס האָט נישט פאַרמאָגט קיין געווער, איז געכאַפּט געוואָרן צוזאַמען מיט נאָך אַ צאָל יידן. מ׳האָט זיי אַלע אַוועקגעפירט אויפן אומשלאַג־פּלאַץ צום אומברענגען אין די גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקע. דער פירער פון דער געפאַנגענער גרופּע, דער בונדישער יוגנט־טוער ברוך פּעלץ, האָט אין אַ קורצער רעדע אויפגעפאָדערט די יידן נישט אַריינצוגיין אין די וואַגאָנעס. קיינער פון די העכער זעכציק יידן

איז אין די וואַגאָנעס נישט אַריין. דעמאָלט האָט דער שעף פון טרעבלינקע, וואָס איז גראָד געווען אויפן אומשלאַג־פּלאַץ, דורכגעפירט די עקזעקוציע אויפן אָרט. בכלל איז אין דער יאַנואַר־אַקציע אומגעקומען אַ באַדייטנדיקער טייל פון דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע.

דער רוף פון געטאָ צו שאַפן געווער איז געוואָרן שאַרפער און דרינגענדיקער. מיר, אויף דער „אַרישער" זייט, האָבן זיך געמוזט מאָביליזירן פאַר דעם צוועק. דער זיץ־אָרט פון צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד איז געווען אויף זשוראַווע 24, וואו עס האָט געוואוינט דער חבר יצחק (איגנאַצי) סאַמסאָנאָוויטש. דאָס איז געווען אַ גרויסע און עלעגאַנטע וואוינונג פון 5 צימערן. די אייגנטימערין פון דער וואוינונג איז געווען אַ 30־יאָריקע פּוילישע פרוי, אַ געוועזענע רעדאַקטאָרין פון אַ פּוילישן זשורנאַל געווידמעט עקאָנאָמישע פראַגן. זי איז געווען אַ הייסע פּוילישע פּאַטריאָטקע און האָט זיך געריכט דערמיט, וואָס זי איז אין די פריערדיקע יאָרן געווען אַ נאָענטע חברטע פון פּילסודסקיס אַ טאָכטער. אין עס־צימער פון איר דירה איז אויף דער וואַנט געהאָנגען אַ רויטער טעפּיך און אויף אים — אַ ווייסער פּוילישער אָדלער. אין דער דאָזיקער דירה פלעגן פריער פאָרקומען זיצונגען פון דער אָנפירונג פון דער אַרמיאַ קראַיאָוואַ (פּוילישע געהיימע אַרמיי). שפּעטער האָבן זיך דאָ געטראָפן פאָרשטייער פון אַנדערע פּוילישע אונטערערדישע אָרגאַניזאַציעס. דאָ האָט געהאַט זיצונגען דער פּוילישער ראַט צו העלפן יידן (אין אים זענען אויך געווען צוויי יידישע פאָרשטייער — פון בונד און ציוניסטן). די פּוילישע פרוי האָט נאַטירלעך געוואוסט ווער מיר זענען און מיט דער צייט האָט זי אונז געטון גרויסע טובות. דורך איר האָבן מיר באַקומען זייער נוצלעכע פּוילישע פאַרבינדונגען. אין יענער צייט האָט חבר לעאָן פיינער באַקומען קאָנטאַקטן מיט פּוילישע „סקאָטשקעס" (פאַראַשוטיסטן), וועלכע זענען געשפּרונגען פון אַעראָפּלאַנען, וואָס זענען געפלויגן צווישן פרייען אויסלאַנד און אָקופּירטן פּוילן. דורך זיי איז איינגעהאַלטן געוואָרן אַ קאָמוניקאַציע צווישן וואַרשע און לאָנדאָן. זיי האָבן געברענגט געלט, מאַטעריאַלן, אינסטרוקציעס און אָוועקגעפירט באַריכטן און פאַרלאַנגען. חבר פיינער פלעגט אויף דעם אופן באַקומען פילמירטע מאַטעריאַלן און אינפאָרמאַציעס.

אין די דאָזיקע טעג איז געקומען פון געטאָ, מיט אַ ספּעציעלער שליחות, דער חבר יורעק בלאָנעס. ער איז געווען שלאַנק און בלאָנד. ער פלעגט פלינק אַריבערשפּרינגען די געמויערטע וואַנט פון געטאָ און האָט נישט געהאַט קיין שוועריקייטן ביים באַוועגן זיך אויף די פּוילישע גאַסן. ער איז געקומען מיט אַן אַלאַרם: געווער! דאָס איז געווען באַלד נאָכן ערשטן קאַמף מיט די דייטשן, אין יאַנואַר 1943. ער האָט איבערגעגעבן, אַז אין געטאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ פיבערדיקע אַקציע צו אַן אויפשטאַנד אין אַ ברייטן פאַרנעם. פון געטאָ איז בלאָנעס געקומען אין דער דירה פון

סאַלאָ פישגרונד, אויף סענאַטאָרסקע 9, און פון דאָרט איז ער אַוועק אויף גורנאָשלאָנסקע 3, וואו ס׳איז געווען אונזער טרעף־פּונקט מיט די חברים מיכאַל קלעפּפיש און וולאַדקע. מיר האָבן דעם חבר יורעק פאַרזיכערט, אַז מיר וועלן פאַרשטאַרקן אונזערע אָנשטרענגונגען ביים קריגן געווער, כאָטש מיר האָבן געוואוסט ווי אומגעהויער שווער ס׳איז די געשטעלטע אויפגאַבע. יורעק בלאָנעס איז נישט געווען דער איינציקער, וואָס איז געקומען פון געטאָ מיטן דאָזיקן פאַרצווייפלטן רוף. אויך די אַנדערע גרופּירונגען, וואָס זענען געווען אָנגעשלאָסן אין דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע, האָבן אַרויסגעשיקט זייערע קוריערן מיט דער זעלבער מיסיע. אינזשיניער מיכאַל קלעפּפיש איז באַפרייט געוואָרן פון אַלע אַרבעטן און זיין איינציקע פונקציע איז איצט געווען צו באַקומען אויפרייס־מאַטעריאַלן און פּראָדוצירן גראַנאַטן און צינד־פלעשער, וואָס זענען שפּעטער געווען דאָס הויפּטגעווער אין די הענט פון די געטאָ־קעמפער.

סוף יאַנואַר, 1943, האָט דער שטאַב פון דער אַרמיאַ קראַיאָוואַ, אונטערן פרישן איינדרוק פון די באַוואָפנטע אַרויסטרעטונגען קעגן די דייטשע חיילות אין געטאָ, געגעבן דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע 50 גרויסע פּיסטאָלעטן און 50 גראַנאַטן. ס׳ווערט כסדר געשמוגלט געווער אין געטאָ אַריין. דעם ערשטן גרויסן טראַנספּאָרט געווער האָט אָרגאַניזירט זלמן פרידריך. אין דער דאָזיקער אַרבעט באַטייליקן זיך אויף דער „אַרישער" זייט, אַחוץ פרידריכן, מיכאַל קלעפּפיש, פייגעלע פעלטעל (וולאַדקע), יעקב צעלעמענסקי, חיים עלנבויגן, העניעק טוכמאַכער, ווי אויך מיטגלידער פון אַנדערע אָרגאַניזאַציעס. מיט דער הילף פון פּוילישע סאָציאַליסטן האָבן מיר איינגעקויפט צוויי טויזנט ליטער בענזין און אַ סכום אויפרייס־מאַטעריאַלן. נאָכן איבערטראַנספּאָרטירן עס אין געטאָ, האָט מיכאַל קלעפּפיש אָרגאַניזירט אין געטאָ אַ צאָל קליינע פאַבריקלעך און דאָרט געלערנט מיטגלידער פון דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע צו פּראָדוצירן באָמבעס, גראַנאַטן און צינד־פלעשער. אויף דער „אַרישער" זייט האָט ער ערנסט שטודירט די אופנים פון פּראָדוצירן די דאָזיקע מינים געווער און באַקומען פּראַקטישע אָנווייזונגען פון אַ מיליטערישן פאַכמאַן, אַ פּוילישן סאָציאַליסט. זייער טרעף־פּונקט איז געווען אין אַ קירכע. אַ קורצע צייט פאַר דעם, אין יאַנואַר 1943, האָט מען מיכאַלן אַרעסטירט אויף דער „אַרישער" זייט. אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט מען אים געברענגט אין געטאָ און גלייך אַריינגעזעצט אין אַ צוג, וואָס האָט געפירט עטלעכע טויזנט יידן צו די גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקע. אינמיטן וועג האָט ער אויסגעבראָכן די קראַטעס פון וואַגאָןפענצטערל און איז, אונטער אַ שיסעריי פון דער וואַך, אַרויסגעשפּרונגען אין מיטן גאַנג פון צוג. די אייגענע פאַבריקאַציע פון געווער האָט שטאַרק געהויבן די מאָראַל פון די געטאָ־קעמפער, וועלכע האָבן זיך געגרייט צו ערנסטע פאַרמעסטונגען מיט דער דייטשער מיליטערישער מאַכט.

* * *

דער טאָג פון אויפשטאַנד איז געקומען. מאָנטאָג, דעם 19טן אַפּריל, ערב פסח, זענען די יונגע, שוואַך־באַוואָפנטע יידישע קעמפער אַרויס אין אַ פאַרמעסט מיט דער שטאַרקער און מאָדערן־באַוואָפנטער נאַצי־דייטשער אַרמיי.

דער טאָג איז געווען אַ זוניקער. די ליכטיקע זוניקייט איז געווען ווי אַן אויסטערלישער קאָנטראַסט צו דעם, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אויף די גאַסן פון געטאָ. איך האָב זיך אין די פרימאָרגן־שעהן געפונען אין אונזער קאָנספּיראַטיווער דירה אויף מיאַדאָווע גאַס, אין דער דירה, אין וועלכער ס'האָבן געוואוינט אונזערע צוויי חברטעס אינקאַ שווייגער און מאַרישע פיינמעסער. נאָך מיט אַ טאָג פריער האָבן די נאַציס אָנגעהויבן אַרומצושטעלן די מויערן פון איבערגעבליבענעם געטאָ מיט אַ געדיכטער קייט פון פּאָליציי און ס. ס.־לייט. די שוואַרץ־מונדירטע יידן־פאַרניכטער זענען געדיכט געשטאַנען אַרום די מויערן. פאַר אונז, וואָס האָבן געוואוינט אויף דער „אַרישער" זייט, איז דער אָנזאָג געווען אַ קלאָרער. די דאָזיקע פאַרצענפאַכטע וואַכן האָבן באַדייט, אַז די נאַציס גרייטן זיך צו אַ נייער אַקציע קעגן די איבערגעבליבענע יידן אינם געטאָ — אפשר צו דער ענדגילטיקער פאַרניכטונג פון דער גרעסטער יידישער קהילה פון אייראָפּע.

באַלד אינדערפרי בין איך אַוועק אין אונזער דירה אויף מיאַדאָווע גאַס. דאָס איז געווען אונזער פונקט, וואָס האָט זיך געפונען אין דער נאָענטער שכנות פון די געטאָ־מויערן. פונדאַנען איז געווען אַמלייכטסטן אָנצוהאַלטן אַ פאַרבינדונג מיט די יידן פון דער צווייטער זייט וואַנט.

אויך די צוויי חברטעס זענען געווען אומרואיק און אויפגערעגט. מיר האָבן צו זיך אינגאַנצן נישט גערעדט, אָבער אונזערע אויגן האָבן קלאָר דערציילט וועגן אונזערע מוראס. גיך האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די מוראס זענען געווען באַרעכטיקטע.

ס'האָט זיך פלוצלינג דערהערט אַ שטאַרקער אויפרייס. דער אויפרייס, אַ שאַרפער, אַ פאַרטויבנדיקער, האָט זיך ווי אַ דונער אַ קייקל געטון איבער דער שטאָט. איך בין אַרויסגעלאָפן פון דער וואוינונג אויף דער גאַס און דערזען ווי אויף די טראָטואַרן איז אַ נישט־געוויינלעכע באַוועגונג. איך האָב בלויז באַוויזן אויפצוכאַפּן אַ פּאָר אָפּגעריסענע ווערטער פון דורכגייער: — יידן הרגענען שוואָבן (דייטשן).

כ'האָב זיך גענומען דערנענטערן צו די מויערן פון געטאָ, כ'האָב זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פון שוויענטאָיערסקע גאַס נומער 32, וואו ס'האָט זיך געפונען די גרויסע באַרשטן־פאַבריק. נאָענט צוגיין צו די מויערן איז געווען אוממעגלעך. די וואַכן האָבן מיט זייערע באַגנעטן און ביקסן פאַר־

שפּאַרט דעם וועג. כ׳האָב זיך דאָך צוגעשאַרט נאָנט צו דער הויכער, געמויערטער געטאָ־וואַנט. דאָס האַרץ האָט מיר גענומען האַסטיקער קלאַפּן. מיינע ליפּן האָבן געפּליסטערט די ווערטער: — געבענטשט זאָלן זיין די הענט פון די יידישע קעמפער.

אַרום זענען געשטאַנען פּאָליאַקן און האָבן געקוקט מיט פאַרשטאַרטע אויגן. אַ סך פון זיי האָבן זיך געצלמט. איך האָב געהערט ווי אייניקע פון זיי האָבן געזאָגט: — מיר דאַרפן זיך שעמען פאַר די יידן! די שוואַבן מאָרדן טאָג־טעגלעך אונזערע ברידער און מיר — גאָרנישט!

די נייעס, אַז יידן שלאָגן און דערהרגענען דייטשן האָט זיך בליץ־שנעל פאַרשפּרייט אין שטאָט. דער געטאָ קעמפט! די רעשטלעך וואַר־שעווער יידן זענען אַרויס אין שלאַכט קעגן זייערע מערדער! איך בין געשטאַנען ביי דער געטאָ־מויער און האָב נישט געקאָנט אָפּרייסן די אויגן פון די דעכער פון די אינעוויינייקסטע הייזער, אין וועלכע פערציק טויזנט יידן האָבן געוואָרפן אַן אַרויסרוף די נאַציס.

צווישן די דייטשן האָט געהערשט אַ צעמישונג. גרופּעס יונגע ס. ס.־לייט, באַוואָפנטע מיט די נייסטע מאַשין־געווער, האָבן אָפּמאַרשירט צום געטאָ־טויער. די נאַציס האָבן כסדר געקוקט אויף הינטער־ווילעכטס מיט לויפנדיקע אויגן.

איך בין שנעל אַוועק צו אַ צווייטן פּונקט פון מויער, צום ראָג פון די גאַסן נאַוואָליפּיע און סמאָטשע. אויך דאָ איז געשטאַנען אַ געדיכטע רינג פון מיליטער און פּאָליציי און נישט געוואָגט אַריינצוגיין דורכן אָפענעם טויער. פּלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ גערויש און עטלעכע מאַסיווע טאַנקען האָבן זיך גענומען אַריינקאָלערן אין דעם תחום פון געטאָ. באַלד האָט זיך דערהערט אַ סעריע אויפרייסן. דאָס האָבן יידישע געטאָ־קעמפער באַוואָרפן די טאַנקען מיט גראַנאַטן און מיט צינד־פלעשער. די טאַנקען האָבן זיך צוריקגעצויגן און די וואַך האָט צוגעהאַקט דעם טויער.

איך בין געשטאַנען אויף דער גאַס אַ דערשיטערטער: דער געטאָ קעמפט! איך האָב איבערגעלעבט אַ טאָפּלט געפיל — פון דערהויבונג און פון פאַרצווייפלונג. כ׳זע ווי די נאַציס ליידן כאָטש אַ ברוכטייל פון אַ מפּלה מצד יידישע קעמפער און כ׳ווייס, אַז איצט האָט פאַר דעם וואַר־שעווער געטאָ געשלאָגן די לעצטע שעה.

טויזנטער פּאָליאַקן זענען געשטאַנען אויף די טראָטואַרן און מיט גליענדיקע אויגן געקוקט ווי די נאַצישע אָפּטיילונגען שאַרן זיך לענגאויס דעם מויער און האָבן מורא אַריינצוגיין אינם תחום פון די צעבונטעוועטע יידישע גאַסן. אַ סך פּאָליאַקן האָבן הויך גערעדט: — איצט וואָלטן מיר געדאַרפט זיי אָנגרייפן פון ד ע ר זייט. דאָס האָט פון זיי אַרויסגערעדט זייער אייגענער נקמה־געפיל קעגן די דייטשן, פון וועלכע זיי האָבן אַזוי

פיל געליטן. זייערע ווערטער האָבן מיר אָנגעצונדן אין צעהיצטן מוח דעם געדאַנק: אָנגרייפן די נאַציס פון ד ע ר זייט.

איך בין שנעל אַוועק פונם געטאָ־מויער און האָב גענומען גיין אין דער ריכטונג פון זשוראַוויע גאַס, וואו ס׳האָט זיך געפונען אונזער הויפּט־קוואַרטיר. שלאָגן די נאַציס פון דער אַרישער זייט! מאָביליזירן יידישע און נישט־יידישע קעמפער, וואָס זאָלן אָנפאַלן די נאַציס פון דער צווייטער זייט.

כ׳האָב זיך געטראָפן מיט דער חברטע וולאַדקע, און מיר זענען אַוועק אויף זשוראַוויע 24. אין דער וואוינונג האָב איך געטראָפן די חברים פּיינער און סאַמסאָנאָוויטש. זיי האָבן שוין געוואוסט וועגן דעם אויסגעבראָכענעם אויפשטאַנד. איך האָב זיי איבערגעגעבן אַלץ וואָס כ׳האָב געזען און פאַר זיי דערציילט וועגן די שטימונגען, וואָס הערשן צווישן די פּאָליאַקן. חבר פּיינער האָט געזאָגט: — מע דאַרף צונויפנעמען אַלע בונדיסטן, וואָס געפינען זיך אויף דער אַרישער זייט און זיי אָרגאַניזירן אין אַ גרופּע. מען דאַרף גלייך זיך באַמיען וועגן באַקומען געווער. די גרופּע דאַרף באַוואָרפן מיט גראַנאַטן די נאַצישע אָפּטיילונגען, וואָס מאַרשירן אַריין אין געטאָ. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז איך זאָל זיין דער קאָמענדאַנט פון דער בונדישער קאַמף־גרופּע. כדי צו קענען דורכפירן די אויפגאַבע איז געווען נויטיק צו פאַר־שטענדיקן זיך מיט דער פּ. פּ. ס.

דער קאָנטאַקט, וועלכן איך האָב געהאַט מיט דער פּ. פּ. ס., האָט זיך געפונען אויף זשאָליבאָזש, און גיין איבער דער גאַס האָט מען געמעגט בלויז ביז ניין אין אָוונט. כ׳האָב זיך געזעגנט מיט די חברים און בין אַראָפּ אויף דער גאַס. איבער דער שטאָט האָט מען געהערט שאָסן פון אַרטילעריע. דאָס האָבן די נאַציס, נישט וואַגנדיק אַריינצוגיין אין געטאָ, אָנגעהויבן באַשיסן די געטאָ־גאַסן מיט האַרמאַטן. איך בין אַריינגעשטיגן אין ערשטן טראַמוואַי, וואָס איז געפאָרן אין דער ריכטונג פון זשאָלי־באָזש. אין די שלייפן האָט מיר געהאַקט די פראַגע: צי וועלן מיר באַקומען געווער? צי וועלן אויך די פּאָליאַקן צושטיין צו אונזער קאַמף?

אין טראַמוואַי־וואַגאָן האָט געהערשט אַ נישט־געוויינלעכע אויפרעגונג. די פּאָליאַקן האָבן נישט גערעדט וועגן עפּעס אַנדערש נאָר בלויז וועגן אויסגעבראָכענעם געטאָ־אויפשטאַנד. זייערע ווערטער זענען געווען על־פּי־רוב פריינטלעכע (דאָס איז געווען דעם ערשטן טאָג, שפּעטער האָט מען אויך געהערט גיפטיקע אַנטיסעמיטישע רייד). דער טראַמוואַי איז ענדלעך אָנגעקומען קיין זשאָליבאָזש. איך בין אַראָפּ אויף דער סלאָוואַצקי־גאַס און האָב דערגרייכט דעם טויער נומער 12. כ׳האָב אָנגעקלאַפּט — ווי ס׳איז געווען מיין געוויינטלעכער פּאַראָל — אין דער וואַנט. די טיר האָט זיך געעפנט און אינעווייניק האָב איך געטראָפן צוויי פּוילישע חברים פון פּ. פּ. ס. — וואַצעק און יאַהאַנאַ פּראַגאַ. וואַצעק איז געווען אַ הויכער,

שלאַנקער מאַן, מיט אַ טיפּיש פּנים פון אַן אינטעלעקטואַל; יאָהאַנאַ, אַ נידעריקע, טונקל־האָריקע אַרבעטערין, איז אַ געוויסע צייט געווען אונזערס אַ קוריערין, און זי האָט שטענדיק אַרויסגעוויזן אַ סך העלדישקייט און איבערגעגעבנקייט.

וואַצעק האָט פאַרשטאַנען דעם ציל פון מיין באַזוך. ער האָט שוין פריער, באַלד ווי ס׳איז באַוואוסט געוואָרן אַז די יידישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע איז אַרויס אין אויפשטאַנד, געטראָפן זיך מיט חברים און ס׳איז אַרומגערעדט געוואָרן די פראַגע פון אַקטיווער הילף. אָבער דער געדאַנק איז גלייך געוואָרן אָפּגעוואָרפן. די פּ. פּ. ס.ישע אָפּטיילונגען זענען צו אַזאַ קאַמף נישט געווען צוגעגרייט און אַן אָנגריף אויף די דייטשן האָט זיך געקאָנט פאַרענדיקן מיט אַ שחיטה איבער דער פּוילישער באַפעלקערונג. קיין געווער האָט ער מיר אויך נישט געקאָנט געבן. ער האָט אָן אַ שיעור מאָל אונטערגעשטראָכן דאָס וואָרט „לײדער", אָבער דער דאָזיקער פּיל־פאַכיקער לײדער האָט נישט געענדערט דעם פאַקט. צי האָבן זיי טאַקע קיין געווער נישט געהאַט? אָדער צי האָבן זיי געהאַט אַזוי ווייניק, אַז זיי האָבן עס געוואָלט האָבן פאַר זיך?

איך בין אַהיימגעקומען אַ דערשיטערטער און אויסגעשעפּטער. אומרואיק האָב איך דורכגעוואַכט די נאַכט. כ׳האָב קוים זיך דערוואַרט אויפן פרימאָרגן, כדי צו גיין צום חבר פיינער נאָך נייעס און אינסטרוקציעס. ביים חבר פיינער אין דער וואוינונג האָט זיך געפונען אַ טעלעפאָן, דורך וועלכן מען האָט זיך געקאָנט פאַרשטענדיקן מיטן געטאָ. קלינגען צו זיי האָט מען נישט געקאָנט, מען האָט אָבער געקאָנט באַקומען טעלעפאָנען פון יענער זייט.

אין זעלבן טאָג, דעם 20טן אַפּריל נאָכמיטאָג, האָבן די געטאָ־קעמפער ביים טויער פון בערשטער־צענטער אויף שוויענטאָיערסקע 32 אויפגעריסן מיט אַ פריער אונטערגעלייגטער מינע אַן אָפּטיילונג דייטשע מיליטער. דאָרט איז בכלל פאָרגעקומען אַ זייער שאַרפע שלאַכט, בעת וועלכער ס׳זענען פון ביידע זייטן געפאַלן אַ סך טויטע און פאַרוואונדעטע. דורכן טעלעפאָן האָבן מיר באַקומען באַריכטן פון די קאַמפן אין געטאָ. אין אַ געוויסן מאָמענט איז חבר פיינער אַריינגעקומען פון צווייטן צימער און מיט אַ דערשיטערטער שטים געזאָגט: — כ׳האָב נאָר־וואָס געהאַט אַ טעלעפאָן פון געטאָ: מיכאַל קלעפּפיש איז געפאַלן אויף זיין פּאָסטן. מיט דריי טעג פריער האָט ער זיך אַרויסגעכאַפּט פון געטאָ. ס׳איז דעמאָלט אויסגעפאַלן זיין 30־יאָריקער געבורטס־טאָג און דער 2־יאָריקער געבורטס־טאָג פון זיין טעכטערל אירענקע. ער האָט געוואָלט פאַרברענגען אַ פּאָר שעה מיט זיין פרוי ראָזע און זען זייער קינד. גראָד אין דעם טאָג האָבן מיר באַקומען עטלעכע רעוואָלווערן און ער האָט זיי מיטגענומען מיט זיך. ער איז גלייך צוריק אַוועק אין געטאָ צו האָבן די אויפזיכט איבער דער וואָפן־

פאַבריקאַציע און אַליין דאָס פאַבריצירטע וואָפּן אויספּרובירן אויפן מערדע־רישן שונא. ער איז געפאַלן אין קאַמף מיט געווער אין האַנט אין פרידמאַנס גרויסן הויף, אויף שוויענטאָיערסקע 32, וואו ס'זענען געווען די בערשטער־ווערקשטאַטן. זיינע קאַמף־חברים האָבן אים געפונען אַן אַדורכגעלעכערטן מיטן שונאס קוילן און זיי האָבן אים מקבר געווען אויפן זעלבן הויף, נאָכן אַוועקטרייבן די אָנגרייפנדיקע דייטשע זעלנער.

די דייטשן האָבן באָמבאַרדירט און אונטערגעצונדן הויז נאָך הויז. זיי האָבן אויפגעריסן די בונקערס. דער נישט־גלייכער קאַמף פון דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע מיט דער מעכטיקער דייטשער מיליטער־מאַשין האָט זיך געצויגן ביז אַרום דעם 8טן מאַי, 1943. נאָך די ערשטע טעג פון אויפשטאַנד, ווען דאָס דייטשע מיליטער האָט באַהערשט טיילן פון געטאָ, זענען די פאַרבינדונגען צווישן די יידישע אָפּטיילונגען איבער־געריסן געוואָרן. יעדע גרופּע האָט זיך געשלאָגן און פאַרטיידיקט באַזונ־דער אויף איר פּונקט. במשך דער צייט איז אומגעקומען דער גרויסער רוב פון די יידישע קעמפער (אויך פון די דייטשן זענען פיל געפאַלן), און אַ סך סתּם יידן זענען געוואָרן דערשאָסן אָדער פאַרברענט אין די פלאַמען פון די אונטערגעצונדענע הייזער. טויזנטער לעבן־געבליבענע יידן האָט מען אַוועקגעפירט אין די קאַטאָרגע־און טויט־לאַגערן. די קאַמפן האָבן זיך געענדיקט ~~אויסלעשן~~.

צום קאָאָרדיניר־קאָמיטעט פון בונדיסטן און ציוניסטן איז דעמאָלט דערגאַנגען אַ ידיעה, אַז אַ גרופּע פון עטלעכע צענטליק געטאָ־קעמפער געפינט זיך אין אַ קאַנאַל און באַמיט זיך דורך די אונטערערדישע אָפּפלוס־קאַנאַלן אַרויסצוראַטעווען זיך פון די ברענענדיקע געטאָ־חורבות. די ידיעה האָבן געבראַכט דער בונדיסט זלמן פרידריך און שמחה ראַטהייזער (קאַזשיק) פון די ציוניסטן. דער קאָאָרדיניר־קאָמיטעט האָט זיך פאַרשטענדיקט מיט דער פּוילישער אונטערערדישער באַוועגונג, וואָס האָט צוגעשטעלט צוויי אַרבעטער פון דער שטאָטישער וואַסער־לייטונג וועלכע זענען אַראָפּ אין קאַנאַל. אין דער צייט, ווען די גרופּע געטאָ־קעמפער האָט מיט מאַטערנישן אָנגעהויבן גיין איבער די אָפּפלוס־קאַנאַלן, האָט מען ביים אַרויסגאַנג פון אַ קאַנאַל, אויף דער „אַרישער" זייט, אויף פּראָסטע גאַס עק טוואַרדע, אַוועקגעשטעלט 2 לאַסט־אויטאָס. נאָכן אַרויסגיין אויף דער ליכטיקער זון האָט מען די עטלעכע צענטליק געטאָ־קעמפער אַוועקגעפירט הינטער וואַרשע, אין די וועלדער. דאָס אַדורכגיין די שמוציקע קאַנאַלן, דאָס אַרויס־באַקומען זיך פון צענטליקער פאַרנעצטע און פאַראומרייניקטע יינגע יידן מיט געווער אין האַנט אינמיטן העלן טאָג אויף אַ פּוילישער גאַס, וואָס איז געווען פול מיט דורכגייער, און דאָס אַדורכפאָרן איבער דער שטאָט אין לאַסט־אויטאָס — איז געווען אַ טאַט, וואָס האָט געקלונגען לעגענ־

דאַריש און געמאַכט אַ רושם. געווען איז עס דעם 10טן מאַי, 1943, פאַר־מיטאָג. אין וואַלד, וואו זיי זענען פאַרבליבן באַלד נאָכן אַרויסבאַקומען זיך פון געטאָ, איז געווען אַ וואַלד־וועכטער, מיט וועלכן דער קאָאָרדיניר־קאָמיטעט איז געשטאַנען אין קאָנטאַקט. דער וואַלד־וועכטער האָט באַזאָרגט די שפּייז פאַר די יידישע געטאָ־קעמפער אין זייער וואַלדיקער באַהעלטעניש.

* * *

אַבראַשע בלום האָט געהערט צו דער גרופּע, וואָס איז נאָכן אויסלעשן זיך פון די קאַמפן אין געטאָ, אַרויסגעראַטעוועט געוואָרן דורך די קאַנאַלן. ער איז אַוועקגעפירט געוואָרן אין וואַלד — אין דער פּושטשאַ קאַמפּינאָוו־סקאָ. לאַנג איז ער דאָרט נישט געבליבן. דירעקט פון וואַלד האָבן מיר אים אַראָפּגעברענגט קיין וואַרשע. אין דער וואוינונג אויף זשוראַוויע 24 האָבן געוואַרט אויף זיין אָנקומען די מיטגלידער פון צ. ק. פון אונטער־ערדישן בונד — ד״ר לעאָן פיינער, זדזשיסלאַוו מושקאַט, סאַלאָ פישגרונד, יצחק סאַמסאָנאָוויטש, בערנאַרד גאָלדשטיין און יעקב צעלעמענסקי. כמעט צו דער באַשטימטער צייט האָט זיך געעפנט די טיר און חבר אַבראַשע בלום איז אַריינגעקומען. ער האָט זיך אַ סך געענדערט. די לעצטע איבער־לעבענישן אין געטאָ, אין קאַנאַל און אין וואַלד האָבן זיין פּנים באַדעקט מיט בלייכקייט. ער איז געווען אויסגעמאָגערט, זיין גלייכע, הויכע און שלאַנקע פיגור איז געוואָרן אַ ביסל איינגעבויגן. ס׳איז געווען קענטיק, אַז ער האָט אַ סך איבערגעלעבט פיזיש און מאָראַליש. טראָץ דעם אַלעם האָבן די אויגן זיינע אויפגעהאַלטן דעם זעלבן פריערדיקן גלאַנץ. ער איז אַריינגעקומען שטיל, שווייגנדיק און האָט זיך מיט יעדן פון אונז באַגריסט. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב אים געזען נאָך עטלעכע וואָכן. במשך דער צייט איז דער וואַרשעווער געטאָ אַוועק אין בלוט, פלאַמען און רויך. דער גרעסטער יידישער ישוב אין אייראָפּע האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן.

אַבראַשע בלום האָט נישט אָפּגעגעבן קיין באַריכט וועגן אויפשטאַנד. ער האָט נישט דערציילט קיין פּרטים וועגן די קאַמפן. ער האָט שטיל און ווי פאַרטראַכט גערעדט וועגן עפּעס אַנדערש: וועגן דעם גייסט, וואָס האָט געהערשט צווישן די געטאָ־קעמפער. אין זיינע רייד איז געווען טרויער, ווייטאָג און פאַרצווייפלונג. פאַרוואָס די קעמפער האָבן נישט באַקומען קיין הילף פון אויסערן געטאָ, פון דער פּוילישער אונטערערדישער באַוועגונג.

מיט באַוואונדערונג האָט ער גערעדט וועגן דעם העראָיזם פון די געטאָ־קעמפער. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז גראָד אַזעלכע, וואָס האָבן

זייער גאַנץ לעבן געלעבט שטיל און באַשיידן, האָבן אין די באַדינגונגען פון קאַמף אַרויסגעוויזן נישט בלויז העלדישקייט פּנים אל פּנים מיטן שונא, נאָר אויך אַ הויכע מדרגה פון מסירת־נפש און זאָרג פאַר אַנדערע. זיי האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר קיין שום געפאַרן און האָבן אויך זיך נישט צוריקגעצויגן ווען ס׳איז געווען נויטיק זיך מקריב צו זיין. עטלעכע מאָל האָט ער אונטערגעשטראָכן אַ פאַקט, וואָס האָט אים אָנגעפילט מיט אַ באַזונדערן שטאָלץ: מיט איין איינציקן אויסנאָם האָט קיינמאָל נישט געטראָפן, אַז אַ חבר, וואָס איז אַרעסטירט געוואָרן דורך דער געשטאַפּאָ, זאָל אויסגעבן אַנדערע חברים. אַפילו אונטער די מוראַדיקסטע טאָרטורן האָט זיך קיינער נישט איינגעבראָכן. די אַרעסטירטע זענען אומגעקומען מיט די גרויזאַמסטע טויטן, אָבער זייערע ליפּן האָבן קיינעם נישט פאַראַטן.

חבר אַבראַשע בלום האָט גערעדט וועגן גרויסן חלק, וואָס די בונדיסטן האָבן בייגעשטייערט צום געטאָ־אויפשטאַנד און וועגן דעם אומגעהייערן מוט און מסירת־נפש, וואָס די חברים און חברטעס האָבן אַריינגעטראָגן די גאַנצע צייט פון דער מלחמה אין דער אונטערערדישער באַוועגונג פון בונד.

צום סוף פון זיינע ווערטער האָט ער געזאָגט, אַז דער גייסט פון דערמוטיקונג און פון אַבסאָלוטער חברשאַפט מוז אויך איינגעהאַלטן ווערן איצט בנוגע די קעמפער, וועלכע געפינען זיך ווי פּאַרטיזאַנער אין די וועלדער, און בנוגע די חברים, וואָס לעבן אין די בונקערס און פילן זיך איינזאַם און אָפּגעשניטן אין זייערע באַהעלטענישן. קיינער דאַרף נישט האָבן דאָס דערדריקנדיקע געפיל, אַז ער איז אַליין און ליגט ערגעץ איינגעמויערט אין אַ פולער פאַרגעסעניש. חבר אַבראַשע בלום האָט כסדר אונטערגעשטראָכן די נויטיקייט פון פירן וויטער די פּאָליטישע אַרבעט, באַזאָרגן ליטעראַטור און געווער.

אַלע רייד, וואָס זענען דעם דאָזיקן פאַרנאַכט אַרויסגעזאָגט געוואָרן דורך די חברים פון בונדישן צענטראַל־קאָמיטעט, זענען געווען באַהויכט מיט דער שטימונג און גייסט, וואָס ס׳האָט אַריינגעברענגט חבר אַבראַשע.

נאָכן אָפּזיין אַ פּאָר טעג אויף זשוראַוויע 24, איז ער אַוועק אין אַן אַנדערער דירה. ביים געזעגענען זיך האָבן אים אַלע לאַנג און וואַרעם געדריקט די האַנט. ער איז געווען בלאַס און אויסגעשעפּט. קיינער פון אונז האָט דעמאָלט נישט געקענט וויסן, אַז מיר זעען דעם דאָזיקן איידעלן און בראַוון מענטש צום לעצטן מאָל. אין אַ קורצער צייט אַרום האָט אַ נאַצישע קויל פאַרענדיקט זיין לעבן.

ער האָט צייטווייליק געוואוינט אין דעם צימער פון חברטע פייגעלע פּעלטעל (וולאַדקע), אויף באַראַקאָווע 2. דאָרט איז ער געווען אַ וואָך צייט און שוין געדאַרפט אין צוויי טעג אַרום אַריבערגיין אין אַ שטענדיקער

דירה. אין אָוונט איז מען געקומען מאַכן אַ רעוויזיע און מ׳האָט ביידע פאַרשלאָסן אין צימער. אַבראַשע האָט אויף צונויפגעדרייטע און צונויפגעבונדענע ליילעכער געפּרואווט דורכן פענצטער זיך אַראָפּלאָזן פון פערטן שטאָק. די ליילעכער האָבן זיך איבערגעריסן. ער איז אַראָפּגעפאַלן און געוואָרן שווער פאַרוואונדעט. צוזאַמען מיט חברטע וולאַדקע האָט מען אים אַרעסטירט. די איבערגעקויפטע פּוילישע פּאָליציי האָט אַרויסגעלאָזט די חברטע וולאַדקע און אַבראַשע בלום איז אַוועקגעפירט געוואָרן אין געשטאַפּאָ, און זי האָט אים אומגעבערענגט. אַזוי האָבן מיר פאַרלוירן איינעם פון אונזערע פיינסטע מענטשן און אַקטיווסטע בונדישע טוער אין די שווערסטע צייטן.

* * *

אַבראַשע בלום איז נישט געווען דער איינציקער קעמפער, וואָס איז אַרויסגעקומען לעבעדיק פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד און שפּעטער אומגעבערענגט געוואָרן. די נאַצישע עקזעקוציע־פּלוטאָנען האָבן מיט דער צייט אויסגעלאָשן דאָס לעבן פון פיל געטאָ־קעמפער. אַ טייל זענען געפאַלן אין קאַמף ווי פּאַרטיזאַנער, צווישן זיי זענען געווען אַ ריי נאָנטע חברים בונדיסטן.

פון וואַלד האָבן מיר באַקומען די ערשטע שלעכטע ידיעה: יורעק בלאָנעס, דער קאָמענדאַנט פון דער בונדישער קאַמף־אָפּטיילונג אין בערשטער־ראַיאָן (שוויענטאָיערסקע), איז שווער קראַנק געוואָרן. ער האָט אַ לונגען־אָנצינדונג מיט הויכער היץ און ער מוז גלייך אַוועקגעפירט ווערן אין אַ דירה אונטער דער השגחה פון אַ דאָקטאָר. דער צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד האָט באַשטימט, אַז זלמן פרידריך זאָל אַוועקפאָרן אין דאָרף פלודי, וואו ס׳האָט געוואוינט אין אַ פּויעריש הייזל, מיט איר מאַן לעאָן און קינד, די חברטע רוזשקע וואַסערמאַן, אַ טאָכטער פון חבר לאָזער קלאָג. דאָרט האָט מען געדאַרפט צוגרייטן פאַר בלאָנעסן אַ בעט און מעדיצינישע הילף. מיר האָט מען איבערגעגעבן צו פאַרשטענדיקן זיך מיט אַ פאַר־שטייער פון פּ. פּ. ס., כדי צו געפינען עמיצן, וואָס האָט אַן אייגענעם אויטאָ. דער אייגנטימער פון אויטאָ האָט געדאַרפט זיין אַ מענטש, צו וועלכן מ׳האָט אַבסאָלוטן צוטרוי. אַזאַ מענטש מיט אַן אייגענעם אויטאָ איז געווען זייער שווער צו געפינען. דער פּ. פּ. ס.ישער טוער האָט מיר געזאָגט, אַז זיי האָבן אַ פאַרטרוילעכן שאָפער, אָבער נישט קיין אויטאָ. נאָך זוכענישן האָבן מיר דעם זעלבן טאָג געקויפט אַן אַלטן לאַסט־אויטאָ.

צומאָרגנס אינדערפרי האָבן געזאָלט אָפּפאָרן אין וואַלד אַריין אַנטעק צוקערמאַן, קאַזשיק ראַטהייזער און איך. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אינם וואַלד געפינט זיך אויך אַ קראַנק־געוואָרענע געטאָ־קעמפערין פון דער

גרופּע השומר־הצעיר, אַנטעק און קאַזשיק האָבן זיך געדאַרפט מיט איר פאַרנעמען. איך האָב אָפּגערעדט מיט פרידריכן, אַז צוריקוועגס פון וואַלד מיט די צוויי קראַנקע וועלן מיר אַדורכפאָרן זשאַליבאָזש, וואו ער וועט וואַרטן און ער וועט די קראַנקע ברענגען קיין פלודי.

צומאָרגנס אינדערפרי זענען מיר אַריינגעשטיגן אין לאַסט־אויטאָ, וועלכער איז געפירט געוואָרן דורך אַ געניטן פוילישן שאָפער. מיר זענען שנעל אַדורכגעפאָרן די וואַרשעווער גאַסן און זענען אַרויס הינטער דער שטאָט. אויפן וועג האָבן מיר באַגעגנט אַ סך דייטשן, אויך פּאַטרולן, אָבער קיינער האָט נישט געלייגט קיין אַכט אויף דעם אַלטן לאַסט־אויטאָ, אין וועלכן ס׳זענען געזעסן בלאָנד־האָריקע „אַריער". ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן באַוויזן די ערשטע קעמפּקעסביימער, אַן אָנזאָג, אַז מיר דערנענטערן זיך צו די וועלדער פון דער פושטשאַ קאַמפּינאָווסקאָ. שמחה ראַטהייזער (קאַזשיק) האָט גוט געקענט דאָס אָרט, וואו ס׳האָט זיך געפונען דאָס באַהעלטעניש פון די בערך 60 געטאָ־קעמפער, און ער איז געווען דער וועג־ווייזער. דער וואַלד האָט אָנגעהויבן ווערן געדיכטער און מיר זענען לסוף אָנגעקומען צום ציל פון אונזער נסיעה.

דער לאַסט־אויטאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט. מיר זענען אַרויסגעשפּרונגען. דאָס האַרץ האָט אין מיר געקלאַפּט, איך האָב זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטן און דערוואַרט, אַז הינטער יעדער קוסטע קאָן זיך געפינען עמיצער פון די חברים. פּלוצלונג האָבן זיך צווישן די ביימער באַוויזן עטלעכע סילועטן, וועלכע האָבן זיך שנעל גענומען דערנענטערן. איך בין אָקעגנ־געלאָפן, כ׳האָב דערזען נאָענטע, גוט־באַקאַנטע חברים — פריערדיקע קינדער פון סקיף, יוגנטלעכע פון יוגנט־בונד צוקונפט, תלמידים פון אונזערע יידיש־וועלטלעכע שולן. אונזער באַגריסן זיך איז געווען מיט אַ סך פרייד און אויך מיט אַ סך טרויער. איך האָב דערזען פאַר זיך די שארית־הפליטה פון די קעמפנדיקע העלדן. אַלע זענען געווען אויסגעמאַגערט, אָנגעטאָן אין צעפליקטע מלבושים. ביים באַגריסן זיך מיט די נאָענטע חברים און חברטעס האָב איך זיך שטאַרק צעוויינט. כ׳האָב זיי געזען און אויך געזען די חברים און חברטעס, וואָס זענען געפאַלן צווישן די פאַלנדיקע ווענט אין די טעג פון אויפשטאַנד.

די לעבן־געבליבענע געטאָ־קעמפער האָבן זיך איצט געפונען אין וואַלד, כלומרשט אויף דער פריי, אָבער אין דער אמתן האָט זיך פאַר זיי דער געטאָ־אויפשטאַנד נישט פאַרענדיקט. אין וואַלד זענען זיי געווען אויסגע־שטעלט אויף די זעלבע סכנות ווי אין געטאָ. יעדע רגע האָט געקאָנט פאָרקומען אַ נאַצישער איבערפאַל. דער וואַלד האָט נישט געגעבן קיין שום באַשיצונג. אמת, אין וואַרשע האָט מען זיך באַמיט צו געבן זיי אַ קאָנטאַקט מיט די פוילישע פּאַרטיזאַנער אין די ווייטערדיקע, מער

געדיכטע וועלדער, אָבער דערוויִיל האָבן זיי נאָך געדאַרפֿט אויסהאַלטן דאָ אַ צייט, וואָס איז געווען פֿול מיט טויזנטער לויערנדיקע געפֿאַרן.

אויף דער ערד איז געלעגן יורעק בלאַנעס. ער איז געלעגן אויף דער קאַלטער, פֿייכטער ערד, איינגעוויקלט אין אַ מיליטערישן מאַנטל. קיין פֿייער האָט מען נישט געטאָרט אָנצינדן און צום אומגליק האָט נאָך געטריפֿט אַ דראָבנע רעגנדל. יורעקס פּנים האָט געפֿלאַמט פֿון פֿיבער. ער האָט זיך כסדר געקלאָגט, אַז ס'איז אים קאַלט. נעבן אים איז געזעסן זיין חברטע, פֿייגעלע גאָלדשטיין. אַ ביסל ווייטער איז געלעגן יורעקס שוועסטער, גוטע. זי איז נישט געווען אַזוי שווער קראַנק ווי ער. נעבן איר איז געזעסן לושעק בלאַנעס, זייער 13־יאָריקער ברודערל, דער ייִנגסטער פֿון די געטאָ־קעמפֿערס.

פֿיל האָבן זיך אַרומגעזעצט אויף דער ערד אַרום אונז און דערציילט וועגן די לעצטע קאַמפֿן. זיי האָבן דערציילט וועגן די העלדישקייטן פֿון די אומגעקומענע חברים. איך האָב זיך צוגעהערט מיט פּיעטעט אָן אַ גרענעץ. כ'האָב אין זיך איינגעזאַפּט יעדעס וואָרט און מיטגעלעבט יעדע באַוועגונג. איך האָב זיך איינגעלעבט אין יעדן בילד, וואָס זיי האָבן געמאָלן.

ליידער האָבן מיר לאַנג נישט געקענט בלייבן אין וואַלד. איך האָב זיך איינגעקוקט אין פּנים פֿון טייערן, קראַנקן יורעק. אין מיין זכרון האָבן אויפֿגעלעבט בילדער פֿון דער נאָענטער פֿאַרגאַנגענהייט. מיט אַזוי פֿיל פֿון זיי איז געווען פֿאַרבונדן אָט דער דאָזיקער העלדישער געטאָ־קעמפֿער. איצט ליגט ער אַ קראַנקער, ווי אַ געליימטער צוגעשמידט צו דער ערד. אָט זע איך אים אין חודש יאַנואַר, מיט קנאַפּע פֿינף חדשים צוריק: יורעק איז אַ קוריער פֿון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע אין געטאָ: ער שפּרינגט איבער דער געטאָ־מויער און קומט צו לויפֿן אויף דער „אַרישער" זייט, פֿאַר־דערט פֿון דער בונדישער אָנפֿירונג: איר מוזט שאַפֿן וואָס מער געווער און אויפֿרייס־מאַטעריאַל. ער האָט דערציילט ווי מען האָט אַוועקגעפֿירט אַ טראַנספּאָרט יידן קיין טרעבלינקע. ער איז אויך געווען אין טראַנספּאָרט. ווען מען איז אָפּגעפֿאָרן קוים אַ קליינעם שטח, האָט ער, יורעק, אויפֿ־געריסן אַ פֿענצטערל און אַרויסגעשפּרונגען פֿון וואַגאָן, צוזאַמען מיט זיין 13־יאָריקן ברודערל, לושעק. זיינע בלויע אויגן האָבן דערביי אויפֿגעלויכטן און ער האָט פֿאַרענדיקט: מיר האָבן זיך צוריק דערשלאָגן קיין וואַרשע, און ביידע זענען מיר פֿון דאָס ניי אַריין אין דער קאַמף־גרופּע.

פֿייגעלע גאָלדשטיין — אַ קינד פֿון בונדישע עלטערן (זי איז געווען אַ פּלימעניצע פֿון בונדישן טוער בערל אמבאַראַס), דערצויגן אין דער ייִדיש־וועלטלעכער שול — נעמט זיך שטאַרק צום האַרץ יורעקס קראַנקייט. זי גייט אַרום יורעקן מיט דער פֿאַרזיכטיקייט פֿון אַ געניטער קראַנקן־שוועסטער. אין געטאָ האָט זי אַדורכגעמאַכט אַ ספּעציעלן קורס פֿאַר

קראַנקן־שוועסטערס. מיר דערמאָנען זיך, אַז אין יולי, 1942, האָבן מיר זיך ביידע געטראָפן אויפן אומשלאַג־פּלאַץ, אויף סטאַווקע גאַס. אין דער זעלבער גרופּע, וואָס מען האָט מיך געבראַכט צום אומשלאַג־פּלאַץ, האָט מען אויך געבראַכט פייגעלעס עלטערן. איך בין גראָד געשטאַנען נאָנט נעבן זיי. אין זייער פאַרצווייפלטער לאַגע האָבן זיי זיך געטרייסט דערמיט, וואָס זייער קינד, פייגעלע, האָט כאָטש אויסגעמיטן דאָס אומגליק. זייער איינציקער וואונטש איז געווען כאָטש אַ לעצט מאָל אַ קוק טאָן אויף זייער טייער טעכטערל. פּלוצלונג האָט איבער די קעפּ פון טויזנטער צונויפ־געדרענגטע, צום טויט־פאַרמשפּטע יידן זיך דערהערט זייער אויסגעשריי: פייגעלע! פון דער ווייטנס האָבן זיי דערזען זייער טאָכטער אין אוניפאָרם פון אַ קראַנקן־שוועסטער. ווען זי האָט זיך דערוואוסט פון דער שוידערלעכער נייעס, אַז מ׳האָט אירע עלטערן גענומען צום אומברענ־גען, האָט פייגעלע זיך אָנגעטון דעם אוניפאָרם פון אַ קראַנקן־שוועסטער און מיט אַ פּאַפּיר אין האַנט אַוועק אויפן אומשלאַג־פּלאַץ. איך וועל דאָס בילד קיינמאָל נישט פאַרגעסן. מיט אירע העל־בלאָנדע האָר, צווי ברענענדיקע ליכטיקע אויגן, מיטן ווייסן פאַרטוך און מיטן היטעלע פון רויטן קרייץ, האָט זי אויסגעזען ווי עפּעס אַ נישט־ערדישע געשטאַלט. מיט אַ זיכערקייט און מיט אַ פעסטן טאָן האָט זי אַ הויכן זאָג געגעבן: — קומט! זי האָט אָנגענומען די עלטערן פאַר די הענט און מיט זיי פאַרשוואונדן. זי האָט דעמאָלט אַרויסגעראַטעוועט אירע עלטערן פון אומשלאַג־פּלאַץ. איצט זיצט דאָ פייגעלע פאַריתומט, אָבער נאָך אַלץ מיט אַ סך ענערגיע. זי ברענגט הילף די חברים אין קאַמף.

ווען מיר האָבן געהאַלטן ביים פאַרלאָזן דעם וואַלד, האָט זיך אונזער פּלאַן געענדערט. איך האָב געדאַרפט מיטנעמען יורעקן און זיין שוועסטער, גוטע. מען האָט אָבער נישט געקאָנט איבערלאָזן זייער קליינעם ברודערל, לושעקן, אַליין, כאָטש ער וואָלט געווען צווישן חברים. אויך פייגעלע האָט געמוזט מיט אונז מיטפאָרן, ווייל אַלע דריי האָבן זיך גענויטיקט אין איר הילף. איך האָב וועגן דעם געמאָלדן דעם קאָמענדאַנט פון דער גרופּע, צביה לובעטקין. זי האָט געגעבן איר הסכם מיטן תנאי, אַז זיי זאָלן איבערלאָזן זייער געווער אין דער גרופּע. ווען יורעק האָט דאָס דער־הערט, האָט ער זיך אויפגעזעצט און מיט אַלע כוחות אַ געשריי געטון: — ניין! אויב איך קען נישט מיטנעמען מיין רעוואָלווער, בלייב איך דאָ אויפן אָרט!

קעגן זיך זענען געשטאַנען צוויי אייזן־האַרטע כאַראַקטערן, געהאַרטע־וועטע אין שווערע קאַמפן. לובעטקין האָט געענטפערט מיט אַ מיליטערישן טאָן: — די וואָס בלייבן מוזן האָבן דאָס געווער, מיר וועלן דאָ נאָך האָבן שווערע קאַמפן אויסצושטיין.

איך בין צוגעגאַנגען צו יורעקן און אים באַרואיקט. זלמן פרידריך

האָט ביי זיך אַ רעוואָלווער און ער וועט אים דיר איבערגעבן. די חברים האָבן זיך געזעגנט מיט די איבערגעבליבענע. אַ גרופּע באַוואָפנטע חברים האָבן אונז באַגלייט ביז צום אויטאָ.

אונזער וועג צוריק איז פאַרגעקומען אָן שום שטערונגען. אויפן וועג האָט מען מיר דערציילט פונוואַנען עס נעמט זיך יורעקס נאַצישער מונדיר, אין וועלכן ער איז געווען איינגעוויקלט בעת ער איז געלעגן אויף דער ערד. ווען די גרופּע געטאָ־קעמפער איז אַרויס פון קאַנאַל האָט יורעק מיטגענומען אַ מאַנטל פון אַ געהאַרגעטן דייטשן ס. ס.־מאַן. אָט דעם מאַנטל האָט באַלד אָנגעטון דער בלאָנדער יורעק. דער נאַצישער מאַנטל, צוזאַמען מיט אַ מאַשין־ביקס, וואָס איז אַרויפגעשטעלט געוואָרן אויפן דעכל, האָט געווירקט, אַז די צוויי לאַסט־אויטאָס מיט די אַרויסגעראַטעוועטע געטאָ־קעמפער זאָלן קענען אַדורכפאָרן גאַנץ וואַרשע אָן שטערונגען. ווען די לאַסט־אויטאָס זענען אַדורכגעפאָרן אַ בריק, האָט דער דייטשער וועכטער געמאַכט פריי דעם וועג דעם כלומרשט נאַצישן טראַנספּאָרט פון געפאַנגענע ייִדן.

מיר זענען צוגעקומען צום ווילסאָן־פּלאַץ אויף זשאָליבאָזש. דאָרט האָט שוין אויף אונז געוואַרט זלמן פרידריך. ער האָט איבערגענומען דעם אויטאָ און זיי האָבן זיך אָוועקגעלאָזט קיין פּלודי. גיך איז געשען אַ שרעקלעכע קאַטאַסטראָפע. באַלד נאָך זייער אָנקומען קיין פּלודי האָט אַ פּוילישער מסור זיי באַמערקט און האָט אויף זיי אָנגעוויזן דער פּאָליציי. ס'האָט זיך אַנטוויקלט אַ קאַמף צווישן דער גרופּע און דער פּאָליציי. פון דער גאַנצער גרופּע האָט בלויז חבר פרידריך געהאַט ביי זיך הייס געווער און די פּאָליציי האָט גיך באַקומען די אויבערהאַנט. די פּאָליציי האָט זיי אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן, זיי אָפּגעפירט אין דערבייאיקן וואַלד, דערשאָסן און באַגראָבן אין איין קבר.

געפאַלן זענען דעמאָלט: זלמן פרידריך, יורעק, גוטע און לושעק בלאָנעס, פייגעלע גאָלדשטיין און צמרת וואַכנהויזער (די לעצטע פון „השומר הצעיר"). אין שייכות מיט דעם דורכפאַל האָט מען אויך אַרעסטירט און אומגעבראַכט רוזשקע קלאָג־וואַסערמאַן און איר מאַן לעאָן. זייער קינד איז געבליבן לעבן.

* * *

די ידיעה, וואָס מיר האָבן באַקומען וועגן אומגליק, האָט אויף אונז געווירקט ווי אַ דונער פון העלן הימל. דאָס איז בכלל געווען אַ צייט, ווען איין שלעכטע ידיעה איז געקומען נאָך דער צווייטער. ס'איז כמעט נישט אַדורך קיין טאָג, אַז מיר זאָלן נישט אויפגעציטערט ווערן פון נייע פינצטערע בשורות. אויף דער „אַרישער" זייט זענען מיר געווען פאַר־

בונדן מיט אונזער פּאַראַנטוואָרטלעכער אַרבעט פֿאַר די יידן אין די באַהעלטענישן — פֿאַר די מאַראַנען, וואָס האָבן זיך אַרומגעדרייט מיט פֿאַלשע פּאַפּירן אין די קעשענעס און מיט אַ טויט־שרעק אין די הערצער. מיר זענען געשטאַנען אין טאָג־טעגלעכן קאָנטאַקט מיט יידן אין צענט־ליקער לאַגערן. ווען נישט דאָס, וואָלטן מיר זיך אַליין פּסיכיש איינגעבראָכן. מיר וואָלטן אַריינגעפֿאַלן אין אַ מצב פֿון פֿולשטענדיקער רעזיגנאַציע. די געפֿאַרן, וואָס האָבן אויף שריט און טריט געלויערט אויף אונז אין דער שווערער געהיימער אַרבעט, האָבן אונז געהאַרטעוועט און נישט געלאָזט זיך אונטערגעבן אונטער די קלעפּ פֿון די כסדרדיקע פֿינצטערע בשורות.

די פֿייערן אין געטאָ האָבן זיך איינגעלאָשן. אונטער די חורבות זענען געלעגן די לעצטע פֿון די אומגעבראַכטע וואַרשעווער יידן. יעדן טאָג האָבן די דייטשע וואַכן אַרויסגעפֿירט פֿון די טליענדיקע געטאָ־רואינען נייע גרופּן יידישע שאָטנס. זיי זענען אַרויסגעצויגן געוואָרן פֿון נישט־פֿאַר־ניכטעטע באַהעלטענישן. דאָס זענען געווען די לעצטע וואַרשעווער יידן, וואָס זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן אין די לאַגערן פֿון פּאָניאַטאָוו און טראַווניק, ביי לובלין. אין איינעם פֿון יענע טעג איז דערשאָסן געוואָרן אויף דער גאַס דער חבר וועלוול ראָזאָווסקי, איינער פֿון אונזערע בעסטע חברים, אַן אָנפֿירער פֿון אַ בונדישער קאַמף־אָפּטיילונג, וואָס האָט זיך העלדיש אויסגעצייכנט אין די קאַמפֿן אויף די גאַסן נאַוואַליפּיע און סמאָ־טשע, בעתן געטאָ־אויפֿשטאַנד.

אין די זעלבע טעג האָט זיך פֿון לאָנדאָן אַדורכגעריסן די ידיעה וועגן פּראָטעסט־טויט פֿון אַרטור זיגעלבוים. חבר אַרטור האָט אויסגע־קליבן דעם וועג פֿון זעלבסטמאָרד, כדי מיט זיין טויט צעטרייסלען די מויער פֿון גלייכגילטיקן שווייגן אין דער וועלט. מיר, צווישן די פֿאַלנדיקע ווענט, האָבן גוט געפֿילט ווי דאָס שווייגן דריקט ווי אַן אייזערנע רייף אַרום האַלז פֿון די לעבעדיקע יידישע רעשטלעך.

מיר האָבן נישט באַוויזן אָפּצואָטעמען נאָך דער בייעס פֿון אַרטורס קרבן, ווי ס'איז פּלוצלונג אָנגעקומען אַן אַנדערע בייעס — איינגאַנצן פֿון אַן אַנדערער זייט: די ידיעה וועגן מאָרד, וואָס די סאָוועטישע מאַכט האָט אויסגעפֿירט — די פֿינצטערע בשורה וועגן אומברענגען פֿון אונזערע פֿירער הענריק ערליך און וויקטאָר אַלטער. מיר זענען געוואָרן אויפֿגעציטערט און דערשיטערט. דער פֿאַרכאַפּנדיקער צער האָט ביי אונז אָפּגענומען דאָס לשון. אין פּוילן האָבן די דייטשע נאַציס געשלעפּט דאָס יידישע פֿאָלק צו די מאַסן־קברים און אין כלומרשט סאָציאַליסטישן רוסלאַנד האָבן קאָמוניסטישע קוילן געמאָרדעט די וואָרט־זאָגער און פֿירער פֿון די אומ־געבראַכטע יידישע אַרבעטער. אונזערע דערשלאָגענע געמיטער האָבן זיך נישט געקענט קיין עצה געבן מיט די אייגענע קאָשמאַרן, וואָס מיר האָבן

אַליין געזען און איבערגעלעבט, און דאָ האָבן אָנגעהויבן קומען צו אונז שרעק־לעכע ידיעות פון אַן אַנדערער וועלט. די קאָשמאַרן האָבן זיך אַריינגעפלאָנטערט אין יעדער מינוט פון אונזערע טעג און נעכט.

כ׳בין געלעגן אין די נעכט מיט אָפענע אויגן און לאַנגע שעהן נישט געקאָנט איינשלאָפן. פון אַלע ווינקלען האָבן אַרויסגעשלייכט בלוט־טריפנדיקע שאָטנס. די איבערלעבענישן פון די טעג זענען מיר געשטאַנען צוקאָפּנס פון בעט; דער רויך פון טליענדיקן געטאָ, די לויערנדיקע אויגן פון די שפּיצלעס און „שמאַלצאָווניקעס״ אויף די גאַסן, די דערשראָקענע אויגן פון די יידן, וואָס ליגן באַהאַלטן אין בונקערס. כ׳האָב אָנגעשפּיצט די אויערן צום מינדעסטן שאָרך אין דרויסן. ס׳האָט מיך געמאַטערט די פראַגע: צי זענען מיר שוין טאַקע די לעצטע רעשטלעך פון אַן אונטערגעגאַנגענעם פאָלק?

אין אַזעלכע שעהן, ווען כ׳האָב זיך געדרייט פון איין זייט אויף דער צווייטער, האָב איך געזוכט אַ טרייסט אין די ליכטיקע געשטאַלטן פון אונזער באַוועגונג. כ׳האָב זיך איבערגעטראָגן אויף דער צווייטער זייט פון געטאָ־מויער, וואו אונזערע יונגע חברים האָבן אַרויסגעוויזן אַזוי פיל האַרציקייט, אַזוי פיל גלויבן און מוט, ווען פון דער וועלט האָט זיי אָפּגעטיילט אַ האַרטע וואַנט און אַ רשעותדיק־מערדערישע שמירה, און אויף קיינעמס הילף איז נישט געווען צו האָפן. איינער נאָכן צווייטן האָבן פאַרבייי־דעפּילירט פאַר מיינע אויגן די געפאַלענע געטאָ־קעמפער. דאָס האָט מיך געמוטיקט און געשטאַרקט.

אָט זע איך זלמן פרידריך — אַ הויכער גלייכער מאַן, פיזיש שיין געבויט. ער איז מעכטיק אין דער אַרבעט פאַר דער בונדישער באַוועגונג, ער איז פּרעכטיק אין העלפן אַנדערע. פרידריך פירט אַרויס קראַנקע חברים קיין אָטוואָצק. ער פאָרט דער ערשטער און דער איינציקער מיט די ערשטע טראַנספּאָרטן, וואָס ווערן אַרויסגעפירט פון וואַרשע, און ער געפינט אויס, אַז מען פירט די יידן אומברענגען אין די גאַז־אויוונס פון טרעבלינקע. ס׳דוכט זיך מיר, אַז אָט שטייט ער מיר צוקאָפּנס און חזרט איבער וואָס ער האָט מיר דערציילט וועגן דעם אויפשטאַנד אין געטאָ: אין אָוונט פון 19טן אַפּריל, אין ערשטן טאָג פון אויפשטאַנד, האָט מען אים און אַ צווייטן קעמפער געשיקט קאָנטראָלירן ביינאַכט די אַנדערע גרופּן אויפשטענדלער און ברענגען פון זיי באַריכטן. ווען זיי זענען אַריין אין אַ טויער האָבן זיי געהערט קרעכצן אַ פרוי. זלמן האָט אָנגעצונדן זיין עלעקטריש לעמפּל. ער האָט דערזען ליגן אויף דער ערד אַ פאַרוואונדעטע פרוי און מיט איר אַ קליין וויינענדיק קינד. ביידע קעמפער, מיט אָנגעשטרענגטע נערוון פון די פאַרביטערטע שלאַכטן און מיט אַ מיליטערישער שליחות, הויבן־אויף די פאַרבלוטיקטע מאַמע מיטן קינד, טראָגן זיי אַוועק אין אַ בונקער און באַפעלן, אַז מען זאָל אַלץ טון צו ראַטעווען די פאַרוואונדעטע פרוי. אויף

פרידריכס פּנים צעשטראַלט זיך אַ פּאַטערלעכע פרייד און ער זאָגט: — איך בין גליקלעך וואָס כ'האָב מיין קינד אַריינגעגעבן אין אַ קריסטלעכער קינדער־היים. כ'האָף, אַז זי וועט די מלחמה איבערהאַלטן. (דאָס טעכטערל, עליזע, איז דעמאָלט אַלט געווען 6 יאָר. נאָך דער מלחמה האָבן חברים זי אַריבערגעפירט קיין שוועדן און די משפּחה פון חבר שאַצקין אין ניו־יאָרק האָט אַדאָפּטירט דאָס מיידעלע און זי דערצויגן ווי אַן אייגענע טאָכטער אין זייער וואַרעם־האַרציקער היים. הגם זי האָט געהאַט אַלע מעגלעכקייטן צו געניסן פון לעבן, האָבן אָבער די שווערע מלחמה־איבערלעבונגען זי נישט אָפּגעלאָזט און זי האָט אין יאָר 1962, אין בליענדיקן עלטער, טראַגיש אַ סוף געמאַכט צו איר לעבן).

און אָט איז מיר צוקאָפּנס געשטאַנען וועלוול ראַזאָווסקי. אין דער געדיכטעניש פון קאַמפּינאָסער וואַלד האָט ער מיר דערציילט וועגן דער חברטע טאָבטשע דאַווידאָוויטש. איצט איז וועלוול ראַזאָווסקי אַליין שוין געלעגן אַן אַדורכגעשאָסענער דורך אַ נאַצישער קויל. כ'האָב געדענקט ווי זיינע אויגן האָבן זיך צעלויכטן, ווען ער האָט מיר דערציילט וועגן דעם טויט פון דער יינגער חברטע טאָבטשע. ראַזאָווסקי איז געווען דער קאָמענדאַנט פון די אויפשטענדלער אין דער פאַבריק פון שולצן אויף נאַוואָליפּיע און סמאָטשע. זי, טאָבטשע, איז געווען זיין פאַרבינדלערין. זי איז אַלט געווען 17 יאָר. אַ טאָכטער פון בונדישן טוער שמעון דאַווידאָוויטש, האָט זי געענדיקט די יידישע פאָלקס־שול, געווען אַקטיוו אין דער בונדישער קינדער־אָרגאַניזאַציע סקיף. זי איז געווען פול מיט לעבן און מיט חלומות פון אַ שיינער צוקונפט. דאָס יונגע מיידל האָט זיך אויסגעלערנט באַנוצן געווער, אָבער קיין געווער פאַר זיך האָט זי נישט געהאַט. ראַזאָווסקי האָט מיר געזאָגט: — צעלעק, ווען דו וואָלסט געזען וואָסער פרייד ס'האָט אויפגעשיינט אויף איר פּנים, ווען זי האָט באַקומען פאַר זיך אַליין אַ רעוואָלווער. דאָס גיין מיט ראַפּאָרטן פון איין גרופּע צו דער צווייטער איז שוין געוואָרן זייער ריזיקאַליש און כ'האָב איר געגעבן אַ רעוואָלווער. זי האָט געזאָגט, אַז זי וועט אים גוט אויסנוצן.

בעת די שלאַכטן האָט ראַזאָווסקיס גרופּע פון אַ הויז באַוואָרפן די דייטשע טאַנקען מיט צינד־פלעשער. די דייטשן האָבן אונטערגעצונדן דאָס הויז מיט פייער־באָמבעס. פלאַמען האָבן אַרומגענומען דאָס הויז. וועלוול ראַזאָווסקי האָט דעמאָלט געשיקט זיין פאַרבינדלערין טאָבטשע צו אַ גרופּע קעמפער אין אַקעגנאַיבערדיקן בוידעם מיט אַ דירעקטיוו, אַז זיי זאָלן זיך צוריקציען. טאָבטשע האָט זיך אַרויפגעדראַפּעט אויפן בוידעם איבער אַ הענגנדיקן לייטער און האָט איבערגעגעבן דעם באַפעל. אָבער ביים אַראָפּגיין האָט זי זיך אַ גליטש געגעבן און איז אַראָפּגעפאַלן. זי איז געבליבן ליגן מיט אַ צעבראָכענעם פוס. צווישן דער גרופּע קעמפער האָט זיך געפונען דער חבר זיגמונט איגלאַ, וועלכער האָט זיך צו איר צוגעשלייכט און זי

געוואָלט אַוועקטראָגן אויף די פּלייצעס. טאָבטשע האָט צו אים אויסגע־רופן: — איך קען מיט מיינע געשרייען פון ווייטאָג אייך פּאַראַטן — ראַטעווען זיך. זי האָט נישט געוואָלט זיין אַ לאַסט פאַר די, וועלכע זענען נאָך געווען פעאיק צו קעמפן. זי איז אומגעקומען צוזאַמען מיט אַנדערע פאַרוואונדעטע קעמפער אין אַ בונקער (אָנהויב מאַי, 1943).

אין מיין דימיון האָב איך געזען נאָך פיל געשטאַלטן, צווישן זיי בערעק (אברהם שמואל) שניידמיל. ער איז געווען אַן אויסגעדינטער סאָלדאַט, אַ מיליטעריש־געשולטער אין אַן אָפיצירן־שול פון דער פּוילישער אַרמיי, אַ שאַרפער, אַ האַרטער, האָט ער געפאָדערט שטרענגע דיסציפּלין און געהאָרכזאַמקייט. אין דער צייט פון אויפשטאַנד איז ער געווען אין דער אָנפירונג, וואו ער האָט געדינט מיט ראָט און טאַט. ער האָט אָנגעפירט מיט אַ גרופּע אויף שוויענטאָיערסקע 32. די דייטשן האָבן אַטאַקירט און די קאַמף־אָפּטיילונג האָט געדאַרפט אַריבערלויפן פון אַ הויז, וואָס איז געווען אַרומגענומען מיט פלאַמען, אויף דער צווייטער זייט גאַס. בערעק שניידמיל איז געגאַנגען פון פאָרנט און איז געטראָפן געוואָרן פון אַ גראַנאַט. אַ באַגאָסענער מיט בלוט האָט ער נאָך באַוויזן אויסצורופן: — לויפט אַריבער! מיט שטורם! אַליין האָט ער זיך אַ וואָקל געטון אויף די פיס. אַ שטראָם בלוט האָט אים באַגאָסן. חברים פון דער קעמפער־גרופּע האָבן אים געוואָלט אַ הייב טון און מיטנעמען. אָבער בערעק האָט צו זיי אויסגערופן: — איך קאָן מער נישט קעמפן, איר מוזט ווייטער פירן די שלאַכט. ער האָט צו זיך אויסגעדרייט זיין רעוואָלווער און זיך דערשאָסן.

אַלע זענען זיי געפאַלן אַזוי העלדיש און טראַגיש. זייער לעבן האָט געהאַט אַ זין און אויך זייער טויט האָט געהאַט אַ זין.

# 27. ביי די פּאַרטיזאַנער אין די וועלדער

נאָכן ערשטן באַזוך אין וואַלד, כדי אַרויספירן פון דאָרט קראַנקע חברים, איז מיר עטלעכע מאָל אויסגעקומען צו זיין אין די וועלדער, וואו ס'האָבן זיך געפונען די רעשטלעך פון די וואַרשעווער געטאָ־קעמפער. כ'האָב געדאַרפט אויספירן שליחותן פון צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד, אָדער פון יידישן קאָאָרדיניר־קאָמיטעט (בונד און ציוניסטן).

די גרופּע געטאָ־קעמפער, וואָס איז פון אָנהויב אַוועקגעפירט געוואָרן אין די שיטערע וועלדלעך אין לאָמיאַנקי, זענען ענדלעך איינגעאָרדנט געוואָרן אין די גרויסע און געדיכטערע וועלדער, אין שכנות פון שטעטל ווישקאָוו. אויך דאָרט איז זייער לאַגע נישט געווען קיין גוטע. דער קאָנטאַקט מיט דער פּוילישער פּאַרטיזאַנער־גרופּע איז געווען אַ זייער שוואַכער. אַ געוויסן טאָג איז געקומען אונזער חבר זיגמונט איגלאַ (שפּעטער געפאַלן אין קאַמף מיט דייטשע זשאַנדאַרמען אין וואַרשע) און האָט אונז געברענגט דעם ערשטן דירעקטן גרוס פון די ווישקאָווער וועלדער. די יידישע גרופּע, האָט ער איבערגעגעבן, ראַנגלט זיך מיט גרויסע שוועריקייטן. אָפט קומען דאָרט פאָר דייטשע אָבלאַוועס. ביי יעדן דייטשן איבערפאַל פאַרלירט די גרופּע עטלעכע מענטשן. אַחוץ דעם האָבן זיי אויך שוועריקייטן מיט באַשפּייזונג, ווייל די געלט־מיטלען האָבן זיך אויסגעלאָזט און ס'איז נישטאָ פאַרוואָס צו קויפן קיין פּראָדוקטן. דער געזונט־מצב פון די מענטשן איז נישט קיין גוטער. זיגמונט איגלאַ האָט מיט זיך געברענגט דריי חברים, וועלכע זענען קראַנק געוואָרן און מען דאַרף זיי איינאָרדענען אין וואַרשע. דאָס זענען די חברים ברוך שפּיגל מיט זיין פרוי כייקע (פון דער היים בעלכאַטאָווסקאַ), און מאַשע גלייטמאַן (די ערשטע צוויי געפינען זיך היינט אין קאַנאַדע און די דריטע — אין מדינת־ישראל). וואָס שייך די דריי קראַנקע געטאָ־קעמפער האָבן מיר זיי איינגעאָרדנט אין אַ גוטן בונקער, ביי אַ פּוילישער פאַמיליע, אויף זשעלאַזנע גאַס נומער 68.

שווערער איז געווען דער ענין פון הילף פאַר די געטאָ־קעמפער אין די ווישקאָווער וועלדער. אויף אַ זיצונג פון צ. ק. פון בונד האָבן מיר זיך

באַשעפטיקט מיט דער פראַגע. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז איך זאָל אַוועקפאָרן אין די ווישקאָווער וועלדער און אויפן אָרט זען געניי וואָס זיי דאַרפן און ווי אַזוי מ'קאָן זיי העלפן. אַחוץ דער אינפאָרמאַציע פון חבר איגלאַ האָט אַ וואַלד־וועכטער געברענגט אַ בריוול צו אונזערס אַ פּוי־לישן קאָנטאַקט אין דער פאַרשטאָט וואַליע, אַ שוועסטער פון דער פוילישער סאָציאַליסטקע אַנאַ וואָנכאַלסקאַ. דער צ. ק. האָט באַשלאָסן, אַז איך זאָל צומאָרגנס זיך טרעפן מיטן וועכטער און צוזאַמען מיט אים פאָרן קיין ווישקאָוו. וועגן מיין רייזע האָט מען זיך פאַרשטענדיקט מיט דער קאָמענ־דאַנטור פון זש. אָ. ב. (יידישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע).

מיטן וואַלד־וועכטער האָב איך זיך געטראָפן אין וואַליע, אין דער וואוינונג פון פרוי וואָנכאַלסקאַ. ער האָט געטראָגן אַ גרינעם מונדיר און אַ גרין היטל מיט אַן אָפּצייכן פון אַ טרומייטערל, וואָס איז געווען דער אָפיציעלער עמבלעם פון אַ וואַלד־היטער. ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז איך וויל מיטפאָרן אין וואַלד אַריין, האָט ער געזאָגט מיט גרויס צופרידנקייט: — יאָ, דאָס וועט טאַקע זיין די בעסטע זאַך. זיי דאַרפן קומען היינט ביינאַכט צו מיר אין הייזל אַריין און זיי וועלן זיך זייער דערפרייען, ווען זיי וועלן דערזען זייערס אַן אייגענעם מענטש.

מיר האָבן באַשלאָסן אַרויסצופאָרן דעם זעלבן טאָג. ווען מיר זענען בײדע אַרויס אויף דער גאַס, האָט אַפילו דאָס שאַרפסטע אויג נישט געקענט חושד זיין, אַז ביי אונז איז פאַראַן עפּעס פאַרדעכטיקס. ער האָט געטראָגן דעם גרינעם וואַלד־מונדיר און איך בין געגאַנגען אָנגעטון ווי אַ דאָרפישער פויערל, אין אַ קורצער קורטקע און הויכע שטיוול. אין יענער צייט האָב איך געהאַט פאַרלאָזן וואָנסעס, וואָס האָבן מיר צוגעגעבן אַ מער דאָרפישן אויסזען.

ווען מיר זענען אָנגעקומען מיט דער באַן קיין ווישקאָוו, איז שוין צוגעפאַלן די נאַכט. דער וועכטער האָט געוואוינט דריי קילאָמעטער פון דער סטאַציע און דאָס הייזל זיינס איז געשטאַנען ביים ברעג פון וואַלד. הינטער דער געדיכטער וואַנט ביימער האָט נאָך ערגעץ געפלאַמט אַ רויטער זון־אונטערגאַנג, אָבער באַלד האָט זיך דער הימל אינגאַנצן אויסגעלאָשן. פון דער זייט פון וואַלד איז אויפגעגאַנגען אַ שוואַרצע פינצטערניש. דער וועכ־טער האָט אויפגעשלאָסן די טיר פון זיין הילצערנעם הייזל און מיר זענען אַריין אינעווייניק. ער האָט אָנגעצונדן אַ נאַפט לעמפּל און ער האָט אַ קוק געגעבן אומרואיק אויף זיין זייגערל. ער האָט זיך געהאַט אָפּגעשמועסט, אַז פון דער יידישער גרופּע זאָל מען צו אים קומען. אין דער צייט האָט מען שוין געדאַרפט ביי אים זיין און ער האָט זיך געוואונדערט, וואָס קיינער איז נאָך נישטאָ. זיי זענען שטענדיק זייער פּינקטלעך, האָט ער געזאָגט. דער זייגער איז שוין געוואָרן צוועלף. פון אַלע זייטן האָבן דורכן פענצטער אַריינגעקוקט שוואַרצע שטיקער וואַלד. פון ערגעץ האָט מען נישט געהערט

דעם מינדסטן שאָרך. בלייבן דאָ נעכטיקן איז פאַר מיר נישט געווען קיין גוטע זאַך, ווייל אין אַזאַ פאַל וואָלט איך געדאַרפט אַרויסגיין אין וואַלד אַריין צו דער יידישער גרופע אינמיטן העלן טאָג. דער וועכטער האָט געזען מיין פאַרלעגנהייט און ער האָט צו מיר געזאָגט: — קומט, מיר וועלן גיין איצט. כ׳גלויב, אַז כ׳וועל זיי געפינען.

ער האָט גענומען אַן עלעקטריש לעמפל און מיר זענען אַרויס פון הייזל. מיר זענען קוים אַוועק אַ שטיקל וועג און ער האָט אַ קוק געגעבן אויף דער ערד. ער האָט געזאָגט: — דאָ זענען פאַראַן פרישע טריט. עמיצער איז דאָ נישט לאַנג צוריק געגאַנגען.

ער האָט אָנגעהויבן נאָכצוגיין די טריט, וועלכע האָבן אונז צוריק־געפירט צום הייזל. מיר האָבן דערהערט אַ הויכן רוף: — סטוי. די הענט אין דער הויך.

פון דער פינצטערניש האָבן זיך אַרויסגעשיילט צוויי סילועטן. דער וועכטער האָט צו זיי אויסגערופן זיין נאָמען און זיי זענען צוגעקומען נענטער. זיי זענען געווען באַוואָפנט.

אין אַ רגע אַרום האָב איך זיי דערקענט. דאָס זענען געווען די חברים גאַבריש פרישדאָרף און יאַנעק בילאַק. מיר זענען זיך אַריינגעפאַלן אין די אָרעמס און צעקושט. זיי האָבן געזאָגט אַז זיי זענען געקומען צו דער באַ־שטימטער צייט, אָבער ווען זיי האָבן אַריינגעקוקט דורכן פענצטער און האָבן מיך געזען, האָבן זיי מיך נישט דערקענט. זיי האָבן באַשלאָסן צו וואַרטן, ביז איך וועל אַוועקגיין. ווען זיי האָבן געזען, אַז מיר גייען אין וואַלד אַריין, האָבן זיי דערצידירט צו אונז צוצוגיין.

די פרייד פון אונזער באַגעגעניש איז געווען אַ גרויסע, אָבער מ׳האָט נישט געטאָרט פטרן צייט. ס׳איז שוין געווען נאָך האַלבער נאַכט און אין אַ צוויי שעה אַרום האָט געדאַרפט אָנהויבן צו טאָגן. דער וואַלד־וועכטער האָט זיך אומגעקערט צו זיך אין הייזל און מיר דריי האָבן זיך געלאָזט אין דער טיפעניש פון וואַלד. די פינצטערניש אַרום איז געווען געדיכט און איך האָב מיך כסדר אָנגעשטויסן און פאַרטשעפעט ביי אַרויסשטאַרצנדיקע שטאַמען און וואָרצלען. די צוויי חברים האָבן זיך באַוועגט מיט אַ געשיקטקייט פון מענטשן, וואָס זענען היימיש אויף דעם באָדן. זיי האָבן פלינק זיך אַריינגעשניטן אין דער שוואַרצקייט פון וואַלד. נאָכן אָפגיין עטלעכע קי־לאָמעטער האָבן זיי זיך אָפגעשטעלט. איינער פון זיי האָט געגעבן אַ קורצן און אַ סוויסטשעדיקן פייף. זיי האָבן זיך אַ וויייל איינגעהערט און פון ערגעץ האָט זיך דערהערט אַן ענלעכער פייף. זיי זענען אַרויף אויף אַ ליידיקן פלאַץ. פון דער געדיכטקייט האָט זיך באַוויזן אַ געשטאַלט פון אַ מענטש. דאָס איז געווען זיגמונט סקורניק, אַ דאָקטאָר, וועלכער האָט דאָ אויף זיי געוואַרט.

די חברים האָבן מיך באַקענט מיטן דאָקטאָר. ער האָט געדאַרפט באַלד

פאַרטאָג אַוועקגעפירט ווערן צו אַ גרופּע סאָוועטישע פּאַרטיזאַנער, וואָס האָבן זיך געפונען אין אַ שכנותדיקן וואַלד. זיי זענען געווען קריגס־געפאַנגענע און זענען אַנטלאָפן פון אַ נאַצישן לאַגער. מיט זייער אויפפירן זיך וואַרפן זיי אָן אַ מורא אויף דער פויערישער באַפעלקערונג. אַזוי ווי זיי האָבן נישט קיין געלט־מיטלען איינצוקויפן שפּייז, כאַפּן זיי זיך אַריין ביי־נאַכט אין די דערפער און פירן אַדורך רויב־אָנפאַלן אין די הייזער. דאָס האָט די לאַגע פון דער יידישער גרופּע אין וואַלד געמאַכט נאָך מער אומזיכער. דאָך איז די יידישע גרופּע געשטאַנען מיט זיי אין פאַרבינדונג און אונזער דאָקטאָר מיט צוויי קראַנקן־שוועסטער האָבן זיך פאַרנומען מיט זייערע קראַנקע. פאַרטאָג האָט אונזער דאָקטאָר געדאַרפט אָפּשטאַטן אַ וויזיט ביי איינעם פון זייערע קראַנקע.

ס׳איז נאָך געווען איבער אַ שעה צו זון־אויפגאַנג און מיר האָבן באַשלאָסן איבערצונעכטיקן אין אַ פאַרלאָזטן בונקער, וואָס האָט זיך געפונען אין שכנות. גאַבריש פרישדאָרף האָט באַזייטיקט דעם צודעק און ס׳האָט זיך באַוויזן אַ גרוב, וואָס איז געווען אויסגעלייגט מיט שטרוי. מיר זענען אַריין אינעווייניק און האָבן זיך אויסגעצויגן אויף די שטרויענע געלעגערס. דער אַרומיקער וואַלד האָט געזשומעט מיט שטילקייט, איבער אונזערע קעפּ האָבן זיך געוויגט די קרוינען פון די ביימער און איבער זיי האָט אַראָפּגעקוקט אַ שוואַרצער הימל. שלאָפן האָבן מיר נישט געקענט, האָבן מיר געשמועסט און דערציילט פאַסירונגען ביזן גרויען טאָג אַריין.

איך הער זיך איין מיט אינטערעס: בייטאָג קומט זיי אויס צו קעמפן מיט די דייטשן, וועלכע באַפאַלן פון צייט צו צייט. אָפט האָבן זיי געהאַט הונגעריקע טעג. זיי האָבן באַשלאָסן צו גיין אין דאָרף, כדי צו ברענגען פאַר דער גרופּע עסן. אַ שווער פּראָבלעם איז פאַר זיי געשטאַנען. גיין צו אָרימע פויערים, זאָגט מיר גאַבריש פרישדאָרף, וועט הייסן ראַבעווען און אפשר וועלן מיר זיין געצוואונגען דערביי אויך הרגנען אָן אומשולדיקן מענטשן. ניין, ניין. זיי האָבן באַשלאָסן גיין בלויז צו אַ פּריצישן הויף.

ווען ס׳האָט אָנגעהויבן צו טאָגן, האָבן מיר זיך אַלע געשטעלט אויף די פיס. יאַנעק בילאַק האָט זיך מיט אונז געזעגנט און אַוועקגעפירט דעם דאָקטאָר צו דער גרופּע סאָוועטישע פּאַרטיזאַנער. גאַבריש האָט מיך געפירט צום בונקער פון דער יידישער קאַמף־גרופּע. דער בונקער איז געווען אויף אַן אָרט, צו וועלכן ס׳איז געווען זייער שווער צוצוקומען. מ׳האָט געמוזט גיין איבער וואַסערן און זומפּן. כ׳האָב כסדר געטאָפּטשעט איבער שיטערער ערד און בלאָטעס. נאָך אַ שעה גיין זענען מיר ענדלעך צוגעקומען נאָענט צום בונקער, וואָס איז געווען באַהאַלטן צווישן זומפּ־פלאַנצן און אַרומיקע וואַסערלעך. אין אַ מינוט אַרום האָב איך זיך געפונען אַרומגערינגלט מיט אונזער גרופּע קעמפער פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד. די פרייד איז געווען אַ גרויסע. כ׳האָב דערזען אַ סך פון מיינע נאָענטע חברים, מיט וועלכע

כ׳האָב פריער צוזאַמענגעאַרבעט אין די אָרגאַניזאַציעס פון בונד און יוגנט־בונד צוקונפט. מיר האָבן זיך אויסגעזעצט אויף דער ערד און מ׳האָט מיר דער־לאַנגט אַ הייס שעלעכל טיי. ס׳האָט זיך פאַר מיר געעפנט אויפוויקלען דאָס בילד פון זייער לעבן אין וואַלד. די גאַנצע גרופּע האָט געבילדעט איין קאָ־לעקטיוו. די אָנפירער פון דער גרופּע זענען געווען גאַבריש פון בונד און דוב פון השומר־הצעיר.

די גרופּע האָט שוין געהאַט אַדורכגעלעבט שווערע טעג און געהאַט די ערשטע שווערע פאַרלוסטן. די רוסן פון שכנותדיקן וואַלד האָבן מיט זייערע אָנפאַלן אַרויסגערופן ביי די פויערים אַ האַס. מעגלעך, אַז צווישן די פויערים האָבן זיך געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן אונטערגעשיקט נאַצישע אָפּטיילונגען, מיט וועלכע מ׳האָט געמוזט קעמפן. אונזער גרופּע האָט זיך אויך גע־ראַנגלט מיט מאַטעריעלע שוועריקייטן. זי האָט נישט געהאַט גענוג געלט איינצוקויפן שפּייז־פּראָדוקטן ביי די פויערים. ווען זיי האָבן נישט געהאַט קיין געלט צו קויפן, זענען זיי ביינאַכט אַריין אין פריצישע הייף אָדער אין הייזער פון רייכערע פויערים און גענומען עסנוואַרג.

איך האָב מיינע אויגן נישט געקאָנט אָראָפּנעמען פון גאַברישן. פאַרן קריג זענען מיר צוזאַמען געווען טעטיק אין קראָכמאַלנער ראַיאָן (אין וואַר־שע). ער איז נאָך דעמאָלט געווען אַ יוגנטלעכער, אַ טוער אין סקיף. גאַבריש האָט געענדיקט די יידישע פאָלקס שול טאָקע אויף קראָכמאַלנע 36. איצט איז ער אַלט 22 יאָר. אַ בידעריקער, אַ קרעפּטיקער, מיט אַ ברוין פאַרהאַרטעוועט פּנים, מיט שוואַרצע גרויסע ברעמען און וואָנסעס. ער איז געווען פייערלעך און ערנסט און האָט געשאַפן אַרום זיך אַ שטימונג פון צוטרוי און זיכערקייט. צוזאַמען מיט אים איז געווען זיין יונגע פרוי, די חברטע חנה (פון דער היים קרישטאַל, איצט אין אַמעריקע). מיט אַ קורצער צייט צוריק האָט ער זיך באַפריינדט מיט אַ העכערן וואַלד־באַאַמטן (נאַדלעשני), וועלכער האָט געוואוינט אין אַ הייזל אין צענטר פון וואַלד. דער וועכטער האָט גאַברישן אַזוי ליב באַ־קומען, אַז ער האָט אָנגעהויבן צו טון דער גרופּע גרויסע טובות. די גרעסטע טובה איז געווען, וואָס ער האָט באַצייטנס געוואָרנט, ווען ס׳האָט געזאָלט פאָרקומען אַ נאַצישער איבערפאַל. מיט דער צייט האָט דער נאַדלעשני פאַרבונדן די יידישע גרופּע מיט די פּאַרטיזאַנער פון דער פּוי־לישער אַרמיאַ קראַיאָווע, וועלכע זענען געווען פונאַנדערגעטיילט אין די פויערישע הייזער אין די אַרומיקע דערפער. די אַ. ק.־מיטגלידער זענען געווען באַוואָפנט און זיי האָבן געוואוינט אין די דערפער ווי געוויינלעכע פויערים אָדער פאַראָבקעס. זייער אויפגאַבע איז געווען אין פּאַסיקע מאָ־מענטן אויסצופירן סאַבאָטאַזש־אַקטן.

אויך אונזער יידישע וואַלד־גרופּע איז נישט כסדר געזעסן אין בונקער צווישן די זומפּן. זי האָט אויסגעפירט ספּאָראַדישע סאַבאָטאַזש־אַקטן. מיט

עטלעכע וואָכן צוריק זענען די יידישע קעמפער באַפאַלן אַ דייטשן פּאַטרול נאָנט פון אַ באַן־סטאַציע. ליידער איז דער אָנפאַל געווען אַ נישט־געלונגענער און עטלעכע חברים זענען אומגעקומען אין דער שיסעריי. מיט אַ צוויי וואָכן שפּעטער האָט די יידישע גרופּע געפּרואווט באַפאַלן אַ דייטשן פּאָליציי־פּאָסטן אין אַ דאָרף, כדי פון דאָרט צוצונעמען דאָס געווער. ס'האָט זיך אַנטוויקלט אַ שלאַכט און די יידישע גרופּע האָט זיך געמוזט צוריקציען מיט קרבנות.

די חברים האָבן מיר אויך איבערגעגעבן אַזאַ טרויעריקע געשיכטע: עטלעכע פּוילישע קאָמוניסטן (פּ. פּ. ר.) האָבן פאַר געלט געבראַנגט אין וואַלד אַריין אַ לאַסט־אויטאָ פול מיט יידן — מענער, פרויען און קינדער. דאָס איז געווען אַ גרופּע פּינקערט־מענטשן, וואָס האָט אויף די חורבות פון וואַרשעווער געטאָ זיך פאַרנומען מיט מקבר זיין יידישע הרוגים. די פּוילישע קאָמוניסטן האָבן זיי אַוועקגעפירט אין וואַלד אַריין מיטן צוזאָג, אַז זיי וועלן זיי דאָ איינאָרדענען. נאָכן ברענגען זיי האָבן זיי ביי די יידן צוגענומען אַלץ, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט — געלט, שפּייז און אפילו מלבושים און האָבן זיי איבערגעלאָזט אויף הפקר. די יידן בלאָנקען זיך איצט אַרום אין וואַלד און די גרופּע יידישע געטאָ־קעמפער העלפט זיי אַרויס מיט ביסלעך פון זייערע אייגענע קנאַפּע שפּייז־פּאָרציעס. איינער פון די פּינקערט־יידן האָט אין אַ דאָרף אַ באַקאַנטע פּויערטע, וואָס העלפט זיי מיט עסן. אין אַ שכנותדיקן וואַלד געפינט זיך אַן אַנדערע גרופּע יידן, וועלכע זענען אַנטלאָפן פון שטעטל בראָק. דאָס אַרומבלאָנקען זיך פון די יידן, וואָס האָבן נישט מיט קיינעם קיין פאַרבינדונג, פאַרגרעסערט נאָך מער די סכנה מצד די דייטשן וועלכע פירן דורך פון צייט צו צייט יאַגדן אויף די מענטשן מיט דער זעלבער גרויזאַמקייט ווי יאַגדן אויף חיות. יעדעס מאָל פאַרגרעסערט זיך די צאָל געפאַלענע יידישע קרבנות.

איך האָב אויסגעהערט זייער באַריכט און געקוקט אויף זיי מיט באַוואונדערונג און געריררטקייט. אַלע זענען געווען אָנגעטאָן אין הויזן און קורטקעס. צוליב זייערע מלבושים איז שווער געווען אונטערצושיידן מאַן פון פרוי. די ערד איז געווען אַ פייכטע. פון דער וואַלדיקער טיפעניש האָבן זיך געטשאַיעט אימהדיקע געפאַרן, נישט געקוקט אויף דעם איז נישט געווען קיין שטימונג פון רעזיגנאַציע.

זיי האָבן שווייגנדיק אויסגעהערט מיין באַריכט וועגן דער לאַגע אין וואַרשע. כ'האָב זיי דערציילט וועגן די „אַרישע" יידן און די יידן אין בונקערס, וועגן דער טעטיקייט פון יידישן קאָאָרדיניר־קאָמיטעט, און פון דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע, ווי אויך וועגן אונזערע פאַרבינדונגען מיט דער פּוילישער אונטערערדישער באַוועגונג. איך האָב זיי איבערגעגעבן די לעצטע ידיעות פון די פראָנטן, וועגן די דייטשע מפּלות אויפן רוסישן פראָנט און אין אַפריקע. די נייעסן האָבן פאַר זיי אויסגעזען צו זיין ווי

פון אַן אַנדערער גאַר ווייטער וועלט. דאָ זענען די געפּאַרן געווען זייער באַנטע, זיי האָבן אַרויסגעקוקט פון הינטער יעדן בוים.

איך האָב זיי דערציילט וועגן פּראָטעסט־טויט פון אַרטור זיגעלבוים און וועגן דעם מאָרד איבער העטריק ערליך און וויקטאָר אַלטער. ס׳האָט זיך פּלוצלונג אַראָפּגעלאָזט אַ טרויער אויף די געבויגענע קעפּ. די בונדישע חברים פון דער וואַלד־גרופּע זענען געוואָרן דערשיטערט.

כ׳האָב זיי צום סוף געזאָגט, אַז פון איצט אָן וועלן מיר זיי באַזאָרגן מיט סיסטעמאַטישער הילף. כ׳האָב דערלאַנגט גאַברישן אַ סומע געלט, וואָס איך האָב מיט זיך מיטגעבראַכט פון יידישן קאָאָרדינירן־קאָמיטעט. מיטן דאָזיקן געלט וועלן זיי קאָנען קויפן שפּייז־פּראָדוקטן ביי די פּויערים, און דאָס וועט אויך העלפן איינשטעלן פריינטלעכע באַציאונגען מיט דער באַפעלקערונג פון די אַרומיקע דערפער. איך האָב אויסגעטון מיינע נייע שטיוול און האָב זיי אַוועקגעגעבן צו יאַנעק בילאַק, וואָס איז שוין געווען צוריק פון זיין באַזוך ביי די רוסן, און האָב אָנגעטאָן זיינע אַלטע און צעריסענע שטיוול.

אין וואַלד בין איך געבליבן ביז פאַרנאַכט. די באַן פון ווישקאָוו קיין וואַרשע האָט געדאַרפט אָפּגיין זעקס אָוונט. אַרום פיר אַזייגער האָב איך זיך געזעגנט מיט אַלעמען און דריי חברים האָבן מיך דורכן זעלבן וועג צוריקגעפירט ביז צום וועכטער־הייזל ביים ברעג פון וואַלד. פון דאָרט האָב איך שוין געקענט דעם וועג צו דער באַן. דעם זעלבן אָוונט בין איך צוריקגעקומען קיין וואַרשע.

* * *

די גרופּע יידישע געטאָ־קעמפער אין ווישקאָווער וועלדער איז צוליב די איבערפאַלן פון די דייטשע אָפּטיילונגען געוואָרן כסדר קלענער. כמעט שטענדיק זענען געווען קרבנות. אין פרילינג 1944 האָבן זיך פאַרשטאַרקט די סכנות אויך פון אַנדערע זייטן: פון די רוסישע פּאַרטיזאַנער און פון אַ גרופּע פון דער פּוילישער אַרמיאַ קראַיאָוואַ. די יידישע גרופּע האָט אַלאַר־מירט, אַז מען זאָל צו זיי קומען פון וואַרשע, ווייל זיי געפינען זיך ממש צווישן לעבן און טויט. פון די 80 אַרויסגעראַטעוועטע געטאָ־קעמפער, וואָס זענען אַרויס פון ברענענדיקן געטאָ דורך די קאַנאַלן און זענען אַוועקגעפירט געוואָרן אין וואַלד אַריין, האָבן זיך שוין נישט געפונען מער אין וואַלד ווי אַ דרייסיק. אַ טייל זענען אַוועקגעפירט געוואָרן קיין וואַרשע און די איבעריקע זענען אומגעקומען אין די כסדרדיקע נאַצישע יאַגדן. די גרופּע איז באַ־שטאַנען פון די חברים פון בונד, פון השומר הצעיר און החלוץ. דער צענ־טראַל־קאָמיטעט פון בונד האָט באַשלאָסן אַרויסצושיקן אין וואַלד אַריין מיך, און דער זש. אָ. ב. האָט דעלעגירט שמחה ראַטהייזער (קאַזשיק), וועלכער איז

געווען איינער פון די העלדישסטע מיטגלידער פון דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע. פון מיטעלן וואוקס און מיט אַ בלאָנדן קאָפּ האָר, האָט ער אויסגעזען ווי אַ יונגער פּאָליאַק. ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט קאַלט־בלוטיקייט. די יידישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע האָט אים געשיקט אויף די סאַמע געפערלעכסטע אַרבעטן.

מיר זענען אין די ערשטע טעג פון מאַי 1944 אַוועקגעפאָרן מיט דער באַן קיין ווישקאָוו. גלייך פון דער באַן־סטאַציע האָבן מיר זיך פאַרקירע־וועט אין וואַלד. איך האָב שוין דעם וועג געקענט זייער גוט. איך בין גע־ווען דער שטענדיקער פאַרבינדער מיט די חברים אין וואַלד. זינט מיין ערשטן באַזוך אין וואַלד בין איך אָפט אַהער געקומען, האָב געברענגט געלט, מעדיצינישע מיטלען, און אונזערע ביולעטינען. יעדע מינוט גאַנג אין וואַלד האָט ביי מיר אויסגעזען צו זיין אַן אייביקייט. וואָס טיפער און ווייטער איך האָב געשפּאַנט אין וואַלד, אַלץ מער האָט מיך געפּייניקט דער געדאַנק: צי קום איך נישט אַמאָל צו שפּעט? ענדלעך האָב איך דערהערט שטילע טריט. אין אַ ווייל אַרום האָב איך שוין געזען נעבן זיך מיינע טייערע חברים, וועלכע האָבן געוואַרט מיט אומגעדולד. דאָס זענען געווען גאַבריש פרישדאָרף, יאַנעק בילאַק און יאַנעק פּוטערמילך.

איידער איך האָב באַוויזן זיי צו פרעגן, וואָס ס'איז געשען, האָבן זיי מיך גענומען באַוואַרפן מיט פראַגן: וואָס הערט מען אין וואַרשע ביי די חברים? צי זיינען נאָך פאַראַן עפּעס געטאָס? מיט וועלכע לאַגערן זענען מיר אין קאָנטאַקט? צי האָבן מיר עפּעס נייעס פון די חברים פון לאָנדאָן און פון אַמעריקע? אַלץ האָט זיי אינטערעסירט. זיי האָבן פּשוט געשלונגען יעדעס וואָרט, וואָס איך האָב זיי דערציילט.

ווען איך האָב זיי איבערגעגעבן וועגן די געלונגענע 1טע מאַי־צו־זאַמענקונפטן און וועגן דעם איינדרוק וואָס האָט אויף אונז געמאַכט די ראַדיאָ־רעדע פון חבר שערער, וואָס מיר האָבן געהערט פון לאָנדאָן, האָט דער קאָמענדאַנט פון דער גרופּע חבר גאַבריש פרישדאָרף אין אַ טאָן, וואָס האָט געקלונגען אַזוי נאַטירלעך און זעלבסטפאַרשטענדלעך, געזאָגט: „מיר האָבן אויך געהאַט אַ פייערונג. מיר האָבן געפייערט דעם 19טן אַפּריל, דעם אָנהויב פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד". ער האָט מיר איבערגעגעבן די פּרטים פון דער אייגנאַרטיקער „פייערונג".

דעם 18טן אַפּריל, 12 ביינאַכט, איז די גאַנצע גרופּע, מענער און פרויען צוזעגאַנגען אין נאָנטסטן דאָרף. דאָרט זענען זיי אַריין צו אַ פּויער און אים אויפגעוועקט. ווען דער פּויער האָט דערהערט דאָס קלאַפּן, האָט ער געעפנט די טיר און איז געבליבן שטיין אַ דערשראָקענער: ער האָט דערזען אַ גרופּע באַוואָפנטע פאַרטיזאַנער. זיי האָבן אים גלייך באַרואיקט. גיט אונז, האָבן זיי געזאָגט, וויפל איר האָט העק, זעגן, קילאָפּן און לאָפּעטעס. דער פּויער האָט זיי די אַלע זאַכן געגעבן. די גאַנצע גרופּע האָט זיך ביים

שיין פון דער לבנה אַרויסגעלאָזט אויפן שאָסיי. אויף אַ לענג פון אייניקע קילאָמעטער האָבן זיי אונטערגעהאַקט עטלעכע צענטליק טעלעפאָן־און טע־לעגראַפן־סלופּעס און פאַרניכטעט די טעלעפאָן־איינריכטונגען. אויף דער ברייט פון שאָסיי האָבן זיי מיט קרייד אויפגעשריבן אין יידיש, פּויליש און דייטש די לאָזונגען:

אַ טויט די דייטשע נאַציס!

קאַמף אויף לעבן און טויט מיטן דייטשן אָקופּאַנט!

כבוד די געפאַלענע העלדישע קעמפער!

דער קאָמענדאַנט גאַבריש האָט פאַרענדיקט מיט שטאָלץ זיין באַריכט: „מיר האָבן צוגעמאַכט די פּיסקעס פון די דייטשע באַנדיטן אויף אייניקע טעג. אַזוי האָבן מיר געפייערט דעם 19טן אַפּריל".

איך האָב ביי זיך געטראַכט, אַז אין פאַרגלייך מיט זייער 19טן אַפּריל־פייערונג, איז אונזער מאַי־פייערונג אין וואַרשע געווען אַן אומשולדיקער צוזאַמענקום, כאָטש אויך מיר האָבן ריזיקירט מיט אונזער פרייהייט און לעבן.

ס'איז געווען אַ ליכטיקער און אַ זוניקער מאַי־טאָג. די ביימער זענען געשטאַנען באַדעקט מיט פרישע גרינע נאָדלען. צווישן די ניי־שפּראָצנדיקע קוסטעס זענען געוואַקסן קאָלירטע בלומען. דער גאַנצער וואַלד איז געווען פול מיט אַ געצוויטשערײ פון פייגל. די ערד, וואָס איז געווען צוגעדעקט מיט אַ פרישן, גרינעם מאָך, האָט אַרויסגעגעבן אַ שאַרפן ריח. מיר זענען גע־גאַנגען דורך דער געדיכטעניש פון וואַלד.

פּלוצלונג האָט דער וואַלד זיך אָפּגעהאַקט און מיר זענען אַרויס אויף אַ ברייטן וועג. מיר האָבן שנעל אַדורכגעשניטן דעם וועג, כדי אַריינצוגיין אין אַ צווייטן וואַלד, וואָס האָט זיך געצויגן אויף דער אַנדערער זייט. אין דאָזיקן מאָמענט איז ווי פון אונטער דער ערד אויסגעוואַקסן אַ פּויער. ער האָט אונז באַגריסט און געזאָגט: — גייט נישט אַריין אין יענעם וואַלד. די דייטשן האָבן דאָרט געמאַכט אַן איבערפאַל!

אונזערע חברים האָבן אים אָנגעקוקט מיט פאַרדאַכט און יאַנעק בילאַק האָט אים געפרעגט: — פונוואַנען ווייסטו עס? האָסט געזען די דייטשן מיט די אייגענע אויגן? דער פּויער האָט זיך אַ ביסל דערשראָקן פון דעם טאָן: — יאָ, כ'האָב געזען ווי אַ גאַנצע דייטשע גרופּע איז דאָרט אַריין. איר דאַרפט זיין פאָרזיכטיק.

יאַנעק האָט זיך אַ ווייל איבערגעקוקט מיט גאַברישן און האָט געזאָגט צום פּויער: — גיב מיר דיין דאָקומענט. טאָמער זאָגסטו דעם אמת, וועסטו אים דאָ געפינען מאָרגן אונטער דעם שטיין. טאָמער גענאַרסטו אונז אָפּ, ריזיקירסטו מיטן לעבן.

דער פּויער האָט הכנעהדיק דערלאַנגט יאַנעקן דעם דאָקומענט און האָט שנעל גענומען זיך דערווייטערן. ערשט שפּעטער ווען מיר זענען אָפּגע־

גאַנגעז אַ פּאָר צענטליק טריט, האָב איך זיך אָפּגערופן: — פאַרוואָס האָסטו גערעדט צו אים אַזוי שאַרף? ער האָט דאָך אונז געוואָרנט קעגן די דייטשן.

יאַנעק האָט מיט פאַרביטערונג געענטפערט: — מען ווייסט קיינמאָל נישט מיט וועמען מען האָט צו טון. די פויערים זענען פול מיט צאָרן אויף די פאַרטיזאַנער, וועלכע קומען צו זיי אָפּטמאָל אינמיטן דער נאַכט נאָך שפּייז. צוליב די פאַרטיזאַנער קומען פאָר אָפטמאָל נאַציִשע אַבלאַוועס אין די דערפער. צווישן די פויערים זענען פאַראַן אַ סך פּראָוואָקאַטאָרן, וואָס ווילן ביי אונז אַרויסרופן פּאַניק. נישט איינער איז שוין אומגעקומען צוליב אַזאַ פויערישער פּראָוואָקאַציע. דער פויער, וועלכן מיר האָבן באַגעגנט, קאָן זיין אַן אָרענטלעכער מענטש, אָבער פונקט אַזוי האָט ער געקאָנט זיין אונזערס אַ דם־שונא. מיר וועלן זיך באַלד איבערצייגן, צי ער האָט געזאָגט דעם אמת.
גאַבריש האָט פּלוצלונג אויסגערופן: — ער איז געווען גערעכט. אָט זענען די טריט פון די דייטשן.

מיט זייערע געניטע אויגן האָבן זיי דערקענט פון אָפּדרוק אויף דער ערד און איינגעפּרעסטן מאָך די צייכנס פון געקאָוועטע דייטשע שטיוול. פון איצט אָן האָבן מיר אָנגעהויבן צו גיין זייער פאָרזיכטיק. די באַוואָפנטע חברים זענען געגאַנגען פאָרויס רואיק און מיט אָנגעשטרענגטע בליקן. פאַר זיי זענען די דייטשע איבערפאַלן נישט געווען קיין נייעס. אויף אַ געוויסן אָרט האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט און געזאָגט, אַז מיר וועלן זיך דאָ אָוועקזעצן און וואַרטן צי עס וועט זיך נישט דערהערן קיין שיסעריי. מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויף דער מיט מאָך־באַוואַקסענער ערד.

מיר זענען אַזוי געזעסן אַ היפּשע צייט. ערשט איצט האָבן די חברים פרישדאָרף און בילאַק אונז איבערגעגעבן פאַרוואָס זיי האָבן אונז אַזוי דרינגנדיק אַרויסגערופן. צוליב דעם, וואָס די סאָוועטישע אַרמיי רוקט זיך פאָרויס און דערנענטערט זיך, האָט די שכנותדיקע גרופּע רוסישע פאַר־טיזאַנער בדעה אָנצוהויבן אָפּעראַציעס קעגן די דייטשן. זיי האָבן געשיקט אַ פאָרשטייער צו דער יידישער גרופּע און פאַרלאַנגט, אַז די יידן זאָלן זיך אָנשליסן אין זייער מחנה. דער עיקר האָבן זיי געוואָלט האָבן ביי זיך די צוויי יידישע דאָקטוירים — זיגמונט סקורניק און יורעק — און די קראַנקן־שוועסטער. די רוסן האָבן געדראָט, אַז אויב די יידן וועלן צו זיי נישט אַריבער מיט גוטן, וועלן זיי צווינגען דערצו מיט געווער. אין דער זעלבער צייט איז צו דער יידישער גרופּע געקומען אַ פאָרשטייער פון דער פּוילישער אַרמיאַ קראַיאָוואַ מיטן פאַרלאַנג, אַז די יידישע גרופּע זאָל אַריינ־גיין אין דער אַ. ק... די אָפּטיילונג פון דער אַרמיאַ קראַיאָוואַ, מיט וועלכער אונזער וואַלד־גרופּע איז ביז־איצט געווען אין פריינטלעכע באַציאונגען, האָט פונקט ווי די רוסן צוגעשטעלט צום באַפעל די זעלבע דראָאונג, אויב נישט...

די יידישע גרופּע האָט זיך געפונען צווישן צוויי פייערן. די יידישע קעמפער־גרופּע האָט נישט געוואָלט געהערן צו קיינעם, נישט צו די רוסן און נישט צו די פּאָליאַקן, זי האָט געוואָלט ווייטער בלייבן זעלבסטשטענדיק. די לאַגע איז געווען אַ געפערלעכע. סיי די רוסן און סיי די פּאָליאַקן האָבן זיך פאַררופן כלומרשט אויף באַפעלן פון זייערע העכערע אָנפירונגען, וואָס זיי מוזן אויספירן. ס'איז געווען זיכער, אַז זיי וועלן זיך נישט רעכענען מיט קיין שום סענטימענטן. דאָ איז געווען אַ וואַלד און ס'האָט דאָ געהערשט דאָס „געזעץ" פון וואַלד. אונזער יידישע גרופּע האָט פּשוט נישט געזען ווי אַזוי מען קאָן דאָ געפינען אַ לייזונג. די פּאָליאַקן זענען געווען מער פאַרעקשנט ווי די רוסן. זיי האָבן פּשוט געוואָלט אָרגאַניזירן אַלע באַוואָפנטע כוחות אויף דער פּוילישער ערד אין אָנבליק פון דער סאָוועטישער אַרמיי, וועלכע האָט אָנגעהויבן צו פאַרנעמען פּוילן. וואָס שייך די רוסן איז זיי מער געגאַנגען אין דעם, אַז די יידן זאָלן זיך נישט פאַראייניקן מיט די פּאָליאַקן, ווייל זיי וואָלטן פאַרלוירן די הילף פון די יידישע דאָקטוירים. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז די לייזונג פון פּראָבלעם איז מער אָפּהענגיק פון די פּאָליאַקן. אויב אונז וואָלט זיך איינגעגעבן צו פּועלן ביי דער אַרמיאַ קראַיאָוואַ זיך אָפּצוזאָגן פון זייער פּלאַן, וואָלט מען מיט די רוסן אפשר לייכטער געקאָנט אַדורכקומען.

נאָכן אָפּזיצן אין וואַלד אַ צייט האָט זיך גאַבריש אויפגעשטעלט און געזאָגט, אַז די געפאַר איז אַריבער. אין קעגנפאַל וואָלטן מיר שוין פון לאַנג געהערט אָפּקלאַנגען פון אַ שיסעריי. מיר האָבן זיך אויפגעהויבן און ווייטער געגאַנגען. פאַמעלעך און פאָרזיכטיק האָבן מיר זיך דערנענטערט צו דעם פּלאַץ פון אונזער גרופּע. ווען מיר זענען צוגעקומען צום אָרט, איז געווען פּוסט און מ'האָט נישט געזען קיין לעבעדיקן נפש. אינמיטן פון ליידיקן פּלאַץ האָט זיך נאָך געטליעט אַ פייער, איבער וועלכן עס איז געהאָנגען אַ טעפּל מיט וואַסער. עטלעכע אַנדערע כלים זענען געלעגן אויף דער ערד. נישט ווייט פון דאַנען האָט זיך געפונען דער בונקער, וועלכן די יידישע קעמפער־גרופּע האָט אויסגעגראָבן נאָך מיט עטלעכע חדשים צוריק און וואו זי האָט איבערגעהאַלטן דעם ווינטער. גאַבריש האָט מיר געוויזן וואו עס געפינט זיך דער בונקער, אָבער איך האָב נישט געזען מער ווי די געוויינלעכע מאָך און קוסטעס, וואָס האָבן באַדעקט די ערד. די פאַרמאַסקירונג איז געווען אַן אויסגעצייכנטע. ס'איז געווען אוממעגלעך צו דערקענען, אַז די ערד איז דאָ בכלל גערירט געוואָרן. מיר זענען געבליבן שטיין ביים אויסגייענדיקן פייער מיט אַן אומרו: וואו איז די גרופּע? איין זאַך איז געווען זיכער — זי האָט געוואוסט פון דייטשן פּאַטרול. דער פּוילישער פּויער האָט געזאָגט אמת.

מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט וואַרטן. דער וואַלד איז דאָ געווען געדיכטער. די ביימער זענען געווען גאָר נאָענט צו זיך און האָבן זיך באַרירט

מיט די צווייגן. אויף דער ערד איז געלעגן אַ הויכער שיכט אַלטע, לאַנג־אַראָפּגעפאַלענע בלעטער. פון צייט צו צייט איז פון ערגעץ אַריינגעפאַלן אַ פאַרביק פלאַטערל. אַלץ איז דאָ געווען אַזוי שטיל און פרידלעך, מיר האָבן אַלע געשוויגן און געטראַכט אונזערע מחשבות. ס׳איז אַוועק אַ שטיקל צייט און ס׳האָבן אָנגעהויבן זיך באַווייזן איינצלוויז אונזער גאַנצע יידישע גרופּע. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די יידישע גרופּע האָט געוואוסט פון דעם נאַציישן פּאַטרול און זיי זענען אַוועק אויף אַן אַנדער, אַ מער זיכער אָרט. די דייטשן זענען אָבער נישט צוגעקומען און האָבן נישט געזען דאָס פייער, אַנדערש וואָלטן זיי אַזוי שנעל פונדאַנען נישט אַוועק.

נאָכן אַוועקשטעלן פון אַלע פיר זייטן אַ וואַך, האָבן מיר אָפּגעהאַלטן אַ באַראַטונג. וועגן דער סכנה, וואָס איז געהאַנגען איבער די קעפּ פון די געטאָ־קעמפער — די סכנה צוליב די פאַרלאַנגען פון די פּאָליאַקן און רוסן — האָבן געוואוסט בלויז עטלעכע חברים. די אָנפירערשאַפט האָט נישט געוואָלט אַרויסרופן קיין פּאַניק. איצט האָט גאַבריש פרישדאָרף צום ערשטן מאָל אָפן דערציילט וועגן די פאַרלאַנגען פון דער אַ. ק. און פון דער רוסישער פּאַרטיזאַנער־גרופּע. ער האָט דעם ענין אַלזייטיק אויפגעקלערט און איז געקומען צום אויספיר, אַז מ׳דאַרף זיך נישט איינגלידערן צו קיינעם פון זיי. ס׳איז פאָרגעקומען אַ קורצער אויסטויש פון מיינונגען. אַלע, וואָס האָבן גענומען אַ וואָרט, האָבן געטראַכט דאָס זעלבע: נישט צו די פּאָליאַקן און נישט צו די רוסן. כדי צו באַפרייען זיך פון דעם קלעם, איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די רוסן זאָל מען ווייכער מאַכן דורך געבן זיי אַ כסדרדיקע מעדיצינישע הילף. וואָס שייך די פּאָליאַקן, זאָל איך און קאַזשיק באַלד זיך טרעפן מיט אַ ראַיאָן־פאָרשטייער פון אַ. ק. און איבערגעבן אים דעם וואונטש פון דער יידישער גרופּע. טאָמער וועט מען נישט ביי אים פועלן, זאָלן מיר אים דערקלערן, אַז מיר וועלן אינטערוועניִרן דירעקט ביי דער צענטראַלער אָנפירערשאַפט פון אַ. ק. אין וואַרשע.

מיר האָבן איבערגענכטיקט אין בונקער. פאַרטאָג האָבן עטלעכע חברים דורך דער פאַרמיטלונג פון אַן אויבער־וועכטער פון וואַלד, וועלכער איז געווען אַ מיטגליד פון אַ. ק., באַשטימט אַ טרעפונג מיט אַ פאָרשטייער פון דער אַרמיאַ קראַיאָוואַ. צו דער טרעפונג זענען געגאַנגען 6 פערזאָן: קאַזשיק און איך, ווי פאָרשטייער פון דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע און דריי באַוואָפנטע חברים פון דער גרופּע: די בונדיסטן גאַבריש פרישדאָרף און יאַנעק בילאַק, דוב בער (אַ חבר פון השומר הצעיר), ווי אויך אונזערס אַ דאָקטאָר. צו דער באַשטימטער צייט זענען מיר צוגעקומען צום אָפּגערעדטן אָרט אין דער טיפעניש פון וואַלד. מיט דער זעלבער פּינקטלעכקייט זענען אָנגעקומען פון דער אַקעגנאיבערדיקער זייט פיר פּאָליאַקן פון אַ. ק.: איינער פון זיי איז געווען דער וואַלד־וועכטער, דער צווייטער — אַ ספּעציעל־געקומענער קאָמענדאַנט, און די אַנדערע צוויי — פון די אַרומיקע דערפער.



זלמן טענענבערג



יעקב ראובן בערלינער



מאָטל קושניר





הערמאַן און עוואַ קירשבוים



אסתר וואָלפשטיין

מיר האָבן זיך פֿריינטלעך באַגריסט. באַלד אין אָנהויב האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ס׳איז נישטאָ וואָס אונטערצוהאַנדלען. דער באַפֿעל איז אַ קלאָרער און אַ קורצער: די יידישע גרופּע מוז זיך גלייך אָנשליסן אין דער אַ. ק., אויב נישט וועט זי ליקווידירט ווערן. דער פּוילישער קאָמענ־דאַנט האָט דאָס געזאָגט מיט אַ זעלנערישער שאַרפֿקייט: דער באַפֿעל איז אַ מיליטערישער, ס׳איז נישטאָ וואָס אַריינצוגיין אין קיין פּרטים. מיר האָבן געזען, אַז די איינציקע זאַך, וואָס קאָן ענדערן די לאַגע, איז אַ קעגנ־באַפֿעל פֿון אַ העכערער מיליטערישער אינסטאַנץ. איך האָב געזאָגט, אַז מען מוז אונז געבן דריי טעג צייט. מיר וועלן זיך גלייך אומקערן קיין וואַרשע און דאָרט וועלן מיר זיך שטעלן אין פֿאַרבינדונג מיט דער הויפּט־אָנפֿירערשאַפֿט פֿון אַ. ק. אין דריי טעג אַרום וועלן מיר זיך אומקערן מיט אַן ענדגילטיקער פֿאַראָרדענונג פֿון דער העכערער אינסטאַנץ. דער קאָמענדאַנט איז די גאַנצע צייט געווען פֿריינטלעך, אַפֿילו ווען ער האָט קאַטעגאָריש און ריקזיכטלאָז גערעדט וועגן „ליקווידירן”. ער האָט סוף־כּל־סוף מסכּים געווען אויף דעם דריי־טאָגיקן טערמין, ווען מיר וועלן אים ברענגען דעם ענטפֿער פֿון וואַרשע. פֿאַרן געזעגענען זיך האָט קאַזשיק, וועלכער האָט מיט זיך געהאַט אַ קליינעם פֿאָטאָגראַפֿישן אַפּאַראַט, געמאַכט אַ פּאָר אויפֿנאַמעס פֿון די יידישע און פּוילישע פּאַרטיזאַנער „פֿאַר דער געשיכטע”.

די נאָענטסטע באַן קיין וואַרשע האָט ערשט געדאַרפֿט אָפּגיין צו־מאָרגנס זעקס אַזייגער אין דער פֿרי. די חברים האָבן באַשלאָסן נישט אומצוקערן זיך אין בונקער. זיי האָבן אונדז געפֿירט צום וואַלד־וועכטער איבערצונעכטיקן. דאָס האָט שיער געקאָסט אונדזער לעבן. ווען מיר זענען צוגעקומען נעענטער צום הויז פֿון וואַלד־וועכטער, האָבן מיר געהערט אַ שטאַרק בילן פֿון זיין הונט. פֿון דעם הייזקעלע האָט קוים אַרויסגעשיינט אַ שוואַך ליכט. יאַנעק בילאַק איז אַריין דער ערשטער אין הויז, אָבער קיינער האָט אים נישט געענטפֿערט. ווען ער איז אַריין אין צווייטן צימער, האָט ער געזען ווי די אַלטע מוטער פֿון וואַלד־וועכטער ליגט איינגעגראָבן מיטן קאָפּ אין בעט. איר גאַנצער קערפּער וואַרפֿט זיך פֿון שרעק. ווען יאַנעק האָט זי אָנגערופֿן ביים נאָמען, האָט זי מיט אימפּעט אויפֿגעהויבן איר קאָפּ און האָט אַ געשריי געטון: יאַנקו! אוי, יעזוס מאַריאַ! ווען זי האָט געהערט דאָס שטאַרקע בילן פֿון הונט, האָט זי געמיינט, אַז באַנדיטן זענען באַפֿאַלן. זי איז געווען אַליין מיט איר 7־יאָריק אייניקל. זי האָט דערציילט, אַז אַלע זענען אַוועק צו אַ פֿייער אויף אַ חתונה. זי האָט געשיקט איר אייניקל צו אַלאַרמירן, אַז באַנדיטן זענען באַפֿאַלן. אין זעלבן מאָמענט האָט מען שוין געהערט אַ שאָס. אַלע האָבן מיר זיך אויסגעצויגן ביי די פֿענצטער אויף דער ערד. די חברים: גאַבריש, יאַנעק און דער דאָקטאָר האָבן אָנגעשטעלט זייער געווער גרייט צו ענטפֿערן.

יאַנעק האָט אַרויסגעשריגן און גערופן דעם וואַלד־וועכטערביים נאָמען. זיי האָבן אויך אַרויסגעשיקט די אַלטע מוטער, אַז זי זאָל זיי באַרואיקן. אַ חברה פויערים מיטן וואַלד־־וועכטער בראש זענען באַלד אָריינגעקומען. דער וואַלד־וועכטער האָט זיך באַרואיקט און געזאָגט צו די פויערים, וועלכע זענען שוין געווען בגילופין: — זיי זענען מיינע פריינט.

אין הויז האָבן אַלע זיך אַרומגעזעצט ביים טיש און מיר האָבן ביי אַ גלעזל בראָנפן פאַרענדיקט דעם אינצידענט. יאַנעק האָט מיך פאָר־געשטעלט, אַז איך בין אַ קאַפּיטאַן פון אָ. ק., וואָס איז געקומען פון וואַרשע, און קאַזשיק איז מיין אַדיוטאַנט. אַזוי האָבן מיר פאַרברענגט ביז 6 אינ־דערפרי. מיר האָבן זיך האַרציק געזעגנט און אַוועק צו דער באַן.

גראָד האָט די באַן שטאַרק זיך פאַרשפּעטיקט. וואַרטן אויפן וואָקזאַל האָט נישט געטויגט, אין דרויסן זיך אַרומדרייען איז געווען געפערלעך. מיר האָבן באַמערקט ווי אַ נידעריקע פרוי דערנענטערט זיך צו אונז. מיט אַ שמייכל אויפן פּנים האָט זי געזאָגט: — מיר האָבן נאָך לאַנג צו וואַרטן. זי וויל אויך פאָרן קיין וואַרשע. זי וואוינט נישט ווייט פון דער באַן־סטאַציע, און מיר קענען מיט איר מיטגיין וואַרטן אין איר דירה. מיר האָבן איר איינלאַדונג אָנגענומען.

ווען מיר זענען אַריינגעקומען איר איר הויז, האָט קאַזשיק זיך אַוועק־געזעצט ביים טיש און פון מידקייט האָט ער געכאַפּט אַ דרימל. איך האָב זיך באַמיט צו זיין וואַך. די פרוי האָט זיך געפּאָרעט ביי איר שאַנק און אַרויסגענומען פאַרשידענע זאַכן. זי האָט אויך אַרויסגענומען אַ טלית־זעקל און געשמייכלט. איך האָב געקוקט מיט פאַרוואונדערונג און מיט אומרואיקייט. געטראַכט האָב איך: איז דאָס אַ יידישע פרוי, אָדער גאָר אַ פּראָוואָקאַציע אונז צו ווייזן, אַז זי ווייסט ווער מיר זענען? איך האָב אַ קלאַפּ געטון קאַזשיקן אין פּלייצע: — שטיי אויף, קום, מיר גייען. די פרוי האָט באַמערקט מיין רעאַקציע און געזאָגט: — איך פאַרשטיי פונ־וואַנען איר קומט איצט... צו מיר קומט אַריין אַ יידישער יינגערמאַן פון וואַלד און איך קויף פאַר אים פּראָדוקטן. דאָס איז טאַקע זיין טלית־זעקל. ער איז פון די פּינקערטאָוועס. כ׳האָב זיך משער געווען, אַז דאָס מוז זיין די פרוי, וועגן וועלכער מען האָט מיר דערציילט, אַז איינער פון מאָטל פּינקערטס מענטשן (די וואַרשעווער יידישע באַגרעבער) האָט אַ קריסטלעכע געליבטע, וואָס העלפט זיי אַרויס אין וואַלד. מיר זענען שפּע־טער אַלע דריי געפאָרן צוזאַמען קיין וואַרשע.

גלייך האָבן מיר אָפּגעגעבן אַ ראַפּאָרט צו אונזערע פאָרשטייער, וועלכע זענען אַוועק צו דער הויפּט־קאָמענדאַנטור פון אָ. ק. זיי האָבן געמאַכט אַלע באַמיאונגען און אויפן דריטן טאָג האָט שוין דער ראַיאָן־קאָמענדאַנט פון אָ. ק. געהאַט אַ ראַפּאָרט, אַז די יידישע קאַמף־גרופּע דאַרף ווייטער בלייבן זעלבשטענדיק ביז מ׳וועט דעם ראַפּאָרט נישט אָפּרופן.

דעם 15טן יוני 1944 האָבן גאַבריש און מאַטשעק (זילבערשטיין, הײַנט אין אַמעריקע) באַגלייט עטלעכע חברים, וועלכע האָבן געדאַרפט אַוועק קיין וואַרשע. אויפן וועג האָבן זיי באַגעגנט אַ פּאַטרול פון דייטשע ס. ס. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ קעגנזייטיקע שיסעריי. גאַבריש פרישדאָרף איז געפאַלן, ווי אויך אַ דייטשער ס. ס.־מאַן.

פאַר מיר איז דער טויט פון גאַברישן געווען און געבליבן אַ טיפע וואונד אין האַרץ. איך זע אים נאָך הײַנט, ווי מיר האָבן ביידע געאַרבעט צוזאַמען אין קראָכמאַלנער ראַיאָן פון וואַרשע. כ׳זע נאָך הײַנט ווי די קינדער פון סקיף האָבן גאַברישן אַרומגערינגלט מיט אַזוי פיל ליבשאַפט און צו אים אַרויפגעקוקט ווי צו זייערס אַ טרייען עלטערן ברודער. זיין פרוי, חנה, האָבן מיר דעם 22טן יולי, 1944, געברענגט קיין וואַרשע. מיט צוויי חדשים שפּעטער האָט זי, ביי אויסטערלישע אומשטענדן, אין אַ בונקער בעתן פּוילישן אויפשטאַנד, געבוירן אַ זון. ער טראָגט דעם נאָמען פון זיין פאָטער — גאַבריש (גבריאל). חנה און איר זון לעבן איצט אין אַמעריקע.

# 28. שרעק אין הארץ און חוצפה אין די אויגן

נאָך דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע פון וואַרשעווער געטאָ (נאָכן געטאָ־אויפשטאַנד פון אַפּריל 1943), ווען די שטאָט איז שוין אָפיציעל געווען „ריין פון יידן", האָבן געלעבט אין וואַרשע נאָך אַ 20,000 יידן. אַ טייל פון זיי זענען געווען באַהאַלטן אין די אַזוי־גערופענע בונקערס, דער רוב האָט געלעבט אויף „אַרישע" פּאַפּירן און אַ טייל איז אַפילו געווען באַשעפטיקט. די לאַגע פון די יידן אויף דער „אַרישער" זייט איז געווען זייער אַ ביטערע, אָבער נאָך ביטערער און געפערלעכער איז זי געוואָרן, ווען די פּויליִשע אונטערערדישע באַוועגונג האָט אָנגעהויבן צו פאַרשטאַרקן אירע סאַבאָטאַזש־אַקטן קעגן די דייטשן. די נאַציס האָבן אָנגעווענדט רעפּרעסיע־מיטלען קעגן דער וואַרשעווער באַפעלקערונג. פאַר יעדן דייטש, וואָס פּאָליאַקן האָבן דערהרגעט, זענען אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן פריער 5 און שפּעטער 10 צופעליק דורכגייענדיקע פּאָליאַקן. שפּעטער האָבן די דייטשע נקמה־אַקטן אָנגענומען נאָך מער ווילדע פאָרמען. כ׳געדענק אַ פאַל, ווען אין אַ דאָרף הינטער וואַרשע האָט מען דערהרגעט אַ דייטשן פּאָליציאַנט. די דייטשן האָבן אַרויסגענומען פון די הייזער 25 פּאָליאַקן און האָבן זיי געבראַכט קיין וואַרשע צו דערשיסן עפנטלעך אויף דער גאַס. אויפן וועג צו דער עקזעקוציע האָט דער דייטשער קאָמאַנדיר, נישט ווייט פון דאַנציקער וואָקזאַל, אָפּגעשטעלט אַ טראַמוואַי און פון דאָרט אַרויס־גענומען נאָך צען פּאָליאַקן. צווישן די דאָזיקע צען טראַמוואַי־פּאַסאַזשירן האָט זיך געפונען וואַצעק, איינער פון די אַקטיווסטע פּ. פּ. ס־ישע טוער. אויך די צען האָט מען דערשאָסן.

דער דייטשער טעראָר איז געוואָרן כסדר שטאַרקער. פאַר גיין אין אָוונט נאָך די „פּאָליציייִשע שעהן" האָט מען דערשאָסן אויפן אָרט. די פּאָליאַקן זענען געווען אין אַ געדריקטער שטימונג. פיל פון זיי האָבן געזאָגט: — זיי האָבן פריער פאַרניכטעט די יידן, איצט איז געקומען די ריי אויף אונז. ס׳האָבן זיך אַפילו געפונען פּאָליאַקן, וועלכע זענען געווען

אַזוי איבערגעשראָקן, אַז זיי האָבן זיך פאַרשריבן ווי פרייוויליקע אַרבעטער קיין דייטשלאַנד, וואו זיי האָבן געהאָפט „איבערצולעבן״.

אין דער כוואַליע פון פאַרשטאַרקטן טעראָר איז נאָך מער פאַרשאַרפט געוואָרן דער געיעג אויף באַהאַלטענע יידן. אָפט האָבן זיך אויף די ווענט באַוויזן פרישע נאַצישע פלאַקאַטן, אַז יעדער פאָליאַק וואָס וועט באַהאַלטן אַ ייד וועט ווערן דערשאָסן. די שטימונג איז געוואָרן מער צערייצט, די שרעק — נאָך שטאַרקער. אין די דאָזיקע באַדינגונגען זענען אונזערע קאָנטאַקטן מיט די באַהאַלטענע יידן געוואָרן שווערער פון טאָג צו טאָג. די יידישע טוער גופא, וואָס זענען געווען פאַרנומען מיט דער הילף־אַרבעט, זענען געווען אויסגעשטעלט אויף די פאַרשידנסטע געפאַרן. כ׳וועל דערמאָנען בלויז עטלעכע אַזעלכע עפיזאָדן.

צו די שווערסטע ענינים האָט געהערט דאָס שאַפן דירות. דערביי זענען געווען אַ סך דורכפאַלן. מיר האָבן די דורכגעפאַלענע וואוינונגען גערופן פאַרברענטע דירות. די דורכפאַלן זענען געווען צוליב פאַרשידענע סיבות, טיילמאָל גאַנץ צופעליקע. נישט זעלטן האָט זיך עס פאַרענדיקט גאָר טראַגיש. די געשטאַפאָ האָט אין אַזעלכע פאַלן אומגעברענגט די געכאַפטע יידן. מיר האָבן געמוזט האָבן אין רעזערוו אַזעלכע דירות, וואָס האָבן געדינט בלויז פאַר צייטווייליקער אויפהאַלטונג פאַר איינוואוינער פון „פאַרברענטע דירות״. איינע אַזאַ וואוינונג האָבן מיר געהאַט אויף אויאַזדאָווער אַלייע, אין געדיכטן צענטער פון די דייטשע מיליטער־לייט און באַאַמטע. די דירה איז געווען אין אַ קעלער און זי האָט געהאַט אַלע איינריכטונגען פון אַ וואוינונג מיט אַ קיכל. ביי דער דירה זענען אויך געווען געוויינלעכע קעלערס, וואו די איינוואוינער פון הויז האָבן געהאַלטן פאַרשלאָסן זייערע זאַכן. איך האָב געדונגען די וואוינונג און האָב אויך געהאַט דעם שליסל. אין דעם קעלער האָבן גענעכטיקט עטלעכע נעכט אונזערע געטאָ־קעמפער, די משפחה ליינקראַם און פיל אַנדערע. אין איינער פון די דירות אין „אַרישן״ וואַרשע האָט געוואוינט חברטע ראָזע, די פרוי פון חבר לייוויק האָדעס, זייער טאָכטער כעווקע און איידעם לוטעק. די דירה איז „פאַרשיט״ געוואָרן און אַלע דריי זענען זיך צעלאָפן. אין יענע טעג איז צו מיר געקומען מאַרישע פיינמעסער און מיר געזאָגט, אַז דער איידעם איז אינגאַנצן נעלם געוואָרן, די פרוי האָדעס און די טאָכטער געפינען זיך אויף דער גאַס און האָבן נישט וואוהין אַריינצוגיין. כ׳האָב איר דעמאָלט דערלאַנגט דעם שליסל פונם קעלער, כדי זי זאָל אַהין אַריינפירן צייטווייליק די צוויי פרויען.

דאָס פאַרבלייבן אין דאָזיקן קעלער אַפילו אַ קורצע צייט איז געווען פאַרבונדן מיט אַ גרויסער נערוון־צאַפלעניש. מ׳האָט כסדר געהערט טריט פון די לאָקאַטאָרן און מ׳איז קיינמאָל נישט געווען זיכער צי דאָס זענען נישט קיין געשטאַפאָ־לייט, אָדער שמאַלצאָווניקעס, וואָס זוכן יידישע

קרבנות. ס'איז אָבער דאָס מאָל נישט געווען קיין עצה און די צוויי פרויען האָבן זיך געמוזט דערווייל איינאָרדענען.

מיט צוויי טעג שפּעטער בין איך מיטגעגאַנגען מיט מאַרישאַ פײַנ־מעסער אויף אירס אַ טרעפונג צו אַ פּוילישן דאָקטאָר, וועלכער איז פון פריער געווען אַ פריינט פון אונזער חברטע דר. אַנאַ ברוידע־העלער (געווען דירעקטאָרין פון קינדער־שפּיטאָל אין געטאָ). דער דאָקטאָר — ער האָט געהייסן סקאָניעטשני — האָט געשטאַמט פון פויזן און די דייטשע מאַכט האָט אים קעגן זיין ווילן דערקלערט פאַר אַ „פאָלקס־דייטש". שפּע־טער האָבן אים די נאַציס געשיקט קיין וואַרשע און האָבן אים געגעבן די אויפזיכט איבער דעם יידישן קינדער־שפּיטאָל אויף שליסקע גאַס. דר. סקאָניעטשני האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אַ פריינטלעכער מענטש. אין דער צייט ווען דער געטאָ האָט נאָך עקזיסטירט, האָט ער אַ סך געהאָלפן דעם יידישן קינדער־שפּיטאָל מיט מעדיקאַמענטן און דאָקטאָרשע אינ־סטרומענטן. שפּעטער, אויף דער „אַרישער" זייט, איז ער געווען איינער פון אונזערע בעסטע קאָנטאַקטן. ווען מיר האָבן אים גערופן צו קראַנקע יידן אין אַ באַהעלטעניש, איז ער געגאַנגען אָן שום וואַקלעניש, כאָטש ער האָט ריזיקירט מיט זיין לעבן. ווען מאַרישע איז אַרויפגעגאַנגען צו אים אין קאַבינעט אַריין, האָב איך אויף איר געדאַרפט וואַרטן אין אַ שכנותדיקער צוקערניע אויף מאַרשאַלקאָווסקע גאַס. זי איז באַלד צוריקגעקומען. כ'האָב אין איר דערקענט, אַז זי איז שטאַרק אויפגערעגט. זי האָט מיר דער־ציילט, אַז דער דאָקטאָר האָט זי אַריינגעפירט אין אַ זייטיקן צימער און איר געזאָגט, אַז ער געפינט זיך אין אַ גרויסער פאַרלעגנהייט. מיט צוויי טעג פריער איז געקומען צו אים דער איידעם פון פרוי האָדעס, אַן אי־בערגעשראָקענער, אַ טויט־בלייכער און אים דערציילט, אַז זיין וואוינונג איז „פאַרברענט" געוואָרן. בעת ער איז אַנטלאָפן האָט ער פאַרלוירן זיין פרוי און שוויגער. ער האָט געוואוסט דעם אַדרעס פון דאָקטאָר און איז צו אים געקומען. פונדאַנען קאָן ער נישט אַרויסגיין, ווייל ער האָט פשוט נישט וואוהין. דער דאָקטאָר האָט פאַרלאַנגט פון מאַרישען גלייך צו שאַפן אַן אָרט פאַרן יידישן יינגנמאַן, ווייל צו אים קומען פּוילישע און דייטשע פּאַציענטן און ער קאָן יעדע רגע אַריינפאַלן.

מיר האָבן באַשלאָסן אַוועקפירן לוטעקן אין קעלער אויף אויאַזדאָווער אַלייען, וואו ס'האָבן זיך שוין געפונען זיין פרוי און שוויגער. ווען מירביידע זענען אַרויפגעקומען צום דאָקטאָר, האָבן מיר געזען, אַז ס'איז נישט אַזוי גרינג אויסצופירן אונזער פּלאַן. אין אַ פאַרמאַכטן צימער האָבן מיר געטראָפן לוטעקן אַ שטאַרק נידערגעשלאָגענעם. ער האָט טאַקע געטראָגן אַ פּוילישע קורטקע און אַ היטל מיט אַ גלאַנציקן דאַשעק, אָבער זיין פּנים האָט זיך לגמרי נישט געפּאַסט צו דער הלבשה. ער האָט מיך נישט געקענט. כ'האָב אים געזאָגט, אַז איך גיי אים פונדאַנען אַוועקפירן

אויף אַ זיכער אָרט, ווייל דאָ קען ער נישט בלייבן. אויף דער גאַס זאָל ער מיר נאָכגיין פון הינטן, זאָל זיך צו מיר נישט דערנענטערן, ער טאָר מיך אָבער נישט אָפּלאָזן פון די אויגן.

מיר זענען אַראָפּגעגאַנגען אויף דער גאַס. ס׳איז געווען אַ ליכטיקער און אַ זוניקער טאָג. די טראָטואַרן זענען געווען פול מיט מענטשן. איך האָב אָנגעהויבן גיין מיט שנעלע טריט אין דער ריכטונג פון די אַלייען און כסדר אַכטונג געגעבן צי ער גייט מיר נאָך. ווען כ׳האָב זיך געפונען ביי די יעראָזאָלימסקע אַלייען, האָב איך דערזען ווי עס איז אַקעגנגעקומען אַ הויכער פּאָליאַק, וועלכער האָט אָנגעשטעלט אַ פּאָר שפּיזלדיקע אויגן. כ׳האָב גוט געוואוסט, אַז מיטן דאָזיקן בליק האָט ער איצט אָפּגעמאָסטן דעם ייד, וועלכער האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן מיטן קאָנטראַסט צווישן זיינע פּוילישע מלבושים און פאַרחושכטן יידישן פּנים. כ׳בין געווען זיכער, אַז דאָס איז איינער פון די שמאַלצאָווניקעס, וואָס לויערן אויף יידן. אין אַזאַ פאַל האָט מען געדאַרפט האַנדלען ריזיקאַליש. כ׳האָב זיך אָפּגעשטעלט, בין צוגעגאַנגען צו לוטעקן און האָב ביי אים כלומרשט געבעטן פייער צו אַ פּאַפּיראָס. מיין צוגיין צו אים האָט געהאַט אַ גוטע פּעולה. דער פּאָליאַק האָט פאַרלוירן דעם חשד, אַז דאָס איז אַ ייד.

סוף־כל־סוף זענען מיר דערגאַנגען צום הויז אויף די אויאַזדאָווער אַלייען. ווען כ׳האָב אַ קוק געגעבן צום טויער, איז מיר פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן. אויף אַ בענקל ביים טויער איז געזעסן דער סטרוזש און ס׳איז אוממעגלעך געווען אַדורכצוגיין, אַז ער זאָל נישט באַמערקן. טאָמער וואָלט ער באַמערקט דעם שטאַרק־פאַרדעכטיקטן ייד, איז זיכער אַז ער וואָלט אים נישט אַריינגעלאָזט. כ׳האָב זיך אָנגעהויבן אַרומדרייען אויף דער גאַס, וואָס איז געווען פול מיט מונדירטע און נישט־מונדירטע דייטשן. יעדע רגע האָט מען געקאָנט צו אים צוגיין און דעמאָלט וואָלט ער געווען אַ פאַרלוירענער. צום גליק האָט דער סטרוזש זיך אויפגעהויבן פון אָרט און איז אַוועקגעגאַנגען. כ׳האָב אויסגענוצט די געלעגנהייט און בין אַריין אין טויער און פון דאָרט — אין קעלער. נאָך מיר איז נאָכגעגאַנגען לוטעק, וועלכער האָט נאָך אַלץ נישט געוואוסט, אַז איך פיר אים דאָ אַראָפּ צו זיין פרוי און שוויגער.

ראָזע און כעווקע, וועלכע האָבן זיך אויף קיינעם נישט געריכט, זענען געוואָרן טויט־דערשראָקן ווען זיי האָבן דערהערט מיין קלאַפּ אין טיר. באַלד אָבער האָבן זיי געזען, אַז ס׳איז נישט געקומען צו זיי דער נאַצישער מלאך־המוות, נאָר דער וועמען זיי האָבן שוין באַווײנט און איצט איז ער פאַר זיי אויפגעשטאַנען תחית־המתים (אַלע דריי געפינען זיך איצט אין ניו יאָרק).

אין דער צייט פלעגט מען זיך אַ סך באַנוצן מיט געוויינלעכע געפעלשטע קען־קאַרטן, וואָס זענען געווען פּאַלש פון אָנהויב ביזן סוף. אַזאַ געפעלש־טער דאָקומענט האָט געהאַט גרויסע שאַנסן דורכצופאַלן. אַזאַ דאָקומענט האָט געקענט צונויף קומען בלויז בעת אַן אָבלאַווע, בעת מ׳האָט בלויז אַ קוק געגעבן אויפן פּאַפּיר. טאָמער איז די דייטשן איינגעפאַלן צו קאָנטראָלירן דעם דאָקומענט, האָבן זיי גלייך געקאָנט פעסטשטעלן די פעל־שונג. אַ גוטע קען־קאַרטע האָט געדאַרפט אויסגעאַרבעט ווערן אויפן סמך פון אַווירקלעכער מעטריקע פון אַן אומגעקומענעם פּאָליאַק. אויף אַזאַ מעטריקע האָט מען אַרויסגעגעבן אַ קען־קאַרטע, וואָס האָט געהאַט אַ דעקונג אין די אַרכיוון פון מאַגיסטראַט. איך האָב אַ געוויסע צייט געהאַט קען־קאַרטן, וואָס זענען געווען אינגאַנצן פיקטיווע, מיט אויסגעטראַכטע נעמען. שפּעטער האָט מיר די חברטע פּעליע (יאַדוויגאַ), די פרוי פון חבר זדזשיסלאַוו מושקאַט, געבערענגט אַן אויטענטישע מעטריקע פון אַ פּאָליאַק, וועלכער איז אין אָנהויב פון דער מלחמה אַוועק אויפן פראָנט און איז מער נישט צוריקגעקומען. אויפן סמך פון דער מעטריקע האָבן מיר אויסגעאַרבעט אַ פולשטענדיק „געדעקטע" קען־קאַרטע, וועלכע האָט מיר געקענט דינען ביזן סוף פון דער אָקופּאַציע, אָבער געשען איז אַנדערש.

כ׳האָב דעמאָלט געהאַט געדונגען אַ פרישע דירה אין די קליינע און רואיקע הייזער אין דער געגנט פון סאַסקאַ קעמפּאַ, ביי דער ווייסל. די אייגנטימער פון דער דירה זענען געווען צוויי פּרויען, אַ מוטער מיט אַ טאָכטער. ביידע זענען געקומען קיין וואַרשע פון די מזרח־קרעסן און האָבן געהערעדט אַ שלעכטן פּויליש. דאָס איז פאַר מיר געווען אַ גוטע זאַך, ווייל אויך מיין פּויליש איז נישט געווען קיין פּערפעקטער און איך האָב אים מאַסקירט מיט אַ פּויערישער אויסשפּראַך. די דירה איז געווען אַ באַקוועמע. פאַר די צוויי פּרויען האָב איך זיך פאָרגעשטעלט ווי אַן אַגענט פון אַ צעמענט־פאַבריק. דאָס איז געווען אַ גוטער אויסרייד אויפצונעמען אין מיין צימער מענטשן, וואָס האָבן כלומרשט צו טון מיט צעמענט. צו מיר פלעגן קומען די חברים יצחק סאַמסאָנאָוויטש, ד״ר לעאָן פיינער און אויך בערנאַרד גאָלדשטיין, וועלכער האָט אויך גערעדט אַ וואַקלדיקן פּויליש. ס׳פלעגן אויך אָפּטמאָל קומען צו מיר די חברטע פייגעלע פּעלטעל (וולאַדקע) און דער פּוילישער אַרבעטער יאַנעק קוליקאָווסקי.

נאָכן וואוינען די ערשטע צוויי וואָכן אין דער דאָזיקער באַקוועמער דירה, איז געקומען די צייט ווען מ׳האָט געמוזט זיך איינמעלדן. כדי זיך איינצומעלדן האָט מען געדאַרפט פּערזענלעך קומען צום הויז־זשאָנדצע און אים פאָרשטעלן אַ קוויטל, אַז מען האָט זיך אויסגעמעלדט פון אַן אַנדערן אַדרעס. אַזאַ מין קוויטל איז געווען אַ קלייניקייט צו קריגן. מיט מיין „גוטער" קען־קאַרטע און מיטן געפעלשטן אויסמעלדונג־צעטל בין

איך אַוועק צום זשאַנדצע, וועלכער האָט געוואוינט אויף אַ ווייטער גאַס אין פּראַגע. איך בין אַריין צום זשאַנדצע מיט זיכערקייט און האָב אים געזאָגט, אַז איך וויל זיך איינמעלדן אין דער דירה אויף סאָסקאָ קעמפּאַ. אין אָנהויב האָט דער זשאַנדצע גאָרנישט חושד געווען. ווען ער האָט אָבער אַ קוק געגעבן אויפן אויסמעלדונגס־צעטל, האָט ער סאַרקאַסטיש געפרעגט: — ווער האָט אייך געגעבן דאָס צעטעלע?

כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז עפּעס איז דאָ נישט אין אָרדענונג אָבער איך האָב פעסט געענטפערט: — וואָס הייסט ווער? דער זשאַנדצע פון הויז פון וועלכן איך האָב זיך אַרויסגעצויגן.

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן, אָבער דער סאַרקאַסטישער בליק האָט אים מער נישט אָפּגעלאָזט. ער האָט צו מיר געזאָגט: — גייט אַהיים. איך וועל קומען צו אייך אַרום זעקס אַזייגער. איך וויל זען צי איר וואוינט טאַקע דאָרט.

כ׳האָב דערפילט, אַז דאָס לעבן מיינס געפינט זיך אין געפאַר. אַנשטאָט אַהיימצוגיין אויף סאָסקאָ קעמפּאַ, בין איך אַוועק אויף בראָוואַרנע גאַס, צו יאַנעקן, און האָב אים דערציילט די גאַנצע געשיכטע. איך האָב אים געזאָגט, אַז אַזוי ווי דער זשאַנדצע דאַרף קומען זעקס אַזייגער, זאָל ער דאָרט אַהינגיין מיט אַ שעה שפּעטער און אויסגעפינען ווי די לאַגע זעט אויס. איך בין געבליבן אין דער דירה אויף בראָוואַרנע און געוואַרט אויף זיין צוריקקומען. ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און יאַנעק איז אַ פאַרסאַפּעטער אַריינגעפאַלן אין דער וואוינונג. ער האָט קוים געקענט כאַפּן דעם אָטעם פון אויפרעגונג: — טשעסלאַוו, האָט ער געזאָגט, דו האָסט אָפּגעראַטעוועט דעם קאָפּ. פּונקט זעקס אַזייגער איז דער זשאַנדצע טאַקע געקומען, אָבער נישט אַליין. ער האָט מיט זיך מיטגעבראַכט געשטאַפּאָ־אַגענטן. ער האָט דערקענט, אַז דיין אויסמעלדונג־צעטל איז פאַלש. יאַנעק האָט דערציילט, אַז די אייגענטימערין פון דער וואוינונג איז געווען שרעקלעך אויפגערעגט. זי איז אַרומגעגאַנגען מיט פאַרבראָכענע הענט און כסדר איבערגעחזרט: אַזאַ זאַך זאָל מיך טרעפן! אַ ייד זאָל זיך אַריינציען צו מיר אין דער וואוינונג!

איך האָב שוין פריער דערמאָנט אונזער וואוינונג אויף מיאָדאָווע 24, וואו עס האָבן געוואוינט אונזערע צוויי זייער אַקטיווע טוערינס — מאַרישע פיינמעסער און אינקאָ שוויגער. כדי די וואוינונג זאָל זיין אָן שום חשד פון יידישקייט, האָבן מיר אין דער צייט פון קריסטלעכע ימים־טובים געמוזט זיין אָפּגעהיטן און זיך צופּאַסן צו די קאַטוילישע מנהגים. ערב „באָזשע נאַראָדזעניע" האָבן מיר געמוזט די וואוינונג באַצירן מיט דער אומפאַרמיידלעכער כאָינקע. דער גורל צו ברענגען דעם ווייגאַכטן־בוים איז געפאַלן אויף מיר. איך בין אַוועק צום אייזערנעם טויער, וואו הונדערטער פויערים פון די אַרומיקע דערפער זענען אָנגעקומען מיט אַ

גאַנצן וואַלד יאַלקעס. איך האָב אויסגעקליבן אַ גרויסע כאָינקע, וואָס זאָל זיך שטאַרק וואַרפן אין די אויגן. די כאָינקע האָבן מיר געהעריק באַפּוצט און באַהאָנגען מיט ליכטלעך. מיר האָבן אויך געזונגען די קאַטוילישע קאָלענדעס: „גאָט ווערט געבוירן" און „אינמיטן פון דער נאַכטיקער שטילקייט". אַרום דער כאָינקע איז געזעסן אַ גרופּע פאַרשטעלטע יידן און פאַרזונגען זייער יידישקייט מיט קריסטלעכע קאָלענדעס. בלויז איין זאַך איז געווען אַן אמתדיקע: די חברטע ד"ר אַנאַ מאַרגאָליס האָט אָוועקגעלייגט אונטערן בוים מתנות פאַר יעדן — מתנות פון „הייליקן מיקאָלאַי"...
איך האָב געפונען אונטערן בוים אַ נאָטיץ־ביכל מיט אַ בלייפעדער.

חברטע אַנאַ, די פרוי פון אומגעבערענגטן לאָדזשער בונדישן טוער ד"ר אַלעקסאַנדער מאַרגאָליס, פון מיטעלן וואוקס, מיט אַ שטענדיקן שמייכל אויף איר פּנים און מילדע אויגן, האָט געהאַט אַ סך פאַרשטענדניש פאַר מענטשן און סיטואַציעס. מיט איר גענויטקייט און קלוגשאַפט האָט זי אונז אויף אַ לייכטן אופן און מיט הייטערקייט געהאָלפן לייזן פראַגן אין פאַרשידענע שווערע באַדינגונגען. אין איר אָנוועזנהייט האָבן מיר אַלעמאָל געהאַט דאָס געפיל, אַז מיר זענען אונטער די פליגל פון אַ גוטער מאַמע. פאַר איר איז קיינמאָל נישט געווען קיין אָפּהאַלט צו וועלן העלפן יידן אין די בונקערס, אַפילו ווען זי האָט געדאַרפט ריזיקירן מיט איר אייגן לעבן. ווי אַ דאָקטאָרין האָט זי געטראָגן צו די יידן־מאַראַנען מעדיצינישע היילונג. זי האָט דאָס געטון מיט מסירת־נפש און מיט האַרץ.

און אָט איז נאָך אַן עפּיזאָד: מיר האָבן געדונגען אַ דירה אין מיעדזעשין, וואָס האָט זיך געפונען אויף דער אָטוואָצקער באַן־ליניע. די דירה איז געדונגען געוואָרן אויפן נאָמען פון די חברטעס שוויגער און פיינמעסער. די דירה, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ ווילע, האָבן מיר באַנוצט בלויז אין נויט־פאַלן, ווען עס איז נויטיק געווען צו פאַרשטעקן אויף אַ פּאָר טעג אַן „אַדורכגעפאַלענעם" ייד. אַחוץ דעם פלעגן זיך דאָרט באַגעגענען אונזערע קורירן. אַ געוויסן טאָג האָט זיך אַזאַ רייזע געענדיקט מיט אַן אומגליק.

דאָס האָט פּאַסירט מיט אונזערע חברטעס אָלאַ מאַרגאָליס און זאָשקע. זיי האָבן ביידע פאַרברענגט אַ געוויסן טאָג אין מיעדזעשין און האָבן זיך אין אָוונט אומגעקערט קיין וואַרשע. ווען זיי זענען אַראָפּ פון דער באַן אין וואַרשע, איז צו זיי צוגעקומען אַ געהיים־אַגענט און האָט זיי געזאָגט: — איר זענט ביידע זשידאוווקעס, קומט מיט מיר. די צוויי מיידלעך האָבן אים אָנגעקוקט מיט איראָניע, ווי ער וואָלט געווען אַ משוגענער. זיי האָבן גערעדט אַ פיינעם פּויליש און האָבן אים געטאַדלט: ווי וואַגט ער גאָר חושד צו זיין צוויי פּוילישע מיידלעך, אַז זיי זענען יידישע. דער אַגענט האָט זיך נישט געוואָלט אָפּטשעפּען און באַפוילן, אַז זיי זאָלן מיט אים גיין אין פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט. זיי האָבן ווייטער גע־

שפּילט זייער „אַרישע" ראָל. זיכער און חוצפּהדיק זענען זיי אַריין אין קאָמיסאַריאַט. דער פּאָליצײ־קאָמיסאַר האָט זיך באַצויגן צו זיי זייער ברוטאַל און האָט זיי אָנגעהויבן ווילד צו זידלען. די מיידלעך האָבן זיך נישט פאַרלוירן, דער קאָמיסאַר האָט דעמאָלט גערופן אַ גלח, אַז ער זאָל זיי עקזאַמינירן און זיי זענען, נעבעך, אַדורכגעפאַלן. דער גלח האָט זיי געכאַפּט באַלד ביי דער ערשטער פראַגע. די מיידלעך האָבן געענטפערט אַזוי, אַז זייער יידישקייט איז געווען אויסער יעדן ספק. מ'האָט זיי פאַרהאַלטן און זיי האָבן געדאַרפט אויסגעליפערט ווערן צו דער געשטאַפּאָ.

מיר האָבן זיך וועגן דעם דערוואוסט, אינקאַ שווייגער האָט מיר וועגן דעם מודיע געווען און מיר האָבן אַוועקגעשיקט אין יענעם קאָמיסאַריאַט דעם כלומרשטן פאָלקס־דייטש דאָקטאָר סקאָניעטשני. ער איז צוריקגעקומען מיט דער ידיעה, אַז דער פּאָליצײ־קאָמיסאַר איז גרייט אַרויסצולאָזן די צוויי פאַרהאַלטענע פאַר 10 טויזנט זלאָטעס. מיר האָבן גלייך באַזאָרגט דאָס געפאָדערטע געלט און דיביידע חברטעס זענען אַרויסגעריסן געוואָרן פון טויט כמעט אין די לעצטע מינוטן.

איך בין געווען פאַרבונדן מיט אַ גרופּע קוריערן. זיי האָבן מיר געברענגט באַריכטן פון זייערע קאָנטאַקטן. זיי האָבן באַזאָרגט אַלע נויטיקע זאַכן פאַר די באַהאַלטענע יידן — אַ דאָקטאָר, „אַרישע פּאַפּירן" אָדער געלט צו באַצאָלן די פּאָליאַקן, ביי וועלכע זיי האָבן זיך אויפגעהאַלטן. די קוריערן זענען נישט געווען פאַרבונדן דירעקט מיט דער אָנפירונג פון יידישן קאָאָרדינירן־קאָמיטעט. אָפט זענען געווען דרינגנדיקע פאַלן, ווען מען האָט געמוזט גלייך האַנדלען. דערפאַר איז מיר אויסגעקומען צו האָבן ביי זיך אַ ביסל געלט, נישט קיין גרויסע סומעס. צוליב קאָנספּיראַטיווער פאָרזיכטיקייט האָב איך זיך געטראָפן אויף פאַרשידענע פּלעצער מיט די, וועלכע זענען געווען מיט מיר פאַרבונדן.

איך האָב זיך באַשטעלט מיט איינער פון אונזערע קוריערינס, חברטע פּערל עלנבויגן. פריער האָט זי געאַרבעט ווי אַ דינסטמיידל ביי אַ פּוילישער פרוי אויף אָקראָנג 4. אַחוץ דעם האָט זיך אויך פון צייט צו צייט אַרויסגעהאָלפן ווי אַ קעלנערין אין אַ רעסטאָראַן, וואָס האָט געהערט צו דער פרויס איידעם און איז געווען באַשטימט בלויז פאַר דייטשן. די קריסטלעכע פרוי, וועלכע איז געווען איבערצייגט, אַז פּערל עלנבויגן איז אַ כשרע „אַריערין", האָט זיך פאַר איר פאַרטרויט, אַז זי האַסט די יידן און וואָלט געהאַט גרויס הנאה פון אָנטון יידן די ערגסטע יסורים. סוף־כל־סוף איז זי פון איר אַוועק.

איצט, ווען מיר האָבן זיך געטראָפן, האָט זי מיר איבערגעגעבן אַ באַריכט וועגן אירע קאָנטאַקטן מיט די „אַרישע" יידן. זי האָט מיר דערציילט, אַז זי האָט איצט צובאַקומען אונטער איר השגחה אַן אויסטערלישן ייד. דאָס איז געווען אַ ייד פון טשענסטאָכאָוו — אַ ייד מיט אַ לאַנגער

באַרד, וועלכער האָט פאַר דער מלחמה אָנגעפירט אין טשענסטאָכאָוו אַ שול פאַר מאַלעריי. ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, איז ער צוזאַמען מיט זיין קריסטלעכער פרוי אַוועק קיין וואַרשע, וואו זיי האָבן ביידע זיך איינגעאָרדנט באַזונדער. דער ייד, וועלכער האָט גערעדט פויליש מיט אַ רוסישן אַקצענט, האָט אָנגעהויבן צו שפּילן די ראָלע פון אַ טויב־שטומען. ער האָט זיך דאָ געעפנט אַ ווערקשטאַט פון הייליקע קריסטלעכע פיגורן. צו אים פלעגן קומען גלחים און באַשטעלן הייליקע בילדער. דער בערדיקער ייד האָט פאַר זיי אויסגעקנעטן פיגורן. מיט אַ קורצער צייט צוריק האָט זיך איינער פון זיינע זין געראַטעוועט בעתן אויפשטאַנד אין טרעבלינקע און ער איז געקומען קיין וואַרשע. פערל עלנבויגן האָט אים פאַרבונדן מיטן טאַטן און ער האָט זיך באַהאַלטן ביי אים אין ווערק־שטאַט.

בעת מיר זענען געגאַנגען אין פּאַרק ביי די אויאַזדאָווער אַלייען, האָבן מיר פּלוצלונג דערהערט אַ פאַרדעכטיקן טומל. מיר האָבן זיך גלייך אָריענ־טירט, אַז ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ דייטשע „לאַפּאַנקע" (כאַפּעריי). ביי די טויערן פון פּאַרק זענען געשטאַנען זשאַנדאַרמען און מחנות דייטשע פּאָ־ליציאַנטן האָבן פאַרהאַלטן יעדן מאַן און קאָנטראָלירט די דאָקומענטן.

איך האָב שנעל גענומען זוכן אַן אָרט צום אַנטלויפן און בין אַריינגע־לאָפן אין אַן אָפּגעצוימטער בודע, אויף וועלכער עס איז געווען אויפגע־שריבן „פאַר מענער". חברטע פערל האָט מיר נאָכגעשריגן: אַנטלויף! זיי קומען! איך בין צוריק אַרויס אינדרויסן. פון דער וויטנס האָב איך שוין דערזען די נאַצישע מונדירן. איבער אַלע וועגן זענען אַרומגעלאָפן דער־שראָקענע פּאַליאַקן, וועלכע האָבן געוואָלט אַרויס פון דער נעץ, אָבער דער רינג איז געוואָרן וואָס אַמאָל ענגער. איך האָב אָנגעהויבן לויפן איבער די אָפּגעצוימטע גראָזן און בלומען גלייך צום הויכן, אייזערנעם פּאַרקאַן, וואָס איז געווען פאַרענדיקט מיט שאַרפע שפּיצן. איך ווייס נישט ביזן היינטיקן טאָג, ווי אַזוי איך האָב עס באַוויזן, אָבער מיט אַן איבערמענטשלעכער אָנשטרענגונג בין איך אַריבער דעם הויכן שטעכיקן פּאַרקן. אויף דער גאַס האָב איך מיט אויסערלעכער רואיקייט אַוועקגעשפּרייזט, אָבער דאָס האַרץ האָט זיך באַרויקן נישט געקענט.

כאָטש דער געטאָ איז שוין פון לאַנג געווען ליקווידירט, האָבן מיר כסדר געזוכט צו קויפן געווער. מיר האָבן עס געדאַרפט פאַר באַהאַלטענע יידן אין די בונקערס, פאַר אונזערע קורירן און פאַר די געטאָ־קעמפער, וועלכע האָבן זיך געפונען אין וואַרשע. איך בין געווען אין אַ גאָר נאָענטער פאַר־בינדונג מיט דער פּ. פּ. ס., אַרום וועלכער עס האָבן זיך אויך אַרומגעדרייט סימפּאַטיקער און צווישן זיי האָבן אויך געקענט זיין פאַרדעכטיקע טיפּן. איינער פון מיינע פּ. פּ. ס.ישע באַקאַנטע האָט מיר געזאָגט, אַז עס איז דאָ אַ געלעגנהייט צו קויפן אַ פּאָר טשעכישע רעוואָלווערן. ער האָט מיך

באַשטעלט צו קומען אויפן גרויסן וואַרשעווער מאַרק־פּלאַץ, קערצעלאַק. איך בין געקומען אויפן באַשטימטן אָרט און דער פּ. ס.אָוויעץ האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ שענק, וואו עס זענען געשטאַנען צוויי הויכע און ברייט־בייניקע פּאָליאַקן. ווען דער פּ. ס.אָוויעץ האָט מיך פאָרגעשטעלט האָט איינער פון זיי אַ רוף געטון: — אויב אַזוי דאַרפט איר דאָך „באַגיסן" אייערע „אימיענינעס".

איך האָב געשטעלט פּאַר אַלע צו עטלעכע „רונדעס" בראָנפן און יעדער פון זיי האָט געטרונקען צו מיין געזונט. איינער פון די צוויי פּאָליאַקן איז געווען דער פאַרקויפער פון געווער. ער האָט מיך אַוועקגענומען אין אַ זייט און געזאָגט: — היינט 5 נאָכמיטאָג וועט עמיצער וואַרטן אויף בראַצקע גאַס. איר וועט אייך דאָרט אַוועקשטעלן מיט אַ דייטשער צייטונג אין דער האַנט און יענער וועט אייך שוין דערקענען.

צו דער באַשטימטער צייט בין איך שוין געשטאַנען אויפן אָפּגעשמועסטן אָרט און האָב געהאַלטן אין דער האַנט די צייטונג. פּונקט 5 אַזייגער איז צו מיר צוגעקומען אַ מיטל־וואוקסיקער פּאָליאַק. ער האָט אויף מיר אַ קוק געגעבן מיט אַ גליטשיקן בליק און געפרעגט: — טשעסלאַוו?

— כ'האָב אַ שאָקל געגעבן מיטן קאָפּ.

— קומט מיט מיר, האָט ער אַ זאָג געגעבן. מיר האָבן אָנגעהויבן צו גיין צוזאַמען. איך בין געווען זיכער, אַז ער פירט מיך צום אָרט, וואו איך וועל קאָנען זען דאָס געווער. אונזער וועג איז געווען פיל קירצער, ווי איך האָב זיך פאָרגעשטעלט. ער האָט מיך צוגעפירט צום ערשטן טויער. דאָרט האָט ער אַרויסגענומען פון קעשענע אַ לעגיטימאַציע און האָט מיר געוויזן:

— איך בין פון „קריפּאָ" (קרימינעלע פּאָליציי). איך זוך דיך שוין פון לאַנג אַרום. דו הייסט טאַקע טשעסלאַוו און דו ביסט אַ ייד. דער קאָמיסאַר פון „קריפּאָ" האָט מיר באַפוילן דיך צו געפינען און ברענגען.

ס'איז מיר געוואָרן קאַלט און וואַרם. אָבער ביי דער גאַנצער צעררודערונג האָב איך געוואוסט, אַז איך טאָר נישט פאַרלירן דעם קאָפּ. לייקענען האָט נישט געהאַט קיין זין. ער איז ווייזט אויס גוט געווען אינפאָרמירט. צווייטנס, האָט די פּאָליציי לייכט געקאָנט פעסטשטעלן, אַז איך בין טאַקע אַ ייד. איך האָב צו אים געזאָגט: — יאָ, ס'איז אמת, איך בין טאַקע אַ ייד. איך האַנדל אָבער נישט מיט קיין שמוגל, איך אַרבעט פאַר אַ פריי פּוילן. איך בין אַ מיטגליד פון דער אונטערערדישער אַרמיאַ קראַיאָוואַ, און דו דינסט דער געשטאַפּאָ.

ער האָט אויף מיר אַ קוק געגעבן מיט האַס אָבער אויך מיט שרעק:

— רעד נישט אַזוי חוצפּהדיק, ווערסט באַלד זינגען אַנדערש.

ער האָט פאַרשנעלערט די טריט, אָבער איך בין גראָד געגאַנגען לאַנגזאַם. כ'האָב געוואוסט, אַז אויב עס קאָן מיך עפּעס ראַטעווען, איז בלויז מיין רעדן: — הער, האָב איך אים געזאָגט, איך האָב געוואוסט, אַז פריער

אָדער שפּעטער וועל איך אַריינפאַלן און וועל אומקומען, אָבער איך וועל אומקומען ווי אַ פּאַטריאָטישער פּאָליאַק, וואָס קעמפט קעגן די דייטשן. איך האָב אויסגעדרייט דעם קאָפּ און האָב אָנגעוויזן אויף סתם צוויי מענער, וואָס זענען געגאַנגען אָפּגערוקט הינטער אונז: — דו זעסט יענע? האָב איך געזאָגט, דאָס זענען מיינע באַגלייטער פון דער „אָרגאַניזאַציע" און זיי קאָנען אונז ביידע צו יעדן מאָמענט אַוועקלייגן. זיי וועלן עס מוזן טון, ווייל זיי וועלן מורא האָבן, אַז איך וועל אויסגעבן.

ער האָט אַ ווײַלע געטראַכט און געזאָגט: — איך האָב אַן אויסוועג. גיב מיר 20,000 זלאָטעס פאַרן קריפּאָ־קאָמיסאַר, ווייל איך האָב אים דער־ציילט, אַז איך גיי נאָך דיר, און ווייניקער פון 20 טויזנט וועט אים נישט „באַרואיקן".

איך האָב דערפילט, אַז די גאַנצע זאַך האָט אָנגענומען אַן אַנדערע ריכטונג:

— קיין 20 טויזנט זלאָטעס האָב איך נישט, האָב איך געענטפערט.

— כ'וועל דיר געבן 5 טויזנט זלאָטעס איצט און די אַנדערע 5 וועל איך דיר געבן מאָרגן, דעם קאָמיסאַר וועסטו זאָגן, אַז איך בין נישט געקומען צום באַשטימטן אָרט.

ער האָט גאָרנישט געענטפערט, נאָר פאַרקערעוועט די טריט אין אַ רעסטאָראַן. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ער האָט מיין פאָרשלאָג אָנגענומען. מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ טישל און כ'האָב באַשטעלט אַן אָונט־ברויט מיט אַ פלאַש בראָנפן. ס'איז פאַר מיר געווען קלאָר, אַז ער טוט זיין „אַרבעט" מיט אַ סך שרעק. איך האָב אים געגעבן די 5 טויזנט זלאָטעס און ער האָט געפרעגט: — און די אַנדערע פינף?

איך האָב אים געזאָגט, אַז די אַנדערע 5 טויזנט וועל איך אים געבן מאָרגן פאַרנאַכט ביי דער קערבעדזשער בריק. ער האָט מיך אָנגעקוקט און אַרויסגעזאָגט: — גוט, כ'האָב צו דיר צוטרוי.

ער איז שנעל אַוועקגעגאַנגען. איך בין באַלד נאָך אים אַרויס אויף דער גאַס און האָב געהאַט אַ געפיל, ווי די גאַנצע וועלט וואָלט איינגעפאַלן. ערשטנס, איז געווען קלאָר, אַז אימיצער פון די, וואָס שטייען נאָנט צו פּ. פּ. ס. איז אַ פּראָוואָקאַטאָר. צווייטנס, איז געווען נאָך קלאָרער, אַז איך בין איצט באַקאַנט איינעם פון די אַגענטן פון קריפּאָ. פון איצט אָן וועל איך נישט קאָנען מער באַוויַיזן זיך פריי אין שטאָט, ווייל איך וועל זיין אויס־געשטעלט כסדר דערקענט צו ווערן דורכן דאָזיקן אויסוואורף. איך האָב באַשלאָסן צו האַנדלען שנעל און ענערגיש. איך בין גלייך פון רעסטאָראַן אַוועקגעפאָרן אין דער וואַרשעווער פאַרשטאָט קאָלאָ, צו דעם פּ. פּ. סאָוויעץ, וועלכער האָט מיר געגעבן דעם „קאָנטאַקט" מיטן געוועזער־פאַרקויפער. איך האָב אים געזאָגט, אַז איך האָב נישט געקאָנט צוגיין אויף דעם טרעף־אָרט פון געוועזער־פאַרקויפער און איצט פאָר איך אַוועק אויף עטלעכע חדשים

פון וואַרשע. — גיב מיר דעם נאָמען און אַדרעס פון דעם געווער־פּאַרקוי־פער, וועל איך אונזערס אַ צווייטן מענטש פאַרבינדן מיט אים. ער האָט מיר געגעבן די נעמען, וועלכע איך האָב מיר גוט אַריינגענומען אין קאָפּ אַריין.

פאַרטאָג, ווען ס׳איז שוין דערלויבט געווען צו גיין איבער די גאַסן, בין איך שנעל אַוועק אין דער וואוינונג פון חבר בערנאַרד גאָלדשטיין, אויף גזשיבאָווסקע 29, ביי וועמען איך האָב אויך געטראָפן חבר מאַרעק עדעלמאַן. כ׳האָב זיי דערציילט די גאַנצע געשיכטע און געפרעגט ביי זיי אַן עצה וואָס כ׳זאָל טון: צי זאָל איך, ווי אַן אַדורכגעפאַלענער אַקטיוויסט, איבעררייסן די אַרבעט און אַוועק אויף אַ געוויסער צייט אין אַ באַהעלטעניש, אָדער מען זאָל „אָפּרוימען" דעם קריפּאָ־אַגענט? איך אַליין האָב געהאַלטן פאַר נישט מעגלעך פאַרשווינדן צו ווערן. אין מיינע הענט זענען געווען אַ סך פעדים פון דער אָרגאַניזאַציע און מיין צוריקציען זיך פון דער אַרבעט וואָלט געווען אַ קלאַפּ פאַר דער באַוועגונג. כ׳האָב דעריבער געהאַט בדעה קומען מיט צוויי באַוואָפנטע חברים אויפן אָפּגעשמועסטן טרעף־פונקט און דעם אויסוואורף דערשיסן אויף דער גאַס. בערנאַרדן איז דער איינפאַל נישט געפעלן געוואָרן: — באַהאַלט זיך אויף אַ צוויי חדשים און שטעק נישט אַרויס דעם קאָפּ. אַנישט איז זיכער, אַז דו וועסט אומקומען. מאַרעק עדעלמאַן האָט געהאַלטן, אַז איך דאַרף טאָן דאָס וואָס דער שכל דיקטירט מיר. אויב איך מיין, אַז מען דאַרף אַוועקלייגן דעם קריפּאָ־אַגענט, דאַרף מען עס זען אַדורכפירן.

פון בערנאַרדס וואוינונג בין איך אַוועקגעפאָרן צו יאַנעק קוליקאָווסקין און אים איבערגעגעבן וועגן מיין פּלאַן. ער האָט גלייך מסכים געווען זיך צו באַטייליקן. ער איז געווען אַ מענטש, וואָס האָט זיך געריסן צו ריי־זיקאַלישע אַקציעס און נישט געוואוסט פון קיין שום ספקות און מוראס. מיר האָבן צו דער זאַך נאָך צוגעצויגן אַ פרוי, אונזערס אַ קוריערין קרישאַ. מיר האָבן אויסגעאַרבעט אַלע פּרטים פון פּלאַן.

מיר זענען אַריינגעשטיגן אין אַ טראַמוואַי, וואָס איז געפאָרן צו דער בריק. דאָרט האָב איך שוין דערזען אויפן באַשטימטן אָרט דעם אַגענט. ער האָט געשפּרייזט אַהין און צוריק. ווען ער האָט מיך דערזען, האָט זיין פּנים אויפגעלויכטן. ער איז צו מיר צוגעלאָפן און געזאָגט מיט שמחה: — דאָס ערשטע מאָל טרעפט מיר, אַז אַ ייד זאָל האַלטן וואָרט.

איך האָב אַריינגעשטעקט די האַנט אין קעשענע און אים געזאָגט אָן שום הקדמות: — איך בין געקומען, ווייל איך האָב נישט קיין מורא פאַר דיר. איך ווייס וועגן דיר אַלץ. דו הייסט יאַצעק גאָנטשאַרעק און דו וואוינסט אויף אָבאָזאָווע 12. איך בין געקומען דיר מעלדן, אַז די אָרגאַני־זאַציע האָט אויף דיר אַרויסגעגעבן אַ טויט־אורטייל.

ער איז מאָמענטאַל געוואָרן ווייס ווי די וואַנט. ער האָט שנעל אַריינ־

געשטעקט די האַנט אין קעשענע און געזאָגט אַ ציטערדיקער: — וואָס ווילסטו פון מיר? איך בין נישט שולדיק. איך פיר בלויז אויס באַפעלן.

— הער אויס, האָב איך אים געזאָגט, דו לעבסט איצט מיט אַ פאַרהאָנגענעם טויט־אורטייל איבערן קאָפּ. טאָמער וועסטו מאַכן די מינדסטע קונץ, איז דיין לעבן נישט ווערט קיין גראָשן. דאָ אויף דעם אָרט ווערן מיר אָבסערווירט דורך אונזערע מענטשן. ס׳איז גענוג מיין קלענסטער צייכן און דו קריגסט אַ קויל אין קאָפּ אַריין.

ער איז געוואָרן באַגאָסן מיט שווייס. איך האָב אים אַריינגעפירט אין אַ רעסטאָראַן. מיט אַ ווינקל פון אויג האָב איך געזען, ווי יאַנעק און קרישאַ זענען אונז נאָכגעגאַנגען פון דער וויטנס. אויך זיי זענען אַריין אין רעסטאָראַן און האָבן זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ באַזונדער טיש. אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָב איך זיך אויפגעהויבן און האָב אים געזאָגט: — געדענק, דאַרפסט דאַנקען גאָט, אַז דו גייסט היינט אַהיים אַ לעבעדיקער. וועסטו זיין „גלאַט" מיט אונז, וועלן מיר זיין „גלאַט" מיט דיר. אויב נישט וועסטו האָבן אַ שנעלן סוף.

ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט און די פּוילישע אונטערערדישע באַוועגונג האָט אים פאַרמשפּט צום טויט. אין די ערשטע טעג פון וואַרשעווער אויפשטאַנד אין 1944 איז ער צוזאַמען מיט צענטליקער אַנדערע פּוילישע פּראָוואָקאַטאָרן דערשאָסן געוואָרן.

פאַרשידענע צופאַלן האָבן באַשטימט דעם מי יחיה ומי ימות פאַר יידן אויף דער „אַרישער" זייט. אין אַ גרויסער מאָס איז עס אויך געווען אָפּהענגיק פון בעל־דבר גופא. מ׳האָט געדאַרפט שפּילן אַ שווערע ראָל. אַ נישט־געהעריקע באַגעגעניש, אַ נישט־געהעריקער בליק אָדער וואָרט האָבן געקענט קאַליע מאַכן די מערכה. בפרט שווער איז עס געווען פאַר דער גרופּע יידישע טוער, וואָס האָבן זיך נישט געקענט פאַרמאַכן אין אַ באַהעלטעניש, נאָר געמוזט יעדן טאָג אַרויסגיין צו דערפילן זייערע אויפגאַבן. מ׳האָט געמוזט גיין אין גאַס מיט שרעק אין האַרץ און מיט חוצפה אין די אויגן... דאָס ערשטע איז געווען רעאַל, דאָס צווייטע — קינסטלעך. ווי שווער ס׳איז געווען צו פאַרטרייבן די רעאַלקייט, ווי שווער ס׳איז געווען איינצוהאַלטן די קינסטלעכקייט...

* * *

אַ געוויסן טאָג, ווען איך בין געקומען אין איינעם פון אונזערע באַהעלטענישן אויף גזשיבאָווסקע 29, האָט מיר דער חבר לייב שפּיכלער (אַ דרוקער־אַרבעטער און אַ טוער פון דער בונדישער יוגנט־באַוועגונג) געזאָגט: — מיר דאַרפן דיך זייער נויטיק האָבן. ער האָט מיר דערציילט וועגן אַן ענין, וואָס איז מיר שוין פריער געווען באַקאַנט, אָבער צום

ערשטן מאָל איז ער איצט פאַר מיר דירעקט געשטעלט געוואָרן: אין וואַרשע זענען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז פּאַר יידן, וואָס האָבן אויסלענדישע פּעסער, האָט זיך געשאַפן אַ מעגלעכקייט צו ראַטעווען זייערע לעבנס. שוין אין דער צייט, ווען אין וואַרשעווער געטאָ זענען פאָרגעקומען די גרויסע דעפּאָרטאַציעס, האָבן די דייטשן אַוועקגעפירט אין טורמע פּאַוויאַק יידן מיט אויסלענדישע פּעסער, כדי זיי כלומרשט לאָזן אַרויספאָרן. איצט האָבן זיי אין האָטעל פּאָלסקי, וואָס האָט זיך געפונען אויף דלוגע גאַס 29, אָנגעהויבן זאַמלען יידן מיט אויסלענדישע פּעסער אָדער מיט אויסלענדישער בירגערשאַפט. ס׳האָט געהייסן, אַז דאָרט וועלן די יידן וואַרטן ביז מ׳וועט זיי אויסטוישן אויף דייטשן פון אויסלאַנד. וויפל ס׳האָט אין דעם געשטעקט אמת, איז מיר דעמאָלט געווען אומבאַקאַנט. כ׳האָב אויך נישט געוואוסט ווער ס׳זענען די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער אונטערנעמונג. כ׳האָב זיך געפרעגט: צי איז דאָס נישט אַ טריק פון די דייטשן אַריינצובאַקומען אין זייערע הענט נאָך אַ גרופּע יידן און זיי אומברענגען?

פון חבר לייב שפּיכלער האָב איך צום ערשטן מאָל געהערט גענויע פּרטים וועגן דעם ענין. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער שטייט אין פאַרבינדונג מיט אַ מין קאָמיטעט, וועלכער אַרבעט אויס פּאַר יידן בירגערשאַפט פון דרום־אַמעריקאַנער מלוכות און בקרוב דאַרף ער מיט זיין פרוי און קינד אַוועקגעשיקט ווערן אין אַ ספּעציעלן לאַגער פאַר אויסלענדישע יידן, וואָס געפינט זיך אין דער שטאָט וויטעל אין די וואָגעזן־בערג אין פראַנקרייך.

דער גאַנצער ענין איז מיר נישט געפעלן געוואָרן. פון דער פּראַקטיק האָב איך געוואוסט, אַז מען קאָן צו די נאַציס נישט האָבן קיין שמץ צוטרוי און יעדע פון זייערע אונטערנעמונגען ענדיקט זיך מיטן זעלבן — מיטן טויט פון די יידן.

אין צוויי טעג אַרום, ווען לייב שפּיכלער מיט זיין פרוי און קינד איז שוין געווען אין האָטעל, בין איך אַהין אַוועק. דאָס איז געווען אַ גרויס הויז.ביים טויער איז געשטאַנען אַ יידישער שומר מיט אַ פּאָליציייאיש היטל. ער האָט נישט אַריינגעלאָזט קיינעם אַחוץ די, וועלכע האָבן געהאַט די געהעריקע פּאַפּירן. ס׳האָט בכלל נישט געהאַט קיין רעכט אַריינצוקומען אַהין קיין פּוילישער פּאָליציאַנט און אַפילו נישט קיין דייטש אַחוץ די, וועלכע האָבן געהאַט אַ ספּעציעלע שליחות פון דער דייטשער מאַכט. דאָס איז געווען אַן אָפּגעשלאָסענער יידישער אינזל אינם אַרומיקן ים, וואו יעדער ייד איז געווען אַ פאַרמשפּטער צום טויט.

איך בין אַריין אינם הויז נישט דורכן טויער, וואָס איז געווען באַוואַכט, נאָר דורך אַ דרויסנדיקער טיר צום האָטעל. צו מיין גרויסער איבעראַשונג האָב איך אין אַ גרויסן צימער פון האָטעל באַגעגנט נישט בלויז די פאַמיליע שפּיכלער, נאָר אויך די פרוי פון חבר יאַשקע ליפּשיץ

און דעם חבר זימאַן מיט זיין קינד. די חברטע אסתר ליפשיץ האָט מיר דערציילט, ווי אַזוי זי איז אַהער געקומען. דורך אַן אַקטיוון טוער פון דער האַרצער־יוגנט פון פ. פ. ס., וועלכן זי האָט גוט געקענט נאָך פאַרן קריג, האָט זי באַקומען אַ דירה אויף דער „אַרישער" זייט. ער איז געווען דער זשאַנדצע פון הויז און האָט איר צוגערעדט ווייטער דאָרט צו בלייבן. דער זשאַנדצע האָט זי איינגעמאַלדן און געמאַכט אין אָרדענונג אַלע פּאַפּירן, אָבער איר אויסזען איז נישט געווען קיין „אַרישער". אין שטוב בלייבן אַ גאַנצן טאָג איז איר געווען שווער און אַרויסגיין אין גאַס האָט זי מורא געהאַט. ווען זי האָט דערהערט וועגן האָטעל פּאָלסקי, האָט אין איר אויפגעלויכטן אַ האָפענונג. זי איז אַהער געקומען, כדי צו קויפן פאַר זיך אַ פּאַס און וואַרטן אויפן אַוועקפאָרן. כ'האָב איר געזאָגט, אַז אויב זי האָט אַזאַ גלענצנדיקע געלעגנהייט מיטן זשאַנדצע, דאַרף זי עס נישט אַדורכלאָזן. כ'האָב נישט באַהאַלטן פון איר אַלע מיינע ספקות וועגן דעם גאַנצן ענין. אַ גוטע דירה אויף דער „אַרישער" זייט איז אַ סך זיכערער, ווי דער דאָזיקער „האָטעל", וואָס איז אַ גליטשיקער ענין. ס'זעט מיר נישט אויס, אַז די נאַציס זאָלן טאַקע האָבן אין זינען צו ראַטעווען יידישע לעבנס.

פון די מענטשן אין האָטעל פּאָלסקי בין איך אינפאָרמירט געוואָרן, אַז דער קאָמיטעט שטייט אין פאַרבינדונג מיט דער צענטראַלע פון די יידישע אָרטאָדאָקסן אין דער שווייץ: דער וועד־הצלה שיקט פון דער שווייץ אויסלענדישע פּעסער פאַר יידן, בעיקר פּאַלעסטינער פּעסער און אויך בירגערשאַפט־דאָקומענטן פון דרום־אַמעריקאַנער לענדער. דער גרויסער רוב יידן, אויף וועמענס נעמען עס קומען די פּעסער, לעבן שוין נישט. „פּאַסט" מען איצט צו דאָקומענטן פון לעבעדיקע יידן צו די אויסלענ־דישע פּעסער. די דאָזיקע אַקציע קומט איצט פאָר נישט בלויז אין וואַרשע, נאָר אויך אין עטלעכע שטעט פון פוילן און אַנדערע אָקופּירטע לענדער. דאָס ווערט געטון אין ראַדאָם און אויך אין בענדין. ס'זענען שוין אָפּגעפאָרן די ערשטע צוויי טראַנספּאָרטן יידן פון האָטעל פּאָלסקי און זענען בשלום אָנגעקומען אין לאַגער פון וויטעל. צווישן זיי זענען פאַראַן עטלעכע רבנים, דער דיכטער יצחק קאַצענעלסאָן מיט זיין זון, דער שרייבער הלל זיידמאַן (היינט אין אַמעריקע), ד"ר נתן עק און אַנדערע געזעלשאַפטלעכע טוער.

איך בין גלייך אַוועק צום חבר ד"ר לעאָן פיינער און האָב אים אי־בערגעגעבן וועגן מיין באַזוך אין האָטעל פּאָלסקי און די אינפאָרמאַציעס וואָס כ'האָב באַקומען. דער חבר פיינער האָט לאַנג נישט געטראַכט און געזאָגט קאַטעגאָריש: — דער בונד וועט מיט דעם נישט האָבן קיין שום שייכות.

די נייעס, אַז מען קאָן קויפן אַן אויסלענדישן פּאַס און אַוועקפאָרן קיין אויסלאַנד האָט זיך ווי אַ פייער בליץ־שנעל פאַרשפּרייט צווישן די איבערגעבליבענע יידן, וועלכע האָבן געלעבט אין אומאויפהערלעכער

שרעק. דער געדאַנק, אַז מען קאָן אַריינגיין אין האָטעל און אַראָפּוואַרפן פון זיך די אָנגעצויגענע מאַסקע פון „פוילישקייט״, און פון דאָרט אַוועקפאָרן אין לאַגער פאַר אויסלענדער אין פראַנקרייך און ווייטער אַפילו אין לענדער פון דער פרייער וועלט — האָט פיל יידן מער נישט געלאָזט רוען. אויף זייערע געלעגערס אין די בונקערס אָדער אין די פוילישע דירות, וואו מען האָט טאָג און נאַכט געדאַרפט שפּילן די ראָל פון אַ קאַטאָליק און זיך נישט אויסגעבן מיטן מינדסטן בליק אָדער באַוועגונג, האָט זיך ביי זיי צעשפּילט די פאַנטאַזיע. יידן האָבן אָנגעהויבן אַרויסגיין פון זייערע באַהעלטענישן, און האָבן זיך אַריינגעקריגן אין האָטעל פּאָלסקי. יענע, וואָס האָבן געהאַט געלט, האָבן פאַר גרויסע סומעס געקויפט פּעסער. יונגערע האָבן זיך „אַריינגעשריבן״ אין פּעסער פון אַנדערע, ווי מיטגלידער פון דער פאַמיליע. אַנדערע, וואָס האָבן נישט געהאַט צו צאָלן, האָבן געפּועלט, אַז דער קאָמיטעט זאָל נעמען גרעסערע אָפּצאָלונגען ביי די רייכערע און מיט דעם עודף דעקן די הוצאה פאַר זיי. די וואָך פאַרן האָטעל פּאָלסקי איז פאַרשטאַרקט געוואָרן, אָבער דאָס האָט די יידן נישט אָפּגעהאַלטן. זיי האָבן געפונען די קאָמפּליצירטסטע וועגן צו פאַרשידענע „מאַכערס״, וואָס האָבן פאַר געלט, גאָלד און צירונג אַריינגעפירט אין „צוגעזאָגטן לאַנד״.

מיט אַ צייט שפּעטער האָב איך באַקומען אַ בריוול פון די חברים שפּיכלער, אַז זיי פאָרן שוין אַוועק מיטן נאָענטסטן טראַנספּאָרט און זיי ווילן, אַז איך זאָל קומען צו זיי זיך געזעגענען. מיט אַ ספּעציעלן צעטל פון דזשאָינט־טוער גוזשיק האָט מען מיך אַריינגעלאָזט אין האָטעל פּאָלסקי. כ׳האָב איצט געהאַט דעם איינדרוק, אַז איך בין אַריינגעפאַלן אין צענטער פון אַ געטאָ. אויף די שטיגן זענען געזעסן צוזאַמענגעדריקט צענטליקער יידן מיט זייערע פאַמיליעס און פּעקלעך. פאַר דער טיר פון ביורא האָבן זיך אָפּגעשפּילט היסטערישע סצענעס. אָרימע יידן האָבן געוויינט, האָבן זיך געריסן די האָר פון קאָפּ און פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל זיי אויך אַרויפנעמען אויף דער „גליקלעכער ליסטע״. דער רוב האָט אויפגעגעבן די דירות אויף דער „אַרישער״ זייט. טאָמער זאָלן זיי דאַרפן פון דאַנען זיך אומקערן מיט גאָרנישט, פאַרבלייבט זיי בלויז איינס — וואַרפן זיך אין דער ווייסל. אַלע האָבן געקוקט מיט צעפלאַמטע און פיבערדיקע אויגן אויף דער טיר. הינטער דער טיר דאַרף געחתמעט ווערן זייער גורל — לעבן אָדער טויט. דער גרויסער הויף פונם האָטעל איז געווען פול מיט יידן, רייכע און אָרימע. ס׳זענען דאָרט געווען יידן אין טייערע פוטערס און יידן אין שמאַטעס, יידן אויסגעפּאַשעטע און מיט גאָלדענע סיגנעטן אויף די פינגער, און יידן דערשראָקענע, אויסגעהונגערטע. אויפן גרויסן הויף איז געווען אַ געזשומעריי ווי אין אַ בינשטאָק. מ׳האָט גערעדט, זיך געדונגען, מ׳האָט אַרויפגענומען אַנדערע אויף פּעסער און מ׳האָט — געבעטלט. יאָ,

אין דער מיניאַטור פון אַ געטאָ זענען אויך אַרומגעגאַנגען יידישע בעטלער און געבעטן נדבות. זעלטן־ווער פון די, וואָס האָבן דאָ זיך געצאַפּלט, האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ רעכענונג, אַז דאָס אַלץ איז געבויט אויף זאַמד, דערווייל אָבער האָבן זיי זיך געקלאַמערט אין אַ האָפענונג.

מיט אַ שווער געמיט בין איך אַרויפגעגאַנגען צום צימער נומער 12, וואו איך האָב געטראָפן די פאַמיליע שפּיכלער, די חברטע אסתר ליפשיץ, דער לערער חבר זימאַן מיט זיין קינד, ווי אויך דעם חבר שמחה סאָלניק, וואָס איז פאַר דער מלחמה געווען אין דער מיליץ פון דער וואַרשעווער בונדישער אָרגאַניזאַציע. די שטימונג איז געווען ביי אַלעמען אַ געדריקטע און מיר האָבן זיך געזעגנט. מיט אַ טאָג שפּעטער זענען זיי אַוועקגעשיקט געוואָרן אין לאַגער פון וויטעל. שפּעטער האָבן מיר באַקומען ידיעות, אַז מ'האָט זיי נישט געשיקט אין וויטעל, נאָר אין אַ ספּעציעלן לאַגער אין בערגן־בעלזן, וואו מ'האָט כמעט אַלע אומגעברענגט.

אויך אין די יידישע אַרבעט־לאַגערן האָט מען זיך דערוואוסט וועגן כלומרשטן שאַנס זיך צו ראַטעווען דורכן האָטעל פּאָלסקי. מ'האָט געמאַכט באַמיאונגען אַרויסצוקריגן אָנגעזעענע יידישע טוער פון די לאַגערן אין טראַווניק און פּאָניאַטאָוו. בעת מיין לעצטן וויזיט אין האָטעל פּאָלסקי, ווען איך האָב זיך געפונען אין צימער פון די חברים שפּיכלער, איז גראָד אָנגעקומען אַ פּוילישער אַרבעטער, וועלכער האָט באַקומען אַן אויפטראָג צו דערליידיקן אַן אויסלענדישן פּאַס פאַר דער חברטע העלענע שעפּנער, פרוי פון באַקאַנטן בונדישן שרייבער און פעליע־טאָניסט ב. שעפּנער. חבר לייב שפּיכלער האָט מיך באַקענט מיט דעם פּוילישן שליח, וועלכער האָט געהאַט ביי זיך דער פרוי שעפּנערס אַ פאָטאָגראַפיע. די חברטע העלענע שעפּנער האָט דעם פּוילישן אַרבעטער אָנגעזאָגט, אַז פאַרן דערליידיקן דעם ענין, זאָל ער זיך פריער מיט מיר מישב זיין. איך האָב אים געראָטן צוריקגיין צו דער חברטע שעפּנער, וועלכע האָט געהאַט אַ דירה אין פּרושקאָוו, און איר איבערגעבן מיין מיינונג, אַז זי דאַרף אומבאַדינגט זיך אָפּזאָגן פון פּלאַן. איך האָב אים געהייסן איר איבערגעבן אַלע מיינע ספקות און חשדים. טאָמער זעט זי פאַר זיך די מינדסטע מעגלעכקייט צו בלייבן אין פּרושקאָוו (אַ שטעטל נאָנט פון וואַרשע), זאָל זי זיך אָפּזאָגן פון דער זייער געפערלעכער אידייע אָנ־פאַרטרויען איר לעבן צו די דייטשן. מיין אַנטשלאָסנקייט האָט אויפן פּאָליאַק געווירקט, אַז ער איז צוריק אַוועק קיין פּרושקאָוו. די חברטע העלענע שעפּנער האָט טאַקע באַשלאָסן נישט צו ריזיקירן. זי האָט אין פּרושקאָוו איבערגעהאַלטן די גאַנצע צייט, און איז נאָך דער מלחמה געקומען קיין אַמעריקע.

אין אַ געוויסן טאָג האָט זיך געווענדעט צו מיר איינע פון די אַקטיווע פּ. פּ. ס.ישע טוערינס פון קראָקע, וועלכע איז געווען טעטיק אין וואַרשע,

ד״ר שטיינסבערג. זי האָט מיך אין נאָמען פון פּ. פּ. ס.ישן פירער זיגמונט זאַרעמבאַ געפרעגט צי ס׳איז מעגלעך, אַז איך זאָל זיך באַמיען אַרויס־באַקומען פון פּאָניאַטאָווער לאַגער דריי פּאַרטיי־טוער פון פּ. פּ. ס. (יידן). איך האָב איר געענטפערט אַז, ליידער, קען איך גאָרנישט טון. צווייטנס, האָט די אָנפירונג פון בונד באַשלאָסן, אַז איך טאָר מער נישט זיין אין קאָנטאַקט מיט האָטעל פּאָלסקי, און טאָר זיך נישט פאַרנעמען מיט קיין שום אינטערווענצן אין שייכות מיט דעם. איך האָב איר דערביי געזאָגט, אַז זי זאָל זיך נישט אַריינמישן אין דעם ענין.

אַן ענלעכן פאַל האָב איך געהאַט מיט אונזער חבר שמחה סאָלניק, אַ טראַנספּאָרט אַרבעטער, וועלכער האָט אין יענער צייט זיך געראַטעוועט פון פּאָניאַטאָוו. ער האָט מיר איבערגעגעבן אַ האַרץ־רייסנדיק בריוועלע פון אונזערע חברים אין פּאָניאַטאָווער לאַגער. אין בריוועלע זענען געווען געציילטע ווערטער: חברים! ראַטעוועט! ראַטעוועט אונז פון אַ זיכערן טויט! אונטערגעשריבן זענען געווען שמואל קרוק, ישראל האָפמאַן און נאָך אַ חבר. אַלע דריי זענען זיי געווען אַקטיווע טוער פון פראָפ. פאַראיין פון באַקלייד־אַרבעטער. זעט, האָב איך געזאָגט צו דער חברטע שטיינסבערג, ליידער קענען מיר אַפילו אונזערע נאָנטע מענטשן נישט געבן אַזאַ הילף אין זייער שווערער לאַגע.

גאָר ווייניק מענטשן האָבן זיך געראַטעוועט דורך דעם האָטעל פּאָלסקי.

# 29. יידן אין די בונקערס

בונקער — אַ וואָרט, וואָס יידן האָבן ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה נישט געניצט. דאָס וואָרט איז אין דער יידישער שפּראַך נישט געווען. געמיינט האָט עס אַן אָפּגעצוימט אָרט (בעיקר אויף שיפן) צו האַלטן הייץ־קוילן, תבואה אָדער אַנדערע מאַטעריאַלן, אין מלחמה־צייט — אַן אונטערערדיש פאַרפעסטיקט אָרט זיך צו שיצן קעגן לופט־באָמבעס אָדער אַרטילעריע־קוילן. אין דער ערשטער העלפט פון די פערציקער יאָרן איז בונקער געוואָרן פאַר צענטליקער טויזנטער יידן אַ וואָרט פון לעבנס־האָפנונג, אַ רעטונג־גאַרטל אין אַ ים פון מענטשלעך בלוט.

פאַרשידענע מינים בונקערס זענען געוואָרן איינגעאָרדנט: אונטער דער ערד און אויף דער ערד, אין קעלערס און בוידעמס, אין דירות און אויפן פרייען פעלד, אין הייזער און אונטער חורבות, קליינע און גרויסע, דויערהאַפטע און אויף שנעל געמאַכטע, באַקוועמע און אַזעלכע וואָס האָבן נישט געהאַט די מינדסטע איינריכטונגען פאַרן מענטשלעכן לעבן. מיר איז אויסגעקומען צו באַזוכן אַ צאָל בונקערס און זען ווי אַזוי יידן לעבן דאָרט. מ׳האָט געדאַרפט האָבן אײַזערנע נערוון און אַן אומגעהויער שטאַרקן ווילן צו לעבן, כדי צו קענען אויסהאַלטן אַ לענגערע צייט אין אַ בונקער. וועגן עטלעכע פון מיינע באַזוכן וועל איך דאָ דערציילן.

אַ בונקער אויף זשעלאַזנע 68 האָט געשפּילט פאַר אונז אַ וויכטיקע ראָל צוליב עטלעכע סיבות. דער אייגנטימער פון דער דירה, דער פּאָליאַק פּער, איז געווען פּאַרוואַלטער פון אַ האָטעל, וואו עס זענען איינגעשטאַנען בלויז דייטשן און פאָלקס־דייטשן. צוזאַמען מיט פּאָרפּאָלק פּער האָבן גע־וואוינט זייערס אַ טאָכטער און אַן איידעם, וועלכער איז געווען אַן אָנגע־שטעלטער אין דער שטאָטישער עלעקטראָווניע. דער איידעם האָט אויפ־געבויט דעם בונקער אויף אַ דערפינדערישן אופן. די וואוינונג האָט זיך געפונען אויפן 4טן שטאָק, וועלכער איז געווען דער לעצטער. איין וואַנט איז געווען פאַרבונדן מיט אַ פאַרמאַכטן בוידעם פון אַ שכנותדיקן הויף. די מעלה פון יענעם בוידעם איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער איז געווען פאַרמאַכט און איז דורך קיינעם נישט באַנוצט געוואָרן. פּערס איידעם, וולאַדעק וואָיטשעכאָווסקי האָט אין נידעריקן טייל פון דער וואַנט אויסגע־

האַקט אַן עפּנונג, דורך וועלכער די באַהאַלטענע יידן האָבן געקאָנט אין פּאַל פון אַ סכנה אַריבערקריכן אין יענעם פּאַרמאַכטן בוידעם. די עפּנונג איז געווען פאַרשטעלט. מיט דער צייט האָט דער אײדעם אַזוי שטאַרק מיט אונז זיך באַפריינדט, אַז ער איז געוואָרן אַ זייער נוצלעכער מענטש. ער האָט זיך פאַרנומען מיט אויפבויען גוטע בונקערס אין פאַרשידענע טיילן פון שטאָט. מיר האָבן זיך אויך באַנוצט מיט אים ווי אַ שליח אין וואַלד אַריין.

דער בונקער אויף זשעלאַזנע 68 האָט אויך געהאַט אַ גרויסן חסרון. דער ברודער פון דער פרוי פון דער איז געווען אַ סערזשאַנט אין דער פּוי־לישער פּאָליציי און אַן אַנטיסעמיט. ווען ס׳איז אים אויסגעקומען צו האָבן דינסט אין דער געגנט און ער האָט געהאַט אַ פּאָר פרייע שעהן, פלעגט ער אַרויפקומען צו דער שוועסטער. דעמאָלט האָבן די געהיימע לאָקאַטאָרן געמוזט אַריבערקריכן אין בוידעם אַריין און ליגן דאָרט מיט אַן איינגע־האַלטענעם אָטעם. אַזאַ מין פאַל האָט געטראָפן, ווען איך בין דאָרט איינמאָל אַרויפגעקומען. באַלד נאָך מיין אַרויפקומען האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ אין דער טיר און אויף דער שוועל איז שטיין געבליבן דער פּאָליציאַנט, דער פרויס ברודער. מיר, זעקס פערזאָן, האָבן זיך געפונען אין לעצטן צימער. אַחוץ מיר און דריי חברים, וועלכע מיר האָבן געברענגט פון וואַלד, האָבן נאָך אין דער דירה געלעבט אַ יידישע פרוי און איר טאָכ־טער. מיר זענען בליץ־שנעל דורך דער עפנונג אַריין אין בוידעם און די פרוי פער האָט דעם אַריינגאַנג צוריק פאַרמאַכט און פאַרשטעלט. מיר זענען דאָרט געווען אַ היפּשע צאָל שעהן און נישט געוואַגט זיך אַ באַוועג צו טון און העכער צו אָטעמען. דעם פּאָליציאַנט האָט זיך דאָס מאָל פאַר־גלוסט צו בלייבן לענגער ווי שטענדיק. מיר האָבן גענוי געהערט דעם געשפּרעך, וואָס איז אָנגעגאַנגען אויף דער צווייטער זייט וואַנט און האָבן נישט אַדורכגעלאָזט קיין וואָרט. מיר האָבן געהערט ווי דער פּאָלי־ציאַנט האָט מיט שמחה דערציילט, אַז מען האָט געפונען יידישע „קעץ", וואָס האָבן זיך באַהאַלטן אויף דער „אַרישער" זייט.

דער דערמאָנטער בונקער איז געמאַכט געוואָרן פאַר אַ נויט־פּאַל, צו באַהאַלטן זיך אין אַ צייט פון דירעקטער סכנה. אַנדערע זענען געמאַכט געוואָרן, אַז זיי זאָלן דינען ווי אַ פערמאַנענטער פלאַץ פאַר באַהאַלטענע יידן. איינעם אַזאַ בונקער, אין וועלכן ס׳האָט געלעבט אַ גרעסערע צאָל יידן, האָב איך באַזוכט. כ׳האָב געוואוסט, אַז מ׳בויט אַ גרעסערן בונקער אויף דער „אַרישער" זייט. דאָס איז געווען אויף אַ פעלד. דאָרט האָבן געזאָלט אַריין עטלעכע צענטליק יידן. אַחוץ אַ צאָל גבירים, וואָס האָבן געדאַרפט געבן די פינאַנציעלע מיטלען אויף בויען און אויסהאַלטן דעם בונקער, האָבן דאָרט געדאַרפט זיך באַהאַלטן אויך יידישע געלערנטע און געזעלשאַפטלעכע טוער. מיט אַ צייט שפּעטער האָט מיר דער דזשאָינט־

פֿאַרשטייער גוזשיק מודיע געווען, אַז עמיצער פֿון די באַהאַלטענע יידן וויל מיט מיר רעדן וועגן אַ דרינגענדיקן ענין וואָס טאָר נישט אָפּגעלייגט ווערן. דאָס איז געווען אונזער חברטע איטקע לאַזאַר־מעלמאַן, אַ לערערין פֿון די לאָדזשער יידיש־וועלטלעכע שולן און בעת דער מלחמה אַ באַאמטע פֿון דזשאָינט אין וואַרשע און אַ קוריערין פֿון דער אונטערערדישער בונדי־שער באַוועגונג. ווען איך האָב וועגן דעם געמאָלדן דעם חבר לעאָן פֿיינער, האָט ער מיר געהייסן רעדן מיטן פּאָליאַק, וועלכער האָט אויפֿגעבויט און געהיט דעם בונקער, צי ס׳איז נישט מעגלעך אויפֿצובויען אויפֿן זעלבן פֿעלד אַ צווייטן אָדער צי ס׳איז נישט פֿאַראַן קיין מעגלעכקייט אַריינצו־נעמען אין דעם שוין עקזיסטירנדיקן נאָך עטלעכע יידן.

איך בין אַוועק אויף גראָיעצקע 86 און בין אַריין אין טויער אויפֿן ערשטן שטאָק. די טיר האָט מיר געעפֿנט אַ מאַן פֿון נידעריקן וואוקס און פֿון מיטעלע יאָרן. ער האָט געהאַט אַ פּריינטלעכן אויסזען. כ׳האָב אים געזאָגט, אַז דער נאָמען מיינער איז טשעסלאַוו און אַז איך בין צו אים געשיקט געוואָרן דורך גוזשיקן. דער פּאָליאַק, זיין נאָמען איז געווען מיעטשיסלאַוו וואָלסקי, האָט מיר געענטפֿערט, אַז ער ווייסט וועגן מיין וויזיט און מיך אַריינגעבעטן אין אַ צימער. ער האָט מיר געזאָגט, אַז דער בונקער קאָן באַזוכט ווערן בלויז אין אָוונט, ווען עס ווערט שוין פֿינצטער. איך וועל דעריבער מוזן צוואַרטן די עטלעכע שעה ביי אים. ער האָט אַריינגעברענגט כיבוד — אַ פֿלאַש בראָנפֿן מיט פֿאַרבייסעכץ. כ׳האָב איצט געהאַט די געלעגנהייט צו דערזען פֿון דער נאָענט דעם מענטש, וועלכער איז געוואָרן כמעט אַ לעגענדאַרע געשטאַלט.

אין דער צייט, ווען ס׳האָט נאָך עקזיסטירט דער געטאָ, איז מיעטשיס־לאַוו וואָלסקי געווען אַ צושטעלער פֿון גרינוואַרג און ער איז געשטאַנען אין נאָענטן קאָנטאַקט מיטן ווירטשאַפֿטלעכן פֿאַרוואַלטער פֿון זשיטאָס — מיטן חבר דוד קלין. הינטערן הויז אויף גראָיעצקע 86 האָט וואָלסקי געהאַט אַ שטיק פֿעלד, וואו ער האָט געהאַט אויפֿגעשטעלט מיט גלאָז באַדעקטע ספּעקטן. ווען ס׳איז פֿאָרגעקומען די גרויסע דעפּאָרטאַציע פֿון געטאָ, האָט מען גערעדט מיט אים צי ער וואָלט נישט געקאָנט אויפֿן דאָזיקן פֿעלד אויסגראָבן אַ בונקער און באַהאַלטן אַ צאָל יידן. פֿון איין זייט האָט אים געלאָקט דער צוגעזאָגטער גרויסער פֿאַרדינסט, פֿון דער צווייטער זייט איז ער געווען איבערגענומען מיטן גורל פֿון די יידן. ער האָט מסכים געווען און אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן פֿון אַ זיכערן בונקער. אין איינעם פֿון די ספּעקטן, אונטערן צודעק פֿון די גלעזערנע שויבן און בייטן מיט גרינוואַרג און בלומען, האָט ער מיט דער הילף פֿון זיינע משפּחה־מיטגלידער אָנגעהויבן אויסגראָבן אַן אונטערערדישע הייל. דאָס האָט געדאַרפֿט זיין אַ פּלאַץ מיט געוויסע באַקוועמלעכקייטן פֿאַר די מענטשן. ער האָט געמאַכט אַ לאַנגן זאַל, אין וועלכן מ׳זאָל קאָנען אַריינ־

שטעלן בעטן צו שלאָפֿן, אַ טיש און בענק, ווי אויך איינאָרדנען אַ קיך,
אַן אָרט צום וואַשן זיך א.ד.ג.. צום בונקער האָבן געפֿירט טרעפּ, וואָס זענען
געווען פֿאַרמאַסקירט אונטער די געוויקסן. ס׳איז אויך געווען אַן עפֿנונג,
וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אין פֿעלד און דורך וועלכער ס׳איז אַריינגעקומען
פֿרישע לופֿט. די שווערסטע זאַך איז געווען באַשפּייזן די באַהאַלטענע
יידן. ס׳איז נישט געווען מעגלעך איינצוקויפֿן יעדן טאָג גרויסע קוואַנטי־
טעטן שפּייז און דערביי נישט אַרויסגערופֿן קיין חשד. מיעטשיסלאַוו וואָלסקי
האָט דעריבער אין זעלבן הויז, וואו ער האָט געוואוינט, געעפֿנט אַ שפּייז־
געוועלב, וואו ער האָט אָנגעשטעלט זיינס אַ שוועסטער אַלס די פֿאַרקוי־
פֿערין. דאָס שפּייז־געוועלב האָט אים געגעבן די נויטיקע „דעקונג" פֿאַרן
איינקויפֿן גרעסערע סכומים פּראָדוקטן.

פֿאַרן אויסבויען דעם בונקער האָט וואָלסקי באַקומען אַ גאַר גרויסע
סומע געלט, אַחוץ דעם האָט ער פֿאַר יעדן באַזונדערן ייד, וועלכן ער
האָט אַריינגעלאָזט, באַקומען 10 טויזנט זלאָטעס. דאָס זענען געווען די
איינמאַליקע אָפּצאָלן, צו וועלכע ס׳איז נאָך צוגעקומען דער וועכנטלעכער
אָפּצאָל פֿאַר דער שפּייז און פֿאַרן „דירה־געלט". כאָטש וואָלסקי איז צוליב
דעם בונקער געוואָרן אַן עושר, איז ער אָבער געווען אַן אָרנטלעכער, אַ
ראַיעלער מענטש. אַלץ האָט ער געטון ווי ס׳דאַרף צו זיין און האָט נישט
געפּראוואוט, ווי פֿיל אַנדערע פּוילישע „בעלי־טובות", אַרויסצורייסן פֿאַרשי־
דענע צוגאָב־סומעס אָדער גאָר שאַנטאַזשירן.

איך האָב אים געפֿרעגט, צי ס׳וואָלט נישט מעגלעך געווען אויפֿן
זעלבן פֿעלד אויסצובויען אַ צווייטן ענלעכן בונקער פֿאַר אַן אַנדערער
גרופּע יידן. איך האָב אים גלייך אויך געפֿרעגט, צי ס׳וואָלט נישט מעגלעך
געווען אַריינצונעמען אין דעם שוין עקזיסטירנדיקן בונקער נאָך אַ פּאָר
יידן. וואָלסקי האָט מיר אויף די צוויי פֿראַגן געענטפֿערט מיטן זעלבן:
לאָמיר צוערשט אַריינגיין אין בונקער אַריין און איר וועט אים זען מיט
אייערע אייגענע אויגן. דאָס וועט אייך געבן דעם בעסטן ענטפֿער אויף
אייערע פֿראַגן.

פּלוצלונג האָט עמיצער אָנגעקלאַפּט אין דער טיר און ס׳איז אַריינגע־
קומען אַ יונגע בלאָנדע פֿרוי. זי האָט זיך באַגריסט מיט וואָלסקין אויף אַן
אופֿן, פֿון וועלכן איך האָב אַרויסגעדרונגען, אַז זי מוז זיין זיינס אַ געליבטע.
אין יענעם מאָמענט האָב איך נישט געוואוסט, אַז איך זע פֿאַר מיר דעם
מלאך־המות פֿון די יידן, וואָס זענען געווען באַהאַלטן אין בונקער און פֿון
וואָלסקין גופֿא. צוליבן אַריינקומען פֿון דער פֿרוי האָבן מיר באַלד אָנגע־
הויבן צו ריידן וועגן עפּעס אַנדערש און אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָב איך
זיך געזעגנט. כ׳האָב געזאָגט וואָלסקין, אַז כ׳וועל צוריקקומען פֿאַרנאַכט.
ס׳איז נאָך געווען אַ שיינע פּאָר שעה ביז צום זון־אונטערגאַנג און איך
האָב פֿאַרברענגט די פּאָר שעה אין קאַפֿעען און רעסטאָראַנען, כדי זיך

נישט צופיל אַרומצודרייען אויף דער גאַס. איך בין געווען פול מיט אויפֿ־רעגונג און אַנגסט. דער געשפּרעך מיט וואָלסקין האָט מיר צוגעגעבן אַ סך האָפֿנונג. איך האָב אָנגעהויבן צו זען מעגלעכקייטן פֿון נייע, גרויסע באַ־העלטענישן פֿאַר יידן און האָב געוואַרט מיט גרויס אומגעדולד אויפֿן אָוונט. צו דער באַשטימטער שעה בין איך צוריקגעקומען. מיר זענען נאָך געזעסן אַ האַלבע שעה און ווען ס׳איז צוגעפֿאַלן די נאַכט האָט ער זיך אויפֿ־געשטעלט און געזאָגט צו מיר: — קומט.

מיר זענען אַרויס דורך אַ הינטער־טיר אויפֿן פֿעלד. וואָלסקי איז געגאַנגען פֿאָראויס. ער איז צוגעגאַנגען צו אַ גרויסן ספּעקט, האָט געעפֿנט די גלעזערנע טיר און מיר זענען אַריין אינעווייניק, וואו ס׳זענען געוואַקסן שורות בלומען און גרינסן. ער האָט זיך דערנענטערט צו אַ הילצערן קעסטל בלומען, האָט עס אַוועקגערוקט אין אַ זייט און ס׳האָבן זיך אַנטפּלעקט טרעפּ. מיר זענען אַראָפּגעגאַנגען. אין אַ מינוט אַרום זענען מיר שטיין געבליבן אין אַ גרויסן קעלער, וואָס איז געווען באַלויכטן מיט אַ נאַפֿט־לעמפּל. דער קעלער איז געווען פֿול מיט יידן. דער רוב איז געזעסן אויף לאַנגע בענק אַרום טיש און געשפּילט שאַך אָדער דאָמינאָ, אַנדערע זענען געלעגן אויף נאַרעס, איין שורה איבער דער צווייטער. די יידן האָבן דערזען אונזער אריינקומען און אויסגעדרייט די קעפּ. בעיקר האָבן זיי געקוקט אויף מיר, אויף דעם נייעם גאַסט, וועלכער איז דאָ צום ערשטן מאָל. ס׳האָט מיר אויסגעזען מאָדנע, ווען כ׳האָב באַמערקט אויף אַלעמענס פּנימער אַ רואיקייט, גלייך זיי קען דאָ נישט טרעפֿן קיין שום שלעכטס.

צווישן די עטלעכע און דרייסיק יידן האָב איך קיינעם נישט געקענט, אַחוץ דער חברטע איטקע לאַזאַר־מעלמאַן. זי איז מיר אַקעגנגעלאָפֿן און מיר האָבן זיך וואַרם באַגריסט. צוליב דעם, וואָס איך האָב דאָ געדאַרפֿט בלייבן נעכטיקן, האָט זי אָפּגעלייגט דאָס רעדן מיט מיר וועגן איר ענין אויף שפּעטער. דערווייל האָב איך זיך באַקענט מיט אַ גרויסן טייל פֿון די יידן. פֿון אַלע זייטן האָט מען אויסגעפֿרעגט וועגן דער לאַגע אויף דער „אַרישער״ זייט. צוזאַמען זענען דאָ געווען 34 מענער און פֿרויען מיט עטלעכע קינדער.

די לופֿט איז געווען אַ שווערע און אַ שטיקנדיקע, כאָטש ס׳איז געווען געמאַכט אַן עפֿנונג. יעדער האָט געוואַרט מיט דער גרעסטער אומגעדולד אויפֿן אָוונט, ווען מען האָט געקאָנט, איינציקווייז, אַרויפֿגיין מיט די טרעפּ אין דעם גלעזערנעם ספּעקט אָטעמען אַ ביסל פֿרישע לופֿט. באַלד האָט וואָלסקי געגעבן אַ צייכן און דער עולם האָט אָנגעהויבן ביסלעכווייז אַרויפֿ־גיין אויבן, וואו מען האָט געדאַרפֿט זיך אויפֿפֿירן מיט דער גרעסטער פֿאָרזיכטיקייט.

די חברטע איטקע האָט מיר איבערגעגעבן איר ענין: זי האָט געהאַט אַ יינגעלע פֿון 12 יאָר, וואָס זי האָט איינגעאָרדנט ביי אַ פּויער אויפֿן דאָרף.

דאָס ייִנגעלע האָט געלעבט אין אַ פּאַרהעלטנישמעסיקער זיכערקייט, ווייל ער איז נישט געווען געמלט און האָט גערעדט אַ גוטן פּויליש. זי האָט אָבער שטאַרק געבענקט נאָכן קינד און געוואָלט עס האָבן מיט זיך. אַחוץ דעם ראַנגלט זי זיך מיט נאָך אַ פּראָבלעם: זי האָט אַ מעגלעכקייט אַרויפגעשטעלט צו ווערן אויף דער ליסטע אין האָטעל פּאָלסקי און אַוועקפאָרן צוזאַמען מיט איר קינד אין לאַגער פון וויטעל, וואוהין עס פאָרט דער דיכטער יצחק קאַצענעלסאָן מיט זיין זון. זי האָט געפרעגט וואָס איז מיין מיינונג? איך האָב איר געזאָגט וועגן דער נעגאַטיווער באַציאונג פון בונד צום ענין האָטעל פּאָלסקי, וועגן די גרויסע חשדים צו דער גאַנצער „אונטערנעמונג", וואָס געפינט זיך אין די הענט פון דער געשטאַפּאָ. וואָס שייך איר ייִנגעלע, מוז זי וועגן דעם אַליין באַשליסן. כ'האָב צוגעגעבן, אַז דאָס קינד וועט זיין זיכערער אין הויז פונם פּוילישן פּויער אין דאָרף, אָבער אויב איר בענקשאַפט איז אַזאַ, אַז זי קאָן נישט איבערהאַלטן די צעשיידונג מיטן קינד, קאָנען מיר דאָס ייִנגעלע אַהערברענגען.

ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און דער עולם האָט גענומען צוריק אַראָפּקומען אין בונקער אַריין און מען האָט זיך גענומען גרייטן צו שלאָפן. פאַר מיר איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ פעלד־בעטל, וואָס איז געשטאַנען „אויף זאַפּאַס", פאַר אומגעריכטע געסט. איך האָב פאַרברענגט אינם בונקער ביז צומאָרגנס פאַרנאַכט, ווייל פריער איז נישט געווען מעגלעך אַרויסצוגיין. די בונקער־איינוואוינער האָבן אַ גאַנצן טאָג געלייענט ציייטונגען, וואָס מיעטשיסלאַוו וואָלסקי האָט יעדן טאָג אַראָפּגעברענגט. די פרויען זענען געווען פאַרנומען מיט קאָכן און צוגרייטן די עסנס. נאָכן אָפּעסן מיטאָג האָט די חברטע לאַזאַר־מעלמאַן געהאַלטן אַ לעקציע וועגן שלום עליכם און זיינע שאַפונגען.

מיט אַ טאָג שפּעטער האָב איך איבערגעגעבן דעם חבר פיינער די איינדרוקן און אינפאָרמאַציעס. פיינער האָט זיך אָפּגעקילט צו זיין פּלאַן אויסצוגראָבן אַן ענלעכן צווייטן בונקער. ערשטנס, האָט וואָלסקי פאַרלאַנגט פאַרן אויפבויען אַזאַ בונקער די סומע פון 200 טויזנט זלאָטעס, וואָס איז געווען אַ פאַנטאַסטישע פאַר אונזערע מיטלען. צווייטנס, איז געווען די פראַגע צי ס'איז נישט צופיל ריזיקאַליש צו האָבן אַ צווייטן גרויסן בונקער אויפן זעלבן פעלד. עס איז פאַרבליבן די פראַגע פון איינאָרדענען נאָך אַ פּאָר פערזאָן אין שוין עקזיסטירנדיקן בונקער. דעם בונקער אויף דער גראָיעצקע גאַס האָב איך באַזוכט עטלעכע מאָל. מיין לעצטער באַזוך איז געווען פאַרבונדן מיט אַ שווערער איבערלעבונג. איינער פון אונזערע קוריערן האָט דאָס ייִנגעלע פון דער חברטע איטקע לאַזאַר־מעלמאַן געברענגט פון דאָרף און איך האָב עס אַוועקגעפירט אין וואָלסקיס הויז און ווען ס'איז צוגעפאַלן די נאַכט, זענען מיר אַראָפּגעגאַנגען אין בונקער. וואָלסקי האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט מיט אַ פּאָר טעג פריער געהאַט אַ פלוצלונגדיקן

באַזוך פון 2 דייטשע געשטאַפּאָ־לייט און אַ פוילישן פּאָליציאַנט, וועלכע האָבן אים געפרעגט צי ער באַהאַלט נישט קיין יידן. ער האָט זיי געזאָגט, אַז ניין און האָט זיי געהייסן זוכן, אָבער זיי האָבן זיך אויפגעהויבן און זענען אַוועק. ס׳קאָן זיין, אַז דאָס איז געווען נישט מער ווי אַ רוטינער באַזוך, וואָס די געשטאַפּאָ פירט דורך אין פוילישע הייזער. זייער באַזוך האָט דאָך גענומען הויערן איבערן בונקער ווי אַ וואָלקן.

די חברטע איטקע לאַזאַר־מעלמאַן האָט מיט אַנגסט אָפּגעוואָרט איר יינגעלע און זי האָט אים לאַנג געדריקט אין אירע אָרעמס. גלייך ביים אַריינקומען אין בונקער האָב איך באַמערקט א געענדערטע און אַ שווערע שטימונג. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז בייטאָג איז דאָ געשטאָרבן אַ 16־יאָ־ריק מיידל, וואָס איז געלעגן קראַנק אַ לענגערע צייט. די פראַגע איז געווען וואָס צו טון מיטן מת. די איינציקע מעגלעכקייט איז געווען צו באַגראָבן די געשטאָרבענע אויפן פעלד. דאָס האָט אָבער געמוזט געטון ווערן מיט דער גרעסטער פאָרזיכטיקייט און וואָס ווייטער פון בונקער. ס׳האָט אויך נישט געטאָרט בלייבן קיין סימן, אַז ס׳געפינט זיך דאָ אַ קבר. אין יענעם אָוונט בין איך נישט פאַרבליבן אין בונקער, נאָר בין צוריק אַרויס צוזאַמען מיט וואָלסקין. מיט אַ קורצער צייט שפּעטער איז אַהין געבראַכט געוואָרן פון לאַגער אין טראַווניק ד״ר עמנואל רינגעלבלום. ער איז פאַראייניקט געוואָרן מיט זיין פרוי און קינד, וועלכע זענען דאָרט שוין געווען פון פריער.

דער בונקער האָט נאָך עקזיסטירט אַ לענגערע צייט און זיינע יידישע איינוואוינער וואָלטן זיכער דערלעבט די באַפרייאונג, ווען נישט די בלאָנדע געליבטע פון וואָלסקין. דער בויער און באַלעבאָס פון בונקער, וואָס האָט פאַרטראַכט און אויסגעפירט אַ זייער גוטן פּלאַן מיט אַ סך פּרטים, האָט אָבער נישט באַמערקט איין טעות — זיין געליבטע. נאָך אַ קריגעריי מיט איר געליבטן איז זי אַוועק אין דער געשטאַפּאָ און האָט אויסגעגעבן דאָס באַהעלטעניש. דעם 7טן מערץ 1944 זענען צוויי לאַסט־אויטאָס געקומען צו פאָרן און צום ערשטן מאָל איז דאָס קעסטל בלומען, וואָס האָט צוגעדעקט די באַהאַלטענע טרעפּ, אַוועקגענומען געוואָרן נישט אין אָוונט, נאָר אינמיטן העלן טאָג. אין צוויי גרופּן זענען 38 יידן אַוועקגעפירט געוואָרן אין פּאַוויאַק, וואו מ׳האָט זיי דערשאָסן. אויך מיעטשיסלאַוו וואָלסקי איז פאַר דער זינד פון באַהאַלטן יידן געוואָרן דערשאָסן.

* * *

אונזער אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע אויף דער „אַרישער״ זייט האָט באַדינט עטלעכע טויזנט יידן. די גרופּע, וואָס האָט זיך מיט דעם פאַרנומען, האָט געמוזט שטאַרק פאַרגרעסערט ווערן. מיר האָבן באַזאָרגט

די יידן נישט בלויז מיט געלט, נאָר אויך מיט מעדיצינישער הילף און מיט אונטערערדישע אויסגאַבעס — די באַהאַלטענע יידן זאָלן כאָטש עפּעס וויסן וואָס ס׳קומט פאָר אין לאַנד און אויף דער וועלט. די עקזיסטענץ פון יעדן בונקער איז טאָג און נאַכט געווען באַדראָט פון שמאַלצאָווניקעס און געשטאַפּאָ־אַגענטן. אַחוץ די דאָזיקע נאַרמאַלע „אומגליקן״ האָבן אויך געדראָט אַנדערע, טיילמאָל אויסערגעוויינלעכע. וועגן איינעם אַזאַ אומגליק וועל איך דאָ דערציילן.

אויף דער זאַמבקאָווסקע גאַס, אין פּראַגע, האָבן מיר געהאַט אַ באַ־העלטעניש פאַר פיר יידן. דאָרט זענען געווען די פרוי פון בונדישן טוער, פּאַרזיצער פון פּאַראיין פון די האַנדלס־אַנגעשטעלטע און ראַטמאַן פון שטאָט־ראַט אין לאָדזש מאיר מערמעלשטיין, איר 16־יאָריקער זון, ווי אויך אַ צווייטע חברטע מיט איר יונגער טאָכטער. דער בונקער האָט גע־הערט צו די גוט־איינגעאָרדנטע. אַ פּוילישע פאַמיליע פון פיר פּערזאָן, וואָס מיר האָבן אויסגעהאַלטן, האָט דאָרט געוואוינט, און אין אַ פאַר־מאַסקירטן צימער, אויפן פאַרטער, זענען געווען באַהאַלטן די צוויי מאַמעס מיט זייערע קינדער. מיר האָבן זיי באַזאָרגט מיט שפּייז און אינפאָרמאַציע און אויך רעגולער געצאָלט דער פּוילישער פאַמיליע פאַר באַהאַלטן זיי.

אַ געוויסן טאָג איז געשען אַן אומגליק. די מוטער פון מיידל האָט פּלוצלונג אָנגעהויבן חושד זיין דעם זון פון דער פּוילישער פאַמיליע, אַז ער וויל פאַרפירן איר טאָכטער. דער דאָזיקער נישט־באַגרינדעטער חשד האָט אָנגעהויבן פאַרוואַנדלט צו ווערן אין אַ מאַניע. דער סוף איז געווען, אַז זי פלעגט אַריינפאַלן אין אַ משוגעת. אין אַזעלכע מאָמענטן האָט זי געשריגן הויך אויפן קול און דערצו נאָך אין יידיש...

די אַנדערע איינוואוינער פון בונקער און אויך די פּאָליאַקן זענען דורך דעם געשטעלט געוואָרן אין אַ טויט־געפאַר. ס׳וואָלט געווען גענוג, אַז עמיצער פון די לאָקאַטאָרן פון הויף זאָל דערהערן די יידישע געשרייען און ס׳וואָלט באַלד דערגאַנגען צו דער געשטאַפּאָ. די יידן צוזאַמען מיט דער פּוילישער פאַמיליע וואָלטן אָן שום טענות ומענות דערשאָסן געוואָרן.

די לאַגע איז געווען אַ קאַטאַסטראָפאַלע. די קראַנק־געוואָרענע האָט זיך נישט געלאָזט באַרואיקן. אירע שגעון־אָנפאַלן האָבן זיך שוין אָפטער איבערגעחזרט. די געשיכטע האָט אונז אויפגעטרייסלט. מיר האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ דין וחשבון פון דער גרויסער געפאַר, וואָס האָט געלויערט אויף די אַכט מענטשן. מיר האָבן באַשלאָסן שיקן אַ דאָקטאָר, כדי פעסט־צושטעלן צי די שגעון־אָנפאַלן זענען פאַראיבערגייענדיקע, אָדער צי זי איז טאַקע אינגאַנצן אַראָפּ פון זינען. קודם איז צו איר געקומען אונזער חברטע, דאָקטאָרין אַנאַ מאַרגאָליס (פרוי פון אומגעבראַכטן בונדישן טוער אין לאָדזש, ד״ר אַלעקסאַנדער מאַרגאָליס). שפּעטער האָבן מיר געשיקט אַ צווייטן דאָקטאָר, אַ פּאָליאַק, וועלכער איז געשטאַנען מיט אונז אין

קאָנטאַקט און אונז געהאָלפן אין אַ נויט.ביידע דאָקטוירים זענען צוריק־
געקומען מיט דער זעלבער טרויעריקער בשורה: די פרוי איז טאַקע
אַראָפּ פון זינען. אירע געשרייען וועלן גורם זיין דעם טויט פון אַלע אַכט
מענטשן. מיר האָבן זיך געפּייניקט מיט דער פראַגע — וואָס טוט
מען? ווי אַזוי ראַטעוועט מען די אַכט נפשות? ס'זענען געווען צוויי
אויסוועגן: אַרויסנעמען זי פון בונקער און אַריינגעבן אין אַ שפּיטאָל.
דערביי איז אָבער געווען די געפאַר, אַז זי וועט נישט בלויז זיך אַליין
אויסגעבן אַלס יידישע און אומקומען, נאָר אַז זי וועט אויך אויסגעבן די
אַנדערע. דער צווייטער אויסוועג איז געווען — אומברענגען זי. מיר האָבן
זיך נישט געקענט קיין עצה געבן. מיט יעדן טאָג איז געוואָרן קלאָרער,
אַז ס'איז נישטאָ קיין אַנדער אויסוועג ווי אומברענגען. מ'האָט נאָך וועגן
דעם ענין אָנגעפרעגט ביי איר טאָכטער און ביי דער פרוי מערמעלשטיין
און איר זון. די חברטע וולאַדקע איז אַוועק צו זיי און האָט זיי דערציילט
וועגן דעם באַשלוס פון קאָמיטעט. אַלע דריי זענען מיט טרערן געקומען
צום זעלבן אויספיר. ס'איז געשטאַנען די פראַגע: איינע אָדער אַכט? מיט
צעווייטאָגטע הערצער איז אָנגענומען געוואָרן דער באַשלוס — איינע...

די חברטע וולאַדקע האָט באַקומען אַ געהעריקע פּיל און איז אַוועק
אין בונקער. די גייסטיק־קראַנקע האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט דאָס אַראָפּ־
צושלינגען. זי האָט חושד געווען, אַז מען וויל זי פאַרסאַמען. זי האָט גע־
שריגן, אַז בלויז צו צעלעקן (צו מיר) האָט זי צוטרוי. מיט אַ שווער געמיט
בין איך אַוועק קיין פּראַגע. דער פּאָליאַק האָט מיך אַריינגעפירט אין פאַר־
מאַסקירטן צימער. ס'האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט. די חברטע מער־
מעלשטיין און איר זון זענען געזעסן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. די טאָכטער
פון דער קראַנקער פרוי איז געזעסן אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער וואַנט.
אירע אַקסלען האָבן געציטערט און זי האָט געוויינט.

די קראַנקע האָט גענומען פון מיר די פּיל און געפרעגט: — צעלעק,
איך דאַרף עס אַראָפּשלינגען? איך האָב שטיל געענטפערט: — יאָ.

זי האָט אַראָפּגעשלונגען די פּיל. דער טויט איז געקומען גיך.

איצט איז אַנטשטאַנען אַ נייַ פּראָבלעם — וואָס טוט מען מיט דעם
טויטן קערפּער? ס'איז געבליבן, אַז וולאַדקע און זיגמונט איגלאַ (אַ בונדי־
שער געטאָ־קעמפער, וועלכער איז אין 1944 מיט געווער אין האַנט געפאַלן
אין אַ שיסעריי מיט דייטשע זשאַנדאַרמען און געשטאַפּאָ־אַגענטן אין וואַרשע
אויף פּרוזשנע גאַס נומער 6) וועלן איינפּאַקן דעם קערפּער אין אַ זאַק
און וועלן אים אַרויסברענגען צו דער קאָלייקע אויף דער ליניע וואַרשע־
אָטוואָצק. דאָרט וועל איך שטיין אַן איבערגעטועגער ווי אַ פּוילישער שמוג־
לער. איך וועל נעמען דעם זאַק און אַריינזעצן זיך אין דער קאָלייקע, אינ־
מיטן וועג וועל איך אויסשטייגן און איבערלאָזן דעם זאַק אין וואַגאָן...

צו דער אָפּגערעדטער צייט, אַכט אַזייגער אין אָוונט, בין איך שוין געשטאַנען ביי דער סטאַציע און מיט אומגעדולד געוואַרט. אין אונזער קאָנספּיראַטיווער אַרבעט איז געווען אַ כלל, אַז צו קיין שום טרעפעניש טאָר מען זיך נישט פאַרשפּעטיקן. פּינקטלעכקייט איז געווען אַן אייזערנער געזעץ פון קאָנספּיראַציע. טאָמער איז עמיצער נישט געקומען צו אַ טרעף־פּונקט צו דער באַשטימטער צייט אָדער העכסטנס מיט צען מינוט שפּעטער, איז עס געווען אַ סימן, אַז ער איז אַריינגעפאַלן. איך בין שוין געשטאַנען אַ 15 מינוט און די חברים נישט געזען. פינצטערע געדאַנקען זענען מיר געקומען אין קאָפּ אַריין: נישט אַנדערש, נאָר אַלע זענען אַדורכגעפאַלן. ס'האָט מיך באַהערשט אַ פאַרצווייפלונג. דער ווייזער האָט זיך גערוקט און זיך דערנענטערט צו ניין. מער וואַרטן האָב איך נישט געטאָרט. ס'האָט זיך דערנענטערט די פּאָליצייאישע שעה, ווען מען טאָר שוין נישט גיין איבער די גאַסן.

איך בין אַוועקגעלאָפן אין דער דירה אויף מיאַדאָווע 24, וואו ס'האָבן געוואוינט אינקע שווייגער און מאַרישע פיינמעסער. איך האָב זיי דערציילט וועגן דעם אומגליק. אַ גאַנצע נאַכט האָבן מיר נישט געקאָנט שלאָפן. איין געדאַנק איז געווען פינצטערער פון צווייטן. דאָס האַרץ האָט אין מיר גע־וויינט אויפן גורל פון די נאָנטע, מיר האָבן אויסגעטרונקען בראָנפן, כדי איינצושלעפערן די צעשרויפטע נערוון.

באַלד אינדערפרי, ווי נאָר ס'איז געוואָרן ליכטיק און מ'האָט שוין גע־מעגט גיין איבער די גאַסן, האָט זיך געעפנט די טיר און ס'איז אַריינגעפאַלן וולאַדקע. זי האָט דערציילט, אַז מען האָט נישט געקאָנט אַרויסנעמען דעם קערפּער פון דער דירה, ווייל פּוילישע שכנים זענען געזעסן פאַרן טויער. ס'איז נישט געווען קיין אַנדערע ברירה, ווי באַגראָבן דעם מת אויפן אָרט. מ'האָט אויפגעריסן די ברעטער פון דער פּאָדלאָגע, אויסגעגראָבן אַ גרוב און דאָרט מקבר געווען דעם מת. די שעה איז געווען אַ שפּעטע און מ'האָט שוין נישט באַוויזן קומען צו מיר צום וואָקזאַל.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט פּאַסירט אַן אַנדערע זאַך. דער גרוב איז געווען נישט גענוג טיף און די גאַנצע וואוינונג איז געוואָרן אויסגעפילט מיט אַ שלעכטער לופט. ס'האָט געדראָט, אַז די שכנים פון הויף זאָלן עס דערפילן. די סכנה פון מסירה איז ווידעראַמאָל געוואָרן שאַרף. ס'איז נישט געבליבן קיין אַנדערע ברירה ווי אויסזוכן אַן אַנדערע דירה — פאַר די געבליבענע יידן און פאַר דער קריסטלעכער פאַמיליע. אַזאַ דירה האָבן מיר באַקומען אויף אָרלע 24. אַלע דריי — די חברטע מערמעלשטיין, איר זון און דאָס יונגע מיידל האָבן איבערגעלעבט אַלע שרעקלעכקייטן פון דער מלחמה און היטלערס מערדערייען.

* * *

צוויי לעבן־געבליבענע קאָמענדאַנטן פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד — מאַרעק עדעלמאַן און צביה לובעטקין האָבן צוליב זייער אויסערלעכן אויס־זען נישט געקענט זיך באַווייזן אין גאַס און געמוזט בלייבן פאַרמאַכט אין זייער דירה אויף פּראָסטע 4. די וואוינונג איז געווען אָן אַ געהעריקער פאַרזיכערונג. מיר האָבן געמאַכט גרויסע אָנשטרענגונגען און ענדלעך גע־פונען צו קויפן אַן אייגענע דירה, וואָס איז פאַרמעל געדעקט געוואָרן פון אונזערע קוריערינס מאַרישע פיינמעסער און מאַרישע סאַוויצקאַ פון פּ. פּ. ס.

די דירה איז געווען אויף לעשנע 18, אין צווייטן הויף אויפן דריטן שטאָק. זי איז באַשטאַנען פון 2 שטובן מיט אַ קיך. אין איינעם פון די צימערן האָט אונזער חבר חיים עלנבויגן צוזאַמען מיטן פּאָליאַק וולאַדעק וואַיטשעכאָווסקי איינגעאָרדנט אַ טאָפּלטע וואַנט. אַפילו אַ געניט אויג וואָלט נישט דערקענט, אַז דאָרט איז פאַראַן אַ בונקער. ביי דער זייט פון דער וואַנט איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ שענקל מיט שמוציקע וועש און דורכן דאָזיקן שענקל האָט מען זיך אַריינבאַקומען אין דעם שטח צווישן די צוויי ווענט. אין פאַל פון אַ נויטווענדיקייט האָט מען זיך געפונען אין אַ גוט איינגעאָרדנטן בונקער.

די דירה האָט אויך געדינט ווי אַ טרעף־פּונקט פאַר אונזערע פאַרבינד־לער און מיר האָבן זי געהיטן ווי אַן אויג אין קאָפּ. דאָרט האָט מען אויך געהאַלטן וויכטיקע אַרכיוו־מאַטעריאַלן. אַחוץ מאַרעק עדעלמאַן און צביה לובעטקין, האָבן נאָך דאָרט געוואוינט בערנאַרד גאָלדשטיין, רבקה ראָזענ־שטיין, און יצחק צוקערמאַן (אַנטעק), וועלכער איז פון 1942 געווען טעטיק אויף דער „אַרישער" זייט.

די אַטמאָספער איז דאָרט געווען אַ פריינטלעכע און ביז גאָר אַ חברישע, נישט געקוקט וואָס די איינוואוינער זענען געווען אידעאיש און פּאַרטייאיש צעטיילט און האָבן ביים דיסקוטירן געזעלשאַפטלעכע פראַגן געהאַט קעגנזעצלעכע מיינונגען. אין פּראַקטישער הילף פאַר יידן איז שטענדיק געווען אַן איינשטימיקייט, אַלע האָבן מסכים געווען אַז מען דאַרף העלפן יעדן ייד אין צייט פון נויט און געפאַר. אַלע האָבן די אַרבעט געטון מיט מסירת־נפש און ריזיקע פאַרן אייגענעם לעבן.



ד״ר סטאַניסלאַוו ליפשיץ



ד״ר סאַלאָמעאַ ליפשיץ



רישעק ליפשיץ



שימעק יאָפּע



מלכה (מרים) בלומשטיין (מיגוס)



די „אוקראַינערין״ (טויבע פרידמאַן)



עוואַ אַלעקסאַנדראָוויטש



האַנושע אַלעקסאַנדראָוויטש

# 30. דער פּלאַם טאָר נישט אויסגעלאָשן ווערן

אַלע שטעט און שטעטלעך, וואו יידן האָבן געלעבט אין גרויסע מאַסן, זענען געוואָרן „יידן־ריין". די יידישע ישובים, וואָס האָבן געהאַט אַ געשיכטע פון הונדערטער יאָרן, האָבן אויפגעהערט צו עקזיסטירן. אין 1942 זענען פאָרגעקומען די גרויסע דעפּאָרטאַציעס. דעם גרויסן רוב פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט מען, לויטן פּאַרלאַנג פון „פירער" פון דער דייטשער „הערן־נאַציע", קאַלטבלוטיק און אויסגעחשבונט פאַרגאַזט אָדער דערשאָסן. די געבליבענע רעשטלעך האָט מען צעוואָרפן אין פאַרשידענע קאָנצענטראַציע־און־קאַטאָרגע־לאַגערן און אַ קליינער טייל פון זיי האָט זיך באַהאַלטן צווישן די „אַריער". אין 1943 און 1944 האָט היטלערס מאָרד־אַפּאַראַט ווייטער געאַרבעט און פאַרצוקט באַדייטנדיקע טיילן פון די פאַרבליבענע רעשטלעך.

צוזאַמען מיט אַלע יידן זענען אויך אַוועק די יידישע אַרבעטער, די בונדיסטן — די מיטגלידער פון בונד, פון יוגנט־בונד צוקונפט, פון דער קינדער־אָרגאַניזאַציע סקיף, פון דער ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע מאָרגנשטערן, פון דער פרויען־אָרגאַניזאַציע יאַף, פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, פון דער שול־אָרגאַניזאַציע, פון די קולטור־געזעלשאַפטן און די מאַסן, וואָס האָבן זיך אַרום זיי געזאַמלט. די צאָל לעבן־געבליבענע בונדישע חברים און חברטעס איז געוואָרן זייער קליין און זיי זענען געווען צעוואָרפן אין פאַרשידענע ערטער פון לאַנד: אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, אין די בונקערס, אין די וועלדער און אויף דער „אַרישער" זייט. די, וואָס זענען געבליבן, האָבן זיך צוזאַמענגעהאַלטן. פון איינעם צום צווייטן האָבן זיך געצויגן פעדים, זענען געווען אויסגעשטרעקט הענט צו העלפן.

און די גאַנצע צייט האָט געאַרבעט און געווירקט די הויפּט־אָנפירונג פון בונד. ס'האָט זיך געביטן דער צוזאַמענשטעל פון אונטערערדישן צענטראַל־קאָמיטעט — דער גוואַלטזאַמער טויט האָט פיל פון די צ. ק.־מיטגלידער צוגענומען, אָבער אויף זייער אָרט האָבן זיך געשטעלט אַנדערע, גרייט צו טראָגן דעם שווערן יאָך און זיך מוסר־נפש זיין. אַ גאָר גרויס אָרט אין

דער טעטיקייט פון צ. ק. האָט פאַרנומען די הילף־און רעטונג־אַרבעט, אָבער אויך אַ פּאָליטישע טעטיקייט איז געפירט געוואָרן. דער צ. ק. פון אונטערערדישן בונד איז געשטאַנען אין אַ כסדרדיקן קאָנטאַקט מיט אַ ריי אונזערע גרופּעס אין די לאַגערן, באַהעלטענישן און וועלדער, מיט דער פּוילישער אונטערערדישער באַוועגונג ווי אויך מיט אויסלאַנד. די ערשטע אַלאַרמירנדיקע אויספירלעכע באַריכטן וועגן אויסמאָרדן די יידן אין די נאַצי־אָקופּירטע לענדער זענען אין ענגלאַנד, אַמעריקע און אַנדערע פרייע לענדער געקומען פון בונדישן צענטראַל־קאָמיטעט. פון די אָפּגעדרוקטע בונדישע באַריכטן האָט די ברייטע עפנטלעכקייט אין דער פרייער וועלט באַקומען אַ בילד פון גרויל און גורל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין נאַצי־אָקופּירטן פּוילן.

אין דער פאַרגאַנגענהייט האָט דער בונד געהאַט זייער שווערע צייטן, אָבער קיינמאָל נישט אַזוי שווער ווי איצט, אין דער צווייטער וועלט־מלחמה. איינגעשרומפּן קליין איז געוואָרן אונזער מחנה — בלוטיקע כוואַליעס האָבן די מענטשן־מאַסן אָוועקגענומען. יעדער ניצול־געוואָרענער איז נישט געווען זיכער מיטן נאָנטן טאָג, מיט דער נאָנטער שעה. יעדער פון אונז איז אָבער געווען זיכער און אַנטשלאָסן, אַז די פעדים פון בונד טאָרן נישט איבערגעריסן ווערן און דער בונדישער פלאַם, מעג ער זיין ווי קליין, טאָר נישט אויסגעלאָשן ווערן. יעדער האָט געשוואוירן אין האַרץ, אַז ער וועט נישט אָפּטרעטן פון פלאַץ ביזן סאַמע סוף.

בלויז עטלעכע עפּיזאָדן פון דער טעטיקייט פון אונזער אָנפירונג וויל איך איבערגעבן.

חבר לעאָן פיינער האָט מיר געמאָלדן, אַז צומאָרגנס, געווען איז עס אין מאַי 1943, וועט פאָרקומען אַ זיצונג פון צענטראַל־קאָמיטעט אין דער וואוינונג אויף זשוראַוויע 24. אַזעלכע זיצונגען פלעגן געוויינלעך פאָרקומען שפּעט אין אָוונט און מיר פלעגן דאָרט בלייבן נעכטיקן. פאַרוואָס אין אָוונט? צוליב צוויי סיבות: ערשטנס, איז געווען לייכטער, אַז אַ צאָל פרעמדע מענטשן זאָלן אַריינקומען אין הויף און נישט ווערן באַמערקט; צווייטנס, האָבן אַ טייל פון אונזערע חברים נישט געהאַט קיין גוטן „אַרישן" אויסזען און ס'איז געווען פאַר זיי ווייניקער ריזיקאַליש צו גיין אויף דער גאַס אין אָוונט. צו דער זיצונג זענען געקומען די חברים ד"ר ל. פיינער, ז. מושקאַט, ד"ר ס. ליפשיץ, ס. פישגרונד, בערנאַרד, י. סאַמסאָנאָוויטש (וועלכער האָט דאָרט געוואוינט) און איך. פאַרן אָנהייב פון דער זיצונג האָט מען דערציילט וועגן די לעצטע איבערלעבונגען. ד"ר ליפשיץ, וועלכער האָט גערעדט אַ פּערפעקטן פּויליש און אויסגעצייכנט זיך געהאַלטן, האָט אָבער געהאַט אַ יידישלעך פּנים. די גרויסע וואָגעס, וואָס ער האָט זיך פאַרלאָזט, האָבן אים נאָך צוגעגעבן אַ מער פאַרדעכטיק אויסזען. ער האָט אָבער קיינמאָל נישט פאַרלוירן דעם מוט און שטענדיק גערעדט האַלב־שפּאַס, האַלב־ערנסט.

אויך דאָס מאָל האָט ער אונז אויף אַ לייכטן אופן דערציילט וועגן זיינער אַ זייער ערנסטער און געפערלעכער דערפאַרונג: אַ פוילישער שמאַלצאָווניק האָט אים דערקענט אין זשאָליבאָזש און האָט אים אָנגעהויבן צו „שמאַל־צעווען". ד"ר ליפשיץ מוז אים פון דעמאָלט אָן צאָלן אַ רעגולערע פענסיע — פינף זלאָטעס אַ וואָך. פאַר דער קליינער סומע קויפט ער זיך אויס יעדע וואָך דאָס לעבן. ער האָט אויך דערציילט אָן אַנדערע זאַך: די שמאַלצאָווניקעס ווייסן, אַז אין זשאָליבאָזש לעבן פאַרשטעלטע יידן, וועלכע זיי קאָנען נישט דערקענען. זיי גנבענען זיך דעריבער אַריין אין דער דאָרטיקער שטאָטישער באָד צו זען דעם יידישן סימן ביי די מענער.

נאָך דעם ווי יעדער האָט עפּעס דערציילט פון זיינע פּאַסירונגען האָט זיך אָנגעהויבן די זיצונג. כאָטש ס'איז שוין אַדורך באַלד 20 יאָר פון יענעם אָוונט, דערפיל איך איצט די גאַנצע גרויזאַמע איבערלעבעניש פון יענע שעהן. מיט אַ דערשיטערנדיקער שטים האָט חבר פיינער איבערגעגעבן, אַז פון לאָנדאָן איז אָנגעקומען אַ ידיעה וועגן טויט פון חבר אַרטור זיגעלבוים. ער האָט זיך גענומען דאָס לעבן ווי אַ פּראָטעסט קעגן דער פּאַסיווקייט און גלייכגילטיקייט פון דער פרייער וועלט צום יידישן חורבן און כדי מיט זיין פרייוויליקן טויט ציען די אויפמערקזאַמקייט פון דער וועלט אויף דער אויסמאָרדונג פון די יידן אין די לענדער, וואָס זענען באַהערשט דורך די נאַציס.

דאָס איז נישט געווען די איינציקע אויפטרייסלונג אין יענעם אָוונט. דער חבר פיינער האָט אונז אויך איבערגעגעבן די דערשיטערנדיקע ידיעה, אַז די סאָוועטישע מאַכטהאָבער האָבן דערמאָרדעט די צוויי פירער פון בונד, די באַליבטע און געאַכטעטע חברים הענריק ערליך און וויקטאָר אַלטער.

ס'האָט לאַנג געדויערט ביז יעדער פון אונז איז געקומען צו זיך פון דעם מוראַדיקן איינדרוק, וואָס די צוויי פינצטערע בשורות האָבן געמאַכט. דער חבר ליפשיץ האָט פאָרגעלייענט אַ טעקסט פון אַ רעזאָלוציע, וואָס ער האָט אָנגעשריבן. יעדער האָט זיך אַרויסגעזאָגט וועגן דער פאָרגעלייגטער רעזאָלוציע. עטלעכע חברים האָבן געהאַט ספקות וועגן פאַרעפנטלעכן די רעזאָלוציע. זיי האָבן מורא געהאַט, אַז דאָס קען שלעכט אויסגעטייטשט ווערן. די מערהייט האָט געהאַלטן, אַז דער שרעקלעכער מאָרד טאָר נישט פאַרשוויגן ווערן. דער בלוטיקער פאַרמעסט, וואָס גייט איצט אָן אויף דער וועלט, איז אַ פאַרמעסט צווישן בלוט־דורשטיקע און הומאַניסטישע כוחות און מ'טאָר נישט פאַרשוויגן דאָס בלוט, וואָס איז אַזוי פאַרברעכעריש פאַרגאָסן געוואָרן דורך דער סטאַליניסטישער רעגירונג. ווען די רעזאָלוציע איז געשטעלט געוואָרן צו אָפּשטימונג, האָבן כמעט אַלע חברים געשטימט פאַר. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצוגעבן אַ באַזונדערן אויפרוף וועגן דעם ערליך־אַלטער־מאָרד און וועגן דעם קרבן פון אַרטור זיגעלבוים. אַחוץ דעם איז אויך באַשלאָסן געוואָרן אָפּצודרוקן די רעזאָלוציע אין

פ. פ. ס.ישע אויסגאַבעס. דאָס איז דער טעקסט פון דער אָנגענומענער רע־זאָלוציע:

„אין די איצטיקע מינוטן פון די פּאַרביטערטסטע קאַמפּן אין וואַרשע־ווער געטאָ זענען מיר ביז די טיפענישן אויפגעטרייסלט געוואָרן פון דער ידיעה, אַז די סאָוועטישע מאַכט האָט אומגעבראַכט די חברים הענריק ערליך און וויקטאָר אַלטער, און פון דער אָפיציעלער באַגרינדונג פון דעם אורטייל, אַז זיי האָבן כלומרשט געפירט אַ פּראָפּאַגאַנדע פאַר אַ סעפּאַראַטן שלום מיט היטלערן. מיר שטעמפּלען אויפן שאַרפסטן אופן פאַר דער גאַנצער וועלט פון סאָציאַליזם און פרייהייט דעם דאָזיקן מאָרד ווי אַ פאַרברעכן. מיר פּראָטעסטירן אויפן שאַרפסטן און פייערלעכסטן אופן קעגן דעם מאָרד און קעגן דעם פּרואוו צו שענדן זייערע קרישטאָל־ריינע נעמען. דער מאָרד, וואָס איז באַגאַנגען געוואָרן איבער אונזערע בעסטע חברים, וועלכע זענען געפאַלן אַלס קרבן פון זייערע אומדערשיטערלעכע איבערצייגונגען, אַלס קעמפער פאַר די אידעאַלן פון פרייהייט און רעוואָלוציאָנערן סאָציאַ־ליזם, האָט געבראַכט און ברענגט אומבאַשרייבלעכן שאָדן נישט בלויז דער יידישער און פּוילישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, נאָר דעם גאַנצן אינטערנאַציאָנאַלן לאַגער פון סאָציאַליזם. ספּעציעל איז דער שאָדן גרויס אין דעם מאָמענט, ווען עס איז נייטיק קודם כל צונויפצושליסן אַלע כוחות פונם גאַנצן אַרבעטער־קלאַס, כדי צו פאַרניכטן דעם פאַשיזם און איבערצובויען די וועלט אויף סאָציאַליסטישע יסודות. הענריק ערליך און וויקטאָר אַלטער וועלן בלייבן אייביק לעבן אין דער געשיכטע פון בונד און פון דער גאַנצער היינט־צייטיקער פּוילישער געזעלשאַפט, אין דער געשיכטע פון קעמפנדיקן פּוילן און פון אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַ־ליזם — ווי אָנגעזעענע פירער, ווי פאָנען־טרעגער פון קאָמפּראָמיסלאָזן קאַמף קעגן פאַשיזם. זיי וועלן בלייבן אין אונזערע הערצער ווי ליכטיקע געשטאַלטן, וואָס זענען געפאַלן ווי טראַגישע מאַרטירער".

די זיצונג פון צענטראַל־קאָמיטעט האָט זיך פאַרצויגן ביז אין דער טיפער נאַכט אַריין. מ'האָט אָפּגעגעבן באַריכטן וועגן „אַרישע" יידן, וועגן בונקערס, אַרבעט־לאַגערן און וועגן פּאַרטיזאַנער. אין וואַרשע האָבן אין יענע טעג געלעבט 20 טויזנט באַהאַלטענע אָדער „אַרישע" יידן. פון די דאָזיקע 20 טויזנט האָט דער קאָאָרדינירן־קאָמיטעט (בונד און ציוניסטן) אויסגעהאַלטן צען טויזנט און דער בונד באַזונדער — 3 טויזנט.

חבר לעאָן פיינער האָט איבערגעגעבן באַריכטן פון אויסלאַנד. ער האָט אויך באַריכטעט, אַז ער און יצחק צוקערמאַן זענען, ווי פאָרשטייער פון דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע, צוגעטיילט געוואָרן צו דער פּוילישער אַרמיאַ קראַיאָוואַ. דאָס האָט געדאַרפט באַדייטן אַ קאָנקרעטע הילף פאַר יידישע פּאַרטיזאַנער, וואָס האָבן זיך געפונען אין פאַרשידענע וועלדער, דער עיקר אין די מזרח־טיילן פון פּוילן.

* * *

נאָכן ליקווידירן די יידישע ישובים, האָבן מיר אַ געוויסע צייט נישט געהאַט קיין אייגענע אונטערערדישע פּרעסע. פּאָר אַ טייל פון די באַהאַלטענע יידן האָבן מיר צוגעשטעלט די פּרעסע פון פּ. פּ. ס., שפּעטער האָבן מיר אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אַן אייגענעם ביולעטין אויף פּויליש. דער ביולעטין איז געמאַכט געוואָרן אויף כלאָדנע 17, אין דער וואוינונג פון חבר דוד קלין. די צאָל פון די דאָזיקע ביולעטינען איז געווען אַ קליינע און איז בלויז דערגאַנגען צו באַגרענעצטע קרייזן. די ביולעטינען וואָס זענען יאָ דערגאַנגען, האָבן געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכע ווירקונג. די יידן, וואָס האָבן געלעבט אין אומאויפהערלעכער שרעק, ווי אויף איזאָלירטע אינזלען, און זענען געווען אָן קרובים און פריינט און מיטן געדאַנק, אַז דאָס יידישע פאָלק איז אונטערגעגאַנגען, האָבן אין די בונדישע ביולעטינען געפונען אַן אָנשפּאַר און האָפנונג. ס'זענען געווען זייער זעלטענע פאַלן, אַז איין באַהאַלטענער ייד זאָל זיך טרעפן מיט אַ צווייטן. אַפילו פּאָר אונזערע פּאַרטיי־חברים זענען אַזעלכע באַגעגענישן געווען זייער זעלטענע. צוליב די לויערנדיקע געפאַרן האָט מען באַגעגענישן געמוזט באַגרענעצן ביז צום סאַמע מינימום. אַן אויסנאַם איז בלויז געווען דער יום־טוב פון 1טן מאַי. אין דעם טאָג האָט מען אַפילו איינגעאָרדנט געוויסע צוזאַמענטרעפן, און מ'האָט דעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן יום־טוב געפייערט אויף אַ רירנדיקן אופן. איך וויל דאָ דערציילן וועגן אַזאַ פייערונג, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 1טן מאַי 1944.

דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט באַשלאָסן, אַז דער 1טער מאַי זאָל געפייערט ווערן גלייכצייטיק ווי דער ערשטער יאָרטאָג נאָכן אויפשטאַנד פון וואַרשעווער געטאָ. אַזעלכע פייערונגען זענען יענעם טאָג פאָרגעקומען אין וואַרשע דריי און בלויז פּאָר געקליבענע חברים, וועלכע האָבן געקענט גיין אין גאַס און זייער קומען וואָלט נישט געשטעלט אין סכנה די גאַנצע גרופּע.

איך בין געווען צוגעטיילט צו דער גרופּע, וואָס האָט געדאַרפט זיך צונויפקומען אין דער וואוינונג אויף מיאָדאָווע 24. מיר האָבן זיך פאַרזאַמלט אַרום טיש, אין סאַמע מיטן טיש איז געווען אַוועקגעשטעלט אַ קליין רויט פענדל, אויף וועלכן עס איז געווען אויפגעשריבן בונד. חבר ד"ר ס. ליפשיץ האָט געהאַלטן אַ רעפעראַט וועגן יום טוב פון 1טן מאַי, וועגן בונד, וועגן דער אינטערנאַציאָנאַלער לאַגע, וועגן דעם אויפשטאַנד אין געטאָ, וועגן די חברים אַרטור זיגעלבוים, הענריק ערליך און וויקטאָר אַלטער. מיר זענען געזעסן אַרום דעם טיש מיט דער סימבאָלישער בונדישער פאָן און שווייגנדיקע זיך צוגעהערט צום רעפעראַט. ווען ער האָט געענדיקט, האָבן מיר אַלע געזונגען די בונדישע שבועה. יעדער האָט

די ווערטער פון דער שבועה געמורמלט שטילערהייט און מיט פאַרטרערטע אויגן געהאַלטן געוועגדט דעם בליק צום קליינעם רויטן פענדל אויפן טיש. ווען מיר האָבן געענדיקט דאָס שטילע געזאַנג, האָט לאַנג געהערשט אַ טיף שווייגן.

מיט אַ טאָג שפּעטער איז אויף זשוראַוויע 24 פאַרגעקומען אַ באַריכט־זיצונג פון די פאַרגעקומענע צוזאַמענטרעפן. אַחוץ אויף מיאַדאָווע 24 זענען אַזעלכע פאַרזאַמלונגען פאַרגעקומען אין די דירות פון דער קראָקעווער משפחה חברים ליינקראַם און פון דוד קלין. באַזונדערס איינדרוקספול איז געווען דער פאַרלויף פון דער פאַרזאַמלונג אין דער דירה פון חבר קלין, כלאָדנע 17. חבר קלין האָט געהאַט אַ ראַדיאָ־אַפּאַראַט. נאָך דער רעדע פון ס. פישגרונד האָט מען אָנגעשטעלט דעם ראַדיאָ. אומגעריכט האָט זיך פון לאָנדאָן דערהערט די שטים פון חבר ד״ר עמנואל שערער, וועלכער האָט דעמאָלט פאַרטרעטן דעם בונד אין פּוילישן גלות־פּאַרלאַמענט. ער האָט גערעדט צו די איבערגעבליבענע יידן פון פּוילן. ער האָט געהאַלטן אַן 1טע מאַי־רעדע צו די יידן אין די בונקערס און כלערליי באַהעלטענישן אין פּוילן. און אָט האָט זיין שטים דערגרייכט פון וויטן לאָנדאָן צו אַזאַ צונויפגעזאַמלטער גרופּע בונדיסטן, וואָס האָבן אין אַזעלכע אויסטערלישע באַדינגונגען געפייערט דעם יום־טוב פון 1טן מאַי און דעם יאָרטאָג פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד.

* * *

דער צ. ק. פון בונד האָט זיך אויך פאַרנומען מיט זאַמלען דאָקומענטן און מאַטעריאַלן וועגן אַלץ, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צו דעם יידישן לעבן און אומקום פון די יידן. אין אַ ספּעציעלער באַהעלטעניש אין אונזערס אַ וואוינונג זענען געווען באַהאַלטן כלערליי דאָקומענטן, בריוו פון לאַגערן, שריפטלעכע באַריכטן פון דער פּוילישער רעגירונג, באַריכטן פון אונזערע קוריערן, וואָס זענען אַרומגעפאָרן און באַזוכט די געטאָס און לאַגערן. דאָרט האָט זיך אויך געפונען אַ באַריכט, וואָס מיר האָבן געהאַט וועגן דעם פאַרניכטונג־לאַגער אין טרעבלינקע און די געשיכטע פון דעם אויפשטאַנד אין דאָזיקן לאַגער. איך האָב אים געבערענגט פון וואַלד, וואו דער מחבר איז געווען.

נאָכן אויפשטאַנד־פּרואוו אין טרעבלינקע איז געקומען צו מיר אונזער קוריערין חברטע אָלאַ מאַרגאָליס און האָט מיר דערציילט: צו איר האָט זיך געווענדעט אַ ייד, וואָס איז נאָר־וואָס געקומען פון טרעבלינקע. ער איז געווען איינער פון די, וואָס האָבן אָנטיילגענומען אין אויפשטאַנד. ער זעט אויס ווי אַ קריסט און בעט, אַז מיר זאָלן אים העלפן מיט אַ דירה.

די דאָזיקע ידיעה האָט מיך אויפגעטרייסלט — אַן אַנטלאָפענער פון טרעבלינקע! אַ לעבן־געבליבענער עדות פון דאָרטיקן טויטן־לאַגער.

איך האָב געזאָגט צו דער חברטע אָלאַ: — באַשטעל אים גלייך אויף מאָרגן אויף קראָקעווער פאָרשטאָט 33, אין רעסטאָראַן, אויפן ערשטן שטאָק (דאָס איז געווען איינער פון אונזערע טרעף־פונקטן). ברענג אים דאָרט אויף מיטאָג, כ׳וויל מיט אים רעדן.

צומאָרגנס צוועלף אַזייגער בין איך שוין געזעסן אין פיין־איינגעאָרדנטן רעסטאָראַן אויף קראָקעווער פאָרשטאָט און געוואַרט אויף דעם ייד. ביי די שכנותדיקע טישלעך זענען געזעסן פאָליאַקן און געגעסן גוטע מאַכלים.

איך בין געזעסן מיטן פּנים צום אַריינגאַנג און אַכטונג געגעבן אויף דער טיר. ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט און ס׳האָט זיך באַוויזן די חברטע אָלאַ. נאָך איר איז געגאַנגען אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר עטלעכע און דרייסיק, מיט אַ נישט־יידישן אויסזען און מיט אַ פּאָר גרויסע בלאָנדע קלאָטשע־וואָנסעס. אין אַ מינוט אַרום זענען ביידע געזעסן ביי מיין טיש. מיר האָבן זיך באַגריסט כלומרשט ווי אַלטע באַקאַנטע און האָבן באַשטעלט ביים קעלנער אונזערע מאכלים.

מיר זענען געזעסן אָפּגערוקט אין אַ ווינקעלע. דער יונגערמאַן האָט אומגעשטערט מיר געקענט איבערגעבן אַלץ, וואָס איך האָב פון אים פאַר־לאַנגט. ער האָט גערעדט אַ גוטן פויליש אָן אַ יידישן אַקצענט. ער האָט געזאָגט, אַז ער הייסט סטראַוויטשינסקי, און שטאַמט פון לאָדזש, וואו ער האָט געהאַט אַ געשעפט פון וועש. קיין טרעבלינקע האָט מען אים אַוועק־געפירט צוזאַמען מיט זיין פרוי און קינדער ווי אויך מיט אַ ברודער, אַ בלעכער, זיין פרוי און צוויי קינדער. באַלד ביים אַראָפּטרייבן פון דער באַן און ביים יאָגן די יידן אין די גאַז־קאַמערן אַריין, האָט מען דעם ברודער פאַרהאַלטן, ווייל די אָנפירערשאַפט פון לאַגער האָט זיך געניטיקט אין בלע־כער אויפצושטעלן נייע באַראַקן. דער בלעכער האָט זיך שנעל אָריענטירט און פאַרהאַלטן מיט זיך דעם ברודער, דעם אייגנטימער פון וועש־געשעפט, וועלכער איז איצט געזעסן מיט אונז אין רעסטאָראַן.

ווייסנדיק, אַז איך בין אַ טוער פון אונטערערדישן בונד, האָט ער מיר געזאָגט אַז זיין שוועסטער איז געווען אַ טוערין אין באַקלייד־פאַראיין אין לאָדזש. איך האָב אים געענטפערט: פאַר אונז איז נישט וויכטיק צי איר אָדער אייער פאַמיליע האָט געהאַט עפּעס אַ שייכות מיט דער אַרבעטער־באַוועגונג. פאַר אונז איז גענוג, אַז איר זענט אַ ייד. מיר וועלן טון אַלץ, וואָס ס׳איז מעגלעך, כדי אייך צו העלפן.

איך האָב אים געזאָגט וועגן דעם צוועק פון אונזער איצטיקן צוזאַמענ־טרעף: — הערט, ליבער פריינט, מיר וועלן אייך באַזאָרגן מיט אַ דירה און איר וועט אויך באַקומען רעגולערע שטיצע, אַז איר זאָלט האָבן אויף באַשפייזונג. מיר ווילן, אַז איר זאָלט אייך אַוועקזעצן און אָנשרייבן פאַר

אונז ווי אַזוי עס האָט אַלץ אויסגעזען אין טרעבלינקע, ווי אַזוי זענען דורכגעפירט געוואָרן די פּאַרגאַזונגען, ווי זענען געווען די צוגרייטונגען און דער פּאַרלויף פונם אויפשטאַנד און פאַרוואָס האָט דער אויפשטאַנד זיך נישט איינגעגעבן.

ביי די דאָזיקע ווערטער האָט דער יונגערמאַן אַ צאַפּל געטאָן: — ניין, דאָס נישט. די נערוון זענען מיר צופיל צעשרויפט, אַז איך זאָל דאָס קאָנען טון. אַלץ יאָ, אָבער דאָס נישט.

— באַרואיקט אייך, האָב איך אים געזאָגט. ס׳איז זייער וויכטיק צו האָבן אַזאַ דאָקומענט. דאָס טראַגישע קאַפּיטל טרעבלינקע מוז פאַרצייכנט ווערן לדורות.

ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט שטאַרע בליקן און האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ: — ניין, כ׳קען דאָס נישט. ווען דער אויפשטאַנד איז אויסגעבראָכן און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די שיסעריי, זענען אַ סך פון די מענטשן זיך צעלאָפן אין די שכנותדיקע וועלדער. דעמאָלט האָב איך פאַרלוירן מיין ברודער. מיר זענען פון אָנהויב געלאָפן צוזאַמען, ער האָט געהאַט אַ האַק און איך נישט. אַן אוקראַאינישער וואַכמאַן האָט אונז נאָכגעיאָגט און נאָכגעשאָסן. מיר האָבן זיך דעמאָלט פאַרלוירן. מיין ברודער איז מסתמא אומגעקומען.

די אַקסלען האָבן אים גענומען צוקן און טרערן האָבן זיך באַוויזן אין זיינע אויגן. איך האָב שטרענג אַ זאָג געטון: — הערט אויף צו וויינען, טאָמער באַרואיקט איר אייך נישט גלייך, לאָז איך אייך דאָ איבער און כ׳גיי אַוועק.

ער האָט זיך באַהערשט, אָבער מען האָט געקענט זען, אַז דאָס קומט אים אָן מיט אַ סך אָנשטרענגונג. איך האָב געזאָגט צו אים: — אויף היינט איז גענוג, מיר וועלן איצט מער נישט רעדן. די פרוי וועט מיט אייך מיטגיין און וועט אייך געבן אַ וואוינונג. אין אַ פּאָר טעג אַרום, נאָכדעם ווי איר וועט זיך באַרואיקן, וועלן מיר צו אייך שיקן אַ מענטש. איר וועט נישט דאַרפן שרייבן. איר וועט בלויז דערציילן, און יענער וועט שוין פאַרשרייבן. לאָזט נישט אַדורך קיין שום פּרט. אַלץ, וואָס איר האָט צו דערציילן, איז וויכטיק.

איך האָב זיך אויפגעהויבן און אַוועקגעגאַנגען. דער דאָזיקער יונגערמאַן האָט די געשיכטע פון טרעבלינקע נישט אָנגעשריבן. געקומען צו אונז איז דער דאָקומענט וועגן טרעבלינקע אויף אַן אַנדערן און גאָר אומגעריכטן אופן.

מיט אַ צייט שפּעטער האָב איך געדאַרפט פאָרן אין די ווישקאָווער וועלדער, כדי זיך צו טרעפן מיט די געוועזענע געטאָ־קעמפער. ווען איך בין אַהינגעקומען מיט דער באַן, האָט מיך שויןביים עק וואַלד אָפּגעוואַרט

דער קאָמענדאַנט פון דער גרופּע גאַבריש פּרישדאָרף, יאַנעק בילאַק און יעקב פּוטערמילך.

אויפן וועג, אין די טיפענישן פונם וואַלד, האָבן זיי מיר דערציילט, אַז מיט אַ קורצער צייט צוריק האָט צו זיי פאַרבלאָנדזשעט אַ ייד, וועלכער איז אַנטלאָפן פון טרעבלינקע. ער האָט דערציילט אַזעלכע גרויליקע זאַכן וועגן לאַגער, אַז די פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן אַדורכגעלעבט אַלע שרעקלעכקייטן פון געטאָ און פון שפּעטערדיקן אויפשטאַנד, האָבן זיך נישט געקענט די גרויל־זאַכן פאָרשטעלן. דער יונגערמאַן האָט אָנגעשריבן אין אַ העפט זיינע איבערלעבענישן. פּרישדאָרף האָט דערביי צוגעגעבן: — צעלעק, דו מוזט ערגעץ באַהאַלטן דעם דאָזיקן קאַיעט, דאָס איז איינער פון די שוידער־לעכסטע דאָקומענטן פון אונזער צייט.

שפּעטער האָט גאַבריש אַרויסבאַקומען דעם העפט פון אַ באַהעלטעניש און האָט אים מיר דערלאַנגט. איך האָב גענומען דעם העפט אין דער האַנט אַריין און אויפגעמישט דאָס ערשטע בלעטל. באַלד אינדערהויך איז געווען אויפגעשריבן: „געווידמעט דעם אָנדענק פון מיין פרוי און מיינע צוויי קינדער, וועלכע איך האָב מיט מיינע אייגענע הענט פאַרברענט”.

לייענענדיק ווייטער, האָב איך אַ צאַפּל געטון: עס איז געשטאַנען דער נאָמען פון מחבר: סטראַווטשינסקי.

איך האָב אַ זאָג געטון צו גאַברישן:

— ברענג מיר שנעל אַהער דעם דאָזיקן ייד. איך מוז אים גלייך זען.

פאַר מיר האָט זיך גלייך באַוויזן דער מחבר פונם העפטל. אין קעגנזאַץ צו יענעם סטראַווטשינסקי מיט די בלאָנדע וואָנסעס, איז דער געווען פיל העכער און מער אַנטוויקלט. כאָטש ער האָט געהאַט הענט פון אַן אַרבעטער, אָבער אויפן פּנים האָט ער געהאַט דעם אָנבליק פון אַן אינטעליגענט.

איך האָב אים אָנגעהויבן אויסצופרעגן וועגן אויפשטאַנד, ער האָט אָבער נישט גערן געוואָלט וועגן דעם ריידן. ער האָט כּסדר פאַרקערעוועט אויף אַן אַנדערער טעמע.

— פרעגט מיך נישט וועגן דעם, האָט ער געזאָגט, אַלץ האָט זיך מיר אויסגעמישט אין קאָפּ. מיין ברודער האָט מיר צעדרייט די געדאַנקען. ער האָט מיר דערציילט די זעלבע געשיכטע ווי יענער אויף קראָקעווער פאָרשטאָט: ביידע זענען אַנטלאָפן פונם לאַגער בעת דער ערשטער שיסעריי. עס האָט זיי נאָכגעיאָגט אַן אוקראַאינער, ער האָט געשאָסן צו זיי און פון יענעם מאָמענט אָן איז דער ברודער פאַרשוואונדן געוואָרן. נישט אַנדערש, נאָר ער איז געפאַלן פון אַ קויל.

כדי צו זיין אינגאַנצן זיכער, אַז דאָס איז טאַקע דער ברודער, האָב איך אים געפרעגט: צי האָט איר געהאַט אַ שוועסטער, וואָס איז געווען אַקטיוו אין לאָדזשער שניידער־פאַראיין?

ער האָט אויף מיר אַ קוק געגעבן מיט חידוש: — יאָ, פונוואַנען ווייסט איר?

דאָס האָט מיך שוין פולשטענדיק איבערצייגט, אַז דאָס איז דער ברודער.

— זאָגט מיר, האָב איך אים געפרעגט, איר זענט טאַקע זיכער, אַז אייער ברודער איז אומגעקומען?

— יאָ, אינגאַנצן זיכער. כ׳האָב געהערט שיסן און זינט דעמאָלט איז ער פאַרשוואונדן געוואָרן. טאָ ווי קאָן עס זיין אַנדערש?

איך האָב אים אָנגענומען ביים אָרעם:

— הערט, האָב איך געזאָגט, דעם העפט אייערן נעם איך צו, ווייל ער האָט אַ גרויסע באַדייטונג. דערפאַר אָבער קאָן איך אייך אָנזאָגן אַ פריידיקע בשורה, אַ בשורה וועגן אייער ברודער. ער איז נישט אומגעקומען, ער לעבט. ער געפינט זיך אין וואַרשע, אין אונזערע הענט, און איך האָף, אַז איר וועט אים נאָך טרעפן.

דער יונגערמאַן האָט נישט געוואָלט גלויבן. ער האָט געמיינט, אַז כ׳זאָג עס סתם, כדי אים צו דערפרייען. איך האָב אים געגעבן אַלע סימנים, אַז דער ברודער האָט געהאַט אַ געשעפט פון וועש און אויך געשילדערט דעם אויסזען.

ביי די דאָזיקע ווערטער האָט זיך דער ייד איינגעבראָכן. איך האָב זיך דערשראָקן, צי ער האָט נישט באַקומען קיין האַרץ־אַטאַק פון דער אי־בערלעבונג. ס׳זענען באַלד אָנגעקומען די צוויי דאָקטוירים, וואָס האָבן זיך געפונען צווישן די פאַרטיזאַנער, און זיי האָבן אים אָפּגעמונטערט.

ווען ער האָט זיך אַ ביסל באַרואיקט, האָט ער געזאָגט: — איך קען נאָך אַלץ נישט גלויבן אַזאַ גליק. ער האָט מיר געגעבן זיינס אַ קליינע פאָטאָגראַפיע.

צוריקקומענדיק קיין וואַרשע פון מיין וויזיט אין די ווישקאָווער וועלדער האָב איך די פאָטאָגראַפיע דורך חברטע אַלאַ מאַרגאָליס איבערגעשיקט צו סטראַוטשינסקין מיטן אָנזאָג, אַז זיין ברודער לעבט און געפינט זיך אין אַ גרופּע אין וואַלד (ביידע ברידער האָבן שפּעטער, נאָך דער באַפרייאונג, מיך באַגעגנט. ביידע לעבן און געפינען זיך איצט אין מאָנטרעאָל, קאַנאַדע).

וואָס שייך דעם העפט וועגן טרעבלינקע, איז ער אומגעקומען. ער איז פאַרברענט געוואָרן ביים סוף פון פוילישן אויפשטאַנד, ווען די דייטשן האָבן אונטערגעצונדן אַלע הייזער אויף לעשנע גאַס און צוזאַמען מיט זיי — אויך אונזער גוטן בונקער אויף לעשנע 18.

ווען אַ גרופּע פון אונזערע חברים איז נאָך דער באַפרייאונג אַוועק צו די פאַרברענטע שטיינער פון דאָזיקן הויז, כדי צו זען צי עפּעס פונם אַרכיוו איז געוואָרן אָפּגעראַטעוועט, האָבן זיי דאָרט געפונען בלויז פאַרברענטע ציגל און בערגער אַש.

# 31. דער פוילישער אויפשטאַנד אין וואַרשע

אויף מזרח און מערב זענען היטלערס מעכטיקע אַרמייען געשלאָגן געוואָרן און זיי האָבן זיך געפּונען אין פּולן צוריקטריט. די אומזעבאַרע האַנט האָט אויף דער געשיכטלעכער וואַנט אויפגעשריבן פאַרן נאַציזם „טויזנט־יאָריקן רייך״ — מפּלה און צעשמעטערונג. אַלע האָבן געפילט בחוש, אַז די דייטשע מאָרד־ממשלה קומט צו איר סוף. די קריג־קאָמוניקאַטן פון די פאַרבינדעטע מלוכות וועגן די דייטשע מפּלות אויף די פראָנטן, וואָס מ׳האָט געהערט דורך די געהיימע ראַדיאָ־אַפּאַראַטן, האָבן אויף די צעפּייניקטע הערצער געווירקט ווי באַלזאַם. די וואַרשעווער איינוואוינער האָבן זומער 1944 באַקומען דאָס פאַרגעניגן צו הערן מיט די אייגענע אויערן די באָמבאַרדירונגען אויפן פראָנט, וואָס האָט זיך צוגערוקט צום רעכטן ברעג פון צענטראַלן פּוילישן טייך ווייסל.

ס׳איז געקומען די צייט פון פאַרוואַנדלען די אָנגעזאַמלטע פאַרביטערונג און צאָרן אין אַ ממשותדיקן געווער קעגן אוממענטשלעכן שונא. דער סאָוועטישער ראַדיאָ האָט כסדר גערופן די וואַרשעווער איינוואוינער אַרויס־צוטרעטן מיט געווער אין דער האַנט קעגן די דייטשע אָקופּאַנטן, וואָס זענען שוין געווען אַ שאָטן פון די נעכטיקע מערדערלעכע באַלעבאַטים. איבער די וואַרשעווער גאַסן האָבן זיך געצויגן קאַראַוואַנען נאַצישע סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיך אומגעקערט פון מזרח־פראָנט. זיי זענען געפאָרן מיט אַראָפּגע־לאָזענע קעפּ און מיט אויסגעלאָשענע אויגן. מ׳האָט געפירט טראַנספּאָרטן פאַרוואונדעטע, מיט פאַרבאַנדאַזשירטע קעפּ און צעבלוטיקטע אברים. די אויגן פון די וואַרשעווער איינוואוינער, און דער עיקר פון דעם ביסל אין געהיים לעבנדיקע יידן, האָבן זיך נישט געקאָנט זאַט אָנקוקן אויפן דאָזיקן דערפרייענדיקן בילד פון צעשניטענע און האַלב־דערשאָסענע נאַציס. איבער די וואַרשעווער גאַסן האָבן זיך אַוועקגעצויגן מחנות ציווילע דייטשן, וועלכע האָבן זיך פריער באַזעצט אין די אָקופּירטע געביטן. די דאָזיקע דייטשן, וואָס האָבן געלעבט אין וואוילטאָג אויפן חשבון פון דער געפּייניקטער און דער־מאָרדעטער באַפעלקערונג, האָבן זיך איצט געשלעפּט צוריקוועגס צו זייער

„היימאַט״. איבערן וואַרשעווער הימל האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן רוסישע אַעראָפּלאַנען. די שטימונג פון אַ גאַר נאָנטער באַפרייאונג איז געלעגן ביי יעדן אויפן געמיט. מען האָט גערעדט אויפן צייכן צום אויפשטאַנד. יעדער וואַרשעווער איינוואוינער האָט דעם אָנקומענדיקן אויפשטאַנד באַטראַכט נישט מער ווי אַ מין „פאָרמאַליטעט״, וואָס וועט בלויז אַרויפלייגן דעם שטעמפּל אויף אַן עקזיסטירנדיקן, פאַקטישן צושטאַנד.

צוליב דער געשאַפענער לאַגע איז גערופן געוואָרן אַ זיצונג פון בונדישן צענטראַל־קאָמיטעט אויף זשוראַוויע 24. צו דער זיצונג זענען געקומען: ד״ר ל. פיינער, ז. מושקאַט, ד״ר ס. ליפשיץ, ס. פישגרונד, י. סאַמסאָנאָוויטש, בערנאַרד גאָלדשטיין און איך. געפעלט האָבן די חברים מ. פאַפיער (וועלכער האָט נישט געקאָנט קומען פון זשאָליבאָזש) און מאַרעק עדעלמאַן, וועלכן מען האָט נישט באַוויזן צו ברענגען צו דער באַשטימטער צייט.

11 אַזייגער אינדערפרי האָט זיך אָנגעהויבן די זיצונג. ס׳איז געווען דער ערשטער טאָג פון אויגוסט. גלייך ביים אָנהויב פון דער זיצונג איז אַריינגעקומען די פוילישע באַלעבאָסטע פון דער דירה און האָט אונז לאַקאָניש געמאָלדן:

— כ׳האָב נאָר וואָס באַקומען אַ ידיעה, אַז היינט ברעכט אויס דער אויפשטאַנד (די פרוי איז געווען פאַרבונדן מיטן שטאַב פון אַרמיאַ קראַיאָוואַ).

היינט געשעעט עס! אונזער זיצונג איז שוין פאָרגעקומען אונטערן איינדרוק פון דער דאָזיקער קורצער אויפטרייסלענדיקער מעלדונג. איין פראַגע האָבן מיר באַהאַנדלט: אונזער אויפגאַבע אין דער איצטיקער סיטואַציע. די גרונט־פראַגע וועגן בונדישן אָנטייל אינם אויפשטאַנד איז נישט לאַנג צוריק באַהאַנדלט געוואָרן. ס׳איז געווען אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך, אַז מיר באַטייליקן זיך אינם אויפשטאַנד קעגן די נאַציס. אונזער אָנטייל דאַרף נישט זיין בלויז אַ פּלאַטאָנישער. אין די געהיימע און פאַרשלייערטע וואוינונגען האָבן זיך געפונען אַ צאָל באַוואָפנטע יידישע קעמפער, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין די שלאַכטן פון געטאָ און זענען שפּעטער אַרויסגעראַטעוועט געוואָרן אויף דער „אַרישער״ זייט. אַחוץ אַ טייל אומדערשראָקענע געטאָ־קעמפער האָבן מיר אויך געהאַט אַ גרופּע דאָקטוירים און קראַנקן־שוועסטער, וואָס וואָלטן נישט ווייניק צוניץ געקומען אינם קאַמף.

מיר זענען אויך געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט אַ גאַנצער ריי יידישע יוגנטלעכע, וואָס זענען געווען גרייט צו קעמפן קעגן די דייטשן.

מיר האָבן אָנגענומען פאָלגנדיקע באַשלוסן:

1) רופן אַלע פיזיש־פעאיקע יידישע מענער און פרויען אָנטיילצונעמען אין אויפשטאַנד;

2) רופן זיי אין זייערע וואויך־ראַיאָנען אָנצושליסן זיך אָן די סאָציאַ־ליסטישע גרופּן פון פּ. פּ. ס. אָדער פּ. אָ. ל. (לינקע פּ. פּ. ס.)

בערנאַרד גאָלדשטיין און איך האָבן געדאַרפט גלייך אַוועק אויף אַלט־שטאָט און אָרגאַניזירן דאָרט אונזערע קאַמף־גרופּן. אינמיטן דער זיצונג האָט זיך דערהערט אַ שיסעריי. דער אויפשטאַנד האָט זיך אָנגעהויבן! וואַרשע איז אַרויס אין קאַמף קעגן די נאַציס!

מיר האָבן באַפולמעכטיקט דעם חבר פיינער, אַז ער זאָל גלייך אַוועק אויף זשוראַוויע נומער 3, וואו ס׳האָט זיך געפונען דער פּ. פּ. סישער צענ־טער, און זאָל דאָרט מעלדן וועגן אונזערע באַשלוסן. אונזער רוף צו די יידישע קעמפער מוז קומען אָפיציעל — דורך די פּוילישע רעגירונגס־קאַנאַלן — צו דער עפנטלעכקייט. דער דאָזיקער רוף מוז איבערגעגעבן ווערן דורך ראַדיאָ און דורך פלוג־בלעטלעך.

די נאַציס האָבן באַזעצט פיל רעגירונגס־געביידעס, די בריקן און סטראַטעגישע פּונקטן, און האָבן זיך דאָרט פאַרטיידיקט קעגן די ערשטע אָנגריפן פון די אויפשטענדלער. די שטאָט וואַרשע, וואָס האָט פינף יאָר געקרעכצט אונטער דעם נאַצישן יאָך, האָט זיך געוועקט צו פרייהייט.

ווען בערנאַרד און איך זענען אַראָפּ אויף דער גאַס, האָט מען נישט געזען קיין לעבעדיקן מענטש, מ׳האָט בלויז געהערט שיסערייען. מיר האָבן זיך פאַרזיכטיק גערוקט ביי די ווענט, כדי אויסצומיידן די קוילן און דעם פאַלנדיקן טינק, אָבער ס׳איז געווען אוממעגלעך צו גיין פאַראויס.

אויף דער גאַס האָבן מיר געטראָפן ליגן אַ פאַרוואונדעטן מענטש. מיר האָבן אים אַ כאַפּ געטון אויף די הענט און בערנאַרד האָט אַ קלאַפּ געטון אין אַ פאַרמאַכטן טויער: — עפנט אויף! מיר טראָגן אַ פאַרוואונדעטן.

דער טויער האָט זיך געעפנט. אויפן הויף זענען געווען פאַרזאַמלט לאָקאַטאָרן אין שלאַכט־פערטיקייט. מיר האָבן זיך אַרומגעקוקט און דערזען פאַר זיך דעם קאָמענדאַנט פון הויף, אַן אַרומגערינגלטן מיט באַוואָפנטע מענער און פרויען. אַזוי האָט דעמאָלט אויסגעזען יעדעס הויז אין וואַר־שע. יעדעס הויז האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ מיליטערישן איינס, מיט אייגענע קעמפער, פייערלעשער, אַפּראָוויזאַציע־פאַרזאָרגער און מעדיצי־נישער הילף. אַחוץ דעם זענען די הויף געווען פאַרבונדן איינער מיטן אַנדערן דורך טונעלן און קעלערס און מען האָט געקאָנט זיך אַדורכקריגן דורך גאַנצע גאַסן.

בערנאַרד און איך האָבן באַשלאָסן, היות ס׳איז אוממעגלעך צוצוקומען אויף מיאָדאָווע גאַס צוליב דער שטאַרקער שיסעריי, זאָלן מיר זיך דערווייל צוריק אומקערן אויף זשוראַוויע 24.

צוליב דער שיסעריי האָט דער צוריקוועג געדויערט קנאַפּע פערטהאַלבן שעה. ווען מיר זענען אַריינגעקומען צו אונז אין טויער אַריין, איז שוין

דאָרט געשטאַנען אַ באַוואָפנטע וואַך, מיט רויט־ווייסע אָרעם־בענדער, וואָס האָט געהיטן, אַז אין הויף זאָלן נישט אַריינקומען קיין פרעמדע.

ביין אָוונט האָט זיך אינם הויף דערהערט אַן אַלאַרם. מ׳האָט אויסגערופן, אַז אַלע געזונטע פרויען און מענער זאָלן גלייך אַראָפּ אויפן הויף. נאָכן אַראָפּקומען אויפן הויף האָט סאַמאָסאָנאָוויטש אונז צוגעפירט צום הויז־קאָמענדאַנט און אים געמאָלדן, אָנווייזנדיק אויף אונז: — דאָס זענען מיינע פריינט, זיי האָבן זיך גראָד געפונען ביי מיר צוגאַסט, ווען דער אויפשטאַנד איז אויסגעבראָכן און זיי קאָנען זיך נישט אומקערן אַהיים. דער קאָמענ־דאַנט האָט אויף אונז אַ קוק געגעבן און האָט געזאָגט: — אויב איר קענט זיי און נעמט אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר זייער אויפפירן זיך, קאָנען זיי דאָ בלייבן און באַטייליקן זיך אינם קאַמף צוגלייך מיט יעדן פון אונז.

די לאָקאַטאָרן זענען אַראָפּגעקומען פון די שטובן און האָבן זיך פאַר־זאַמלט, כדי אויסצוהערן די פאַראָרדנונגען פונם קאָמענדאַנט, וועלכער האָט געמאָלדן, אַז פון איצט אָן געפינט זיך דאָס גאַנצע הויז אונטער זיין קאָ־מאַנדע און יעדער באַפעל דאַרף דערפילט ווערן מיט דער גאַנצער פינקט־לעכקייט.

ער האָט גלייך צעטיילט די איינוואוינער אויף צוויי טיילן. איין טייל האָט ער באַפוילן צו פאַרנעמען פּאָזיציעס אין די קאָרידאָרן און אויפן דאַך, כדי צו שיצן דאָס הויז פון שרפות. דעם אַנדערן טייל האָט מען געגעבן לאָ־פּאַטעס און אייזערנע שטאַבעס. די גרופּע איז אַרויס אויף דער גאַס אויפ־שטעלן באַריקאַדן. מיר זענען געווען צווישן זיי. די זעלבע פאַראָרדנונגען זענען אויך געגעבן געוואָרן אין אַנדערע הייף. די גאַנצע גאַס האָט געראַיעט מיט מענטשן, וועלכע האָבן געריסן די שטיינער פון ברוק און האָבן אָנגע־הויבן צו בויען באַריקאַדן.

די שטימונג איז געווען אַ גאָר געהויבענע. ס׳האָט דערמאָנט די ערשטע טעג פון סעפּטעמבער 1939, ווען יעדער איז געווען פול מיט אַנט־שלאָסנקייט צו שלאָגן די „שוואַבן״.

צוועלף ביינאַכט זענען מיר געווען פאַרטיק. אונזער גאַנצע גאַס איז געווען איבערגעשניטן מיט באַריקאַדן. ווען מיר האָבן זיך געלייגט שלאָפן, האָבן שוין אין מזרח פון הימל זיך אָנגעצונדן די ערשטע ליכטיקע פּאַסן. מיר זענען געווען אויסגעמאַטערט און גלייכצייטיק פאַרשיכורט פונם ערשטן גורלדיקן טאָג פון אויפשטאַנד.

איך האָב נישט געקאָנט אַ לאַנגע צייט איינשלאָפן. אין די געדאַנקען האָבן זיך מיר כסדר געפלאָנטערט בילדער פון דעם געטאָ־אויפשטאַנד אין 1943 און פון די היינטיקע ערשטע אויפשטאַנד־שעהן. איך האָב געוואוסט, אַז אין איצטיקן מאָמענט ליגן אין די וואוינונגען און בונקערס טויזנטער יידן און וואַרטן מיט צאַפּלדיקע הערצער אויפן אויסגאַנג פון די אָנגעהויי־

בענע קאַמפּן. יעדער שאָס, וואָס הילכט אָפּ אויף דער גאַס, שלאָגט זיך אָפּ מיט אַ צענפאַכיקן עכאָ אין זייערע אומרואיקע געמיטער. וואָס וועט ברענגען דער מאָרגנדיקער טאָג? צי וועלן מקוים ווערן די אָפּטימיסטישע נבואות, אַז דער אויפשטאַנד וועט נישט דויערן מער ווי צוויי־דריי טעג און וואַרשע וועט ענדלעך באַפרייט ווערן? צי וועט קומען דער סוף צו דעם מאַראַנען־קאַפּיטל פון דעם איבערגעבליבענעם הייפל יידן?

צומאָרגנס אינדערפרי איז דער חבר פיינער אַוועק אויף זשוראַוויע 3, וואו ער האָט געמאָלדן דעם פּ. פּ. ס.ישן פאָרשטייער זיגמונט זאַרעמבאַ וועגן אונזער רוף צו די באַהאַלטענע יידן אַרויסצוטרעטן אין שלאַכט קעגן די נאַציס. דאָרט האָט ער אויך איינגעשטעלט אַ קאָנטאַקט מיט דער פּ. פּ. ס.ישער מיליץ. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן אַז ד״ר ליפשיץ, סאַמסאָנאָ־וויטש און איך זאָלן אַוועק צו דער מיליטערישער קאָמאַנדע פון פּ. פּ. ס. אויף ווספּולנע 20 און איינשרייבן זיך אין דער מיליץ.

מיר האָבן זיך געזעגנט מיט די איבערגעבליבענע חברים און מיט דער באַלעבאָסטע פון דער דירה. דורך קעלערן און טונעלן האָבן מיר אָנ־געהויבן צו באַוועגן זיך אין דער ריכטונג פון דער פּ. פּ. ס.ישער הויפּט־קוואַרטיר. אומעטום ביי די אַריינגענג פון די אונטערערדישע וועגן זענען געשטאַנען באַוואָפנטע וואַכן מיט ווייס־רויטע אָרעם־בענדער און זיי האָבן קאָנטראָלירט אונזערע דאָקומענטן. זיי האָבן אויך פאַרלאַנגט פון אונז דעם געהעריקן פּאַראָל. ערשט נאָך דער דאָזיקער שטרענגער קאָנטראָל האָבן מיר געקאָנט גיין ווייטער.

אויף ווספּולנע 20 זענען מיר אָנגעקומען מיט אַן ערך אַ שעה שפּעטער. מיר האָבן דאָרט געטראָפן אַ גאַנצע ריי פּ. פּ. ס.ישע חברים און צענדליקער יוגנטלעכע פּוילישע אַרבעטער, וועלכע זענען געוואָרן מאָביליזירט אין די קאַמפּס־גרופּן. צווישן די מיליציאָנערן האָבן זיך געפונען נישט בלויז סאָ־ציאַליסטן, נאָר אויך צופעליקע איינוואוינער פון די שכנותדיקע הייזער. צוליב זיי האָבן מיר ווידעראַמאָל געמוזט זיך שטאַרק קאָנספּירירן. בלויז דער הויפּט־קאָמענדאַנט האָט געוואוסט אונזער יידישן סוד. פאַר דעם אי־בעריקן מיליציאָנערן־עולם האָבן מיר געגאָלטן ווי פּאָליאַקן.

ד״ר ליפשיץ איז באַשטימט געוואָרן, אַז ער זאָל אָנפירן מיט דער מעדי־צינישער הילף. אַחוץ פּראַקטישער הילף פאַר פאַרוואונדעטע האָט ער אויך געדאַרפט האַלטן אויפקלערונגס־לעקציעס, און ער האָט געדאַרפט אויסשולן אַ גרופּע קראַנקן־שוועסטער. סאַמסאָנאָוויטש און איך זענען צוגעטיילט גע־וואָרן צו דער מיליץ. מיר האָבן באַקומען לעגיטימאַציעס און געווער.

דער קאָמענדאַנט פון ראַיאָן, אַן אַלטער פּ. פּ. ס.ישער טוער, האָט אַדורכגעפירט מיט אונז מיליטערישע איבונגען און געלערנט ווי אַזוי צו באַגיין זיך מיטן געווער. אַנדערע וועלכע זענען נישט געוואָרן צוגעטיילט

דירעקט צו די מיליץ־אָפּטיילונגען, האָבן זיך געאיבט אין לעשן פייערן און אין אַנדערע רעטונגס־אַרבעטן.

באַלד ביים אָנקומען האָב איך צווישן דער מחנה מיליציאָנערן דערזען פּאַר זיך עטלעכע יונגע מענטשן מיט בולטע יידישע געזיכטער. זיי האָבן זיך געהאַלטן אין אַ זייט און אויף די פּנימער זייערע איז געלעגן אַ נישט־זיכערקייט. איך האָב באַשלאָסן צו זיי זיך דערנענטערן, אָבער ווי אַזוי מאַכט מען עס, אַז די פּאָליאַקן זאָלן עס נישט באַמערקן? ביינאַכט האָב איך מיך אָוועקגעלייגט ביי איינעם פון די דאָזיקע יונגעלייט. איך האָב צו אים אַ פּליסטער געטון: — יהודי? ער האָט מיך אָנגעקוקט און אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ אויף יאָ...

כ׳האָב זיך צו אים נענטער צוגעבויגן און געפרעגט: — פון וואַנען קומסטו? מיט געפּרעסטע און געציילטע ווערטער האָט ער דערציילט, אַז דאָ נישט ווייט, אויף ווספּולנע 10, געפינט זיך אַ בונקער מיט 5 יונגע יידישע מענטשן — צוויי פרויען און דריי מענער. זיי זענען די גאַנצע צייט געווען באַהאַלטן. ווען דער אויפשטאַנד איז אויסגעבראָכן, האָבן זיי געמיינט אַז ס׳האָט געשלאָגן די שעה פון באַפרייאונג. איצט זעען זיי, אַז ביי די פּאָליאַקן איז אויך נישט זיכער... זיי האָבן שוין געפילט אויף זיך גאַליקע בליקן פון זייערע מיטקעמפער און האָבן שוין אַפילו געהערט אַרום זיך אַ שושקעריי, אין וועלכער דאָס וואָרט „זשיד" האָט זיך איבערגעחזרט.

צומאָרגנס אינדערפרי זענען זיי צוריק פאַרשוואונדן געוואָרן.

איך בין דעם פרימאָרגן געלעגן אויף מיין געלעגער און געטראַכט וועגן דעם גרויל פון דער יידישער לאַגע. ביז איצט זענען די יידישע מאַראַנען געלעגן באַהאַלטן אין זייערע באַהעלטענישן, אויסגעשטעלט אויף כסדר־דיקער געפאַר אַנטדעקט צו ווערן דורך די דייטשע תליונים. זיי זענען אָבער געלעגן באַהאַלטן און האָבן על־פּי־רוב געהאַט אַ קאָנטאַקט מיטן געהיימען יידישן קאָאָרדיניר־קאָמיטעט, וועלכער האָט זיי דורך קוריערן באַזאָרגט מיט מאַטעריעלער הילף. איצט זענען זיי צוליב די קריגס־אָפּע־ראַציעס געצוואונגען געוואָרן צו פאַרלאָזן זייערע באַהעלטענישן און צו באַווייזן זייערע יידישע פּנימער צווישן די פּאָליאַקן, צווישן וועלכע עס האָט געהערשט אַן אַנטיסעמיטיזם. זיי זענען אויך פּלוצלונג אָפּגעשניטן געוואָרן פון דער הילף פון קאָאָרדיניר־קאָמיטעט, וועלכער האָט צוליב די שיסערייען נישט געקאָנט באַזאָרגן זיין הילף. טאָמער איז דאָס נאָך געווען ווייניק, האָבן פון פאַרשידענע זייטן אָנגעהויבן אָנקומען ידיעות וועגן אַנטי־יידישע אַקטן פון כוליגאַנעס און פּראָוואָקאַטאָרן. דאָס באַווייזן זיך פון באַהאַלטענע יידן אויף די הייף, האָט פאַרגרעסערט די צאָל פאַרברעכערישע „שמאַלצאָווניקעס", וועלכע האָבן פאַר זיך דערזען אַ נייע געלעגנהייט צו באַראַבעווען די הילפלאָזע קרבנות. צווישן די פּוילישע לאָבוסעס איז געווען פאַרשפּרייט אַ מיינונג, אַז די באַהאַלטענע יידן זענען געווען אָנגע־

שטאָפּט מיט געלט און צירונג. זיי האָבן די יידן געשלאָגן מכות רצח, כדי פון זיי אַרויסצופּרעסן די „באַהאַלטענע אוצרות".

איך אַליין בין געווען אַן עדות, ווי אַ באַנדע פּוילישע כוליגאַנעס איז באַפאַלן אַ יידיש מיידל און געפּאָדערט, זי זאָל אָוועקגעבן איר „פאַר־מעגן". דאָס מיידל, אָנגעטון אין אַ לייכט, אָרעם מענטעלע, האָט געטענהט, אַז זי האָט נישט קיין שום פאַרמעגנס, אַז זי האָט נישט מיט וואָס דעם טאָג איבערצולעבן, אָבער די כוליגאַנעס האָבן זי אויף אַ ברוטאַלן אופן באַזוכט, דערלאַנגט קלעפּ און זי איז קוים אַנטרונען געוואָרן פון זייערע הענט. איך בין געשטאַנען פונדערווייטנס מיט פאַרקריצטע ציין און האָב זיך נישט געטאָרט אַריינמישן, כדי אַליין נישט צו מסרן זיך פאַר די דאָזיקע אויס־וואורפן מיט מיין יידישקייט.

אַ צווייט מאָל האָב איך אין איינעם פון די קעלערן געזען אַ בילד, וואָס האָט לאַנג זיך איינגעשניטן אין מיין זכרון. פון די באַהעלטענישן איז אַרויסגעקומען אַ מיטליעריקער ייד מיט אַ באָרד. דאָס איז געווען אַ רע־ליגיעזער ייד, וועלכער האָט אַפילו אין די דאָזיקע בלוטיקע צייטן די באָרד נישט אָפּגעשוירן. ווען ער איז אַרויסגעקומען אינדרויסן, איז ער גלייך געוואָרן אַ ציל־ברעט פאַר פּוילישער כוליגאַנעריע. איך האָב אים געטראָפן אין אַ מאָמענט, ווען ער איז געשטאַנען אין אַ קעלער, אַן אַרומ־גערינגלטער פון אַ באַנדע אויסוואורפן, וועלכע האָבן אים געשטויסן פון אַלע זייטן און געשריגן: — זשידזשע, גיב אַהער געלט!

דער ייד האָט זיך נישט געקאָנט פון זיי אַרויסדרייען. זיי האָבן אים גע־שטויסן און געשלאָגן און ס'האָבן נישט געהאָלפן זיינע פאַרזיכערונגען, אַז ער פאַרמאָגט גאָרנישט. זיי האָבן דאַן פאַרלאַנגט פון אים, אַז ער זאָל זיי זאָגן, וואו ער ליגט באַהאַלטן, וועלן זיי אַהינגיין און „אַדורכפירן אַ רעוויזיע".

איך האָב אויסגענוצט אַ מאָמענט, ווען די כוליגאַנעס האָבן אים אַ וויַל אָפּגעלאָזט, כדי זיך צו באַראַטן וואָס ווייטער צו טון מיט זייער קרבן, און כ'האָב אַריינגעשטופּט אין זיין האַנט אַריין 1,000 זלאָטעס אויף אויסקויפן זיך פון די שאַנטאַזשיסטן. דער ייד האָט געקוקט אויף מיר מיט אויפגעריסענע אויגן. ער האָט זיך נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון ווער ס'איז דער דאָזיקער „קריסט", וואָס האָט אים פּלוצלונג אַריינגעשטופּט געלט אין דער האַנט אַריין. איך האָב אים נישט אויסגעזאָגט מיין יידישן סוד און כ'בין שנעל אַוועק פון דאָזיקן אָרט, כדי נישט אַליין געשטעלט ווערן אין סכנה. וואָס ס'איז מיט דעם ייד געשען, ווייס איך נישט.

ענלעכע פאַלן — און נאָך מער טרויעריקע — זענען געווען אין אַ סך ערטער, וואו באַהאַלטענע יידן זענען געצוואונגען געוואָרן אַראָפּצוגיין אויף די הייף. די ידיעות וועגן דעם האָבן זיך ווי טראָפּנס סם אַריינ־געגאָסן אין אונזערע הערצער. איך האָב געוואוסט, אַז דאָס לעבן פון די

טרויעריקע רעשטלעך פון די וואַרשעווער יידן איז איצט געשטעלט געוואָרן אין קאָן. דאָס איינציקע, וואָס האָט געקאָנט זיי אָפּראַטעווען, איז געווען אַ שנעלער און אַ פולשטענדיקער נצחון איבער די דייטשן, דאָס אויפשטעלן אַ לעגאַלע מאַכט און דאָס פאַראייניקן די וואַרשעווער אַרומגערינגלטע פעסטונג מיט דער איבעריקער וועלט. דאָס אַלץ האָט אָבער געדאַרפט געשען בליץ־שנעל. יעדע שעה איז געווען אָנגעפילט מיט געפאַר, מיט פּיין. דעריבער האָבן זיך די מינוטן פאַר אונז געצויגן ווי גאַנצע מעת־לעתן. דעריבער איז פאַר אונז מער ווי פאַר אַנדערע געשטאַנען די פראַגע: צי וועט דער נצחון טאַקע דערגרייכט ווערן אַזוי שנעל ווי מען האָט פאָראויס געזען? צי וועט די סאָוועטישע אַרמיי טאַקע אַריינמאַרשירן און צוהעלפן צום זיג?

נאָכן דריטן טאָג פונם אויפשטאַנד איז קלאָר געוואָרן, אַז די האָפענונגען אויף אַ שנעלן נצחון זענען געווען פוסטע. די סאָוועטישע אַרמיי האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף יענער זייט ווייסל און האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין שום סימנים צו קומען צו הילף די אויפשטענדלער. פון דער צווייטער זייט האָבן די דייטשן גענומען וואַרפן אין קאַמף אַריין שטאַרקערע מיליטערישע פאָרמאַציעס און זיי האָבן באַקומען אַ שטאַרקן איבערגעוויכט.

די פוילישע ווייס־רויטע פענער, וואָס זענען אַרויסגעהאָנגען געוואָרן אויף אַ סך הייזער, זענען צוריק געוואָרן אַראָפּגענומען. די אָנפירונג פונם אויפשטאַנד האָט זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז מען דאַרף זיך צוגרייטן צו לאַנגע און פאַרעקשנטע שלאַכטן. פאַר אונז, יידן, איז די דאָזיקע פלוצלונג־געענדערטע לאַגע געווען אַ מוראדיקער קלאַפּ. די אַלגעמיינע אַנטוישונג פון דער באַפעלקערונג איז פאַר אונז געווען אַן אָנזאָג פון אַ ביטערן געראַנגל פאַר עקזיסטענץ.

אין שייכות דערמיט איז גערופן געוואָרן אַ זיצונג פון אונזער צענטראַל־קאָמיטעט אין דער וואוינונג אויף זשוראַוויע גאַס. די שטימונג אויף דער דאָזיקער זיצונג איז געווען אַ געדריקטע. יעדער האָט זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז טאָמער וועט דער אויפשטאַנד אַדורכפאַלן, וועט דאָס באַדייטן פרישע, לעבנס־געפערלעכע צרות פאַר די טויזנטער פאַרקאָנספּירירטע יידן. חוץ דער דאָזיקער פּערספּעקטיוו, זענען שוין איצט אַנטשטאַנען פּראָבלעמען, וואָס מ׳האָט נישט געקענט אָפּלייגן.

ערשטנס — און דאָס איז געווען דאָס וויכטיקסטע — האָבן מיר פאַרלוירן די קאָנטאַקטן. אונזערע קוריערן האָבן צוליב די קריגס־אָפּעראַציעס נישט געקאָנט צוקומען צו די באַהעלטענישן, בונקערס און דירות און די יידן זענען ממש אויסגעשטעלט געוואָרן אויף אַ הונגער־טויט. טויזנטער יידן זענען איצט געלעגן צעוואָרפן איבער פאַרשידענע טיילן פון דער שטאָט און האָבן אומזיסט געוואַרט אויף דער מאַטעריעלער און מאָראַלישער הילף, וואָס זיי האָבן באַקומען פון יידישן קאָאָרדיניר־קאָמיטעט.

דער אויפשטאַנד האָט בכלל גורם געווען אין דער שטאָט אַ שטאַרקן הונגער. וואַרשע איז געוואָרן אָפּגעשניטן פון די אַרומיקע דערפער, פון אירע אַפּראָוויזאַציע־צושטעלער. די שפּייז־זאַפּאַסן זענען נישט געווען אויס־גערעכנט אויף אַ לענגערער צייט. אַחוץ דעם איז דער צופיר פון שפּייז פון איין ראַיאָן צום אַנדערן נישט געווען מעגלעך. געוויסע ראַיאָנען, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין גענוגנדיקע זאַפּאַסן, זענען באַלד אין אָנהויב פאַרמשפּט געוואָרן אויף הונגער־נאָרמעס. גאָר ביטער האָט דער דאָזיקער הונגער זיך אָפּגערופן אויף יידן. אין פאַרשידענע פּונקטן פון דער שטאָט זענען איינגע־אָרדנט געוואָרן קיכן פאַר די נאָנטסטע פאָר הייף, אָבער יידן, אויף וועלכע מען האָט דערקענט זייער יידישקייט, זענען געוואָרן שלעכט באַהאַנדלט און אָפּטמאָל האָט מען זיי אינגאַנצן אַרויסגעוואָרפן פון די רייען.

צו אונז זענען כסדר אָנגעקומען ידיעות וועגן אַ גרויסן אַנטיסעמיטיזם, וועגן דער וואַקסנדיקער חוצפּה פון די שמאַלצאָווניקעס, וואָס האָבן מיט נישט קיין קלענערער ברוטאַלקייט ווי פריער אויסגעפּרעסט דעם מאַרך פון די ביינער ביי דעם ביסל לעבן־געבליבענע יידן. אויך צווישן די אויפ־שטענדלער גופא און אַפילו צווישן געוויסע העכערע אָפיצירן איז געווען אַ פיינטלעכע איינשטעלונג צו יידן. ס'זענען אַפילו דערגאַנגען צו אונז ידיעות וועגן יידן, וואָס זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די פּאָליאַקן אַלס כלומרשטע דייטשע אַגענטן. צו דעם אַלעם איז נאָך צוגעקומען וואָס מיר אַליין — דער בונדישער צענטראַל־קאָמיטעט — איז געבליבן אָפּ־געשניטן פון די נאָרמאַלע קאָנטאַקטן און מיר האָבן נישט באַקומען מער קיין געלט, מיט וועלכן מיר וואָלטן געקאָנט עפּעס אויפטאָן פאַר אונזערע חברים און פאַר די יידן, מיט וועלכע מיר זענען געשטאַנען אין פאַר־בינדונג.

דאָס אַלץ האָט גורם געווען, אַז די שטימונג אויף דער זיצונג איז געווען אַ געדריקטע. וויפל מיר האָבן נישט געפּרואווט צו געפינען אַ לייזונג צו די פאַרשידענע שוועריקייטן, זענען מיר כסדר שטיין געבליבן פאַר אַ האַרטער וואַנט. פון דרויסן איז דערגאַנגען אַ כסדרדיקע שיסעריי. אָבער מיר האָבן שוין איצט געוואוסט, אַז די דאָזיקע שאָסן זענען נישט קיין אָנזאָג פון „פאַרטרייבן די דייטשן", נאָר פון אַ שלאַכט, וואו די כוחות זענען ווייט נישט געווען קיין גלייכע. די אויפשטענדלער האָבן געהאַט אין זייער רשות גאָר קליינע געווער־זאַפּאַסן, בעת די נאַציס האָבן אָנגעהויבן אַריינ־וואַרפן אין שלאַכט זייער גרויסע מיליטערישע מאַשין.

די פּראָבלעמען זענען אַריבערגעוואַקסן אונזערע מעגלעכקייטן. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז לעאָן פיינער זאָל זיך גלייך טרעפן מיט די אָנפירער פון פ. פ. ס. און אויך מיט די פאַרשטייער פון דער פּוילישער רעגירונג און זאָל פאַרלאַנגען, אַז אין די פאַרשידענע פּאַרטיי־ביולעטינען און פלוג־בלעטלעך, וואָס זענען דערשינען אין דער שטאָט, זאָל אָפּגעדרוקט ווערן אַ

רוף וועגן אָפּשטעלן די טעראָר־אַקטן קעגן יידן. אַחוץ דעם זאָלן אויך די רעגירונגס־בלעטער איינמאָל פאַר אַלע מאָל קלאָר זיך אַרויסזאָגן וועגן יידן־גלייכהייט און וועגן אָפּשאַפן די נאַצישע ראַסיסטישע געזעצן.

וואָס שייך דעם פאַרלוירענעם קאָנטאַקט מיט די יידן, בין איך באַפול־מעכטיקט געוואָרן צוריקצושטעלן זיך מיט זיי אין פאַרבינדונג. צו דעם האָב איך געדאַרפט באַקומען אַ באַפרייאונג פון דער פּ. פּ. ס.ישער מיליץ און אַ דאָקומענט, וואָס דערלויבט מיר צו באַוועגן זיך אין דער שטאָט אַלס מיליטערישער קוריער.

* * *

ווען איך בין אָנגעקומען צו מיין מיליץ־קאָמענדאַנט וועגן דער דאָזיקער באַפרייאונג, איז אַנטשטאַנען אַ סיבה, וואָס האָט אָפּגערוקט דעם אָנהויב פון מיין קוריער־אויפגאַבע אויף אַ מעת־לעת. דער מיליץ־קאָמענדאַנט האָט אונז אַלע צוזאַמענגערופן אויפן הויף און האָט אונז מודיע געווען, אַז קיינער פון אונז טאָר זיך נישט דערווייטערן פון די קאַשאַרן (קאַזאַרמע). ער האָט נאָר־וואָס באַקומען אַ טעלעפאָנישע ידיעה פונם הויפּט־שטאַב, אַז אין דער נייער פּאָסט־געביידע אויף דער גאַס פון פּויבסט פּיוס קומען פאָר פאַרביסענע קאַמפן צווישן די אויפשטענדלער און די געשטאַפּאָ־אָפּ־טיילונגען פון דער שכנותדיקער אַלייע שוכאַ. די געשטאַפּאָ־אָפיצירן און זעלנער האָבן זיך באַזעצט אויף די אויבערשטע שטאָקן פונם בנין און שטעלן אַ ווידערשטאַנד די אָנגרייפנדיקע אויפשטענדלער. אַ ליאַדע מינוט קאָן אָנ־קומען אַ באַפעל, אַז אונזער אָפּטיילונג דאַרף גיין צו הילף. דעריבער דאַרף מען שטיין אין כסדרדיקער גרייטשאַפט און וואַרטן אויף ווייטערדיקע אינסטרוקציעס.

איך מוז מודה זיין, אַז די דאָזיקע ידיעה האָט מיך פּערזענלעך גאָר שטאַרק דערפרייט. כ'האָב זיך טאַקע געריסן צו גיין אויף דער דאָזיקער פּאָזיציע, וואו עס קומט פאָר אַ שלאַכט מיט די גרעסטע רוצחים צווישן די נאַציס. די צענטראַלע פון דער נאַצישער געהיים־פּאָליציי איז געווען באַ־רימט מיט אירע גרוילטאַטן און מערדערייען. אין די קעלערן פון יענער געשטאַפּאָ־צענטראַלע זענען פאָרגעקומען אומבאַשרייבלעכע גהינום־סצענעס. די געשטאַפּאָניקעס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט אומבאַשרייבלעכער בעסטיאַ־לישקייט. איצט איז די דאָזיקע באַנדע אויסוואורפן אַרומגערינגלט געוואָרן און עס האָט דערביי אַז זיי זאָלן אַריינפאַלן צו אונז אין די הענט.

איך בין געלעגן אַ גאַנצע נאַכט צוזאַמען מיט די אַנדערע מיליציאָנערן און געוואַרט אויפן באַפעל. דער שלאָף האָט נישט געוואָלט אַראָפּנידערן אויף מיינע אויגן. איך האָב זיך דערמאָנט די צוואות, וואָס זענען איבערגע־

לאָזט געוואָרן דורך אומגעבראַכטע יידן: נעמט נקמה פאַר אונזער פאַרגאָסן בלוט!

פאַרטאָג איז אָנגעקומען דער באַפעל. דער הימל איז שוין געווען אַ ליכטיקער. דער קאָמענדאַנט האָט אונז צונויפגערופן און איבערגעגעבן קורץ:
— די געביידע פון דער פאָסט, וואו די דייטשן האָבן זיך פאַרטיידיקט, איז באַוואָרפן געוואָרן מיט גראַנאַטן. דאָס הויז האָט געגומען ברענען און די נאַציס האָבן זיך אונטערגעגעבן. זיי האָבן אַרויסגעהאַנגען ווייסע פענער. אונזער אויפגאַבע איז איצט אָנצושליסן זיך אָן דער אויפשטענדלער־אָפּ־טיילונג און פאַנגען די געשטאַפּאָ־אָפיצירן, וואָס האָבן זיך באַהאַלטן אין די פאַרשידענע קעלערן און בוידעמער פונם בנין. און דאַן האָט דער קאָ־מענדאַנט צוגעגעבן: — אונזער אָנפירערשאַפט האָט אַרויסגעגעבן אַ באַ־פעל, אַז אין געפאַנגענשאַפט דאַרפן געגומען ווערן בלויז געווײנלעכע רייכס־ווער־סאָלדאַטן און ציווילע, דאַקעגן געשטאַפּאָווצעס און ס. ס.־לייט דאַרפן דערשאָסן ווערן אויפן אָרט.

דעם לעצטן באַפעל האָט ער צוויי מאָל נישט געדאַרפט איבערחזרן. מיר האָבן אַוועקגעמאַרשירט אויף דער פּיוסאַ גאַס, באַוואָפנט מיט רעוואָל־ווערן און ביקסן, ווי אויך מיט העק און לאָפּאַטעס. מיר זענען זיך צעלאָפן איבער די קאָרידאָרן און קעלערן אין אַ געיעג נאָך די באַהאַלטענע נאַציס. די קעלערן זענען געווען אָנגעפילט מיט זאַפּאַסן עסנוואַרג, וואָס די נאַציס האָבן זיך דאָ צוגעגרייט: זעק צוקער, פליישן, קאָנסערוון פּושקעס, פּאַפּיראָסן, ווייַן. איך האָב אַרומגענישטערט אין אַלע ווינקלען, אָבער אין ערגעץ האָב איך קיין באַהאַלטענעם דייטש נישט געפונען. אַרויסקומענדיק צוריק אויפן הויף, האָב איך דערזען 24 געשטאַפּאָ־לייט, וואָס זענען געפאַנגען געוואָרן דורך די אויפשטענדלער. זיי זענען געשטאַנען אַוועקגעשטעלט ביי דער וואַנט, אָנגעטון אין זייערע עלעגאַנטע מונדירן.

דער פּסק־דין איז שנעל אויסגעפירט געוואָרן. עס האָבן זיך דערהערט שאָסן און אין אַ רגע אַרום זענען זיי געלעגן אומבאַוועגלעכע אויף דער ערד.

אונזער מיליץ־אָפּטיילונג האָט אָפּגערוימט דאָס פאַרנומענע הויז. די געשטאַפּאָ־לייט זענען געוואָרן ליקווידירט, אַלע אַנדערע דייטשן זענען אָפּגעפירט געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט. די שפּייז איז אוועקגעפירט געוואָרן אין די צענטראַלע אַפּראָוויזאַציע־פּונקטן און זיי האָבן באַרייכערט די ראַציאָן־קיכן. וויסנדיק וועגן דעם הונגער, וואָס האָט געהערשט ביי אונז אין דער וואוינונג אויף זשוראַוויע, האָב איך מיטגענומען עטלעכע פּושקעס פעטס און 1,000 פּאַפּיראָסן פאַר אונזערע חברים.

צוריקקומענדיק צו די מיליץ־קאָשאַרן אויף ווספּולנע 20, האָב איך דאָרט געטראָפן אונזער קריסטלעכע באַלעבאָסטע פון זשוראַוויע גאַס. איך האָב איר דערציילט וועגן אונזער אַקציע קעגן די געשטאַפּאָ־לייט און כ׳האָב

איר אויך מיטגעגעבן די פּאַפּיראָסן און די פּושקעס פּעטס. די דאָזיקע מתנה האָט ביי איר אַרויסגערופן אומבאַשרייבלעכע פרייד.

די אַלגעמיינע לאַגע האָט אין אָנהויב־פּעריאָד פון אויפשטאַנד אויסגעזען בערך אַזוי: דער גרעסטער טייל פון שטאָט האָט זיך געפונען אין די הענט פון די אויפשטענדלער. אויף אַ ריי דייטשע פּאָזיציעס האָבן די נאַציס אַרויסגעהאָנגען ווייסע פענער און זיך איבערגעגעבן אין געפאַנגענשאַפט. זיי האָבן פאַרלוירן די פאַרבינדונגען מיט זייער אַרמיי און די אויפשטענדלער האָבן אונטערגעצונדן די דייטש־באַזעצטע הייזער מיט צינד־באָמבעס. ס׳האָט זיי געדראָט פאַרברענט צו ווערן לעבעדיקערהייט — זיי האָבן קיין ברירה נישט געהאַט. אָבער אין דער זעלבער צייט האָבן זיך פיל וויכטיקע סטראַטעגישע פּאָזיציעס געפונען אין די הענט פון די נאַציס. זיי האָבן געהאַט די קאָנטראָל איבער אַלע דריי בריקן און איבער דעם גאַנצן וועג, וואָס האָט געפירט פון דער קערבעדזש־בריק ביז וואָליע, דאָס הייסט די פאַרבינדונגס־וועגן צווישן מזרח און מערב. די גרעסטע שלאַכטן זענען דעמאָלט פאָרגעקומען אויף אַלט־שטאָט, ביי דער באַן־ליניע, אין זשאָליבאָזש און אַרום דער קערבעדזשער בריק. דאַקעגן האָבן די דייטשן אויפגעגעבן זייערע פּאָזיציעס אין מאָקאָטאָוו, אויף דער מאַרשאַלקאָווסקע גאַס און אַרום דעם מאַלאַכאָווסקי־פּלאַץ.

אין שטאָט האָבן זיך אָנגעהויבן באַוויזן ביולעטינען און צייטונגען (אין אַ פאַרקלענערטן פאָרמאַט) פון דער רעגירונג און פון כמעט אַלע פּאַרטייען. אויך די פּ. פּ. ס. האָט אַרויסגעגעבן איר אָרגאַן — דעם ראָבאָטניק.

* * *

מיט אַ באַפרייאונג־צעטל פון דער מיליץ און מיט אַ בריוו, וואָס גיט מיר דאָס רעכט צו באַוועגן זיך איבער די סטראַטעגישע פּונקטן, בין איך אַרויס אין שטאָט, כדי אָנצוקניפּן קאָנטאַקטן מיט יידן. דאָס גיין איז געווען אַן אמתע פּלאָגעניש. פון אַלע זייטן זענען געפאַלן קוילן און שראַפּנעלן. אין טייל ערטער האָב איך געדאַרפט זיך אַנידערלייגן אויף דער ערד און זיך שאַרן אויפן בויך. אין די הייף זענען געשטאַנען גרופּקעס פּאָליאַקן ביי פיגורן פון דער „מאַטקאַ באָסקאַ" און געזונגען תפילות. פון דער זייט פון אַלט־שטאָט האָבן זיך געטראָגן וואָלקנס רויך און פייער. ביי אַ טייל הייזער זענען געווען אינסטאַלירט ראַדיאָ־הילכערס, פון וועלכע ס׳האָבן זיך געטראָגן דערמוטיקונגס־ווערטער פאַר דער באַפעלקערונג. אין די הייף און אין די גערטנער האָט מען געגראָבן קברים און מ׳האָט שנעל באַגראָבן געפאַלענע דורכגייער און זעלנער. פון צייט צו צייט זענען אין גאַס אַדורכגעלאָפן קראַנקן־שוועסטער, זיי האָבן געפירט פאַרוואונדעטע אין די צוגעגרייטע שפּיטעלער. ביי חרובע הייזער זענען געשטאַנען גרופּן פייערלעשער. פון די

פֿאַרשאָטענע קעלערן האָט מען אַרויסגעשלעפּט האַלב־לעבעדיקע און מתים.

ווען איך האָב זיך געפֿונען אויף דער קרולעווסקע גאַס, האָב איך פּלוצלונג דערזען אַ באַקאַנט געזיכט, חברטע מאַשע גלייטמאַן. זי איז געווען אַ יונגע געטאָ־קעמפֿערין. נאָכן געטאָ־אויפֿשטאַנד האָט זי זיך אַרויסבאַקומען אויף דער „אַרישער” זייט. צוזאַמען מיט אַ גרופּע האָט זי געלעבט אין בונקער אויף זשעלאַזנע גאַס. מיר האָבן זיך שטאַרק דערפֿרייט. מיר זענען זיך געפֿאַלן אויפֿן האַלז און ביידע האָבן מיר צוזאַמען אויסגערופֿן: — ווער נאָך לעבט?

זי האָט מיר דערציילט, אַז די גאַנצע גרופּע האָט זיך פֿונם בונקער אויף זשעלאַזנע גאַס איבערגעטראָגן אין אַ ליידיקער דירה אויף וואַרעצקאַ. ס׳געפֿינען זיך דאָרטן ברוך שפּיגל און חייקע בעלכאַטאָווסקי, יעקב פּוטערמילך, אַ מוטער מיט אַ טאָכטער, וועלכע זענען דורך אונז באַהאַלטן געוואָרן. ווען דער אויפֿשטאַנד איז אויסגעבראָכן, זענען די באַלעבאַטים פֿון דער דירה אַוועק אויף זייערע באַשטימטע פּונקטן. זייענדיק זיכער, אַז איצט איז געקומען דער מאָמענט פֿון באַפֿרייאונג, זענען אונזערע חברים אַרויס פֿון זייער פֿאַרקאָנספּירירטער דירה און זענען אַראָפּ אויפֿן הויף. ווען די איינוואוינער האָבן זיי דערזען, האָבן זיי אויסגעשטעלט אויף זיי בייזע אויגן און געפֿרעגט: — פֿון וואַנען נעמען זיך דאָ פּלוצלונג אַזוי פֿיל „זשידעס”?

דער הויף־קאָמענדאַנט האָט זיי גלייך רעווידירט. געפֿינענדיק ביי זיי געווער, האָט ער זיך גענומען צו זיי טשעפּן, אַז זיי זענען סאַבאָטאַזשניקעס און אַז זיי זענען דאָ אַהערגעשיקט געוואָרן דורך די דייטשן.

פֿאַרשטייט זיך, אַז דער הויף־קאָמענדאַנט צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע האָבן גאַנץ גוט געוואוסט, אַז דאָס זענען יידן, וואָס זענען געווען באַהאַלטן, כדי נישט אומגעברענגט צו ווערן דורך די דייטשן. די זאַך וואָלט זיך געקענט טרויעריק ענדיקן. דערווייל איז אויפֿן הויף אָנגעקומען מאַרעק עדעלמאַן. ער איז דאָ אַהערגעקומען כדי אויפֿצוזוכן די גרופּע געטאָ־קעמפֿער און זיי אַוועקפֿירן אויפֿן צענטראַלן יידישן פּונקט. עדעלמאַן האָט זיך גלייך אָריענטירט וואָסער געפֿאַר ס׳דראָט דער גרופּע יידן. ער האָט געוויזן זיין לעגיטימאַציע פֿון זש.אָ.ב. (יידישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע). דער הויף־קאָמענדאַנט האָט געדרייט די לעגיטימאַציע אין דער האַנט און זיך נישט געיאָגט אַרויסצולאָזן די יידישע פֿאַרהאַלטענע. אַ לאַנגע צייט איז אָנגעגאַנגען אַ וויכוח ביז דער קאָמענדאַנט האָט ענדלעך מסכים געווען אַרויסצולאָזן די יידן מיטן תנאי, אַז מאַרעק עדעלמאַן וועט פֿאַר זיי פּערזענלעך גאַראַנטירן. ערשט דעמאָלט האָט מען זיי באַפֿרייט און צוריקגעגעבן דאָס געווער. זיי האָבן פֿאַרלאָזט דעם אַנטיסעמיטישן הויף און זענען אַוועק אין צענטער פֿון דער שטאָט. זיי האָבן זיך אויסגעזוכט אַ ליידיקע דירה אויף וואַרעצקאַ 11.

בעת איך בין מיט דער חברטע מאַשע גלייטמאַן אָנגעקומען אויף וואַר־רעצקאַ, איז די פרייד פון באַגעגענען זיך מיט די חברים געווען אין לשער. מיר האָבן באַשלאָסן צו באַשטימען די דאָזיקע וואוינונג פאַר אַ צענטראַלן טרעף־פונקט פאַר יידן. מיר האָבן גלייך געגעבן אַ מעלדונג אין דער פּ. פּ. ס.ישער צייטונג, אַז ווער עס וויל זיך זען מיט „צעלעקן" (דאָס איז געווען מיין פּסעוודאָנים), זאָל אַהערקומען אויף וואַרעצקאַ גאַס. מיר זענען געזעסן אויף דער פּאָדלאָגע (קיין שטולן זענען נישט געווען) און האָבן זיך איבערגעגעבן מעשיות, וואָס האָבן שוין געהערט צום נעכטן. מיר האָבן אויף אַ ווייל פאַרגעסן, אַז אויך דער היינט טראָגט אין זיך נישט ווייניקער דראַמאַטישע שפּאַנונג. אונזער צימער, אין וועלכן ס'זענען געזעסן צוזאַמענגעטוליעט עטלעכע על פּי נס געראַטעוועטע יידן, איז נאָך אַלץ געווען נישט מער ווי אַ שטיקל שאָלעכץ אויף אַ ים צעשטורעמטע וואַסערן. מיר האָבן אָבער אין איצטיקן מאָמענט נישט געטראַכט וועגן דעם. ס'איז אונז גוט געווען, וואָס מיר זיצן צוזאַמען, און מיר האָבן ווי נישט געהערט די אויפרייסן פון די דייטשע שראַפּנעלן וואָס האָבן געריסן שטיקער פון דער שטאָט.

די גרופּע האָט געלעבט בלויז פון זופּ און שטיקל ברויט, וואָס מען האָט פונאַנדערגעטיילט יעדן טאָג אויפן הויף. כ'האָב געוואוסט, אַז אויף זשעלנע גאַס איז פאַראַן אַן אַפּראָוויזאַציע־אַמט און אַז דער אָנפירער איז אַ פּ. פּ. ס.אָוועץ פון פּ. א. ל., צוזאַמען מיט דער חברטע בעלכאַטאָווסקאַ בין איך אַוועק צו אים. מיר האָבן באַקומען שפּייז פאַר דער גרופּע. דער פּוילי־שער חבר האָט מיר דערביי געמאָלדן, אַז איך זאָל איבערגעבן דעם חבר לעאָן פיינער, אַז ס'דאַרף פאָרקומען אַ זיצונג פון דער אַזוי־גערופענער צענטראַליזאַציע. נאָך דער מעלדונג אין דער צייטונג זענען אויפן אָנגע־געבענעם אַדרעס געקומען אַ צאָל חברים און חברטעס.

פון וואַרעצקאַ בין איך אַוועק צום זיך־אָרט פון בונדישן צ. ק. אויף זשוראַוויע 24. איך בין געווען אין אַ הייטערער שטימונג. צווישן די פאַר־שידענע נייעסן, וואָס איך האָב געברענגט, ווי אויך ידיעות וועגן א ריי חברים, וואָס איך האָב באַגעגנט, איז געווען אַן איינלאַדונג צו דער זיצונג פון דער צענטראַליזאַציע. דאָס איז געווען אַ קאָמיטעט פון אָפּאָזיציאָנעלע גרופּן פון פּ. פּ. ס., פּויערים־פּאַרטיי, דעמאָקראַטישער אינטעליגענץ און סינדיקאַליסטן. דער בונד האָט אויך געהאַט אַ פאָרשטייער אין דעם קאָ־מיטעט.

מיין באַריכט איז אויפגענומען געוואָרן מיט צופרידנקייט. איך האָב אָבער באַמערקט אַ געדריקטע שטימונג ביי די חברים. דער איינציקער, וואָס האָט מיר געשטעלט פראַגן און דערביי, ווי שטענדיק, אַריינגעוואָרפן הומאָריסטישע באַמערקונגען איז געווען ד"ר ס. ליפשיץ. כ'האָב פאַרשטאַנען, אַז עפּעס איז נישט גלאַטיק. באַלד האָב איך זיך דערוואוסט די סיבה פון

דער דערשלאָגענער שטימונג: אין זשאָליבאָזש האָט אונזער גאַנצע גרופּע געהערט צו אַ פּ. ס.ישער אָפּטיילונג אויפשטענדלער. אין דער סאַניטאַרער אָפּטיילונג האָבן געאַרבעט יאַדוויגאַ פּאָלאַק־מושקאַט און די פרוי פון ד"ר ליפשיץ. איר זון, ווי אויך זיין קוזין, דער זון פון פאַרשטאָרבענעם בונדישן טוער ד"ר באָריס יאַפּע, זענען געווען אין דער רעגולערער קאַמף־אָפּ־טיילונג. ווען די דייטשן האָבן באָמבאַרדירט די פּ. פּ. ס.ישע הייזער, איז פון אַ שראַפּנעל פאַרוואונדעט געוואָרן דער זון פון ד"ר ליפשיץ. מען האָט אים אַריינגעבראַכט אין צייטווייליקן שפּיטאָל, וואו זיין מוטער די חברטע סאָלאָמעאַ ליפשיץ איז געווען די דאָקטאָרין. אויף אירע הענט איז דער זון רישעק אויסגעגאַנגען. יאַפּעס זון שימעק איז אויפן אָרט דערהרגעט געוואָרן (אין זשאָליבאָזש איז אויך געפאַלן אין קאַמף דער באַקאַנטער בונדישער טוער פון קוטנע חבר הערמאַן קירשבוים). די שרעקלעכע נייעס וועגן אומקום פון די קינדער האָבן די חברים געטראָגן אין זייערע צעווייטיקטע הערצער. דעם קראַנקן פאָטער, דעם ד"ר ליפשיץ, האָט מען עס נישט געוואָלט דער־ציילן, איז ער דעריבער צווישן דער גרופּע טוער אויף זשוראַוויע 24 געווען דער איינציקער אין אַ גוטער שטימונג און פול מיט אָפּטימיזם. ער האָט זיך באַמיט אויפצוהייטערן די חברים, נישט וויסנדיק וואָס עס דריקט זיי אויפן האַרץ.

אויף אונזער צענטראַלן פּונקט (זשוראַוויע 24) איז די לאַגע געוואָרן שווערער. אין אַ געוויסער נאַכט איז אַדורכגעפירט געוואָרן אַ קאָנטראָל אין די וואוינונגען. ביי אונז האָט מען אַנטדעקט דריי נישט־געמאָלדענע מענטשן. געפינענדיק דריי נישט־געמאָלדענע מענער, האָט דער הויף־קאָמענדאַנט אָנ־געהויבן צו קוקן אויף דער וואוינונג מיט אַ געוויסן אומצוטרוי. טראָץ דעם, וואָס אונזער קריסטלעכע באַלעבאָסטע איז געווען אַ שטאַרק־רעספּעקטירטע פרוי און מען האָט געוואוסט, אַז זי שטייט אין פאַרבינדונג מיט די העכערע מיליטערישע אינסטאַנצן, זענען דאָך די באַציאונגען צווישן דער הויף־קאָמענדאַנטור און די איינוואוינער פון אונזער דירה געוואָרן אַ היפּש־ביסל אָנגעשטרענגטע. צו דעם איז נאָך צוגעקומען אַ כסדר־וואַקסנדיקער הונגער. צוליב דער גרויסער צאָל מענטשן האָבן זיך אונזערע שפּייז זאַפּאַסן שנעל אויסגעלאָזט. ס'איז נישט געבליבן קיין אַנדערע עצה, נאָר אַז אַ טייל פון אונז זאָלן זיך אַוועקלאָזן ערגעץ אַנדערש און באַמיען זיך צו באַקומען מיטאָגן אין די שכנותדיקע הייף. דער גורל איז געפאַלן אויף די, וואָס האָבן געהאַט אַ גוטן „אַרישן" אויסזען: מושקאַט, פישגרונד, פיינער און צע־לעמענסקי. מיר זענען אַוועק זיך שטעלן אין די שפּייז־רייען אין די שכנות־דיקע באַשפּייז־צענטרען.

שטייענדיק אַמאָל אין אַ לאַנגערריי ביים באַשפּייזונג־פּונקט אין איינעם פון די הייף אויף זשוראַוויע, האָב איך באַמערקט פאַר מיר אַ הויכע פרוי, מיט אַ טיכל אויפן קאָפּ. פאַר אַ נישט־געניט אויג האָט זי אויסגעזען ווי

אַ געוויינלעכע פּוילישע פֿרוי, וואָס האָט זיך מיט גאָרנישט אונטערגעשיידט פֿון די אַרומיקע „באַבעס״. פֿאַר מיר, ווערמענס בליק איז שוין געווען אויס־געשאַרפֿט צו דערקענען דעם מינדסטן ניואַנס צווישן קריסט און ייד, האָט דער גלאַנץ אין אירע אויגן (אַ טרויעריקער, פֿאַרשאָטנטער גלאַנץ) גלייך אַ זאָג געטון, אַז טראָץ איר פּוילישן אויסזען, איז זי דאָך אַ יידישע. איך האָב נאָכאַמאָל אויף איר אַ קוק געגעבן און כ׳האָב זי טאַקע דערקענט: דאָס איז געווען די יידישע שריפֿטשטעלערין רחל אויערבאַך. שטייענדיק אַזוי אין דער ריי צווישן דעם המון, האָבן מיר גאָרנישט צווישן זיך גערעדט. שפּעטער, ווען מיר האָבן געהאַט אַ געלעגנהייט זיך אָפּצוזונדערן, האָט זי מיר איבערגעגעבן, אַז זי האָט זיך איינגעאָרדנט אין אַ שכנותדיק הויז, אין אַ דירה ביי אַ פּוילישער פֿאַמיליע, וועלכע האָט נישט געוואוסט וועגן איר יידישקייט.

* * *

ביים כסדרדיקן אָפּהילך פֿון האַרמאַטן און מאַשין־ביקסן האָט אָנגעהויבן זיך שטאַרק צו קאָמפּליצירן די פּאָליטישע לאַגע אין דער שטאָט. דער אויפֿשטאַנד איז אַרויסגערופֿן געוואָרן דורך דער אַרמיאַ קראַיאָוואַ און דורך דער פּ. פּ. ס.ישער מיליץ, וועלכע זענען געשטאַנען אין דירעקטער פֿאַרבינדונג מיט דער פּוילישער גלות־רעגירונג אין לאָנדאָן. אָבער נישט אַלע פּאָליטישע גרופּן אין וואַרשע האָבן געשטיצט די לאָנדאָנער רעגירונג. איניקע גרופּירונגען האָבן זיך אָריענטירט אויף דער אַזוי־גערופֿענער לובלינער רעגירונג, וואָס איז דיריגירט געוואָרן דורך סאָוועט־רוסלאַנד. אין וואַרשע גופא האָט עקזיסטירט אַ מין רעגירונג, אַ נאַציאָנאַל־ראַט פֿון פֿאָרשטייער פֿון אַלע גרעסערע פּאַרטייען, ווי פּ. פּ. ס., ענדעקעס, כאַדעקעס און פּויערים־פּאַרטיי. פֿון פּ. פּ. ס. זענען אַלס מיניסטאָרן באַשטימט געוואָרן זיגמונט זאַרעמבאַ און קאַזשימיעזש פּוזשאַק. צוזאַמען האָט די רעגירונג געציילט 16 מיניסטאָרן, וואָס זענען געווען פֿאַרבונדן מיט דער פּוילישער רעגירונג אין לאָנדאָן.

וואָס שייך דער באַפֿעלקערונג, איז זי אין דער גרעסטער מערהייט געווען אויף דער זייט פֿון דער רעגירונג אין וואַרשע און האָט נישט אָנערקענט די באַשטימטע דורך מאָסקווע רעגירונג אין לובלין. דערביי מוז געזאָגט ווערן, אַז טראָץ דעם אומצוטרוי און אפילו שנאה פֿון דער באַפֿעלקערונג צו דער סאָוועטישער מאַכט, וואָס האָט שוין באַוויזן אירע כוונות לגבי פּוילן דורכן שליסן דעם פּאַקט מיט היטלערן און אָקופּירן אין 1939 אַ טייל פֿון פּוילן אין דער צייט, ווען ס׳זענען נאָך פֿאָרגעקומען די שלאַכטן מיט די דייטשן, האָט אָבער די נאָענטקייט פֿון דער סאָוועטישער אַרמיי אין די געשאַפֿענע באַדינגונגען אַרויסגערופֿן ביי אַ סך סימפּאַטיע צו איר. ביי

אַ טייל פון דער באַפעלקערונג האָט געהערשט אַ ווידערווילן נאָכאַמאָל אויפצושטעלן אַ רעגירונג, וואָס זאָל אַריינגעמען די רעאַקציאָנערע פּאַרטייען, די ענדעקעס און כאַדעקעס. מ׳האָט געהאָפט, אַז די לובלינער רעגירונג איז נישט קיין פולשטענדיקע עקספּאָזיטור פון די רוסן, אַז ס׳איז אפשר אמת, וואָס ס׳האָט כסדר געזאָגט די פּראָפּאַגאַנדע פון די א. ג. „פוילישע פּאַטריאָטן״, אַז די רעגירונג פון אָסובקאַ־מאָראַווסקי איז אַ דעמאָקראַטישע און אומ־אָפּהענגיקע רעגירונג, וואָס נעמט אַרום אַלע פּאָרגעשריטענע פּאַרטייען (דער פּרעמיער אָסובקאַ־מאָראַווסקי האָט געהערט צום אָפּאָזיציאָנעלן טייל פון פּ. פּ. ס.).

דער בונדישער צענטראַל־קאָמיטעט האָט וועגן דעם ענין אָפּגעהאַלטן אַ ספּעציעלע זיצונג. מיר האָבן געדאַרפט קלאָר מאַכן די שטעלונג פון אונזער פּאַרטיי צו דעם עקזיסטירנדיקן פוילישן כאַאָס. די זיצונג איז געווען אַ שווערע. ס׳איז שוין דעמאָלט געווען קלאָר, אַז דער אויפשטאַנד איז פאַר־משפּט. בלויז איינס האָט אים געקאָנט ראַטעווען פון אַ פולשטענדיקער מפּלה — די באַלדיקע אינטערווענץ פון דער סאָוועטישער אַרמיי, וואָס איז שוין געווען אויף דער צווייטער זייט ביי די ברעגעס פון דער ווייסל. וועגן דעם האָבן אָבער אָנגעהויבן אָנקומען שלעכטע ידיעות. ערשט מיט עטלעכע וואָכן צוריק האָט דער סאָוועטישער ראַדיאָ אַזוי הייס גערופן די וואַרשעווער באַפעלקערונג צו וואַרפן זיך אויף די דייטשע אָקופּאַנטן און איצט, ווען די שלאַכט איז אַריין אין אַ דעצידירנדיקער פאַזע, האָבן די רוסן זיך נישט גערירט פון אָרט, איבערלאָזנדיק די מיליאָניקע באַפעלקע־רונג פּנים־אל־פּנים מיטן שונא.

געוויסע חברים האָבן, אין אָנבליק פון דער דאָזיקער אויסזיכטלאָזער לאַ־גע (מיר האָבן גוט געוואוסט, אַז אַ מפּלה פון אויפשטאַנד איז אַ גלייכצײ־טיקער טויט־אורטייל אויף טויזנטער יידן), אויסגעדריקט די מיינונג, אַז מיר דאַרפן זיך אַרויסזאָגן פאַר דער רעגירונג אין לובלין. קיין איינהייטלע־כע שטעלונג האָט דער צ. ק. נישט געקענט פאַרנעמען. די זיצונג האָט באַשלאָסן, אַז חבר פיינער זאָל זיך שטעלן אין קאָנטאַקט מיטן פאָרשטייער פון דער לאָנדאָנער רעגירונג און זאָל פאַרלאַנגען, אַז די רעגירונג־ביולע־טינען זאָלן אָפּדרוקן אַ קלאָרע און אָפענע דערקלערונג וועגן דער יידן־פראַגע — אַ דערקלערונג, וואָס זאָל אין שאַרפע ווערטער פאַראורטיילן דעם אַנטיסעמיטיזם צווישן דער באַפעלקערונג.

דער חבר פיינער און איך זענען אַוועק צו דער זיצונג פון דער צענטראַליזאַציע־קאָמיסיע אויף בראַצקע גאַס. די גאַסן האָבן אויסגעזען ווי אייך גרויסער מלחמה־לאַגער. די שטאָט איז געווען פול מיט באַ־וואָפנטע אויפשטענדלער, מיט קראַנקן־שוועסטער, מיט פייערלעשער און מיט קורירן, וואָס זענען געלאָפן פון איין פּאָזיציע צו דער אַנדערער. יעדע פּאָר מינוט האָט אַ פּלוצלונגדיקער אויפרייס אַ שאָקל געטון די ווענט.

אויף פיל ערטער האָבן זיך געזוויכערט ערשט־ניט־לאַנג פאַרלאָשענע פייערן. מיר האָבן זיך אַדורכגעשלייכט דורך קעלערן, דורך אויסגעגראָבענע טונעלן, וואָס האָבן פאַראייניקט הויף מיט הויף.

אויפן וועג האָבן מיר געזען דייטשע געפאַנגענע. ס'איז שווער געווען צו גלויבן, אַז דאָס זענען טאַקע די „העלדן" פון נאַצישן מלחמה־אַפּאַראַט. זיי זענען געווען איינגעהויקערט, באַוואַקסן מיט בערד און די לייבער זענען געווען צוגעדעקט מיט שמאַטעס. זיי זענען געווען פול מיט אונטערטעניקייט. זיי האָבן מיט אַ מאָדנער פלייסיקייט אויסגעפילט אַלץ, וואָס מען האָט זיי באַ־פוילן. די דייטשע געפאַנגענע זענען געווען פאַרנומען מיט גראָבן קברים אין די גערטנער פאַר פוילישע געפאַלענע. זיי האָבן אויך גערייניקט די וועגן און געמאַכט אָקאָפּעס.

פון אַ זייטיקער גאַס האָבן פוילישע אויפשטענדלער פּלוצלונג אַרויס־געפירט אַ גרופּע געפאַנגענע... פּאָליאַקן. מיר האָבן פון אָנהויב נישט פאַרשטאַנען, וואָס דאָס איז אַזוינס, אָבער באַלד איז עס קלאָר געוואָרן. דאָס זענען געווען „פאָלקס־דויטשן", פּאָליאַקן וואָס האָבן אויף פאַרשידענע אור־פנים געדינט דער דייטשער מאַכט. אין דער צייט פון דער נאַצישער אָקופּאַציע האָבן טויזנטער פּאָליאַקן זיך דערמאָנט אַז זייערס אַ באָבע אָדער אַן עלטער־באָבע איז געווען פון דייטשער אָפּשטאַמונג. זיי האָבן אויסגענוצט דעם דאָזיקן זכות, כדי צו געפינען חסד אין די אויגן פונם אָקופּאַנט. אויך פיל פּאָליאַקן, וואָס האָבן געהאַט דייטשע פאַמיליע־נעמען, האָבן דאָס אויסגע־נוצט און האָבן זיך דערקלערט פאַר „פאָלקס־דויטשן". די דאָזיקע „פאָלקס־דויטשן" האָבן געדינט דעם נאַצישן בעל־הבית און האָבן אָפּט פאַר פאַרשי־דענע צוגעוואָרפענע פּריווילעגיעס אָפּגעטון נידערטרעכטיקע אַרבעטן.

איצט בעתן אויפשטאַנד האָט מען פיל פון די דאָזיקע „פאָלקס־דויטשן" אַרויסגעשלעפּט פון זייערע נאָרעס און מען האָט זיי באַהאַנדלט נישט בע־סער ווי די דייטשע קריגס־געפאַנגענע.

אונזער וועג אויף דער בראַצקע גאַס איז געווען נישט קיין ווייטער, אָבער די נאָנטקייט איז איצט געווען אַ רעלאַטיווע. בלויז אויף דער מאַפּע איז עס געווען אַ קורצע שטרעקע. איצט איז עס געווען אַ וועג, וואָס האָט זיך געצויגן און געצויגן און איז געווען אָנגעפילט מיט כלערליי געפאַרן. יעדע פאַר רגעס האָבן מיר געמוזט אַריינשפּרינגען אין אַ טויער אַריין. פון צייט צו צייט זענען אַוועקגעפאַלן דורכגייער אָדער אויפשטענדלער און מיר האָבן געדאַרפט זייערע צעבלוטיקטע קערפּערס העלפן אַריינטראָגן אין די אימפּראָוויזירטע שפּיטעלער. אויף טריט און שריט האָבן זיך געוואַל־גערט מתים און מען האָט געדאַרפט צוהעלפן ביים אַריינטראָגן זיי אין די גערטנער, וואו עס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן בית־עולמס.

אין אַ געוויסן מאָמענט האָט מיין בליק זיך צונויפגעטראָפן מיט עטלעכע אויסטערלישע געזיכטער. זייערע פּנימער זענען געווען אומרואיק. צי זענען

עס יידן? פיינער און איך האָבן זיך איבערגעקוקט. מיר האָבן געוואַרט ביז איינער פון זיי האָט זיך דערנענטערט צו אונז. כ׳האָב אים אָפּגעשטעלט און אַ פרעג געטון אויף פויליש: — פון וואַנען קומט איר?

ער איז שטיין געבליבן און האָט מיך אָפּגעמאָסטן מיט אַן אומרואיקן בליק. ער האָט עפּעס געמורמלט. כ׳האָב מיך צו אים צוגעבויגן, אָבער כ׳האָב נישט געקאָנט פאַרשטיין קיין וואָרט. ער האָט גערעדט מיט אַ שפּראַך, וואָס איך האָב נאָך פריער נישט געהערט. איך האָב אים נאָכאַמאָל איבערגעפרעגט שוין אויף יידיש: — ווער זענט איר? וואָס טוט איר דאָ?

אין זיינע אויגן האָט פּלוצלונג אַ שלאָג געטון אַן אַנדער שיין. ער האָט זיך אָפּגעגעבן אַ דין וחשבון, אַז ער האָט פאַר זיך אַ ייד. ער האָט מיר געמורמלט דערציילן אויף אַ מאָדנעם לשון — אויף אַ לשון, וואָס איז געווען אַ געמיש פון יידיש, פון דייטשמעריש און פון לחלוטין פרעמדע אומפאַר־שטענדלעכע ווערטער. פון זיינע רייד האָט אַרויסגעדרונגען, אַז ער איז אַן אונגאַרישער ייד. ער איז איינער פון עטלעכע הונדערט יידן, וועלכע די דייטשן האָבן דאָ אַהערגעבערנגט פון אוישוויץ. די טראַנספּאָרטן מיט צענט־ליקער טויזנטער אונגאַרישע יידן זענען געגאַנגען גלייך אין די גאַז־קאַ־מערן אַריין, בלויז די דאָזיקע עטלעכע הונדערט יידן האָבן די דייטשן דאָ אַהערגעבראַכט, כדי זיי זאָלן אָפּרייניקן דעם חרובדיקן געטאָ. ביינאַכט האָט מען זיי געהאַלטן פאַרשלאָסן אין פּאַוויאַק און בייטאָג האָט מען זיי געפירט אויף די חורבות פון געטאָ, וואו זיי האָבן שווער געאַרבעט ביים אָפּרייניקן די גאַסן. ווען דער אויפשטאַנד איז אויסגעבראָכן, איז אַ גרופּע פּאָליאַקן באַפאַלן די ס. ס.־לייט, וואָס האָבן געהיט דעם פּאַוויאַק, און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף וועגן באַפרייען די אַרעסטאַנטן (אין דער טורמע פּאַוויאַק האָבן זיך געפונען פיל פּאָליאַקן). די ס. ס.־לייט האָבן זיך עקשנות־דיק פאַרטיידיקט און צווישן די אויפשטענדלער זענען געפאַלן פיל קרבנות. אין דער צייט פון די קאַמפן איז אַ טייל פון די אַרעסטאַנטן געלונגען צו אַנטלויפן און צווישן זיי זענען אויך אַנטלאָפן 280 אונגאַרישע יידן.

זייער גורל, שוין נאָכן באַפרייען זיך פון די נאַציס, איז ווייטער געווען אַ קלאָגעדיקער. זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען וואָס די אַרומיקע פּאָליאַקן האָבן גערעדט צו זיי און זיי זענען אויסגעשטעלט געוואָרן אויף חוזק און הונגער. אין טייל ערטער האָבן די פּאָליאַקן זיי געצוואונגען צו טון שווערע אַרבעט.

דער אונגאַרישער ייד האָט מיר דאָס דערציילט אין אַ געמישט לשון. ער איז געווען נאָך אַ יונגער מענטש, אין די צוואַנציקער יאָרן, אָבער אויף זיין אויסגעהונגערט, איינגעפאַלן און באַוואַקסן געזיכט איז געלעגן אַ מידע אַלטקייט. ס׳איז געווען אַ ביטערער רחמנות, סיי אויף אים, סיי אויף די אַנדערע, וואָס האָבן זיך געפונען, שוין נאָך דער כלומרשטער באַפרייאונג,

אין אַזעלכע טראַגישע באַדינגונגען: פאַרלוירענע צווישן אַ פיינטלעכער באַפעלקערונג, אינמיטן פון אַן אויפשטאַנד, פון פליענדיקע קוילן, אין קלעם פון הונגער, אָן אַ לשון, אָן אַ פריינט און אָן אַ גואל.

איך אַליין האָב גאָר ווייניק געקענט טון פאַר זיי. אויך אונזער גרופּע האָט געליטן פון הונגער און אונזערע פינאַנסן האָבן זיך געהאַט אויסגעלאָזט. איך האָב דעם ייד געגעבן דעם אַדרעס אויף וואַרעצקאַ 11. כ'האָב אים געזאָגט, אַז ער וועט דאָרטן טרעפן יידן. אמת, אויך דאָרטן וועלן זיי נישט געפונען קיין שפּייז־זאַפּאַסן, אָבער צוזאַמען מיט אַנדערע יידן וועלן זיי דאָך נישט פילן זיך אַזוי פאַרלוירן. דער ייד האָט מיך אָנגעקוקט אַ טרויעריקער, אַ דערשלאָגענער. ער האָט זיך איינגעחזרט דעם אַדרעס, וואָס כ'האָב אים געגעבן און איז אַוועק.

ווען מיר זענען אָריינגעקומען אויף דער זיצונג, זענען שוין דאָרט פאַרזאַמלט געווען 10 מענטשן — פון יעדער גרופּירונג צו צוויי.

די מערהייט איז באַשטאַנען פון פּשוטע אַרבעטער, ס'זענען אויך געווען עטלעכע אינטעליגענטן. אַלע זענען געזעסן אַרום אַ טיש און געהאַט אַנגעכמורעטע געזיכטער. דער ענין, וואָס איז געשטאַנען אויפן סדר היום, איז געווען אַן ערנסטער. אויך די לאַגע איז געווען אַן ערנסטע. און דאָס אַלץ האָט געדריקט אויפן געמיט. ביי אונזער אַריינקומען האָבן זיך אַלע אויפגעשטעלט פון די ערטער און האָבן געמאַכט פיינערן אַ וואַרימע אויפנאַמע. כמעט אַלע האָבן אים געקענט און זיי האָבן זיך צו אים באַצויגן מיט אַ סך רעספּעקט. די דעלעגאַטן האָבן אויסגעדריקט זייער צופרידנקייט וואָס אויף דער באַראַטונג זענען אָנוועזנדיק פאַרשטייער פון די יידישע אַרבעטער.

נאָך איידער די אָפיציעלע זיצונג האָט זיך אָנגעהויבן האָבן זיך געפירט געשפּרעכן און וויכוחים. אַ טייל האָבן אָפן געטענהט, אַז די רוסן האָבן פאַראַטן דעם אויפשטאַנד, אַז זיי האָבן אויסגעליפערט די כמעט שוצלאָזע באַפעלקערונג אין די הענט פון די נקמה־דורשטיקע דייטשן. אַנדערע האָבן אַרויסגעזאָגט שוואַרצע נביאות, אַז אפילו ווען די סאָוועטישע אַרמיי וועט פאַרנעמען וואַרשע, וועט זי נישט אַנערקענען קיין שום פּוילישע מאַכט, נאָר זי וועט זיך אויפפירן אַזוי ווי אין ווילנע און לובלין. דאָרט האָבן די רוסן אַרעסטירט די אָנפירער פון די אַנטי־דייטשע קעמפער און האָבן דאָס געטאָן אונטערן אויסרייד, אַז דאָס ליקווידירן זיי רעאַקציאָנערן און פאַרעטער, אָבער אין דער אמתן האָבן זיי אומגעברענגט צענטליקער אַרבעטער־טוער און סאָציאַליסטן. צווישן די דעלעגאַטן זענען אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן די רוסן פאַרטיידיקט. זיי האָבן געהאַלטן, אַז די וואַרשעווער רעגירונג דאַרף איבערגענומען ווערן דורך פאַרשטייער פון דער צענטראַליזאַציע, אָבער אַנדערע האָבן זיך צו דעם באַצויגן זייער קריטיש: — לאָמיר זיך זאָגן דעם אמת, האָט איין פּוילישער אַרבעטער, מיט לאַנגע

אַראָפּהענגנדיקע וואָנסעס, געזאָגט: מיר זענען אינגאַנצן ניט צוגעגרייט געווען צום אויפשטאַנד. מיר דיספּאָנירן נישט מיט קיין שום כוחות. מיר האָבן נישט קיין געווער, קיין גרעסערע אָפּטיילונגען. דער גאַנצער אויפשטאַנד איז איינגעאָרדנט געוואָרן דורך דער אַרמיאַ קראַיאָוואַ און דורך דער פּ. פּ. ס.ישער מיליץ. אויב מיר האָבן שוין יאָ אַ ביסל מענטשן אין אונזערע אָפּטיילונגען, זענען זיי אַפילו נישט קיין מיטגלידער פון אונזערע פּאָליטישע גרופּן. טאָ וואָסער רעכט האָבן מיר צו פּאַרלאַנגען די מאַכט?

ווען די אָפיציעלע זיצונג האָט זיך אָנגעהויבן, איז די שטימונג געווען אָנגעזאָפּט מיט ביטערקייט. כאָטש פּאָליטיש זענען די גרופּירונגען געווען נאָנט, זענען אָבער די אונטערשיידן אין דער שטעלונג לגבי די רעגירונגען אין לאָנדאָן און לובלין געווען נישט אויסצוגלייכן.

דער פּאָרזיצער, אַליין אַ מיטגליד פון דער פּ. פּ. ס.־פראַקציע פון וועלכער ס'האָט געשטאַמט אָסובקאָ־מאָראַווסקי, דער פּרעמיער פון דער לובלינער רעגירונג, האָט איבערגעגעבן אַ בילד פון דער אַלגעמיינער לאַגע. אין הויפּט־שטאַב פון אויפשטאַנד קומען פאָר רייבונגען. דער אויפשטאַנד, האָט ער געזאָגט, איז אַן אויסזיכטלאָזער. עס מוז קומען הילף פון דרויסן. היות פון ענגלאַנד קאָן מען אַזאַ הילף נישט דערוואַרטן, מוז מען זיך אָריענטירן בלויז אויף די רוסן (דער פּאָרזיצער האָט נישט איבערגעגעבן די ידיעה, אַז די רוסן האָבן אָפּגעזאָגט לופט־באַזעס פאַר די ענגלישע אַעראָפּלאַנען, וואָס האָבן געוואָלט קומען צו הילף). דער איינציקער אויסוועג איז דעריבער זיך צו שטעלן אויף דער זייט פון דער לובלינער רעגירונג פון אָסובקאָ־מאָראַווסקי. דעמאָלט וועלן מיר זיך קאָנען ריכטן אויף רוסישער הילף.

די דאָזיקע רייד האָבן אָנגעצונדן איינעם פון די אָנוועזנדיקע, וועלכער איז אַרויס מיט קלאָרע דיבורים:

לאָמיר שאַפן אין וואַרשע אַ קאָמוניסטישע רעגירונג, לאָמיר באַשטימען בלויז לינקע און וועגן דעם צוואויסן געבן דער אָנפירונג פון דער סאָוועטישער אַרמיי. דאָס וועט באַווייזן די רוסן אַריינצוגיין קיין וואַרשע.

ס'האָבן זיך אַרויסגעזאָגט אויך אַנדערע דעלעגאַטן. די אונטערשידן זענען געווען שאַרפע, די געמיטער צערייצטע. איינער פון די לעצטע האָט גענומען אַ וואָרט דער חבר לעאָן פיינער. ער האָט געזאָגט, אַז די „צענטראַליזאַציע־קאָמיסיע", וואָס באַשטייט פון לינק־סאָציאַליסטישע גרופּירונגען, דאַרף אויסקלייבן דעם מיטל־וועג. ס'מוז געפינען ווערן אַ קאָמפּראָמיס צווישן די רעגירונגען פון וואַרשע און פון לובלין. די לאַגע איז צופיל פאַרוויקלט און אין קאָן שטייען צופיל מענטשלעכע לעבנס, אַז מען זאָל זיך איצט ריכטן בלויז לויט פּאָליטישע כללים. מען מוז נעמען אין באַטראַכט די אַקטועלע באַדינגונגען. אויסקלויבן איינע פון די צוויי רעגירונגען קאָן

מען נישט, ווייל איןביידע פאַלן דראָט דער שטאָט פולשטענדיקער אומ־קום. ווען מען זיך אָריענטירן בלויז אויף לאָנדאָן, ווען די סאָוועטישע אַרמיי אינגאַנצן איבערלאָזן די שטאָט אַלס רויב פאַר די דייטשן, אָריענטירן זיך בלויז אויף לובלין, ווען עס זיין אין ווידערשפּרוך צו דער שטימונג און ווילן פון דער באַפעלקערונג. דעריבער האָט ער פאָרגעלייגט צו ווילן אַ דעלעגאַציע, וואָס זאָל פּרוּוון געפינען אַ פאַרשטענדיקונג מיט דער וואַר־שעווער ראַדאַ נאַראָדאָווא (נאַציאָנאַל־ראַט).

די דיסקוסיע אַרום פיינערס פאָרשלאָג איז געווען אַ ליידנשאַפטלעכע. ס'איז באַשטימט געוואָרן נאָכאַמאָל זיך צוזאַמענקומען, כדי יעדער פון די דעלעגאַטן זאָל זיך קאָנען באַראַטן מיט זיין אָרגאַניזאַציע. ערשט אויף דער קינפטיקער זיצונג זאָל אָנגענומען ווערן אַן ענדגילטיקער באַשלוס.

פאַרן שליסן די זיצונג האָב איך געשטעלט דעם פאָרזיצער אַ פראַ־גע, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות מיט מיינער אַ טרויעריקער דערפאַרונג. מיט אַ טאָג צוריק האָב איך זיך געהאַט געווענדט צו אַן אָפיציר (פון דער לינקער פראַקציע פון פּ. פּ. ס.) וועגן אַ דערלויבעניש אַדורכצוגיין דורך די אונטער־ערדישע קאַנאַלן, וואָס האָבן געפירט צו דער אַלט־שטאָט. דער ציל מיינער איז געווען אַנצוביינדן אַ קאָנטאַקט מיט אונזערע קאַמף־גרופּן, וואָס זענען געווען אַנגאַזשירט אין די שלאַכטן אויף דער אַלט־שטאָט. דער אָפיציר, וויטעק האָט ער געהייסן, האָט צו מיר געענטפערט מיט אַ לשון, וואָס איז געווען מיט אַנטיסעמיטישער שנאה צו די יידישע קעמפער. איך האָב דעריבער געפרעגט דעם פאָרזיצער (פון דער לינקער פּ. פּ. ס.) אין וועמענס הענט עס ליגט די אָנפירונג? צי איז פאַראַן אַ קאָנטראָל איבער די מיט־גלידער? ווער איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַזעלכע מענטשן, ווי דער פּאָ־רוטשניק וויטעק? דער פאָרזיצער האָט געענטפערט, אַז די קאַדרען פון דער לינקער פּ. פּ. ס. געפינען זיך אויף אַלט־שטאָט און אין זשאָליבאָזש. דאָ, אין שטאָטישן צענטער, זענען גענומען געוואָרן אין די רייען פון דער מיליץ גאַנץ צופעליקע מענטשן. בכלל באַשטייט די מיליץ פון אַן ערב־רב. ס'איז דעריבער מעגלעך, אַז דער דאָזיקער אָפיציר, כאָטש ער טראָגט די אָפּצייכענונג פון פּ. אַ. ל. (מיליטערישע פאָרמאַציע פון די לינקע סאָציאַ־ליסטן), איז אַ מענטש, וואָס האָט מיט דער באַוועגונג קיין שום שייכות נישט.

די פאַרזאַמלונג איז אָפּגעלייגט געוואָרן אויף אַ וואָך. מיט אַ טאָג שפּעטער האָבן די דייטשן אָנגעהויבן באָמבאַרדירן די שטאָט. אין אַ וואָך אַרום, ווען מיר האָבן זיך געדאַרפט ווידעראַמאָל צונויפקומען, איז שוין געווען אוממעגלעך אַרויסצוגיין אויף דער גאַס. גאַנצע געגנטן זענען שוין געווען אין דייטשע הענט. דער אויפשטאַנד האָט נאָך אָנגעהאַלטן, זיין פייער האָט שוין אָבער נישט געפלאַקערט, נאָר געטליעט.



אין ווישקאָווער וואַלד: פון רעכטס — יעקב פּוטערמילך, יעקב צעלעמענסקי, יאַנעק בילאַק, גאַבריש פרישדאָרף.



נאָך אַן איבערפאַל פון אַ דייטשער אָפּטיילונג אויף דער גרופּע וואַרשעווער געטאָ־קעמפער אין ווישקאָווער וואַלד.



פון רעכטס: בנימין מיענדזיזשעצקי, חנה קרישטאַל־פרישדאָרף, פייגעלע פעלטעל (וולאַדקע), יאַדוויגאַ מושקאַט, יעקב צעלעמענסקי, חנהטשע און חיים עלנבויגן.



פון רעכטס: יעקב פוטערמילך, פנינה פאַפּיער, יעקב צעלעמענסקי, חיים פרימער, מאַשע גלייטמאַן (פוטערמילך, פאַפּיער, פרימער — פון דער ציוניסטישער גרופּע).

* * *

אין די טעג פון וואַרשעווער אויפשטאַנד זענען אַריינגעשריבן געוואָרן נייע קאַפּיטלען אין דער יידישער טראַגעדיע. איין טראַגיש קאַפּיטל האָט זיך אָפּגעשפּילט מיט אַ גרופּע געטאָ־קעמפער, וואָס זענען געווען איינגעאָרדנט אין אַ פּאַרקאָנספּירירטער דירה אויף מאָקאָטאָוו. ווי שוין פריער דערמאָנט האָט מען נאָכן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ עטלעכע גרופּן אַרויסגעראַטעוועטע געטאָ־קעמפער „איינגעאָרדנט" אין וואַלד. ווען די סאָוועטישע אַרמיי האָט אָנגעהויבן איר מאַרש אין פּוילן און האָט זיך דערנעענטערט צו די וואַלד־באַהעלטענישן, האָבן די יידישע געטאָ־קעמפער זיך געפונען צווישן האַמער און קאָוואַדלע. ס'האָט זיי געדראָט אומצוקומען סיי דורך די אָפּטרעטנדיקע דייטשע אַרמייען, סיי דורכן פייער פון די רוסן. מיר האָבן דעמאָלט זיי אַראָפּגעבראַכט קיין וואַרשע, וואו מיר האָבן זיי איינגעאָרדנט אין דירות. פאַר איינער אַזאַ גרופּע האָבן מיר געפונען אַ דירה אין מאָקאָטאָוו, ביי אַ קליינער פּוילישער פאַמיליע, וואָס האָט געהאַט אַ קליין הויז. צווישן זיי האָבן זיך געפונען חנה פרישדאָרף, פנינה פאַפּיער, יאַנעק בילאַק און דוב בער. די באַלעבאַטים זענען געווען געוויינלעכע פּאָליאַקן, וועלכע האָבן באַהאַלטן די יידן פאַר געלט. בכלל האָט יענע דירה געדינט פאַר אַ באַהאַלט־פּונקט און מיר האָבן זי אָפּטמאָל אויסגענוצט. ווען דער אויפשטאַנד איז אויסגעבראָכן, איז די באַלעבאָסטע אַריין אין בונקער (אין אַ בלינדן קעלער) און געזאָגט, אַז איצט מוז מען אַרויס, ווייל די דייטשן גייען פון גאַס צו גאַס און צינדן אונטער די הייזער.

די גרופּע איז געווען אַ באַוואָפנטע. יעדער פון זיי האָט געהאַט אַ רעוואָלווער. אַרויסגעקומען אויף דער גאַס זענען זיי פונקט אין אַן אומגליקלעכן מאָמענט, ווען ס'איז פאָרגעקומען אַן אָבלאַווע. די דייטשן האָבן אַרעסטירט צענטליקער פּאָליאַקן און צווישן זיי אויך די פיר יידישע געטאָ־קעמפער. די פאַרהאַלטענע זענען געוואָרן אויסגעשטעלט אין רייען און מען האָט זיי אָנגעהויבן פירן אין דער ריכטונג פון געשטאַפּאָ, אויף אַלייע שוכאַ. דער געטאָ־קעמפער דוב בער (פון השומר) האָט פאַרשטאַנען, אַז איצט איז געקומען זייער סוף. ער האָט באַשלאָסן בישט אומצוקומען אָן אַ קאַמף. ער האָט אָנגעהויבן שיסן אויף די דייטשן. אין אַ רגע אַרום איז דוב בער געבליבן ליגן אַן אַדורכגעלעכערטער מיט קוילן. די אַנדערע האָט מען אַוועקגעפירט אין געשטאַפּאָ־צענטראַלע. דאָרט האָט מען אָפּגעטיילט די מענער פון די פרויען. די מענער, צווישן וועלכע ס'האָט זיך אויך געפונען דער בונדיסט און געטאָ־קעמפער, דער הויכער, שיינער און פעסט־געבויטער יאַנעק בילאַק, האָט מען אַרויסגעפירט אויפן הויף און דערשאָסן.

די פרויען האָט מען אַוועקגעפירט קיין מאָקאָטאָוו, וואו ס'זענען פאָרגעקומען די שלאַכטן מיט די אויפשטענדלער. די דייטשן האָבן זיך אַוועקגעשטעלט הינטער זיי און באַפוילן, אַז די פרויען זאָלן צונויפזאַמלען די דייטשע

מתים און ברענגען זיי צו די דייטשע פּאָזיציעס. ווען די פּרויען האָבן זיך דערנענטערט צו די באַריקאַדן, האָבן זיי אָנגעהויבן אַריבערלויפן צו די אויפשטענדלער. די דייטשן האָבן אויף זיי געשאָסן און אַ טייל פרויען זענען געבליבן ליגן אויף די שטיינער אין קאַלוזשעס בלוט. די געטאָ־קעמפערינס חנה פרישדאָרף און פנינה פּאַפּיער זענען אָבער געלונגען אַריבערצולויפן.

חנה פרישדאָרף איז געווען מעוברת אין די הויכע חדשים און האָט שוין אַקטיוו קעמפן נישט געקענט. פנינה פּאַפּיער האָט געמאָלדן די אויפשטענדלער, אַז זי האָט ביי זיך געווער און פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל זי איינגלידערן אין דער אַרמיי. פון אָנהויב האָט מען איר טאַקע געגעבן אַ מונדיר און מען האָט זי באַהאַנדלט ווי אַן אייגענע. אין אַ שכנותדיקן הויף, אויף דער גאַס פון 11טן נאָוועמבער, איז געלעגן באַהאַלטן אַ גרופּע יידן, וועלכע זענען געוואָרן אָפּגעשניטן פון יידישן קאָאָרדיניר־קאָמיטעט און זענען געווען אויסגעשטעלט אויף הונגער. פנינה איז אַוועק צו זיי אין הויף, כדי מיט זיי אָנצובינדן דעם איבערגעריסענעם קאָנטאַקט. אויפן הויף איז זי אָבער פאַרהאַלטן געוואָרן דורכן הויף־קאָמענדאַנט, וועלכער האָט זי באַזוכט און געפּסקנט, אַז זי איז אַ דייטשע שפּיאָנקע. ס׳האָבן נישט געהאָלפן אירע טענות, אַז זי איז אַ געטאָ־קעמפערין. דער הויף־קאָמענדאַנט האָט צוזאַמענגערופן אַ געריכט. מ׳האָט די געטאָ־קעמפערין אַוועקגעזעצט אויף דער „באַשולדיקונגס־באַנק״. זי האָט פאַרצווייפלט געקעמפט קעגן דעם בלבול. זי האָט דערציילט בפרטיות וועגן דער יידישער קעמפער־גרופּע פון געטאָ, וועגן איר אָנטייל אין די שלאַכטן מיט די נאַציס און וועגן די פּאַרטיזאַנער־טעג אין די וועלדער. דאָס „געריכט״ האָט אָבער פאַרלאַנגט פון איר, אַז זי זאָל באַווייזן דאָס אַלץ מיט עדות.

בעת פנינה האָט דערציילט, אַז זי איז געווען אָנגעשלאָסן אין אַ פּאַרטיזאַנער־גרופּע אין די ווישקאָווער וועלדער, האָט זיך גראָד אין זעלבן הויף געפונען אַן אָנפירער פון יענער אָפּטיילונג פון דער אַרמיאַ קראַיאָוואַ. די ריכטער האָבן אים אַריינגערופן אַלס עדות. ער האָט גלייך דערקענט פנינהן און מ׳האָט זי באַפרייט.

איך האָב שוין פריער דערמאָנט, אַז אויף מיאָדאָווע 24 האָט זיך געפונען איינע פון אונזערע געהיימע דירות. געוואוינט האָבן דאָרט די צוויי כלומרשטע שוועסטער אינקאַ שווייגער און מאַרישאַ פּיינמעסער. אין דעם הויז איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ שפּיטאָל, אין וועלכן מ׳האָט געבראַכט פאַרוואונדעטע פון אַ נישט־וויטן פראָנט, אויף אַלט־שטאָט. דאָרט איז אויך געווען דער הויפּט־צענטער פון אַ גרופּע געטאָ־קעמפער, ווי אַנטעק (יצחק צוקערמאַן), מאַרעק עדעלמאַן, צביה לובעטקין און אַנדערע. אונטער זייער אָנפירערשאַפט האָבן זיך גרופּירט עטלעכע צענטליק יידישע יונגע־לייט, צווישן וועלכע עס זענען אויך געווען דוד קלין, זאָשע, אַלאַ מאַר־גאָליס, חנהטשע עלנבויגן און דער זון פון ס. פישגרונד. אַ טייל פון זיי

האָבן זיך אָנגעשלאָסן אינם פּ. אָ. ל. (לינקע פּ. פּ. ס.), אַ טייל אין דער מיליץ פון פּ. פּ. ס., אַנדערע האָבן זיך איינגעגלידערט אין דער רעגולערער אַרמיי.

דער שפּיטאָל אויף מיאַדאָווע 24 איז געווען פּאַראייניקט דורך גרויסע און ברייטע קעלערן מיט פיל שכנותדיקע הייף און גאַסן. טאָג און נאַכט האָט מען אַהערגעבראַכט פון דער ברענענדיקער אַלט־שטאָט פיל פאַר־וואונדעטע און איינגעאָרדנט זיי אין די קעלערן, וואו אינקאַ שווייגער און אַלאַ מאַרגאָליס, צוזאַמען מיט אַ שטאַב קראַנקן־שוועסטערס, האָבן זיך מיט זיי פאַרנומען. די גאַנצע אַלט־שטאָט מיט די שכנותדיקע גאַסן זענען שוין געשטאַנען אין פלאַמען. דאָס פייער האָט זיך גענומען אַריבער־וואַרפן אויף מיאַדאָווע גאַס. ס׳האָט געדראָט, אַז דאָס שפּיטאָל מיט די הונדערטער פאַרוואונדעטע זאָל פאַרברענט ווערן. ס׳האָבן געפּלאַצט די קאַנאַליזאַציע־רערן און די קעלערן האָבן אָנגעהויבן פאַרגאָסן צו ווערן מיט וואַסער. ס׳איז נישט געווען קיין צייט צו פאַרלירן. דאָס פייער האָט זיך אַריבערגעוואָרפן אויפן דאַך און אָנגעהויבן אַרומכאַפּן די בוידעמער און די אויבערשטע שטאָקן. מ׳האָט געמוזט אַרויסנעמען פון קעלער אַלע פאַרוואונדעטע, וואָס קאָנען זיך באַוועגן און אַרויספירן זיי צום צענטער פון דער שטאָט. וואָס שייך די שווער־פאַרוואונדעטע, איז נישט געווען קיין אויסוועג, זיי האָבן געמוזט איבערגעלאָזט ווערן צום אומקומען.

אַ געוויסן טאָג, ווען איך האָב זיך געפונען אויף דער וואַך אין הויז ווספּולנע 20, זענען אָנגעקומען אינקאַ שווייגער און אַלאַ מאַרגאָליס. איך האָב זיי קוים דערקענט. זיי האָבן מיר איבערגעגעבן וועגן סוף פון אונזער דירה אויף מיאַדאָווע 24. דערציילנדיק די גרויל־סצענעס וועגן דעם שפּי־טאָל מיט די פאַרוואונדעטע, האָט מיר אינקע איבערגעגעבן, אַז דאָרט האָט זיך אויך געפונען דער פּ. פּ. סאָוועץ יאַנעק, איינער פון די איבערגעגעבנ־סטע און העראָאישסטע געשטאַלטן פון דער אונטערערדישער באַוועגונג. דאָס איז דער זעלבער יאַנעק קוליקאָווסקי פון בראָוואַרנע גאַס, וואָס איז געווען גרייט צו גיין אין פייער און וואַסער פאַר אונז.

אין די געגנטן, וואָס האָבן נאָך געהערט צו די אויפשטענדלער, איז געווען אַ פולשטענדיקער כאַאָס. די טראָטואַרן זענען געווען באַלייגט מיט טויטע. ווער האָט געהאַט דעם קאָפּ זיי צו באַגראָבן? יעדער האָט זיך אַליין באַטראַכט פאַר אַ לעבעדיקן מת. מען איז אַרומגעגאַנגען הונגעריק, אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן און מען האָט געוואַרט, אַז דער גיהנום זאָל זיך וואָס שנעלער ענדיקן. אויף די הייף, וואָס זענען פריער געווען אָרגאַני־זירט מיט אַן אייזערנער דיסציפּלין, האָט אַלץ זיך אָנגעהויבן צעפאַלן. אַלע הייזער זענען געווען אָנגעפּאַקט מיט מאַסן פליטים, וואָס זענען געקומען צו לויפן פון פאַרברענטע הייזער. ס׳האָט נישט געסטאַיעט קיין עסן. די מענטשן זענען געווען דענערווירט. אויפן פּאָן פון דעם כאַאָס איז דער ייד ווידער געוואָרן דאָס כפרה־הינדל. אויף טריט און שריט האָט

מען געהערט ווי די פּאָליאַקן האָבן געוואָרטשעט קעגן יידן. יידן זענען שולדיק וואָס ס׳איז אויסגעבראָכן די מלחמה, יידן זענען שולדיק וואָס ס׳איז אויסגעבראָכן דער אויפשטאַנד, יידן זענען שולדיק וואָס די באָלשע־וויקעס ווילן נישט קומען צוהילף! מיר האָבן דאָס געהערט אויף די גאַסן, אויף די הייף און מער נאָך — אין די קעלערן, וואו מיר זענען געזעסן בעת אינדרויסן זענען געפאַלן דייטשע באָמבעס. מענטשן זענען בכלל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין חיות. אויף טריט און שריט זענען פאָרגע־קומען רויבערייען און גנבות. קיינער איז נישט זיכער געווען מיט דעם וואָס ער האָט געטראָגן אויף זיך און אַפילו מיטן לעבן. די „שמאַלצאָוו־ניקעס”, די געוועזענע שמוגלערס, די אַלע, וואָס זענען צוגעוואוינט געווען צו לייכטע פּרנסות, האָבן אויך איצט געזוכט זייערע קרבנות.

דער זעלבער כאַאָס האָט געהערשט ביי אונז אויפן הויף, אויף זשור־ראַוויע. צוליב די שרפות אין די שכנותדיקע הייזער, איז אונזער הויף געווען באַלאַגערט פון אַ גרויסער צאָל מענטשן. צווישן די דאָזיקע אָנגעלאָ־פענע האָבן זיך אויך געפונען יידן. די לאַגע איז געוואָרן נישט אויס־צוהאַלטן. מיר האָבן באַשלאָסן, אַז מיר זאָלן זיך צעטיילן. צוזאַמען מיט נאָך דריי חברים האָב איך אויסגעקליבן צו גיין אויף פּאָווישלע. דאָרט איז נאָך געווען פאַרהעלטניסמעסיק נאָרמאַל. ס׳האָבן נאָך דאָרט געקעמפט רעגולערע אויפשטענדלערישע אָפּטיילונגען. דער וועג איז געווען אַ גיהנום־וועג. טויטע, קרעכצנדיקע פאַרוואונדעטע, שטיקער גזימסן און טינק, אייזערנע שינעס און אָראָפּגעפאַלענע טויערן אויף טריט און שריט. אויף די דעכער זענען געלעגן דייטשן און האָבן באַשאָסן די גאַסן מיט מאַשין־ביקסן. אַ גרויסן טייל פון וועג האָבן מיר זיך געשאַרט אויפן בויך. ס׳האָט געדויערט לאַנגע שעהן ביז מיר זענען אַזוי אַרום דערקראָכן אויף דער גאַס טאַמקי. די ווילדקייט און די פאַרצווייפלונג פון די אַנדערע גאַסן איז נאָך אַהער נישט דערגאַנגען. אין די הייזער האָבן נאָך געהערשט קאָמענ־דאַנטן, די גאַסן זענען נאָך געווען באַוואַכט מיט רעגולערע קעמפער.

איך האָב דערזען פון דער נאָנט די ווייסל. כ׳האָב אויך געזען די אַקעגנאיבערדיקע ברעגעס, וואו ס׳האָט געהערשט די „באַפרייערישע” אַרמיי פון די רוסן. מיר האָבן געקוקט אויפן קעגנאיבערדיקן ברעג, וואו ס׳האָבן געררוט אונזערע „אַליאַנטן”, וואָס האָבן געגעבן דעם סיגנאַל צום דאָזיקן אומגליקלעכן אויפשטאַנד.

צוזאַמען מיט מיר זענען געקומען אין פּאָווישלע די חברים פּערעלע עלנבויגן, איר ברודער חיים און נאָך אַ חברטע, וועמענס נאָמען איז געווען מאַרישאַ. אויך זיי האָבן געהאַט דראַמאַטישע איבערלעבונגען מיט זייערע פּוילישע שכנים. ביים אויסברוך פון אויפשטאַנד האָבן זיי געוואוינט אויף דער גאַס אָקראָנג נומער 4, ביי אַ פּוילישער פּאַטריאָטישער פאַמיליע. דער קאָמאַנדיר פון יענעם ראַיאָן איז געווען אַ געוויסער פּאָרוטשניק. ווען די

אויפשטענדלער האָבן איבערגענומען די קאָנטראָל איבערן הויף, איז אַדורכ־
געפירט געוואָרן אַ רעוויזיע. ס'זענען געפונען געוואָרן צוויי באַהאַלטענע
יידן. דאָס זענען געווען צוויי געטאָ־קעמפער, וואָס האָבן געהערט צו דער
רעוויזיאָניסטישער אָרגאַניזאַציע. איינער פון זיי, זיין נאָמען איז געווען
פּאַוועל, האָבן אונזערע חברים גוט געקענט. ער פלעגט אַרויפקומען אין
דער וואוינונג פון חבר דוד קלין, אויף כלאָדנע 17. ווען די פּאָליאַקן האָבן
געפונען די צוויי יידן, האָבן זיי גלייך אויף זיי געמאַכט אַ בילבול, אַז זיי
זענען „פאָלקס־דייטשן". ס'האָט זיי געדראָט דערשאָסן צו ווערן. חבר חיים
עלנבויגן איז געוואָרן אויפגעציטערט צוליבן גורל פון די צוויי יידן. ער
האָט באַשלאָסן רעדן מיטן פּאָרוטשניק טאָן. ער האָט מיט אים געשמועסט
וועגן מצב פון אויפשטאַנד, און דערביי זייער פּאָרזיכטיק געפרעגט וועגן
זענען די צוויי אַרעסטירטע. דער אָפיציר האָט נישט חושד געווען, אַז חיים
עלנבויגן איז אַ ייד. אין אַ פריינטלעכן שמועס האָט ער געזאָגט, אַז דאָס
זענען „פאָלקס־דייטשן". אויפן הויף זענען שוין פאַראַן עטלעכע קברים
פון פּאָליאַקן, וועלן זיין נאָך צוויי בערגלעך. דער סוף איז געווען, אַז
מ'האָט די יידן נישט דערשאָסן, מ'האָט זיי געשיקט אויפן ערשטן פייער
און זיי זענען דערהרגעט געוואָרן. אונזערע חברים האָבן דערפילט, אַז דער
באָדן ברענט אונטער זייערע פיס און זיי האָבן באַשלאָסן צו אַנטלויפן.
מחמת דעם זענען זיי געקומען צו אונז אויפן הויף אויף זשוראַוויע און
פון דאָרט צוזאַמען מיט מיר אויף פּאָווישלע.

ביים אָנקומען אויף פּאָווישלע האָבן מיר זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג
מיט אַ פּוילישן אָפיציר, וועלכער האָט אונז אויפגענומען זייער פריינטלעך.
דער אָפיציר האָט אונז אַלע פיר איינגעגלידערט אין דער אַרמיי — די
צוויי מיידלעך אַלס קראַנקן־שוועסטער און מיך מיט חיים עלנבויגן האָט
מען באַשטימט אַלס פאַרבינדלער מיט די קאַמפּס־גרופּן. אונזער אויפגאַבע
איז געווען צו טראָגן גראַנאַטן אויפן פראָנט.

ביינאַכט, ווען מיר זענען אַרויפגעגאַנגען שלאָפן אין אַן ענג בוידעם־
שטיבל, האָבן מיר פּלוצלונג דערפילט די נאָענטקייט פון די נאַצים. איינער
פון אונז, נישט אָפּגעבנדיק זיך קיין דין וחשבון וואָס ער טוט, האָט אָנ־
געצונדן אויף אַ רגע אַ קליין טאַשן־לעמפּל. אין דאָזיקן מאָמענט האָט
זיך דערהערט אַ סעריע שאָסן און קוילן האָבן אַדורכגעהאַקט אונזער פענצ־
טער און אַריין אין די ווענט. אַזעלכע „פייערדיקע" קאָנטאַקטן מיטן דייטש
האָבן מיר געהאַט גאַנץ אָפט. די נאַצישע אָפּטיילונגען האָבן זיך נישט גע־
איילט צו פאַרנעמען די געגנט פון פּאָווישלע. זיי זענען געווען שטאַרק באַ־
שעפטיקט אין די אַנדערע פאַרנומענע געגנטן, זיי האָבן פאַרגוואַלטיקט
פרויען, געהאָנגען אויפשטענדלער, מערדערלעך געשלאָגן די ציווילע איינ־
וואוינער און געברענט הייזער.

אויך די קעלערס האָבן אויפגעהערט צו זיין שוץ־ערטער. די דייטשן

האָבן זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיט די אַרומיקע גאַסן און האָבן געגומען קאָנ־צענטרירן דאָס פייער אויף אונז. פיל הייזער האָבן גענומען ברענען. קיין וואַסער צו לעשן איז נישט געווען, אַחוץ דעם האָט דער אומאויפהערלע־כער רעגן פון שראַפּנעלן אוממעגלעך געמאַכט יעדע מין רעטונג־אַקציע. ס'איז געוואָרן קלאָר, אַז אויך אונזער סוף האָט זיך דערנענטערט.

אין דער דאָזיקער שטימונג איז אַמאָל אַריינגעקומען צו לויפן איינער און האָט אויסגערופן:

— איר האָט שוין געהערט די ידיעה פון לאָנדאָן? די לאָנדאָנער רעגירונג האָט געמאָלדן, אַז מיר ווערן שוין מער נישט באַטראַכט דורך די דייטשן ווי „באַנדיטן". — וואָס הייסט? — דאָס הייסט, אַז די דייטשע מיליטערישע אָנפירונג האָט מסכים געווען צו באַטראַכטן די וואַרשעווער אויפשטענדלער ווי זעלנער פון די אַליאירטע אַרמייען. דאָס הייסט, אַז אויב מיר וועלן איצט אַריינפאַלן אין געפאַנגענשאַפט, וועלן זיי אונז נישט דערשיסן אויפן אָרט, ווי זיי האָבן עס געטאָן מיט אַנדערע, נאָר זיי וועלן אונז באַהאַנדלען ווי געפאַנגענע.

דער עולם איז געווען פול מיט ספקות. ס'האָט זיך דערהערט אַ שטים:

— כ'האָב נישט אַזאַ גרויסן צוטרוי צו די „שוואַבן", ווי לאָנדאָן האָט. אַ ידיעה איז אַ ידיעה, אָבער אַז מיר וועלן אַריינפאַלן צו זיי אין די לאַפּעס, וועלן מיר נישט אַרויס קיין לעבעדיקע. דאָך האָט אונז די ידיעה אַ ביסל באַרואיקט. מיר האָבן זיך געפילט אַ ביסל זיכערער. אויסמיידן געפאַנגענ־שאַפט האָבן מיר געקאָנט בלויז אויף איין אופן — פריער דערהרגעט ווערן. אַנדערש איז די פראַגע פון אַריינפאַלן צו די נאַציס געווען בלויז אַ פראַגע פון אַ טאָג און אפשר אויך פון שעהן.

אַ טייל האָט באַשלאָסן אויסצומיידן ביידע עווענטואַליטעטן דורך אַנט־לויפן. און אַנטלויפן האָט מען געקאָנט בלויז אין איין ריכטונג — קיין פּראַגע דורך דער ווייסל. ס'האָבן זיך טאַקע געפונען יחידים, וואָס האָבן זיך אַריינגעזעצט אין קליינע שיפלעך און האָבן באַנאַכט געפּרואווט אַריבער־שיפן זיך איבערן טייך. דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט די גרעסטע געפאַרן. די דייטשן האָבן געוואָרפן רעפלעקטאָרן אויפן וואַסער און אומאויפהערלעך באַשאָסן יעדן פּונקט, וואָס האָט אַרויסגערופן דעם מינדסטן פאַרדאַכט. חיים עלנבויגן, זיין שוועסטער פערעלע און מאַרישע זענען אוועק צו דער בריק. פערעלע איז פאַרוואונדעט געוואָרן. שפּעטער איז חיימען געלונגען אויף אַ שיפל אַריבערצוקומען קיין פּראַגע, אויף דער צווייטער זייט ווייסל.

אונזער הויז האָט שוין געברענט. מיר האָבן אַלע געוואַרט אויף אַ באַפעל פון דער אָנפירערשאַפט, אָבער וואָס האָבן זיי אונז שוין געקאָנט באַפעלן. פּלוצלונג זענען מיר געוואָרן אויפגעטרייסלט. מיר האָבן דערהערט אַ ווילד געשריי: — העי, פּאָליאַקי! אויסוואורפן! באַנדיטן! גיט אייך אונטער!

מיר האָבן דערזען, ווי פון אַרומיקע הייזער־חורבות האָבן געגומען אַרויסשלייכן אוקראַיִנישע סאָלדאַטן מיט געצילטע ביקסן. הינטער זיי זענען געשטאַנען געדיכטע אָפּטיילונגען פון דייטש מיליטער. הינטער אונז האָבן מיר דערזען אונזער פּאַרוטשניק. אַ בלאַסער און טרייסלענדיק זיך אויפן גאַנצן קערפּער, האָט ער אַרויסגעהאָנגען אַ ווייסע פאָן...

* * *

ווען די דייטשן האָבן אונז אַרומגערינגלט, האָב איך נישט געהאַט קיין שום ספקות, אַז ס׳איז געקומען מיין סוף. פון די דייטשע רייען איז אַרויס אַן אָפיציר און האָט אַדורכגעפירט אַ סעלעקציע: די ציווילע האָט ער גע־שטעלט אויף רעכטס און אונז, אויפשטענדלער, האָט ער געהייסן זיך אַוועקשטעלן באַזונדער. פון אַלע שכנותדיקע הייף האָבן אָנגעהויבן אַרויסצו־קומען מענער און פרויען מיט הויך־אויפגעהויבענע הענט. אויך צווישן זיי איז אַדורכגעפירט געוואָרן די זעלבע צעטיילונג.

די ציווילע זענען אַרומגערינגלט געוואָרן דורך ווילד־שרייענדיקע אוק־ראַאיִנער, וועלכע האָבן זיי גענומען אָפפירן אינם צענטראַלן פונקט פון דער „עוואַקואירטער" וואַרשעווער באַפעלקערונג — קיין פּרושקאָוו. פאַר אונז האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַ דייטשער ס. ס.־מאַן, וועלכער האָט געמאָלדן קורץ: — איר וועט זיך פאַרנעמען מיט פאַרשיטן די אָקאָפּעס און מיט פאַנאַנדערנעמען די באַריקאַדן. טאָמער וועט עמיצער פון אייך מאַכן די מינדסטע באַוועגונג צו אַנטלויפן — וועט ער גלייך אויפן אָרט דערשאָסן ווערן. אפילו ווען עמיצער וועט זיך בלויז אומקוקן, וועט ער באַקומען אַ קויל.

ער האָט אונז באַפוילן אויסצושטעלן זיך אין רייען, און מען האָט אונז געפירט אויף אַלייע־שוכאַ. פון ביידע זייטן גאַס האָבן געברענט הייזער. ס׳האָט זיך מיר דערמאָנט דער ברענענדיקער געטאָ. פונקט אַזוי האָבן די דייטשן געפירט די יידן אויפן אומשלאַג־פּלאַץ פון די ברענענדיקע יידישע גאַסן.

נאָכן אָפּאַרבעטן עטלעכע טעג האָט מען אונז אַוועקגעפירט אינם צענטראַלן זאַמל־פונקט, וואָס האָט זיך געפונען אויף דער וואָלסקע־גאַס, אין אַ קירכע.

ביים אַריינגיין אין קאָשציאָל האָב איך דערזען אַ געדיכטן קנויל מענטשן. אויף דער ערד האָבן זיך אין שמוץ און אין בלאָטע געוואַלגערט גאַנצע פאַמיליעס, צווישן זיי פיל פאַרוואונדעטע און צעבלוטיקטע.

אָנגעפירט מיטן קאָשציאָל האָבן אוקראַאיִנער און ליטווינער. זיי זענען אַרומגעלאָפן ווילדע און צעיושעטע צווישן עולם און מיט שטעקנס געפּאָכעט איבער די קעפּ. טאָמער איז זייערס אַ באַפעל נישט גלייך אויסגעפירט

געוואָרן, האָבן זיי מערדערלעך געשלאָגן. דריי מעת־לעת בין איך געווען אין דער קירכע. אַ געוויסן טאָג האָב איך צווישן די עוואַקואירטע באַמערקט אַ באַקאַנט געזיכט. פון אָנהייב האָב איך זיך נישט געקאָנט דערמאָנען ווער עס איז, אָבער סוף־כל־סוף האָט מיר אַ בליץ געטון אין זכרון: דאָס איז דאָך דער קריסטלעכער באַלעבאָס, ביי וועלכן עס האָבן זיך אויפגעהאַלטן די קינדער פון לוציאַן בליט. כ׳האָב זיך צו אים דערנענטערט. ער האָט מיך גלייך דערקענט און האָט זיך געפרייט מיט דער באַגעגעניש. איך האָב אים געפרעגט: — וואָס איז געשען מיט די קינדער? צי האָבן זיי זיך געראַטעוועט? צי לעבן זיי? ער האָט מיך באַרואיקט: — ביים עוואַקואירן אונזער הויז זענען די קינדער אַוועק צוזאַמען מיט מיין פרוי. זי האָט זיי מיטגענומען אויפן וועג קיין פּרושקאָוו. זיי געפינען זיך מסתמא צוזאַמען מיט איר. — און פאַרוואָס זענט איר נישט מיט אייער פרוי? — מען האָט אונז צעשיידט, מיין פרוי האָט מען אַוועקגעשיקט מיט די ציווילע און מיך האָט מען גענומען אין געפאַנגענשאַפט. איר קאָנט זיין רואיק, אַז אַלץ איז אין אָרדנונג. מיין פרוי גיט אויף זיי אַכטונג. די ידיעה האָט מיך דערפרייט, באַטש איין ליכטיקער פונקט אין דער אַלגעמיינער אַטמאָספער פון פינצטערניש און האָפנונגסלאָזיקייט.

מ׳האָט אונז געפירט קיין פּרושקאָוו. מ׳האָט אונז געבערענגט מיט דער עלעקטרישער באַן, וועלכע איז געווען געדיכט באַוואַכט מיט ס. ס.־לייט און אוקראַאינער. ווען מיר זענען אָנגעקומען אויפן אָרט, האָט זיך פאַר אונזערע אויגן אַנטפּלעקט אַ ריזיקער, מיט דראָטן אָפּגעצוימטער לאַגער. טויזנטער מענער, פרויען און קינדער זענען געלעגן אויף דער ערד און געוואָרט אויף זייער גורל: אַ טייל האָט מען געשיקט קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט, אַ טייל האָט מען באַזעצט אין שטעטלעך און דערפער, און נאָך אַ טייל האָט מען געשיקט אין פאַרשידענע לאַגערן — אַרבעטס־לאַגערן און אויך אין אַרבעט־און טויט־לאַגערן פון אוישוויץ (אָשוויענטשים).

וויפל צווישן די דאָזיקע צענטליקער טויזנטער מענער און פרויען זענען געווען יידן? אין דער דאָזיקער געדיכטער מענטשן־מאַסע איז געווען שווער צו אונטערשיידן ווער ס׳איז אַ באַהאַלטענער ייד, וואָס שפּילט די ראָלע פון אַן „אַריער", כדי אויף אַזאַ אופן צו ראַטעווען זיין לעבן. מיטן בליק האָב איך זיך אַריינגעגראָבן אין יעדן פּנים, וועלנדיק אויפכאַפּן אַ יידישן אָנבליק, אַן אָנדייט פון אַ ייד. דער גורל האָט געוואָלט, אַז מיין צונויפטרעפן מיט יידן זאָל פאָרקומען אויף אַ טראַגישן אופן. צווישן די טויזנטער פאַרזאַמלטע האָבן זיך אַרומגעדרייט צוויי מענער — איינער פון אַ יאָר 40 און דער אַנדערער, אַ יונגערער פון אַ יאָר עטלעכע און צוואַנציק. זיי האָבן ביידע אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקע נערוועזיטעט. זיי האָבן אַרומגעשפּרייזט אָפּגעזונדערט פון אַלע, האָבן זיך אַלע ווײַלע געשושקעט און געוואָרפן אַרום זיך זייטיקע בליקן. צום גליק איז יעדער איינער געווען פאַר־

נומען מיט אייגענע צרות און מען האָט זיך אויף די צוויי, בלי ספק, יידישע) מענער נישט אומגעקוקט. זיי וואָלטן אפשר אַרויס בשלום פונם לאַגער, ווען נישט אַן אומגעריכטער און אומגליקלעכער צופאַל. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט זיך פּלוצלונג פון דער געדיכטער מענטשן־מאַסע אָפּגעריסן אַ נידעריקער, דיקער פּאָליאַק, געקליידעט ווי אַ טיפּישער וואַר־שעווער סטרוזש און ער האָט אויסגערופן צו די צוויי מענער: — וואָס מאַכט איר?

די צוויי יידן האָבן דערשראָקענע געוואָלט פון אים זיך אַוועקדרייען, אָבער דער פּאָליאַק האָט געזאָגט: — וואָס? איר דערקענט מיך נישט? איר דערקענט נישט דעם סטרוזש פונם הויז, וואו איר האָט געוואוינט? ער האָט נישט געמיינט דערמיט קיין שלעכטס. ער האָט טאַקע זיך געפרייט מיטן באַגעגענען די צוויי אַמאָליקע יידישע לאָקאַטאָרן פון דעם הויז. פאַר די יידן איז דאָס אָבער געווען זייער טויט־אורטייל.

זיי האָבן זיך שרעקלעך פאַרלוירן און געזוכט מיט די אויגן וואו צו אַנטלויפן. אַן אוקראַאינער און אַ דייטשער ס. ס.־מאַן זענען צוגעגאַנגען צו די יידן און האָבן זיי אַוועקגעפירט אין אַ זייט. די מערדערישע וועכטער האָבן געמאַכט אַ סוף צום לעבן פון די צוויי יידן.

צווישן די יידן, וואָס זענען עוואַקואירט געוואָרן פון וואַרשע (פאַרשטייט זיך, אַלס „אַריער") האָט זיך אויך געפונען חברטע ראָזע קלעפּפּיש, די פרוי פון אונזער העלדישן חבר מיכאַל קלעפּפּיש. זי האָט געאַרבעט ביי אַ קריסטלעכער פאַמיליע. זי האָט געהאַט אַ טעכטערל, וואָס זי האָט אַוועק־געגעבן אין אַ פּויליש פינדל־הויז. די מוטער האָט אָפט זיך אַוועקגעשטעלט ביים פענצטער פון קינדער־הויז און פונדערווייטנס געקוקט אויף איר קינד. ווען דער אויפשטאַנד איז אויסגעבראָכן איז זי אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין פּרושקאָוו צוזאַמען מיט דער קריסטלעכער פאַמיליע און זי האָט פאַרלוירן דאָס קינד פון די אויגן. גאַנצע טעג איז זי געשטאַנען ביי דער באַן און אָפּגעוואַרט די אָנקומענדיקע צוגן (די גאַנצע ציווילע באַפעלקערונג פון וואַרשע איז דעמאָלט עוואַקואירט געוואָרן). זי איז אַרומגעלאָפן איבער די וואַגאָנעס און גערופן:

— אירענקאַ! אירענקאַ!

דער גורל האָט געוואָלט, אַז איר געשריי זאָל טאַקע דערהערט ווערן. טראָץ דעם, וואָס פאַרן צולויפן צו די וואַגאָנעס האָט איר געדראָאַט דער־שאָסן צו ווערן דורך די ס. ס.־לייט, האָט זי אָבער נישט געקוקט אויף דער געפאַר און איז מיט איר פאַרצווייפלטן, מאַמישן רוף אָקעגנגעלאָפן יעדן אָנקומענדיקן צוג. איר רוף איז ענדלעך געפאַלן אין די אויערן פון איר קינד. ס'איז אָנגעקומען אַ באַן, וואָס האָט געבראַכט די קינדער פונם פינדל־הויז. די מוטער האָט דערזען דאָס קעפּעלע פון איר קינד. זי האָט עס אַ כאַפּ געטון אין די אָרעמס און האָט אָנגעהויבן אַנטלויפן פון לאַגער. דער

מזל האָט איר צוגעשפּילט. קיינער פון די לאַגער־וועכטער האָט נישט דערזען איר אַנטלויפן. און נאָך אַ גליק האָט זי געהאַט. בעתן לויפן האָט זי פּלוצלונג דערזען פאַר זיך צוויי פּרויען. זי האָט אויף זיי אַ קוק געגעבן און אין איינער פון זיי האָט זי דערקענט איר חברטע — העלענע שעפּנער (פרוי פון חבר ב. שעפּנער), וועלכע האָט געלעבט אין פּרושקאָוו אויף „אַרישע״ פּאַפּירן. די שמחה פון די צוויי פּרויען איז געווען אין לשער.

# 32. אין אוישוויץ און אַנדערע לאַגערן

פאַר מיר האָט זיך אָנגעהויבן אַ ניי קאַפּיטל. אין די פינף יאָר פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָב איך דורכגעלעבט און דורכגעוויטאָגט כמעט אַלע פאַזן פון יידישן זיין אונטער דער נאַצישער מאָרד־ממשלה: געווען אין געטאָ און אויף דער „אַרישער" זייט, אין דייטשער טורמע און אויפן אומשלאַג־פּלאַץ אַוועקגעפירט צו ווערן אין די גאַז־קאַמערן פון טרעבּלינקע, אין דער קאָנספּיראַטיווער אונטערערדישער באַוועגונג און אין אָפענעם אויפשטאַנד קעגן דער נאַצישער מאַכט. דער גורל האָט מיך אָבער געשווינט פון דעם טראַגישן סוף, וואָס ער האָט צוגעטיילט דעם רוב מנין־ובנין פון די יידן אין אייראָפּע. איצט נאָך אַן עטאַפּ — לאַגער. די באַן האָט מיך געפירט קיין אוישוויץ (אָשוויענטשים). כ'האָב גוט געוואוסט וואָס ס'קומט פאָר אין אָט דער טויט־פאַבריק. די פראַגע, וואָס האָט זיך פאַר מיר געשטעלט, איז געווען: צי פירט מען מיך דורכצוגיין די לעצטע פאַזע, וואָס ס'איז דורכגעגאַנגען מיין משפחה, מיינע חברים, מיין פאָלק?

אין אוישוויץ בין איך סוף סעפּטעמבער 1944 אָנגעקומען מיט מיין לעצטן „אַרישן" פּאַס אויפן נאָמען — וולאַדזשימיערזש (וולאַדימיר) קאָסאָווסקי. אין די יאָרן פון דער נאַצי־אָקופּאַציע האָב איך צוליב דעם כאַראַקטער פון מיין אַרבעט פיל מאָל געמוזט טוישן דעם אויסזען און דעם נאָמען. כדי נישט צו פאַרגעסן ביי אַן עווענטועלן אַדורכפאַל, האָב איך אַלעמאָל אויסגעקליבן אַ נאָמען, וואָס איז לייכט צו געדענקען. וולאַדימיר קאָסאָווסקי איז געווען דער נאָמען פון אַנגעזעענעם בונדישן פּיאָנער און טעאָרעטיקער, און ער האָט נישט געקאָנט נעלם ווערן פון מיין זכרון.

צום לאַגער בין איך געפאָרן מיט יונגע און מיטליאָריקע מענער, וואָס האָבן געקעמפט אין אויפשטאַנד. זיי האָבן געקעמפט ווי אומדערשראָקענע העלדן. אין די לאַסט־וואַגאָנען, וואָס האָבן אונז געפירט קיין אוישוויץ, האָבן זיי זיך אויפגעפירט לחלוטין נישט העלדיש. ווען מ'האָט זיך דערוואוסט, אַז מ'פירט אונז קיין אוישוויץ, האָבן פיל פון זיי זיך איינגעבראָכן. אַ סך האָבן זיך געציילעמט און געזאָגט תפילות. אַנדערע האָבן געיאָמערט אויפן קול. דער רוב איז אַריינגעפאַלן אין אַפּאַטיע. מ'איז געזעסן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און פאַרשטאַרטע בליקן. ווען מיר זענען פאַרבייגעפאָרן גרעסערע

שטעט, איז דער צוג געבליבן שטיין אויף דער באַן־סטאַציע. פרויען און מענער האָבן געבערענגט צו עסן און טרינקען. זיי האָבן אונז געטרייסט. די געפאַנגענע האָבן נישט געקענט אויפנעמען די טרייסט־ווערטער פון די אָפּוואַרטנדיקע פּאָליאַקן, וואָס האָבן דערלאַנגט ברויט און טיי.

איך בין געזעסן אין אַ ווינקל פון וואַגאָן, צוגעטוליעט צו דער וואַנט. בילדער פון פאַרגאַנגענע טעג און יאָרן זענען אַרויפגעקומען אין מיין זכרון. און כסדר איז געקומען די פראַגע: איז די איצטיקע רייזע קיין אוישוויץ שוין מיין לעצטע נסיעה? צי איז דאָס „שעכט־הויז פון פעלקער" די לעצטע סטאַציע פון מיין לעבן? דער צוג איז לסוף געבליבן שטיין הינטער די שטעכעדיקע דראָטן פונעם לאַגער. פונדרויסן האָבן ס. ס.־לייט אויפגעריסן די טירן און ס'האָט זיך געהערט אַ ווילדער געשריי: — פאַל־נישע שווינע! אויסשטייגן!...

ס'איז געווען אַ קאַלטער און רעגנדיקער טאָג. פאַר די וואַגאָנען זענען געשטאַנען יידישע „העפטלינגע", און אויסגעפירט די אַרבעט פון אויפנעמען די ניי־אָנגעקומענע קאַצעטניקעס. אַזאַ איז געווען דער סיסטעם פון די דייטשן: אַוועקשטעלן פּאָליאַקן צו טרייבן יידן, און יידן — צו טרייבן פּאָליאַקן. די יידן, וועלכע זענען געשטאַנען פאַר די וואַגאָנען, האָבן געהערט צו דער אַזוי־גערופענער גרופּע „קאַנאַדע". זיי האָבן געדאַרפט צונעמען די מלבושים ביי די ניי־אָנגעקומענע, אויסטיילן זיי די לאַגער־מונדירן און צושרייבן זיי צו באַשטימטע בלאָקן. מיר זענען אַרויס פון די וואַגאָנען אויף דער אויסגעווייקטער ערד. אַלע זענען געווען באַהערשט פון שרעק און פאַרטויבט פון די געשרייען פון די „קאַנאַדער", וואָס האָבן באַפוילן צוצולויפן צום גרויסן פּלאַץ און וואַרטן אויף דער רעגיסטראַציע. ביי דער זייט פונעם פּלאַץ זענען געווען גרויסע, לאַנגע האַליעס, וואו ס'זענען ביי טישלעך געזעסן סעקרעטאַרן און פאַרשריבן די אָנגעקומענע. כמעט אַלע „שרייבער" זענען געווען יידישע קאַצעטלער. דער אָנפירער פון די „קאַנאַדער" איז געווען אַ הויכער ברייטבייניקער ייד און אַלע האָבן אים גערופן זשאַזשאַ. ער איז אַרומגעלאָפן און כסדר גערופן: — אַוועקגעבן אַלץ, וואָס איר האָט — פּאַפּיראָסן, שנאַפּס, געלט און ווערטזאַכן.

צווישן די פּאָליאַקן איז געוואָרן אַ סומאַטאָכע. יעדער האָט געהאַט ביי זיך עפּעס, וואָס ער האָט געפירט מיט זיך אויף אַ „שוואַרצער שעה". איך האָב געהאַט ביי זיך 100 דאָלאַר. אויף דער לעצטער זיצונג פון צענטראַל־קאָמיטעט, וואָס איז פאַרגעקומען אויף דער זשוראַוויע גאַס, האָט דער חבר לעאָן פיינער אונז פאַנאַנדערגעטיילט געלט, וואָס מיר האָבן געדאַרפט האַלטן גרייט פאַר צופעליק־אָנגעטראָפענע יידן, ווייל אַלע רעגולערע קאָנ־טאַקטן מיט די „אַרישע" יידן זענען שוין דעמאָלט געווען איבערגעריסן. איך האָב באַקומען 5 הונדערט דאָלאַר. עטלעכע טעג פאַרן סוף פונעם אויפשטאַנד האָב איך באַגעגנט צוויי פון אונזערע קוריערינס — די חברטע

אינקאַ שווייגער און אָלאַ מאַרגאָליס. כ׳האָב זיי אַוועקגעגעבן צוויי הונדערט דאָלאַר. אַ טאָג פאַר מיין דעפּאָרטאַציע האָב איך נאָך אַוועקגעגעבן 200 דאָלאַר, פון זיי הונדערט דעם חבר חיים עלנבויגן. איך האָב איצט געהאַט מיט זיך הונדערט דאָלאַר און נישט געוואוסט וואָס מיט זיי צו טון. זאָל איך עס טאַקע אַוועקגעבן, ווי ס׳האָט באַפוילן דער יידישער „עלטסטער" פון די „קאַנאַדער"? כ׳האָב מעכאַניש אויפגעהויבן דעם קאָפּ און זיך איינגעקוקט אין דעם „עלטסטן", אין דעם „פּראָנצוויזישן" ייד זשאָזעף. ער איז מיר עפּעס אויסגעקומען קענטלעך. כ׳האָב אים אָנגעקוקט נאָך שאַרפער און זיך געגומען ברעכן דעם מוח פונוואַנען איך קען אים. פּלוצטהאַלבן איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז דער „פּראָנצויזישער" שעף פון די „קאַנאַדער" איז אין דער אמתן אַ יידישער אַרבעטער פון שטעטל גאָמבין, וועלכן איך האָב געקענט פון מיינע יינגערע יאָרן. איך האָב זיך צו אים דערנענטערט און שטיל געפרעגט: — דערקענסט מיך? ער האָט אויף מיר אַ קוק געגעבן מיט אַ בייזן בליק און אַ געשריי געטון: — ווער ביסטו? פונוואַנען זאָל איך דיך קענען? ער האָט זיך שנעל אויסגעדרייט און איז אַוועק.

איך בין געבליבן שטיין צוזאַמען מיט דער מאַסע אין דער בלאָטע אויפן פּלאַץ. דער רעגן האָט געגאָסן און מיר זענען דורכגענעצט געוואָרן. די רעגיסטראַציע איז פאָרגעקומען לויטן אַלף־בית. בלויז די, וועלכע האָבן שוין געדאַרפט אַריינגיין זיך רעגיסטרירן, אויסטוישן די מלבושים, אַדורכ־מאַכן די רעוויזיע און צוגעטיילט ווערן צו אַ בלאָק, האָבן געקאָנט שטיין אונטערן דאַך פון די הילצערנע האַליעס. כ׳האָב זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ ליימיק בערגל און ווי אַלע אַנדערע געבליבן זיצן אין אַ פּאַרגליווערטער פּאָזע. ס׳איז נאָכאַמאָל אָנגעקומען זשאָזעף. דאָס מאָל איז ער שטיין געבליבן עטלעכע טריט פון מיר, האָט מיך זייטיק אָנגעקוקט און אין אַ געוויסן מאָמענט האָבן זיך אונזערע אויגן באַגעגנט. ער האָט מיך דערקענט. ער איז צו מיר צוגעגאַנגען און אויסגערופן: צעלעמענסקי! איך האָב אים שאַרף אָנגעקוקט און געזאָגט, אַז די אַרומיקע פּאָליאַקן זאָלן הערן: — איך הייס וולאָדזשימיערזש קאָסאָווסקי!

ער האָט גלייך פאַרשטאַנען און האָט מיר געגעבן אַ צייכן, אַז כ׳זאָל אים נאָכגיין. מיט אַ פּאָר טריט ווייטער האָט ער געזאָגט אַן אויפגערעגטער: — כ׳האָב דיך אין אָנהויב נישט דערקענט. זאָג מיר וואָס כ׳קאָן טון פאַר דיר. דאָ געפינען זיך נאָך יידישע אַרבעטער פון גאָמבין, וואָס קענען דיך. כ׳האָב אים געענטפערט: — זאָג קיינעם נישט קיין וואָרט וועגן מיר, איך בין אַהער געברענגט געוואָרן ווי אַ פּאָליאַק. ווען ס׳וועלן אַריבער די ערשטע טעג, וועל איך זיך באַמיען צו טרעפן מיט באַקאַנטע. דערווייל קאָנסטו טון פאַר מיר איין זאַך. — זע, אַז מ׳זאָל מיך באַלד פאַרשרייבן, כדי כ׳זאָל נישט דאַרפן לאַנג זיין אין דרויסן אונטערן רעגן.

ער האָט מיך גלייך צוגעפירט צו איינעם פון די „שרייבער" און צו

אים אַ זאָג געגעבן: — שרייב אײַן דעם שײַגעץ און גיב אים אַ נומער. ס׳איז מײַנער אַ באַקאַנטער גוי פון וואַרשע. דער „שרײַבער״ האָט געפרעגט מײַן נאָמען. — וולאָדזשימיערזש קאָסאָווסקי, האָב איך געענטפערט מיט אַ פעסטער שטים. דער „שרײַבער״ האָט אויף מיר אַ שאַרפן קוק געגעבן, צי האָט ער אין מיר דערקענט אַ ייִד אָדער דער נאָמען האָט אים עמיצן דערמאָנט? (דעם זעלבן „שרײַבער״ האָב איך שפּעטער נאָך דער באַפרײַאונג באַגעגנט אין פּליטים־לאַגער פון פעלדאַפינג, וואו ער איז געווען דער פאַר־טרעטער פון ייִדישן אַרבעטער־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק. זײַן נאָמען איז נתן גערשאָוויטש, אַ בונדיסט. ער האָט מיר געזאָגט אַז דער נאָמען קאָסאָווסקי האָט אים פאַראינטריגירט און שטילערהייט האָט ער פון זשאַזעפן געוואוסט, אַז איך בין אַ ייִד. היינט לעבט ער אין לאָס אַנזשעלעס). דער „שרײַבער״ האָט שנעל פאַרשריבן מײַן נאָמען אין בוך און זשאָזעף האָט מיך צוגעפירט צום סקלאַד פון מלבושים. אין אַ רגע אַרום בין איך געשטאַנען אין די אויס־וויצער בגדים — הילצערנע טרעפּאַקעס, שמאָלע הויזן און אַ רעקל פון לײַוונט מיט ווײַס־שוואַרצע פּאַסן.

איצט האָב איך געדאַרפט אַדורכגיין אַ קאָנטראָל און נישט געוואוסט וואָס צו טון מיט די 100 דאָלאַר. כ׳האָב וועגן דעם געזאָגט זשאָזעפן. ער האָט אַ מאַך געגעבן הילפלאָז מיט די הענט: — דאָס איז אַ שווערע זאַך. איך אַליין קאָן עס בײַ דיר נישט נעמען, ווײַל איך ווער אָפט באַזוכט דורך די ס. ס.־לײַט. אין לעצטן מאָמענט, ווען איך האָב זיך דערנענטערט צו דער דײַטשער קאָנטראָל און בין געשטאַנען אַ נאַקעטער אין דער ריי מיט די באַנקנאָטן אין דער האַנט, גרייט זיי אַוועקצוואַרפן, איז זשאָזעף צוגע־קומען צו מיר און האָט זיי בײַ מיר צוגענומען. נאָך דער קאָנטראָל האָט ער זיך באַוויזן פון דער אַנדערער זײַט און מיר דערלאַנגט אַ שטיק ברויט. אינם ברויט זענען געלעגן די 100 דאָלאַר.

גלײַך נאָך דער קאָנטראָל האָט מיך אַן אַנדערער ייִדישער „העפטלינג״ פון דער „קאַנאַדע״־גרופּע אַוועקגעפירט אין אַ באַראַק, וואָס איז געשטאַנען אויפן שטח פון אַזוי־גערופענעם ציגיינער־לאַגער. דער „עלטסטער״ פונם באַראַק, אַ טשעכישער ייִד, האָט מיר אָנגעוויזן אויף איינער פון די „קלי־קעס״, וואָס וועט זײַן מײַן געלעגער. דער באַראַק איז געווען פול מיט פּאָליאַקן. זיי זענען געלעגן אויף זייערע פּריטשעס און שטיל געשמועסט אָדער געשלאָפן. די באַהאַנדלונג פון די וואַרשעווער אויפשטענדלער איז געווען אַ מילדערע אין פאַרגלײַך מיט אַלע אַנדערע אײַנוואוינער פון אויש־וויץ. די רעגירונגען פון די אַליאירטע פעלקער האָבן דערקלערט, אַז די אָנ־טיילנעמער פון וואַרשעווער אויפשטאַנד דאַרפן באַהאַנדלט ווערן ווי מלחמה־געפאַנגענע און די דײַטשן האָבן, ווײַזט אויס, צו דעם זיך צוגעפּאַסט. בעת אויפן שטח פון זעלבן אָשוויענטשימער לאַגער האָבן טאָג און נאַכט געאַר־בעט די גאַז־קאַמערן און קרעמאַטאָריעס, האָט אינם פּוילישן לאַגער גע־

הערשט אַ רעלאַטיווע געמיטלעכקייט. כ׳האָב זיך אַרויפֿגעדראַפּעט אויף מיין געלעגער און זיך אָוועקגעלייגט אויף די האַרטע ברעטער. נאָכן אָפּליגן שעהן אויף דער בלאָטיקער ערד אונטערן רעגן איז דאָס האַרטע געלעגער געווען שיער נישט אַ לוקסוס־בעט אין אַ שלאָף־צימער.

כ׳בין אַזוי געלעגן אַ פּאָר שעה און אָנגעהויבן אַריינפֿאַלן אין אַ דרימל. פּלוצלונג האָב איך דערהערט אַ שטאַרקן רוף: — העפטלינג קאָסאָווסקי! כ׳האָב זיך אויפֿגעכאַפּט מיט אַ ציטער. שנעל איז מיר געקומען צום באַוואוסטזיין, אַז קאָסאָווסקי — דאָס בין איך. כ׳האָב אַראָפּגעקוקט פֿון מיין פּריטשע און דערזען אַ יידישן בחור. באַלד האָב איך זיך אַראָפּגעגליטשט פֿון דער נאַרע און זיך אַוועקגעשטעלט: — איך בין קאָסאָווסקי.

ער האָט מיך שטאַרק אָנגעקוקט און שטיל אַ זאָג געגעבן: — דערקענסט מיך? יאָ, איך האָב אים גלייך דערקענט. דאָס איז געווען דער חבר יוסף טאַבאַק, אַ יונגער פֿריזיר־אַרבעטער, אַ בונדיסט, אַ טוער אין וואַרשעווער פֿריזירער־פֿאַראיין (היינט אין אַמעריקע). זשאַזעף האָט אים געזאָגט וועגן מיר און ער איז געקומען מיך זען. ער האָט געהאַלטן אין דער האַנט אַ גרויסע מענאַזשקע מיט זופּ און אַ פּאַקעט מיט 200 פּאַפּיראָסן. ער האָט עס מיר דערלאַנגט: — נאַ, דאָס איז פֿאַר דיר.

ער האָט געוואוסט, אַז זיין אויפֿפֿירן זיך איז נישט לויט די כללים פֿון קאָנספּיראַציע, אַז מיר זענען אַרומגערינגלט מיט צענטליקער אויגן פֿון פּאָליאַקן, וואָס קוקן אויף אונז פֿון די אַרומיקע פּריטשעס, ער האָט אָבער נישט געקענט ביישטיין דעם נסיון פֿון זען מיך און מיר צוגעבן מוט. ער האָט צו מיר שטיל אַ פֿליסטער געגעבן: — דאָ געפֿינען זיך אַ סך חברים פֿון וואַרשע, און פֿון אַנדערע שטעט. זיי וואָלטן געווען גליקלעך, ווען זיי קענען דיך זען. כ׳האָב אים שטיל געענטפֿערט: — כ׳בעט דיך, קום נישט מער. מיין לעבן איז דאָ איינגעשטעלט. מ׳מוז אָפּוואַרטן אַ פּאַסיקן מאָמענט. ווען כ׳וועל זיך איינאָרדענען, וועל איך זיך זיכער טרעפֿן מיט אונזערע חברים. ער האָט זיך שווייגנדיק געזעגנט און איז אַרויס.

פֿון אַלע זייטן זענען איצט געפֿאַלן פֿראַגן: — ווער איז ער, דער זשיד? וואָס האָט ער געוואָלט פֿון דיר? איך האָב געענטפֿערט מיט ביטול: — עפּעס אַ יידל פֿון וואַרשע. כ׳האָב מיט אים צוזאַמען געשמוגלט פֿאַרן געטאָ, האָט ער מיר געבראַנגט אַ פּאָר מתנות. צווישן די פּאָליאַקן האָב איך צעטיילט די 200 פּאַפּיראָסן און בין צוריק אַרויף אויפֿן געלעגער.

איך האָב זיך אַוועקגעלייגט און זיך נישט געקענט באַרואיקן. כ׳האָב געטראַכט: אויב ס׳זענען דאָ פֿאַראַן חברים, מוז איך געפֿינען אַ וועג צו זיי צוצוקומען, ברענגען זיי אַ וואָרט וועגן אונזער טעטיקייט, דערציילן זיי וועגן געראַטעוועטע חברים, גיבן זיי די נייעס פֿון אויסלאַנד. אָבער ווי אַזוי פֿירט מען דאָס אַדורך? כ׳האָב וועגן אַזאַ צונויפֿטרעף געחלומט, אָבער דער חלום מיינער איז קיינמאָל נישט געוואָרן אַ רעאַליטעט. סך־הכל אין דריי

וואָכן אַרום האָט אונז דער בלאָק־עלטסטער געמאָלדן, אַז מיר ווערן איבער־געפירט אין אַן אַנדערן לאַגער — קיין מאַטהאַוזען, עסטרייך. מ׳האָט אונז אויסגעשטעלט אין רייען און אַוועקגעפירט אין באָד אַריין. ווען מ׳האָט אונז צוגעפירט צו די טירן פון דער באָד, האָבן אַ סך פּאַליאַקן אָנגעהויבן שרייען: — מ׳פירט אונז אין גאַז־קאַמער! זיי האָבן זיך געריסן די האָר פון קאָפּ און עטלעכע זענען געפאַלן אין חלשות. פיל האָבן זיך געצייליעמט און געזאָגט תפילות. אין דער באָד האָבן אַלע געקוקט אויף די אייזערנע רערן, וואָס האָבן זיך געצויגן אויף די ווענט און אויף די מעטאַלענע עפנונגען אויפן סופיט. די קראַנען האָבן זיך געעפנט און ס׳האָט אָנגעהויבן צו פליסן וואַסער. דער דערשראָקענער עולם האָט זיך באַרויקט. נאָך דער באָד האָבן מיר באַקומען ציווילע מלבושים. זשאָזעף האָט פאַר מיר אויסגעקליבן וואַרעמע מלבושים און אַ גוטע פּאָר שטיוול. האַרט פאַרן אַוועקפירן אונז צו דער באַן האָט ער מיר געזאָגט: — אויב דו ווילסט, קאָן איך דיר מיטגעבן אויפן וועג דימענטן און גאָלד, עס קאָן דיך ראַטעווען אין אַ שווערער לאַגע. איך האָב אים געזאָגט, אַז איך וויל נישט. אין סאַמע לעצטן מאָמענט, ווען מען האָט שוין געדאַרפט אַריינגיין אין די וואַגאַנען, איז ער צו מיר צוגעלאָפן און האָט מיר אַריינגעשטופּט אין דער האַנט אַריין אַ נאָז טיכל, אין וועלכן איך האָב דערפילט אַ האַרטע זאַך. ס׳איז נישט געווען קיין צייט צו טראַכטן אָדער עפּעס צו זאָגן. איך האָבן דאָס טיכל אַריינגעשטופּט אין קעשענע אַריין. אין אַ מינוט אַרום זענען מיר געשטאַנען צו זעכציק מאַן אין לאַסט־וואַגאַנען, וואָס האָבן אָנגעהויבן צו פאָרן אין דער ריכטונג פון מאַטהאַוזען. מיט אַ פּאָר שעה שפּעטער, ווען די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן אַ פעלד און מ׳האָט אונז אַראָפּגעלאָזט אויף עטלעכע מינוט, האָב איך אַרויסגענומען און פאַנאַנדערגעוויקלט דאָס טיכל. כ׳האָב דערזען אַ גרויסן, גאָלדענעם זייגער באַזעצט מיט בריליאַנטן. כ׳האָב נישט געוואוסט וואָס צו טון מיט דעם: כ׳האָב עס נישט געוואָלט האָבן ביי זיך און אויך נישט געוואָלט אַוועקוואַרפן. מיין דילעמאַ איז געלייזט געוואָרן פון זיך אַליין. גלייך נאָכן אָנקומען מיט דער באַן קיין מאַטהאַוזען האָט מען אונז אַוועק־געפירט אין באָד אַריין און מ׳האָט ביי אונז צוגענומען די מלבושים. צוזאַמען מיט מיינע מלבושים זענען אויך אַוועק דער גאָלדענער זייגער מיט די בריליאַנטן און די 100 דאָלאַר, וואָס איך האָב נאָך געהאַט פון וואַרשע. דאָ איז נישט געווען קיין גאָמבינער „זשאָזעף״ מיר צו העלפן.

* * *

אין מאַטהאַוזען האָט מען אונז אויסגעמישט צוזאַמען מיט אַנדערע נאַ־ציאָנאַליטעטן. צווישן זיי זענען געווען פיל שפּאַניער — רעפּובליקאַנישע און סאָציאַליסטישע קעמפער, וועלכע זענען געווען פליטים פון פאַשיסטישן

פראַנקאָ־שפּאַניע אין פראַנקרייך. די פראַנצויזישע ווישי־רעגירונג האָט זיי איבערגעגעבן אין די הענט פון די נאַציס. אַחוץ שפּאַניער האָבן אין לאַגער זיך געפונען אַ סך רוסן און פראַנצויזן. אין די ערשטע טעג האָבן מיר גאָרנישט געטון. מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער איז אין לאַגער געקומען אַ פּאַר־טרעטונג פון אַ פּריוואַטן דייטשן קאָנצערן, וואָס האָט געדאַרפט בחינמדיקע אַרבעט־הענט. זי האָט געזוכט פאַכלייט — שניידער, שוסטער, סטאָלאַרעס. דער בלאָק־עלטסטער האָט מיך אַרויפגעשטעלט אויף דער ליסטע פון די שניידער.

800 געפאַנגענע האָט מען אַוועקגעפירט אין אַרבעט־לאַגער שעימבערג, אין דרום־מערב דייטשלאַנד. די מערהייט האָט דאָרט געטון שווערע פיזישע אַרבעט. מיין אַרבעט איז געווען אַ לייכטערע, אין אַ שניידער־ווערקשטאַט. מיין איינציקע שוועריקייט איז געווען דאָס באַהאַלטן זיך מיט מיין יידישקייט, בעיקר אין די טעג, ווען מען האָט געדאַרפט גיין אין קירכע. אין די דאָזיקע טעג האָב איך על־פּי־רוב סימולירט אַ קראַנקייט אָדער אויסגעפינען עפּעס אַן אַרבעט, וואָס כ׳האָב כלומרשט געמוזט פאַרענדיקן.

אין פאַרגלייך מיט אַנדערע אַרבעט־לאַגערן זענען די באַדינגונגען אין שעימבערג געווען לייכטע, אָבער אויך אין דער „אידיליע" האָבן די דייטשן זיך נישט אָפּגעזאָגט פון עקזעקוציע־פּלוטאָנען און תליות. אַ געוויסן טאָג האָט מען אויפגעהאָנגען צוויי רוסן. אַלע פון אונזער באַראַק זענען פאַרזאַמלט געוואָרן אַרום די תליות צו זען די עקזעקוציע. אויף דעם עשאַפאָט זענען געשטאַנען צוויי יונגע רוסן. ווען דער תליון האָט זיי פאַרלייגט די פּעטליעס אויף די העלזער, האָבן זיי אַראָפּגעשריגן צו די פאַרזאַמלטע: — טאָוואַ־רישטשי, געדענקט, מיר הייסן איוואַן און וואָלאָדיע. דערציילט אונזערע ווייבער און קינדער. געדענקט אונזערע נעמען!

„געדענקט אונזערע נעמען!" ס׳האָט מיר אַ טיאָכקע געטון אין האַרץ. ס׳האָט מיר אַ בליץ געטון אין געדאַנק די ווערטער פון די יידן, וועלכע האָבן אינם אָנבליק פון אומפאַרמיידלעכן טויט אויך געבעטן — פאַרשרייב מיין נאָמען.

ווען מען האָט אַראָפּגענומען די צוויי טויטע קערפּער פון די תליות, בין איך צוזאַמען מיט דריי פאַליאַקן באַשטימט געוואָרן זיי אַוועקצופירן צו די גריבער, וואו מען וואַרפט אַריין די מתים. די גריבער האָבן זיך נישט געפונען ביי אונז אין לאַגער, נאָר אין אַ שכנותדיקן, וואו ס׳זענען געווען אָפּגעשלאָסן יידישע „העפטלינגע". איך בין דעמאָלט צום ערשטן מאָל אַרויס פון אונזער לאַגער און האָב נאָך אַ לאַנגער צייט דערזען פאַר זיך אַ געדיכטע מאַסע יידן. נאָך אַ לאַנגער צייט האָב איך דערהערט ווי מען האָט הויך גערעדט יידיש. הענט און פיס האָבן מיר געציטערט. איך האָב געוואָלט אויסרופן: — יידן! ברידער מיינע!

ווען כ׳בין צוריקגעקומען אין אונזער לאַגער, האָב איך זיך אַנידער־

געוואָרפֿן אויף דער נאַרע. כ׳בין שנעל איינגעשלאָפֿן. פֿון אַלע ווינקלען האָבן צו מיר זיך גענומען ציען פּנימער פֿון געטאָ־יידן, פֿון חברים, פֿון לאַנג־אומגעבראַכטע פֿריינט. זיי האָבן מיר דערמאָנט זייער צוואה: — צעלעק, פֿאַרשרייב מיין נאָמען. כ׳האָב פּלוצלונג אויסגעשריגן פֿון שלאָף אויף יידיש: — כ׳וועל פֿאַרשרייבן! כ׳וועל פֿאַרשרייבן!

מיין שכן, וועלכער איז געלעגן אויף דער נאַרע, האָט מיך אַ טרייסל געטון ביים אַקסל. ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט פֿאַרוואונדערטע אויגן און געפֿרעגט דערשטוינט: וולאַדעק, וואָס שרייסטו? כ׳האָב אַ טראַכט געטון: אפֿשר האָבן מיינע יידישע ווערטער מיך פֿאַראַטן? כ׳האָב זיך באַהערשט און כלומרשט רואיק געענטפֿערט: — ס׳איז גאָרנישט, כ׳האָב אין שלאָף עפּעס זיך געקריגט מיטן דייטשן מייסטער...

אין אַ געוויסן טאָג האָט זיך דערהערט דער אָפּהילך פֿון אַ וויטער שיסעריי. דאָס איז געווען דער ערשטער אָנזאָג, אַז די אַמעריקאַנער אַרמיי געפֿינט זיך שוין נישט וויט. דעם זעלבן טאָג האָט מען אונז צוזאַמענגענומען און אָנגעהויבן טרייבן אין דער ריכטונג פֿונם לאַגער אין דאַכאַו. אַכט טעג האָט געדויערט אונזער מאַרש. די וואָס האָבן נישט געקענט אָנהאַלטן דעם טעמפּ פֿון מאַרש, זענען דערשאָסן געוואָרן. כ׳האָב געפֿילט, אַז כ׳וועל שוואַכער און וועל ווייטער נישט קענען גיין. ביינאַכט האָב איך זיך אַריינגעשלייכט אין אַ גרויסן, טיפֿן וואַלד, לענגאויס דעם שאָסיי און בין אַנטרונען פֿון די אויגן פֿון די וועכטער. צומאָרגנס, דעם 1טן מאַי 1945, האָב איך דערזען פֿון דער ווייטנס דעם ערשטן אַמעריקאַנער טאַנק.

# 33. נאָכן קאָשמאַר

אַ פרייד האָט אין מיר אַ שלאָג געטון, ווען כ׳האָב דערזען די ערשטע קליינע אָפּטיילונגען פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי: דער דייטש־נאַצישער מאָנסטער ווערט צעשמעטערט. ענדלעך איז געקומען די לאַנג־אויסגעבענקטע באַפרייאונג . . .

די פרייד האָט זיך ביי מיר באַזעצט בלויז אויף אַ קורצער צייט. כ׳האָב דערפילט פיזישע ווייטאָגן און די בילדער פון די מלחמה־יאָרן האָבן כסדר געשוועבט פאַר מיינע אויגן. מיט מיין גוף בין איך געווען אויף דער דייטשער ערד און מיט מיינע געדאַנקען — צווישן די אויסגעהאַרגעטע יידן אין די שטעט פון פוילן. כ׳האָב געהאַט אַ געפיל, אַז די כוחות גייען מיר אויס און כ׳וועל זיך באַהעפטן מיט די אַלע, צווישן וועלכע איך בין געווען אין דער לאַנגער קאָשמאַרנער נאַכט אונטער דער נאַצישער ממשלה.

די ערשטע צוויי וואָכן נאָך דער באַפרייאונג בין איך געווען קראַנק, אויסגעשעפּט און בין פאַרבליבן אין שטעטל מעמינגען, אין געגנט פון מינכען. די קאָמוניקאַציע מיט אַנדערע שטעט איז נאָך נישט געווען איינגעשטעלט. די נאַצישע אימפּעריע האָט געקראַכט פון אַלע זייטן. די וועגן זענען געווען פול מיט פּליטים, מיט אַמעריקאַנער טאַנקען און דייטשע געפאַנגענע. כ׳האָב נישט געהאַט אויף זיך קיין גאַנצן בגד און נישט פאַרמאָגט די קלענסטע מטבע. כ׳בין אַריין אין אַ שניידער־ווערקשטאַט און געפרעגט צי מען וועט מיך צונעמען צו דער אַרבעט. דער דייטשער מייסטער האָט געקוקט אויף מיר אַ ביסל מיט חשד און אַ ביסל מיט חניפה און לסוף געזאָגט, אַז יאָ. כ׳האָב נאָך אַלץ געטראָגן אויף מיר דעם לאַגער־מלבוש מיטן אויסגענייטן אות „פּ״. דאָס הייסט אַ פּאָליאַק. גלייך פון ווערקשטאַט האָב איך אויסגע־זוכט אַ צימער ביי אַ דייטשער פאַמיליע, וואו איך בין געבליבן וואוינען די ערשטע טעג.

דאָס שטעטל מעמינגען האָט כמעט נישט געליטן פון קריג. די גאַסן זענען געשטאַנען גאַנץ, די הייזער זענען געווען אומבאַשעדיקט, אָבער דער קריג האָט אויך דאָ גורם געווען באַדייטנדיקע ענדערונגען. פיל איינוואוינער, וואָס האָבן פאַרנומען אַמטן ביי די נאַצים, האָבן זיך אָפּגעטראָגן. די אַנדערע זענען אַרומגעגאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, צעטומלטע. צו יעדן וואָרט

האָבן זיי צוגעגעבן „אַנטשולדיקן זי", „פּאַרצייען זי", „דאַנקע שעהן", „ביטע שעהן" — ווי זיי וואָלטן איצט אַרויס נישט פון אַ בלוטיקן גיהנום, וואָס זייער פאָלק האָט געשאַפן, נאָר פון אַ ווינער אָפּערעטע. איך האָב געקוקט אויף די קליינע קינדער, וואָס האָבן זיך געשפּילט אויף די גאַסן. די קינדער האָבן געטומלט, געלאַכט. האָבן זיי געוואוסט פון די רציחות, וואָס זייערע עלטערן האָבן אָפּגעטון? כ'האָב אַנגעהויבן קומען צו זיך און פאַרברענגט די פרייע שעהן אויף שפּאַצירן. איך בין געגאַנגען אויף די קליינע, שיינע געסלעך מיט די פרידלעכע הייזלעך און גאַניקלעך. ווער וואוינט דאָ הינטער די דאָזיקע לאָדנס? ווער באַוועגט זיך צווישן די שטילע, אידיי־לישע געסלעך? ווער זענען די, וואָס שמייכלען „דאַנקען שעהן", „ביטע שעהן" און „האַבע די עהרע".

איינמאָל האָב איך צוגעוואַנדערט צום באַן־וואָקזאַל. אַרום די שינעס און די באַן־בנינים האָבן זיך אַרומגעדרייט עטלעכע אַמעריקאַנער סאָלדאַטן. צו איינעם פון די זעלנער איז צוגעגאַנגען אַ דייטשער באַן־אַרבעטער און האָט אים הכנעהדיק געבעטן אַ שוועבעלע. דער זעלנער האָט זיך אויסגע־צויגן, האָט שאַרף אָנגעקוקט דעם באַן־אַרבעטער און אַ געשריי געגעבן אויף דייטש, וואָס האָט געהאַט אַ שטאַרקן יידישן אַקצענט: — פייער? איך קאָן דיר בלויז געבן פייער צום פאַרברענט ווערן!

דער דייטש איז שנעל אַוועק. איך בין צוגעגאַנגען צום אַמעריקאַנער סאָלדאַט און געפרעגט צי ער איז אַ ייד. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז אַ ניו־יאָרקער ייד, אַ לערער פון ברוקלין. איך האָב אים געפרעגט צי ער קען מיך שטעלן אין פאַרבינדונג מיט מיינע קרובים אין ניו־יאָרק. איינער פון זיי הייסט עמנואל נאָוואָגרודסקי און דער צווייטער שלמה מענדעלסאָן. ער האָט פאַרשריבן די נעמען. כ'האָב אים געזאָגט, אַז מען קען זיי געפינען אויפן אַדרעס פון דער יידישער טאָג־צייטונג פאָרווערטס. כ'האָב אים אויך געגעבן מיינס אַ פאָטאָגראַפיע מיט אַ צושריפט. דער זעלנער האָט מיר צו־געזאָגט דאָס אַלץ איבערצושיקן. מיר האָבן אָפּגערעדט, אַז איך וועל קומען צו אים אין אַ קורצער צייט אַרום און זיך דערוויסן צי ער האָט באַקומען אַ תשובה.

אויפן וועג אַהיים האָט מיך געטראָפן אַ צווייטער סיורפּריז. ס'איז מיר אַנטקעגנגעקומען אַ גרופּע יידישע יונגעלייט, וועלכע האָבן הויך גערעדט יידיש. כ'האָב צו זיי אויסגערופן אַ דערפרייטער: — גוט מאָרגן, חברה. מיט פרייד האָבן מיר זיך באַגריסט. כ'האָב זיי געזאָגט, אַז איך וואוין ביי אַ דייטשער פאַמיליע און אַרבעט אין אַ דייטשן ווערקשטאַט. זיי האָבן שנעל אָפּגעפּסקנט, אַז כ'זאָל זיך מער נישט אומקערן אַהין, נאָר גלייך מיטגיין מיט זיי. זיי זענען 15 יידישע יוגנטלעכע, וואָס האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט פון פאַרשידענע לאַגערן. זיי האָבן דאָ פאַרנומען די שענסטע ווילע, אין וועלכער ס'האָט געוואוינט דער פירער פון דער

געשטאַפּאָ. איך בין געוואָרן אַ מיטגליד אין זייער „קאָמונע". דאָרט האָב איך באַגעגנט אַ יונגן בחור, וועלכער איז נאָר־וואָס אַהערגעקומען פון לאַגער בערגען־בעלזען. ער איז געווען אַ פּיעטריקאָווער בונדיסט. ווען ער האָט דערהערט ווער איך בין, האָט ער מיר געזאָגט, אַז אין בערגען־בעלזען איז פאַראַן אַ בונדישע גרופּע. דאָס האָט מיך שטאַרק דערפרייט. דעם זעלבן אָוונט זענען אין „יידישן הויז" אין מעמינגען געקומען יידישע סאָלדאַטן פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי. יעדער פון זיי האָט מיטגעברענגט אַ שפּייז־פּאַקעט. די דאָזיקע יידישע יונגעלייט, שוין געבוירענע אין אַמעריקע, האָבן פאַרשטאַנען און עטלעכע האָבן אויך גערעדט יידיש.

די אומגעדולד צו באַגעגענען זיך מיט חברים האָט מיך נישט געלאָזט רוען. צוזאָמענגענס אין דער פרי בין איך אַוועקגעפאָרן קיין בערגען־בעלזען, וואָס האָט זיך געפונען אין דער ענגלישער זאָנע. אַ רעגולערער באַן־פאַרקער איז נאָך דעמאָלט נישט געווען. פון מעמינגען בין איך אין אַ פראַכט־צוג אַוועקגעפאָרן קיין האַנאָווער, וואו איך האָב אויף די צעשאָסענע, חרובע גאַסן באַגעגנט עטלעכע יידן. זיי זענען געגאַנגען אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן. די אויסגעמאָגערטע פּנימער האָבן עדות געזאָגט, אַז זיי קומען פון די לאַגערן. פון זיי האָב איך זיך דערוואוסט, אַז ס'איז פאַראַן אַ יידישער זאַמל־פּונקט, אויף דער אורשטראַסע נומער 8. אין אַ פּאָר צימערלעך האָט זיך דאָרט געפונען אַ יידישער קאָמיטעט, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט די יידן, וועלכע האָבן אָנגעהויבן קומען פון פאַרשידענע לאַגערן.

אַ לאַסט־אויטאָ האָט מיך אַוועקגעפירט אין לאַגער פון בערגען־בעלזען. דאָס איז געווען אַ גאַנצע אימפּעריע פון באַראַקן, וואָס זענען געווען אַרומגעצוימט מיט שטעכיקע דראָטן. דער לאַגער האָט זיך געצויגן אויף אַ גרויסן שטח. אין די הילצערנע באַראַקן און אַרום זיי זענען געווען המונים מענטשן פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן. כ'האָב לאַנג געוואַנדערט פון איין בלאָק צום אַנדערן און זיך נאָכגעפרעגט ביי פיל מענטשן, ביז איך האָב געטראָפן ח' נונבערג, וועלכער האָט מיך אַוועקגעפירט אין בונדישן בלאָק. צו מיין גרויסער איבעראַשונג און פרייד, האָב איך דאָרט געטראָפן די לאָדזשער חברטע לילקע נוטקעוויטש, חבר מאָטל אַפּעלאָוויטש פון פּיעטריקאָוו און חברטע דאָבע עטינגאָלד פון ביאַליסטאָק (די לעצטע צוויי איצט אין אויסטראַליע). מיר האָבן זיך האַרציק באַגריסט. דאָס טרעפן זיך פון איין בונדיסט מיט אַ צווייטן, כאָטש פון אַנדערע שטעט און פריער אומבאַקאַנטע, איז געווען די גרעסטע פרייד, ווי מ'וואָלט געפונען אַ גאָר נאָענטן פון דער אייגענער משפּחה. כ'האָב איצט אויפגעהערט צו פילן מיין איינזאַמקייט און עלנטקייט.

דעם זעלבן אָוונט האָט מען צונויפגערופן אַ פאַרזאַמלונג פון די בונדיסטן. איך האָב פאַר זיך דערזען אַן עולם פון אַ 30 יוגנטלעכע, צווישן

וועלכע ס'האָט זיך אויך געפונען די יונגע יידישע דיכטערין חוה ראָזענ־פאַרב, מיט איר מוטער און שוועסטער, ווי אויך איר מאַן הענעך מאָרגענ־טאַלער (היינט אין קאַנאַדע). מיין ערשטער פרייער, אָפענער צוזאַמענטרעף מיט צענטליקער בונדיסטן האָט מיך ווי אַוועקגעטראָגן אין אַן אַנדער וועלט. די פאַרזאַמלונג האָט באַשלאָסן צו רופן אויפן נאָנטסטן שבת אַ גרויסן מיטינג פון אַלע בונדיסטן, וואָס געפינען זיך אין לאַגער. צו־מאָרגנס האָט מען אַרויסגעהאָנגען פלאַקאַטן אין אַ צאָל בלאָקן. דער רעזולטאַט איז געווען אַן אומדערוואַרטעטער: צו דער באַשטימטער צייט האָבן אין דער ריכטונג פון אונזער צענטראַלן באַראַק אָנגעהויבן שטראָמען יונגע יידישע מענער און פרויען. ווען דער מיטינג איז געוואָרן געעפנט, זענען געווען פאַרזאַמלט איבער 500 חברים און פריינט. אַ רירנדיקע רעדע האָט געהאַלטן חוהטשע ראָזענפאַרב. ס'האָבן אויך גערעדט דער פאָרזיצער פון יידישן קאָמיטעט אין בערגען־בעלזען, יאָסעלע ראָזענזאַפט, און איך. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן אַ קאָמיטעט, וועלכער זאָל זיך פאַרבינדן מיט אַלע אַנדערע לאַגערן אין דייטשלאַנד און גרינדן אַן אָרגאַניזאַציע פון די בונדיסטן, וואָס זענען אַרויסגעקומען לעבעדיקע פון דעם קאַטאַ־קליזם.

איך בין צוריקגעפאָרן קיין מעמינגען, וואו איך האָב דערוואַרט אַן ענטפער אויף מיין בריוו קיין ניו־יאָרק. אויפן וועג צוריק האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אין לאַגער פון פעלדאַפינג. דאָרט האָב איך געהאַט אַ פריידיקע באַגעגעניש מיט עטלעכע גוטע חברים. כ'האָב געטראָפן ירחמיאל וויינבערג, אַן אַלטן בונדישן טוער פון לאָדזש, וועלכער האָט אין די לאַגערן, צוליב זיין וואונדערלעכער אויפפירונג און מסירת־נפש, זיך דערוואָרבן דעם נאָמען — דאָס טאַטעלע (היינט אין פּאַריז). אין פעלדאַפינג האָב איך אויך באַגעגנט נתן גראָוויטש, משה גרינבוים, זלמן אוריעוויטש און אַ סך אַנדערע.

ווען כ'בין צוריקגעקומען קיין מעמינגען, האָט דער אַמעריקאַנער יידישער זעלנער שוין געהאַט פאַר מיר אַ בריוו פון ניו־יאָרק. כ'האָב אים גענומען מיט ציטערדיקע פינגער. פאַר די אויגן האָבן מיר געשווינדלט די ווערטער: טייערער יעקב צעלעמענסקי, מיט גרויס פרייד האָבן מיר דערהאַלטן די ידיעה, אַז איר לעבט. מיר שיקן אייך אַרויס 25 דאָלאַר און האָבן באַפולמעכטיקט דעם יידישן זעלנער, אַז ער זאָל אייך געבן וויפיל געלט איר באַדאַרפט. מיר וועלן עס דאָ אָפּגעבן זיינע עלטערן. שרייבט וואָס מער וועגן אַלץ. דער בריוו איז געווען אונטערגעשריבן פון עמנואל נאָוואָגרודסקי. איך האָב עטלעכע מאָל איבערגעלייענט די פאָר ווערטער, וואָס זענען געווען דער ערשטער קאָנטאַקט מיט די חברים אין אַמעריקע.

אין יענע טעג איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דאָס צענטראַלע אָרט פון

דער ניי־געשאַפענער בונדישער אָרגאַניזאַציע פון אַלע לאַגערן זאָל זיך געפינען אין בערגען־בעלזען. כ׳האָב דעריבער פאַרלאָזט מעמינגען און געפאָרן צו זיין אין בערגען־בעלזען. כ׳בין ווידער אָפּגעטרעטן אין דער שטאָט האַנאָווער. דאָרט האָב איך געהאַט אַן איבערלעבונג, וואָס האָט זיך טיף איינגעקריצט אין מיין זכרון. איך האָב דערזען פון דער וויטנס דריי יונגע חברים פון לאָדזש: אַברהם פרידמאַן, יאַקוב פינקעלשטיין און בעלאַ בעלזשיצקי. איינער פון זיי האָט געהאַלטן אין האַנט אַ בוקעט בלומען. כ׳האָב זיי אין שפּאַס געפרעגט: — איר גייט מיר אַקעגן מיט בלומען? פונוואַנען האָט איר געוואוסט, אַז איר וועט מיך דאָ טרעפן?

זיי האָבן מיר געזאָגט, אַז זיי גייען אויף אַ באַזוך צו אַן עלטערן לאָדזשער חבר, וועלכער געפינט זיך אין שפּיטאָל, צו יעקב הילער. דער חבר הילער איז מיר געווען גוט באַקאַנט, ער איז געווען אַן אינסטרוקטאָר אין דער בונדישער ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע מאָרגנשטערן. אין די מלחמה־יאָרן האָט ער אין געטאָ פאַרוואַלטעט אַ בעקעריי. ער האָט זיך באַמיט צו פאַרוואַנדלען די בעקעריי אין אַ „דערהאָלונג־אַנשטאַלט״ פאַר פיל יידן, וואָס זענען אויסגעגאַנגען פון הונגער. יעקב הילער האָט אַזעלכע „מוזול־מענער״ (אַזוי האָט מען גערופן די, וועמען ס׳האָט געדראָט אַ הונגער־טויט) אַריינגענומען אויף אַ פּאָר וואָכן אין דער בעקעריי און האָט זיי צוריק־געשטעלט אויף די פיס (אין לאָדזשער געטאָ האָט ער געפירט אַ טאָג־בוך, נאָך דער מלחמה האָט מען איין טייל פון זיין טאָג־בוך געפונען אין לאָדזש). ער איז געווען אַ פיזיש שטאַרקער מענטש, אָבער די שווערע איבערלעבונגען אין געטאָ און לאַגער האָבן גורם געווען, אַז נאָך דער באַפרייאונג איז ער געוואָרן פאַראַליזירט. איצט איז ער געלעגן אין אַ שפּיטאָל — אַן איינציקער ייד צווישן דייטשן. אַלע טישלעך ביי די בעטן זענען געווען באַשטעלט מיט בלומען, בלויז זיין טישל איז געווען אַן אויסנאַם. האָבן די אָפּגעראַטעוועטע יוגנטלעכע חברים באַשלאָסן צו ברענגען יעדן טאָג פרישע בלומען. ווען כ׳האָב דאָס געהערט, האָב איך געזאָגט צו זיי: — קומט, איך גיי מיט.

מיר זענען אַוועק אין שפּיטאָל און אַריין אין אַ זאַל, וואָס איז געווען באַשטעלט מיט ווייסע, ציכטיקע בעטן. ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צום בעט פון חבר הילער, האָט ער געגעבן אויף מיר אַ קוק און האָט זיך אַ האַסטיקן הויב געטון מיטן געליימטן קערפּער. מיר זענען זיך אַריינגעפאַלן אין די אָרעמס און ער האָט שטיל זיך פאַנאַנדערגעוויינט. ער האָט גענומען עפּעס זוכן מיט די אויגן. די יונגע חברים האָבן שוין געוואוסט וואָס ער וויל. אין אַ שופלעדל פון זיין שענקל איז געלעגן אַ קליין נאָטיץ־ביכל. דער דאָקטאָר האָט אים געזאָגט, אַז ער זאָל יעדן טאָג זיך באַמיען אויפ־צושרייבן אַ פּאָר ווערטער. מ׳האָט אים דערלאַנגט דאָס נאָטיץ־ביכל מיט אַ בלייפעדער, וואָס ער האָט אַריינגענומען אין זיינע געליימטע און ציי־

טערדיקע פינגער. מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג האָט ער צוגערוקט צו זיך דאָס פּאַפּיר און געפּרואווט עפּעס אויפשרייבן. אויף זיין שטערן זענען אַרויס טראָפּנס שווייס. ער האָט שווער געפירט די בלייפעדער איבערן פּאַפּיר. אויף זיין פּנים האָט זיך באַוויזן אַ צופרידענער שמייכל. די בלייפעדער איז אים אַרויסגעפאַלן פון דער האַנט און ער האָט מיר אָנגעוויזן מיט די אויגן אויף דעם בייגעלע פּאַפּיר, אויף וועלכן ער האָט מיט אַזוי פיל אָנשטרענגונג עפּעס אָנגעשריבן. כ'האָב גענומען דאָס שטיקל פּאַפּיר און אַ קוק געגעבן. איך האָב דערפילט טרערן אין מיינע אויגן. אויפן פּאַפּיר איז מיט קרומע און אויסגעצויגענע אותיות געווען אָנגעשריבן בלויז איין וואָרט — ב ו נ ד . . .



# זוכצעטל פון נעמען

# פאַרלאַג „אונזער צייט"

י. י. טרונק — פוילן ב׳ I, 252 זייטן (אויספאַרקויפט) — — $2.00

י. י. טרונק — פוילן ב׳ II, 318 זייטן — — — — — — — 2.50

י. י. טרונק — פוילן ב׳ III, 288 זייטן (אויספאַרקויפט) — — 2.50

י. י. טרונק — פוילן ב׳ IV, 304 זייטן טעקסט,
8 זייטן בילדער (אויספאַרקויפט) — — — — — 3.00

י. י. טרונק — פוילן ב׳ V, 308 זייטן (אויספאַרקויפט) — — 3.00

י. י. טרונק — פוילן ב׳ VI, 244 זייטן טעקסט,
4 זייטן בילדער — — — — — — — — — 3.00

י. י. טרונק — פוילן ב׳ VII, 280 זייטן טעקסט,
5 זייטן בילדער — — — — — — — — — 3.00

י. י. טרונק — קוואַלן אוןביימער, 472 זייטן — — — — — 4.00

י. ש. הערץ — די געשיכטע פון אַ יוגנט, 592 זייטן טעקסט,
48 זייטן בילדער — — — — — — — — — 3.50

י. ש. הערץ — די יידן אין אוקראַינע, 262 זייטן — — — — 3.00

י. ש. הערץ — הירש לעקערט, 132 ז׳ טעקסט, 8 ז׳ בילדער 1.50

י. ש. הערץ — די געשיכטע פון בונד אין לאָדזש, 504 ז׳ טעקסט,
32 ז׳ בילדער — — — — — — — — — 4.00

לייבעטשקע בערמאַן — אין לויף פון יאָרן, 386 ז׳ טעקסט,
38 בילדער — — — — — — — — — — 2.50

זיגעלבוים־בוך — 408 זייטן טעקסט, 9 זייטן בילדער — — 3.00

בערנאַרד גאָלדשטיין — 5 יאָר אין וואַרשעווער געטאָ,
500 זייטן טעקסט, 24 זייטן בילדער — — 3.50

בערנאַרד גאָלדשטיין — 20 יאָר אין וואַרשעווער „בונד",
344 זייטן טעקסט, 9 זייטן בילדער — — — 4.00

די יידן אין פוילן (א. מענעס, דר. ר. מאַהלער, דר. יעקב שאַצקי, וו. שולמאַן) 920 שפּאַלטן פון גרויסן פאָרמאַט 5.00

אין די יאָרן פון יידישן חורבן — די שטים פון אונטערערדישן בונד, 342 זייטן טעקסט, 6 זייטן בילדער — 3.00

אַרקאַדי — 436 זייטן טעקסט, 11 זייטן בילדער — — — — — — 2.00

וולאַדימיר מעדעם — 367 זייטן טעקסט, 6 זייטן בילדער — — 2.00

שלמה מענדעלסאָן — 492 זייטן טעקסט, 5 זייטן בילדער — 3.50

ערליך־אַלטער־בוך — 472 זייטן טעקסט, 16 זייטן בילדער — 4.00

מרים ראַסקין — זלאַטקע, 336 זייטן — — — — — — — — 3.00

דורות בונדיסטן — ערשטער באַנד 480 זייטן טעקסט, 79 בילדער; צווייטער באַנד 528 זייטן טעקסט, 177 בילדער — צוזאַמען 10.00

כמורנער־בוך — 232 זייטן טעקסט, 8 זייטן בילדער — — — 3.00

דער „בונד" אין בילדער — 192 זייטן, 500 בילדער, טעקסט — יידיש און ענגליש — — — — — — — — — — — 5.00

אַבראַם דער טאַטע (לייב בלעכמאַן) — בלעטער פון מיין יוגנט, 297 זייטן טעקסט, 8 זייטן בילדער — — — — — — — 3.00

לייוויק האַדעס — ביאָגראַפיע און שריפטן, 394 זייטן טעקסט, 9 זייטן בילדער — — — — 4.00

די געשיכטע פון בונד — ערשטער באַנד 378 זייטן טעקסט, 16 זייטן בילדער; צווייטער באַנד 640 זייטן טעקסט, 16 זייטן בילדער — צוזאַמען — — 10.00

מיט באַשטעלונגען זיך ווענדן:

**FARLAG UNSER TSAIT**
25 East 78th Street
New York 21, N. Y.

די בילדער פון דעם בוך זענען גענומען פון דעם בונד־אַרכיוו פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג א. נ. פון פראַנץ קורסקי.

POSTANOWIENIEM PREZYDENTA
RZECZYPOSPOLITEJ POLSKIEJ

został(a) odznaczony(a)

Obywatel ELENBOGEN Miriam

P o ś m i e r t n i e

SREBRNYM MEDALEM

ZASŁUŻONYM NA POLU CHWAŁY

NACZELNIK
WYDZIAŁU ODZNACZEŃ
KANCELARII CYWILNEJ
PREZYDENTA R. P.
(mgr. W. Daszkiewicz)

מרים עלנבויגן



טאָבטשע דאַווידאָוויטש



צביה וואַקס



גבריאל פרישדאָרף



ווירטוטי מיליטאַרי



ווירטוטי מיליטאַרי



ווירטוטי מיליטאַרי




העלדן־מעדאַל

אויסצייכענונגען, וואָס די פוילישע רעגירונג אין וואַרשע האָט געגעבן נאָכן טויט די אויבנדערמאָנטע קעמפער פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד.

## מאפע פון פוילן
## פאר דער 2-טער וועלט-מלחמה

באלטישער ים

ליטע

מזרח-פרייסן

דייטשלאנד

לעטלאנד

ראטן-פארבאנד

טשעכאסלאוואקיע

אונגארן

רומעניע

○ באזוכטע שטעט אין גאווערנעמענט פוילן

◑ באזוכטע שטעט אין דייטשן רייך

▲ באזוכטע פארטיזאנער באזעס אין די וועלדער

באארבעט פון בתיה פאפקא

שטעט, לאַגערן און וועלדער (אין נאַצי־אָקופּירטן פוילן), וואו י. צעלעמענסקי איז געווען.